# שטערן

11-10
(אכטער יאָר גאנג)
אָקטיאבער—נאָיאבער

ליטעראריש-קינסטלערישער
און פּאָליטיש-וויסנשאפטלעכער
כוידעש-זשורנאל. מינסק
1932 יאָר

XV
יאָר
פּראָלעטארישע דיקטאטור



... מיר האָבן רעכט צו שטאָלצירן און מיר שטאָלצירן טאַקע מיט דעם, וואָס אַף אונדזער גורל איז אויסגעפאַלן דאָס גליק אָנצוהייבן די בויונג פון דער סאָוועטישער מעלוכע, אָנצוהייבן מיט דעם א נייַע עפּאָכע פון דער וועלט־געשיכטע, אַן עפּאָכע פון הערשאַפט פון א נייַעם קלאַס, אַן אונטערדריקטן אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער און וואָס גייט אומעטום צו א נייַ לעבן, צום זיג איבער דער בורזשואַזיע, צו דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, צו אויסלייזן די מענטשהייַט פון יאָך פון קאַפּיטאַל, פון אימפּעריאַליסטישע מילכאָמעס.

ו. אי. לענין



מיר גייען שנעל איבערן אינדוסטריאליזירונג־וועג — צום סאָציאַליזם, איבערלאָזנדיק הינטער זיך אונדזער דוירעסדיקע „ראסייער" אָפּגעשטאַנענקייט. מיר ווערן א לאנד פון מעטאל, א לאנד פון אווטאָמאָביליזאציע, א לאנד פון טראקטעריזאציע. און ווען מיר וועלן אוועקזעצן פ.ס.ס.ר. אפן אווטאָמאָביל, און דעם פויער אפּ א טראקטער, — זאָלן פּרווון אונדז דעריאָגן די כאָשעווע קאפּיטאליסטן, וואָס שטאָלצירן מיט זייער „ציווילי־זאציע". מירן נאָך זען, וועלכע פון די לענדער וועט מען קאָנען דאן „פאַ־רעכענען" אין אָפּגעשטאנענע און וועלכע אין פאָרגעשריטענע.

י. וו. סטאלין

איזי כאריק

# בין דעם קלאס,
# וואָס רופט זיך מענטשהײַט.

...איך האָב זיך דערקענט אינ לײדנ,
איצט אינ פרײדנ זיך געטראָפנ.
וועלנ מיר שוינ דורכגײנ בײדע
דעם טונעל פונ מײַנע סטראָפנ.

דורכגײנ. אופגײנ. אונ באגרײַפנ,
וואָס מיר האָבנ דורכגעמאכט דאָ.
אָנגעגאָסנ זיך מיט רײַפקײַט
אפ די גערטענער פונ שלאכטנ.

אונ מיר מעגנ שוינ אונ קאָנענ
הײבנ איצטער אומגעהויערס.
פלוצלונג לויכט אופ די דערמאָנונג,
ווי א גרויסע ליכט פונ טרויער...

...ס'לעבט מײַנ יוגנט אינ א קעלער.
יעדנ טאָג כ'וויל זײַנ א זאטער.
פאר די אויגנ—קארוסעלנ.
דורכ דער שויב—א וועלט מיט פיאטעס

פיאטעס. פיאטעס. שווערע שטיול.
לײַכטע שיכלעכ אונ שטיוליעטנ.
ס'דאכט—מע האָט מיכ מיט א קיוונ
דאָ פארגראָבנ אפ צוטרעטנ...

כ'גיב א וואָרפ זיך צו די שויבנ:
א בלויער שנירעלע—דער הימל.
טאטע, הערסט, מיר ווילט זיך אויבנ,
שאָטנס רײצנ זיך אינ צימער...

כ'וויל דאָרט אָנקוקן א פּאָנים,
זע איך פיס נאָר אפ די גאסן...
זײַנען אלע דאָרטן סאָנים?
איך, א ייִנגל, דארפ זיי האסן?

האָב איך ליבשאפט דאן פארטריבן,
האס אוועקגעשטעלט צוקאָפּן.
אפ געוויס וואָלט איך פארבליבן
מיזאנטראָפּ פון מיזאנטראָפּן.

רויער האס און כמורנער צאָרן.
ס'האָט געריצט נאָר און געפיבערט.
וואָלט איך געקענט אין יענע יאָרן
אויסכאָוען א גרויסע ליבע,

וועלכע זאָל ביז טיפסטע הויכן
אויסגיין הילכיק אין היסלאָוועס?
וועלכע זאָל דורך בלוט דערגרייכן
צו מײַן קומענדיקן כאווער?...

א ציגײַנערישער טאבאָר —
האָט ארומגעבלאָנקט דאָס לעבן.
האָבן מיר אין דעם אָקטיאבער
אים א גרויסע היים געגעבן,

א טיפן הימל אָנגעצויגן,
א גרויסע ערד געגומען בויען;
דורך טריִומפ און רעגנבויגן
מיט באגײַסטערונג אין אויגן
שפּאנט מײַן דאָר—מײַן העלער גאָען.

איך —צעבלוטיקטער זיקאָרן,
איך—פארביסענער פלעבייער,
האָב דערהייבן מײַנע יאָרן
ביז דער הויך פון א פארטייער,

און מײַן סינע אויסגעלײַטערט,
און מײַן ליבשאפט דורכגעטראָגן
דורך די טויערן פון שטרײַטן,
דורך וואָקזאלכעלעך מיט וואָגל.

ס'איז נאָך אָרעמ מײַנ אנקעטע
מיט צעקלאפּטע פּערעקאָפּנ,
אונ פאַרייביקטע פּאָעטנ
וואכנ ניט בא מײַנ צוקאָפּנ...

איך שטײ אופ מיט דעמ באגינענ
אונ צעעפענ אַלע פענצטער.
יעדער טאָג דארפ מיך געפינענ
אינ די רייענ פונ די שענסטע.

יעדער טאָג אונ יעדע רעגע —
ביז דעמ קלענסטנ, דינסטנ אטאָמ.
אונ אומערדיקער רעגנ
זעטיקט אָנעט מײַנע טאַטנ.

כ'בינ מיט זיך נאָך ניט באנוגנט
איך—דער ברוינער פּראָלעטאריער,
נאר איך קענ שוינ ווײַט א קוק טאָנ,
ווי די אויג פונ פּלאנעטארי...

אונ באנעמענ אונ דערפילנ —
דעמ געמורמל פונ נאהאנענ
אונ די ליבשאפט, וועלכע שפּילט שוינ
אפ די סטרונעס־מערידיאנענ.

זי פאַרקלײַבט זיך ניט אינ צימער,
זי פאַרטרויט זיך ניט דער בענטשונג...
אונדזער ליבשאפט—ביז דעמ הימל,
ביז דעמ קלאס, וואָס רופט זיך מענטשהײַט

זי ווישט אָפּ פונ זיך די שטויבנ,
קוקט דער אײביקײַט אינ פּאָנימ...
זע: די צוקונפט האָט פאַרהייבנ
איבער אונדז פאַרליבטע פּאָנענ...

איציק פעפער

# צוגן גייען אפ סטאלינע

(פון א פּאָעמע)

## מע פּאָרט

ווער זשע פּאָרט דאָרט? וואָס־זשע אָטעמט אזוי שווער לאָקאָמאָטיוו?
ניט סמערטענקאָ
ניט גובענקאָ,
ניט שעווטשענקאָ,
גיט א קוק:

סאבאליוקע, לוקאשיוקע, ראשקעוו, דאשקעוו און טעטיוו
פליִען מיטן צוג.

מיט די געמבעס פון די שאכטעס טוט דאָנבאס א זעצ:
הענט־אהערצו!
גיט רעזערוון!
גיט אהער געשווינד!

אלוויאפאָל און מיראָפאָל, גאלטע, באלטע און לינעס
טראָגן זיך אצינד,
גיכער פונעם ווינט.

פאקאטילעוו און ברוסילעוו, יאסלעוו, בראסלעוו און לוהינ —
ווי מיט וואָלקנדלעך געצייכנט אפן ווײַטן האָריזאָנט...

הײַדא רעדער!
הײַדא רויכן!
ניט קיין באָמבעס,
ניט קיין שפּיון,
ניט קיין ביקסן, ניט קיין ציינ
פירט מען אפן פראָנט!

מאכנעס, פלאסטן, אויסגעהונגערטע נאָך מי.
ניט שטויעוויטש,
ניט גורעוויטש,
ניט געדאליע און פאנאס.
מאָנאסטרישטשע, פאָגרעבישטשע, פיקאָוו, שפיקאָוו און בוקי
פאָרן קיין דאָנבאס!

גייט אוועק א טאנץ בא געסלעך. פלעסקען צו די ווענט.
פון די העכסטע רישטאָוואניעס פאלט און פאלט דער רופ.

— „נאט אייַך אלע! נעמט אייַך אלע פוסטעפאסנע הענט!
טאנצן געסלעך. קיינער, קיינער,
זעק מיט ביינער,
מיט די שטעקלעך אפ די שטיינער
מעסט שוין ניט די לופט!

הערט מען אין די ענגע צוגן, הערט מען אינדערהייך,
שאכטעס רופן: גיכער! גיכער!
פליט דער צוג געשווינד.

ווי דער לעצטער גרויער בעטלער גייט אוועק דער רויך,
ווי דער לעצטער ארבעטלאָזער בלאָנקעט אום דער ווינט!

* * *

און אז די כעווּרע איז געקומען קיין סטאלינע
איז געווען שוין פארנאכט.
דער אנשטאלט „סטאלינקויל“ איז געווען שוין פארמאכט.
זייַנען הימלען געהאנגען פארפאליעטע,
האָבן הימלען געזיפט איבער סטאלינע
ווייַסע, צעשראָקענע שטערן...

האָבן דאָמנעס געשאָטן מיט פונקען
אין פינצטערן, הימלשן צעך
און דער רויטינקער מארס האָט געוווּנקען
צו די פלאמען פון סטאלינער נעכט...

דער זאוואָד האָט געריטשעט, געסקריפעט, געפייַפט און געבייזערט זיך,
די שטאָט איז געלעגן אין גרוי־ברוינע פלאמען פארהילט,
דער רויש האָט אפ רויטלעכע דעכער געטאנצט
פארמאסטערט און הייזעריק...

דער זאוואָד האָט געריטשעט, געסקריפּעט, געפּײַפט און געבײזערט זיך
און ס'האָבן זיך גרוי־ברוינע פלאַמען געשפּילט
מיט פינטעלעך שוואַרצע פון קוילן....

דער טשוהונ האָט זיך פלוצלונג צערעוועט,
דער טשוהונ איז פון דאַמנעס געגאַנגען מיט שטראָמען מיט לאַנגע,
דער טשוהונ האָט מיט גרוילעכן גליווער געלייגט זיך אין זאַמדיקע פאָרמעס,
דער טשוהונ האָט געקאָכט זיך, געגרעוועט, געשטאָרעמט,
און איצט ווערט ער רויִק צעגאָסן אין גרויע, פּירקאַנטיקע, שווערע באַלוואַנקעס.

דערנאָך וועט אים קנעטן דאָס פינפיאָר,
דעם שווערן טשוהונ פונעם פינפיאָר,
דעם מעטאַל פונעם זיג...

דער אַנשטאַלט „סטאַלינקויל" איז געווען שוין פאַרמאַכט,
ס'איז געווען שוין באַנאַכט,
זײַנען כעווערע געגאַנגען צוריק...
זײַנען כעווערע געבליבן אָן וואַרעמעס,
אָן ערטער אין גרויע קאַזאַרמעס...

האָט די כעווערע געטײַנעט: א שיינע שטאָט, א גאָלדענע שטאָט,
נאָר וווּ וועט מען שלאָפן?
האָט די כעווערע געענטפערט: א שיינע שטאָט, א גאָלדענע שטאָט,
מע וועט שוין די נאַכט איבערשלאָפן!

זײַנען פּיקאָוו און שפּיקאָוו געוואָרן אין קאַס
אַף דער שטאָט, אַף דאָנבאַס:

— באַלײַט מיט ריידעס! באַלייט מיט מוזיק!
— וואָס איז דאָס פאַר שטיק?
— א ווילע באַגעגעניש!
א טײַער גליק!
— וווּ זײַנען די ריידעס און וווּ איז די מוזיק?
— מיר וועלן דאָ ניט בלײַבן!
— הײַדע צוריק!

האָבן קאָמיוגיסטן געלאַכט, געזידלט זיי, געדעקט,
געלאַכט האָט די סטאַלינער נאַכט,
ווען פּיקאָוו און שפּיקאָוו זײַנען אוועק
צום טראַמווײַ
און האָבן צוריק צו די כעווערע געקערט זיך אפּשנײַ...

איבער לאנגן טראקט
פון וואָקזאל אין שטאָט אריין גייט דער טראמוויי
געפּאקט...

פון וואָקזאל איז אין טראמוויי געדיכטער,
ס׳פאָרן ארבעטער, באטראקעס, קאָלווירטלערס;
צוריק גייט ער פוסט...

די שאכטעס זיינען לאנג, די שאכטעס זיינען גרויס,
שפּייען זיי די פליערס און בארייסערס ארויס,
דער פליער—איז זשאווער אפ אונדזער שווערד,
דער בארייסער—איז קרעץ אפ דאָנעצער ערד!
פאָרן זיי צוריק מיטן לאנגן טראקט,
מיט ליידיקע אויגן און מיט ליידיקן זאק...

דער טראמוויי קלינגט.
די צעכן הודיען.
אונטער די ערדן
נערעקט מען די הרודעס,
אונטער די ערדן
פלאקערט דער שלאכט
צווישן קיילעס און פלאסטן,
צווישן לעמפ מיט נאכט...

שטראָמט איבער סטאלינע טשוהונענע קראפט.
קאָקסענע קראפט, שטאָלענע קראפט,
הענגט איבער סטאלינע דער הימל אין פלאם,
אָטעמען די דראָטן פונעם טעלעגראם,
לויפן די דראָטן פון נייעם פּאָטשטאמט...
דער טעלגראם רעדט
און מעלדעט און מעלדעט און מעלדעט די שטעט
— זיבעציק זיבן!
— אכציק זעקס!
— הונדערט ניין!

באָדן זיך די ציפערן אין סטאלינער שיין.

איבער סטאלינע
זיינען הימלען געהאנגען פארפאליעטע,
דער זאוואָד האָט געריטשעט, געסקריפּעט, געפּייפט און געבייזערט זיך
די שטאָט איז געלעגן אין גרוי־ברוינע פלאמען פארהילט,
דער רויש האָט אפ רויטלעכע דעכער געטאנצט
פארמאטערט און הייזעריק...

און ס'האָבן זיך פלאַמען געשפילט
אף פענעמער מידע, וואָס האָבן געקוקט צו טראַמוויַען,
אף פענעמער מונטערע, וואָס האָבן געוווּסט,
אַז מאָרגן וועט זיַין שוין אף וואַרמעס
און גוטע געלעגערס און ברייטע קאַזאַרמעס;
זיי האָבן געוווּסט און זיי האָבן געהאָפט
און זיי האָבן געכראָפּעט אף וואַרעמע בענק אין א סאָד,
אַרום זיי האָט געסאָפּעט, געוויגט זיך, געקרעכצט און געהודיעט די שטאָט.

---

ל. טאַלאַלײַ

אין איינעם א קאפיטאליסטישן לאנד האָבן די
אָפיצערן אלס א מישען אפּ צום שיסן אויסגע-
מאָלט א רויטארמייער. נאָר אָט: קיין איינער פון
די סאָלדאטן האָט דעם מישען אלס א ציל ניט
גענומען, נאָר געלאָזן די קוילן פארבײַ.
(„קראסנאיא זוועזדא“)..

# דער דרײַסטער אַגיטאַטאָר

דער פּאָליגאָן—א וויסטע ברייטע פעלד
פון בליקן נײַגעריקע אויסער שטאָט פארהוילן.
איבער ברייט פון פּאָליגאָן צעשטעלט
מישענען—
שווארצע שפּײַז פאר קוילן.

טאָג און נאכט דאָרט קנאלט א שיסערײַ
און קוילן זינגען דאָרט א ליד פון טויט—
הענגט א הימל קאלט, ווי בלײַ
און באגינען ס׳גייען אופעט בלוטיק־רויט.

ניין. באגינענס גייען אופעט רויט, ווײַל עס איז זון.
דער הימל הענגט ווי בלײַ, ווײַל עס איז הארבסט.
אין פרילינג און אין הארבסט,
אן אומרויִקער האָרן ברומט
אין פרילינג און אין הארבסט א שווערער קנאל דאָ שטארבס...

טאָג אײַן, טאָג אויס, אהערצו קומען באטאליאָנען.
פּאָרויס סערזשאנטן ציטערן אפּ פערד,
די זאלץ פון דער ערד,
די לאבאָראנטן פון מילכאָמע...

דער פּאָנעם פון סערזשאנט איז אופגעשטראלט
א זעלטענער געדאנק...
די הארבע שטריכעלעך ווי שניי צעגייען:
שיסן זאָל די ראָטע אין געשטאלט פון רויטארמייער.

— ראָטעס זײַנען ווי די קנעכט דערשטיקט.
ווי גלענצנדיק זײ פילן אויסעט די קאָמאנדע.
ראָטע! אָנלאָדן דעם ביקס.
באם מישענ קלײַבט זיך יעדערער פאנאנדער.

---

ציל!.. סערזשאנט פארגײט אין פרײד
די פרײד פונ וויסנ, אז דײַנ ווילנ א געזעצ איז
פאר די, וואָס שטײענ שטומערהײט
אינ טויטע קובנ, וויסטע אפ די פלעצער,
ווי שווערע העלצער יעדער אײנער טראָגט,
די האנט פארגליווערט אונטער קאזיראָק.

סאָלדאטנ טראכטנ ניט?
— איר גרײַזט, איר גרײַזט, סערזשאנט.
אונטער שינעל א ברודערישע הארצ זײ טראָגנ
אונ אפ דײַנ קאָפּ וועט אויסוואקסנ א האנט
זי וועט נאָך שלאָגנ.

מע שפילט זיך ניט מיט פײַער, הער סערזשאנט!
מע שפילט זיך ניט מיט ברויזנדיקער שעפע!
סאָלדאטנ טראכטנ ניט?
אומזיסט, אומזיסט, סערזשאנט,
דײַנע סנײַפּערס וועלנ הײַנט ניט טרעפנ...

זיבנ בלויע קנוילנ.
ווי צוגעשמידט די האָלצ איז פונ די שטילכנ.
מיט געפּײַפ צעפאלנ זיך די קוילנ.
הילכנ.

אָפּגעהילכט...
דער בײַסנדיקער רויך פונ פולווער פלאטערט...
מיט גרויענ שליאָם. מיט אויסגעשטרעקטער האנט
אומגערירט ער שטײט דער דרײסטער אגיטאטער
אפ דײַנ מישענ, סערזשאנט!

עס גיסט זיך אָנ מיט האס א שווערע האנט
די האנט וואָס איז געווענ אפ ברידער רויטארמײער.
זי וועט אינ בלוי פונ קלאסאָווג פארשטאנד
א ריס טאָנ איבער קאָפּ פונ דעם אלוועלטלעכנ סערזשאנט...

ש. גאָדינער

# גאנצ האסיי רעדט[1]

מיטקע דער טשובאטער — א דיקלעכער פויערשער יונג אפ קרומלעכע ראַטערישע פיס, א חוּסלאַביקער, א רויטהאָריקער, א פול־באשאָטענער מיט קלאַיען—אפנ פּאָנים, אפ דער האַלדז, אפ די הענט, אפ דער ברוסט—אומעטום! — מיט א פּאָר גרוילעכ, בלוילעכע אויגנ, וואָס פארמאָגנ א צווייענדיקנ בליק.

איינ בליק—מיט איינ מענטשנ אויג־אפ־אויג—א רויִקער, (א פלעגמאטישער, דוכט זיכ, אפילע), א טראָפּעלע א כוּיזעקדיקער, — א בליק, ווען ס'איז דער אונטערשטער טאָנ ס'איז דער בארימטער רוסישער „לאדנאָ!", אונ דער סאמע אויבערשטער—„הום, טשיקאווע!"

אונ א צווייטער בליק—ווענ ער קוקט אפ דער אופגעברויזטער מאסע—א בליק א נייַער, וואָס מיטקע האָט זיכ דערוואָרבנ אפ דער מילכאָמע. א בליק—א הונגעריקער וואָלפ, א בליק—א דורשטיקער הירש, ניט קיינ פּאָר אויגנ, נאָר א פּאָר ליכטיקע עמערלעכ, וואָס האלטנ אינ איינ ליפנ ארופ אונ אראָפּ איבער דער אופגעברויזטער מאסע אונ האלטנ אינ איינ שעפּנ כיַיעס פונ די ווּנדער, וואָס א מאסע מענטשנ קאָנ אָפּטאָנ; א בליק—א גוטער לערער, ווי אזוי צו לעבנ אפ דער וועלט.

מיטקע דער טשובאטער ווייס שוינ, וואָס איז אזוינס געזעצלעכע אונ גערעכטע מאכט בא מענטשנ.

אפ איינער א מאסנפארזאמלונג, ווענ זיַינע הונגעריק־דורשטיקע אויגנ־עמערלעכ האָבנ כיַיעס געשעפּט פונ דער מאסע־אופברויז—עס מאכט ניט אויס, וואָס ער איז דעמאָלט געשטאנענ אינ די סאמע הינטערשטע רייענ אונ בלויז זיכ צוגעקוקט צום אופברויז—אליינ קיינ טראָפּנ אינ אים ניט אָנטייל גענומענ—אפ אָט אזא מינ מאסנפארזאמלונג האָט ער דערטאפּט, וואָס איז אזוינס גערעכטע אונ געזעצלעכע מאכט בא מענטשנ.

— מאכט—דאָס איז אסאכ מענטשנ,—האָט צו אים זיַינ הונגעריקער בליק אריַינגערעדט.—די גאנצע וועלט מענטשנ—דאָס איז די סאמע גרעסטע מאכט...״ גאָר פּריצים אונ סאָכרים זיַינענ ניט קיינ מענטשנ—דאָס איז דער אויסוואורפ פונ מענטשנ אונ זיי קאָנענ ניט זיַינ קיינ מאכט, מאכמעס זיי זיַינענ א טראָפּנ אינ יאם. דער יאם—דאָס איז דאָס פּאָשעטע האָרעפּאשנע פאָלק—פּויערים, באלמעלאָכעס, ארבעטער. וויבאלד זיי מאכנ זאכנ, וואָס דער מענטש באדארפ עס צו זיַינ נוצנ, כאָטש, פארשטייט זיכ, אינ א שווערער ציַיט קאָנ מענ זיכ אָנ די זאכנ, וואָס די באלמעלאָכעס אונ ארבעטער מאכנ, גיכער באגיינ, ווי אָנ ברויט, לעמאָשל...

[1] א קאפּיטל פונ צווייטנ בוכ „דער מענטש מיט דער ביקס".

אָבער די ארומיקע מענטשן האָבן דעמדאָזיקן „שעד“ אינ מיטקען ניט באמערקט.

זיי האָבן געזען פאר זיך א באָכער מיט א פלאקסענעם טשוב, וואָס איז אים אראָפּ־געהאנגען אפ זײַן קלײַנעם שטערן. דערדאָזיקער טשוב איז געווען דאָס סאמע וויכטיק־סטע, שענסטע און אָנצײַעוודיקסטע אינ אָט דעם פולבלעכן און קרומלעכן באָכער. מיטן טשוב האָט ער געקאָנט ווונדערלעך טרייסלען, ווי מיט א לעבעדיקן אייווער. דער טשוב האָט ווייך געמאכט די סאמע הארטעסטע רויט־גווארדייִשע הערצער אינ סאמע העלישסטן „מאמישנ“ גרימצאָרן זייערן. נאָכן טשוב האָבן געבענקט דאָרפישע מיידלעך אינ זייערע גראָב־לײַווונטענע העמדער אפ די נאקעטע לײַבער און ס׳איז קיינעם ניט אָנגעגאנגען, וואָס מיטקע טראכט אדורך א טאָג מיט א נאכט: זיי איז געפעלן געווען דער טשוב און זיי האָבן אים אלע מיט ווייכער נאָענטקײַט אינ דער שטים גערופן:

„מיטקע דער טשובאטער“.

זיי האָבן, לעמאָשל, ניט געוווסט, אז דערדאָזיקער טשובאטער מיטקע האָט געהאט זײַן שארפע געשיכטע מיט דער ביקס.

די ביקס האָט אים געבראכט דעם געדאנק וועגן דער מאכט.

די ביקס האָט אים אופגעשטאָכן די אויגן און געמאכט פון זיי א פּאָר אומרויִקע עמערלעך.

אָן דער ביקס האָט זיך דערדאָזיקער מענטש שוין איצט ניט פאָרגעשטעלט זײַן לעבן.

די געשיכטע מיט דער ביקס איז א קורצע:

גענעראל ברוסילאָווס ארמיי האָט אינ פריִען פרילינג געגידערט אינ אונגארישן טאָל.

א גדולע!—

פרילינג.

זיג.

געבליבן סאכאקל דעם טאָל אריבערשפאנען און —

מיר קומען צום שאָלעמ!

פרידן אפ די באשאָטענע מיט וועג־שטויב און לײַז קעפ פון די אויסגעמאטערטע העלדן!

מיטקע איז א רײַטער אינ גענעראל ברוסילאָווס ארמיי.

מיטקע דער טשובאטער פון ריאזאנער גובערניע האָט זיך באוויזן אינ אונגארישן טאָל.

און אינ איינעם א פארנאכט האָט מיטקען אָנגעיאָגט זײַן שאָכן אינ דאָרף און אפ דער פילכאָמע—וואסקע „דער געלער“.

וואסקע „דער געלער“ איז מיט עטלעכע כאדאָשים צוריק געווען שטארק פארווונדעט אינ א ריפ.

מע האָט אים עוואקוירט. ער איז געלעגן אינ שפיטאָל, אויסגעהיילט דאָרט די ריפ, באקומען א קורצן אורלויב אהיים און איצט צוריקגעקערט זיך אינ זײַן רײַטער־פּאָלק, צו זײַן שאָכן, צו מיטקע דעם טשובאטן.

א טאָג מיט א נאכט האָט וואסקע ארומגעבלאָנקעט אינ עסקאדראָן א פארומערטער, א פינצטערער, מיט קיינעם קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. און אפ מאָרגן פלוצלונג זיך דערמאָנט:

— אוי, מיטקע, גאָר פארגעסן: טאנצ!...

מיטקען איז קלאָר געוואָרן: „דער געלער“ האָט מיסטאָמע געבראכט עפּעס א יערי־ע פון דער היים.

מיטקע האָט זיך פאראקשנט—ס׳האָט אים אינ דער מינוט ניט געגלוסט צו טאנצן—אָבער עס האָט אים ניט געהאָלפן.

— מיטקע ביי־באָזשקע,—האָט וואסקע דער געלער צו אים א זאָג געטאָן,—טאנצ, א ניט דערציילּ איכ באלד די מייַסע פונ דייַנ געשמיסענער פאמיליע.

דידאָזיקע מייַסע איז גוט געווענ באוווסט דעם גאנצנ עסקאדראָנ—וואסקע האָט זי שוינ געהאט דערציילט א מאָל צענ—אָבער ווי נאָר ער האָט דאָ באמערקט א פינפטל נייַע פעניִמער, וואָס די לעצטע קאָמפּלעקטירונג האָט געבראכט, האָט ער צומאָל אפ קיינ איינ־לאדונג ניט געווארט און גלייַכ אָנגעהייבנ:

— אונדזערער טייַערער כאווערל מיטקע דער טשובאטער טראָגט דעם צווייענדיקנ פריצישנ פאמיליענאָמענ „ביי־באָטשקא״, וואָס טייַטש: האק די פאס און כליופע אינ האלדז אריינ! אָבער די עמעסע פאמיליע זייַנע איז: „ביי־באָזשקא״, וואָס טייַטש: שלאָג גאָט. אָבער וועמעס גאָט שלאָגנ— דאָס איז, ווידעראמאָל, ניט באוווסט. רופט מענ דעם זיידנ זייַנעם א שאָ פאר יענעמס כופע צום אוריאדניק. קומט ער צו אים אנ אויסגעפּוצטער כאָסנ.

— ווי רופט מענ דיכ?

— טראָפים.

— די פאמיליע?

— ביי־באָזשקא.

— וואָס טייַטש?

— איכ קאָנ ניט וויסנ.

— זאָג באזונדער: ביי...

— ביי...

— וואָס טייַטש?

— האק, בראָק...

— באָזשקא...

באָזשקא...

— וואָס טייַטש?

— איכ קאָנ ניט וויסנ.

— עפשער איז „באָזשקא״ דער טייַטש „באָג״—גאָט?

— אוהום. עפשער טאקע אזוי דער טייַטש.

— איז וועמעס גאָט קלייַבסטו זיכ שלאָגנ?

— איכ קאָנ ניט וויסנ.

— צוואנציק שמיצ,—האָט דער אוריאדניק געזאָגט,—און פארשרייַבט אים „ביי־באָטשקא״.

פאר יעדנ שמיצ האָט מענ אים געפרעגט:

— ווי רופט מענ דיכ?

— ביי באָזשקא.

— ביי־באָטשקא!...

— מע האָט אים אריינגעבראָקט, שמיעסט מענ, א שטיק פופציק. בא א דרייַסיק מאָל האָט ער זיכ טויע געווענ—אָנגערופנ די אלטע פאמיליע—און מיט א געשמיסענעם הינטנ איז דער זיידע זייַנער אוועק צו דער כופע... נאָר ער איז ניט שולדיק — האָט דער געלער וואסקע אָנגעוויזנ אפ מיטקענ — ער איז נאָכ דעמאָלט אפ דער וועלט ניט געווענ און דער אוריאדניק האָט געוואָלט אנ עמער בראנפנ און דער זיידע זייַנער האָט זיכ אפ דער מייַסע ניט געכאפּט. נו, איצט וועסטו שוינ טאנצנ?...

די מײַסע האָט ניט געמאכט דעם געהעריקנ אײַנדרוק. עפּעס האָט ער זי הײַנט דערציילט אָנ פײַער און די רײַטערלעכ זײַנענ אינ יענעם טאָג ארומגעגאנגענ מיט נאָגנדיקע הערצער—דער שאָלעם האָט זיכ ערגעצ אוועקגערוקט און א הייסע שלאכט האָט זיכ אָנגערוקט—האָט מענ זיכ א נעמ געטאָנ צו מיטקענ און ער האָט געמוזט טאנצנ. אָבער ווענ ער האָט אָפּגעטאנצט די ערשטע דרײַ קרײַזנ, האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז קיינ שום זאכ האָט ער פאר מיטקענ ניט געבראכט—ער איז צומאָל דאָרט ניט געוועזנ—און כעוורע רײַטערלעכ זײַנענ א טראָפּנ פריילעכער געוואָרנ פונעם שפּיצל, וואָס וואסקע האָט דאָ מיט מיטקענ אָפּגעשפּילט.

ערשט אפ מאָרגנ, ווענ מיטקע האָט וואסקענ אינ די קוסטעס געפּאקט און געוואָלט זיכ אָפּקערנ פונ אים, האָט אים וואסקע א רופ געטאָנ צו זיכ:

מיסיא... נא, א בריוו...

מיטקע האָט זיכ אומגעקוקט, דערזענ אינ וואסקעס האנט א פארסמאָלצעוועטנ קאָנווערט, א כאפּ געטאָנ עס, אופגעריסנ, געכאפּט אפ דער דריטער שורע, נאָכ די צענ בוקענישנ און גרוסנ זײַנ נאָמענ, צוגעזעצט זיכ אזש פונ פרייד אפ די שפּיצ פינגער און זיכ גענומענ לייענענ.

וואסקע האָט זיכ צוגעזעצט לעבנ אים, גענומענ זיכ פארדרייענ א ציגאר.

דאָס בייגעלע פּאפּיר איז באשריבנ געווענ מיט קרומע אויסיעס און מיטקענ האָט זיכ דערנאָכ אויסגעדוכט, אז עס איז באפלעקט מיט הייסע מאמע-טרערנ.

שוינ באם ערשטנ מאָל לייענענ האָבנ די ווערטער ארויסגעווײנט פונ בייגעלע פּאפּיר.

„...און נאָכ קאָנ איכ דיר מעלדנ געשעצטער זונ מײַנער מיטרי איוואנאָוויטש אז איצט זײַנענ מיר שוינ צוויי צעשיידטע יעסוימים אפ דער גאנצער וועלט איינע אליינ און א דריטער יאָסעמ איז דער פּיצל כיילעק (ערד) אונדזערער מאכמעס ס'איז ניטאָ ווער ס'זאָל אים באארבעטנ...“

„וואָס הייסט ניטאָ?—האָט מיטקע דעמאָלט שיר ניט אויסגעשריִענ צו זיכ אליינ און געזוכט ווײַטער אינ די קרומע שורעס—און וווּ איז דער טאטע, איוואנ טראָפּימאָוויטש? און וווּ איז דער עלטערער קרומלעכער ברודער, אלעקסאנדער איוואנאָוויטש?“

נאָר דער מאמעס בריוול האָט ווי א באגלויבטע טרעפערנ געענטפערט קלאָר און דײַטלעכ אפ אלע פראגעס, וואָס זײַנענ אופגעשווומענ אינ מיטקעס קאָפּ.

„...און נאָכ קאָנ איכ דיר מעלדנ, אז דעמ עלטערנ ברודער דײַנעמ לעקסאנדער איוואנאָוויטשנ, האָט מענ צוגענומענ אפ דער מילכאָמע און וואָס ער איז א לאָמער האָט מענ געזאָגט מאכט ניט אויס ער וועט זיצנ אפ א פערד און דער טאטע דײַנער א ליכטיקנ גאניידעמ אים האָט אים פונ הויפּ ניט געוואָלט ארויסלאָזנ קעגנגעשטעלט זיכ אזש מיכ האָט א פּאכעד אָנגעכאפּט געמיינט אז מע וועט אים פערטלענ דערפאר נאָר דער אוריאדניק האָט אים נאָר געגעבנ א שטויס מיט א פוס אונטער א פּאכווע פונ וואָס ער איז סײַווי אפּנ אָרט אנידערגעפאלנ א טויטער סאמע לעבנ טויער און פונ דאָרט שוינ אפילע אינ שטוב ניט ארײַנ און קיינ ווידע אפילע ניט געקאָנט זאָגנ, אזוי גיכ האָט אפ אים דער אוריאדניק דעמ טויט אָנגעשיקט. באקומט זיכ אז מיר זײַנענ דרײַ ביטערע יעסוימים פונ וועלכע די ערד איז נאָכ דערצו א שטומע כאָטש איכ הער איר געוויינ, אָבער וואָס איז די פּולע אז זי ווערט מיט ווילדגראָז באוואָקסנ און קאָנ שוינ ניט זײַנ קיינ שפּײַזער ווי א ווײַבל אָנ א מאנצ-

בי̄ל קאָנ קײנ קינדער ניט האָבנ. אונ איכ בינ מיטאמאָל אלט געוואָרנ ווי דער טאטע דײַנער איוואנ טראָפימאָוויטש וואָלט מיכ גערופנ צו זיכ קומ שוינ אלטע מיט מיר אהינ וואָס ווערסטו זיכ דאָ ארומפליאָנדרעווען דו זעסט דאָכ אז דאָס לעבנ עקט זיכ איז לאָמיר כאָטש צוזאמענ עפשער וועט אזוי פריילעכער זײַנ. אונ דו מיט אלעק־סאנדער איוואנאָוויטשנ אויב איר וועט זיכ ווי ס'ניט איז ארויסקראטשקענ פונ דער מילכאָמע זאָלט איר געדענקענ וואָס מע האָט מיט אונדז אָפּגעטאָנ אונ זאָלט עס ניט שענקענ... אונ פונ מיר זאָלסטו מער קײנ בריוו ניט דערווארטנ מאכמעס איכ ליג אפנ אויווּנ אונ ווארט אפנ טויט מיסטאָמע וועט ער קומענ הײַנט־מאָרגנ כאָטש מע זאָגט ער איז איצט זייער שטארק פארנומענ דאָרט בא אײַכ. נאָר אפּ אלטע לײַט האָט ער ראכמאָנעס ער קומט צו זיי גיכער זאָגט מענ אויב מע ליגט אונ מע ווארט אפּ אימ ליג איכ אונ ווארט אונ נאָכ לאָז איכ דיכ הארציק גערימנ...״

וואסקע דער געלער האָט שוינ געהאט אויסגערויכערט זײַנ ציגאר. מיטקע דער טשו־באטער האָט שוינ געהאט איבערגעלייענט דעמ בריוו. אײנ מאָל אונ נאָכ א מאָל. נאָכנ צווייטנ מאָל לייענענ האָט זיכ מיטקע א שאר געטאָנ צו וואסקענ.

— דו האָסט זי געזענ?

— געזענ.

— ווער האָט עס דעמ בריוו געשריבנ?

— ט'זיכ געפונענ אײנער אזוינער...

אונ פלוצלונג האָט זיכ וואסקע א בײג געטאָנ צו מיטקענ:

— וואָס קלערסטו צו טאָנ?

מיטקע האָט שווער געשוויגנ.

— איכ רעכנ... אָט יענער, וואָס האָט דער מאמעס בריוו צו דיר געשריבנ... מירנ זיכ ניט דערווארטנ... ניט דערווארטנ זיכ, זאָגט ער, וועלנ מיר ביז די קייסאָרים מיט די פריצימ מיט די פאבריקאנטנ וועלנ צווישנ זיכ דורכקומענ אונ שאָלעמ שליסנ... בא זיי ברענט ניט אונטער די א...

(וואסקע האָט אָנגערופנ אזא מינ אָרט אינ מאנצבילשנ קערפער, וואָס ווענ דאָרט ברענט מוז מענ שרײַענ גוואלד, לויפנ נאָכ הילפ, אָבער ניט זיצנ רויִק אינ די לוקסוס־צוגנ אונ פירנ מילכאָמע. מיסטאָמע האָט בא זיי ווירקלעכ ניט געברענט).

— קאָנ טאקע זייער זײַנ, אז בא זיי ברענט ניט אונ מיר וועלנ זיכ ניט דערווארטנ,— האָט מיטקע פינצטער א זאָג געטאָנ.

— אָט־אָט־אָט... אָנ קײנ שומ סאָפּעק גאָר...

— איז... עפשער ווייסטו עפעס? דו ביסט דאָכ געווענ דאָרטנ...

„עפעס״—דאָס איז דער אויסגעכאָוועטער טרוימ ווענג פרידנ; „דאָרטנ״—דאָס איז דאָס געגארטע הינטערלאנד.

— עפעס רודערט זיכ... אויב מע וויל קאָנ מענ אפילע זאָגנ, אז גאָר שטארק... ס'וועט עפשער גאָר אינ קורצנ א כליופּע טאָנ אזוי... אָבער... ווידעראמאָל... זיצנ אונ ווארטנ איז... א גרויסע ריזיקע... מע קאָנ זיכ אמאָל ניט דערווארטנ אויכ... אונ גאנצ פּאָשעט...

מיטקע האָט שווער געשוויגנ, געדרייט א ציגאר פונ וואסקעס טאבעק־בײַטל. פארדרייט, פארויכערט, פארצויגנ זיכ. אונ ווידער פאָרגעזעצט זײַנ שווערע שווײַגעניש.

— עפּעס האָב איכ אָנגעטראכט אפנ וועג, אָבער... ווידעראמאָל, ס'איז א ריזיקע... נאַכ עפּשער א גרעסערע, איידער זיצנ אונ ווארטנ...

מיטקע האָט אינ דער מינוט דערשפּירט, אז דער הארצנס־געליבטער כאוועריל זײַנער רעדט מיט אים ניט קיינ פּוסטע רייד, נאָר דערציילט אים זייער וויכטיקע זאכנ אונ פונ אים, פונ מיטקענ, פּאָדעדט זיכ דאָ א קלוג וואָרט, אנ אייצע. ער האָט זיכ דעריבער נאָכ־אמאָל פארצויגנ פונ זײַנ ציגאר אונ שטיל א זאָג געטאָנ:

— ווו קאָנ דענ זײַנ נאָכ א גרעסערע ריזיקע איידער דאָ?

— דאָס איז אנ עמעס,— האָט זיכ וואסקע ווי דערפרייט,— קיינ גרעסערע ריזיקע איז נאָר אפ דער וועלט ניט צו געפינענ...

— איז וואָס־זשע האָסטו אָנגעטראכט? פאר זיכ אליינ, צי פארביידנ?

— מיטראָ, מיטענקא...—איז וואסקע שיר ניט אופגעשפּרונגענ פונ פרייד.—וואָס הייסט עפּעס נאָר פאר זיכ אליינ? דער טײַערסטער כאווער מײַנער ביסטו דאָכ... לאָמיר אוועק פונדאנענ...—האָט ער פּלוצלונג אנטשיידנ א זאָג געטאָנ.—אליינ... פארענדיקנ די מילכאָמע... כ'האָב עס נאָכ נעכטנ אינ זינענ געהאט, אומישנע נעכטנ פונ דיר כויזעק געמאכט מיט דײַנ פאמיליע... אומישנע דיר־דעם בריוו צו דער צײַט ניט אָפּגעגעבנ... געוואָלט פארשמירנ—אהינ אהער—מיר זײַנענ גאָרניט אזעלכע וואזשנע כאווײרים אונ איכ האָב דיר גאָרניס ניט געבראכט.., פארשטייסט?...

נאָר דאָס נעכטיקע איז פארשוווּנדנ אונ מיטקע האָט איצט וועגנ דעם ניט געקאָנט טראכטנ, ווענ ער וואָלט אפילע געוואָלט. א ריזיקער ליכטיקער וועג האָט זיכ פּלוצלונג פאר אים א שפּרייט געטאָנ אונ אפנ אָנהייב פונ וועג איז געלעגנ א שמאָלער טהאָמדל— „א צעיאָג טאָנ זיכ אונ אריבערשפּרינגענ, הא?...“ אונ ער האָט ווי מעכאניש א פרעג גע־געטאָנ בא זײַנ כאווער:

— איז ווי זשע? אפ די פערד?... מיט די ביקסנ?...

— נארעלע... אפ די פערד... מיט די ביקסנ... געזאָגט... געהערט אזוינס?!... א פערד מיט א ביקס איז דאָכ סאמע פערווע מילכאָמע!... אליינ באדארפ מענ... אליינ... מיט פרײַע הענט... אָנ צוים אונ ביקס...

זיי האָבנ קימאט ווי באשלאָסנ: אינ די נאָענטסטע טעג, בא דער ערשטער געלעגנהײַט סטײַענ זיי נים.

ווענ זיי האָבנ זיכ אופגעהייבנ פונ הינטער די קוסטעס, האָט דער געלער וואסקע מאָדנע ראָצכיש־פרײַנטלעכ ארײַנגעקוקט מיטקענ אינ די אויגנ:

— אָבער געדענק־זשע, מיטענקא... טאָמער גיסטו מיר אינמיטנ דערינענ א דריי מיטנ ווײדל אפ צוריק, פארלירסטו דעם קאָפּ... גאָר פּאָשעט... וועלנ זיי זיכ ניט פּאָסטארענ,—האָט ער א ווײַז געטאָנ מיט דער האנט אפ דער אָפּיצערישער בײַדל אינ ווּאלד,—וועל איכ זיכ אליינ פּאָסטארענ... איכ וועל זיכ ניט קארגנ דערופ... מיר גייענ אָפּטאָנ א קײסערשע שטיקל ארבעט מאכמעס, קאָנ מענ זאָגנ, שאָלעמ מאכנ, מאכמעס דארפ מענ זײַנ הארט ווי דער דעמב אונ קלוג ווי דער פּיקסל... גאנצ פּאָשעט... ווייס אפ וואָס דו גייסט... בא־ווּסט־זיניק...—האָט ער א זאָג געטאָנ א נײַ־מאָדנעם וואָרט, וועלכנ מיטקע האָט ניט זייער גוט דאנ באנומענ, אָבער גוט געפילט די גרויסע וויכטיקײַט אונ וואָג פונ אָט דעם וואָרט.

אינ קורצנ זײַנענ זיי ווירקלעכ אוועק פונ עסקאדראָנ, פונ דער מילכאָמע, אוועק— „יאק סטוי“.

נאָר אינ יאַנוואַר 1917—העכער א יאָר צוריק—האָבנ זיי זיכ געמוזט שיידנ. ס'האָט זיכ שוינ אזוי געמאכט, אז זיי האָבנ צומאָל ניט געקאָנט זיכ געזעגענענ. פּאָשעט צעשפּרונגענ זיכ אינ צוויי פארשיידענע זײַטנ, ווי די פאריאָגטע האָזנ.

נאָכ דער שיידונג מיט וואסקענ האָט מיטקע דורכגעמאכט אזא מינ יאָרל, וואָס איז ווערט געווענ אלע פינפ און צוואנציק פריערדיקע יאָרנ זײַנע—ניט געלעבט האָט ער,—געלערנט זיכ לעבנ פונדאָסנײַ האָט ער, קאָנ מענ זאָגנ, אינ אָט דעם יאָר, און אינ איינעם א פארנאכט זיכ אָנגעשטויסנ אפ איינעמ אזוינעמ, וואָס האָט אים אויסבאהאלטנ, דערווארעמט, קלאָר געמאכט: אָנ א ביקס איז ער גאָרניט—א שפּענדל אינ שטורעמ.

און ער איז טאקע געווענ גאָרניט. ער האָט עס אליינ גוט געזענ. די אלטע זײַנע האָט ער שוינ ניט געטראָפנ. זי איז טאקע געשטאָרבנ צו דער צײַט, אפנ אויוונ. אינ דאָרפ האָט ער ניט געהאט וואָס צו טאָנ—זײַנ אייגנ דאָרפ איז אים פלוצלונג פרעמד געוואָרנ: מיט ראָצכישנ כשאד האָבנ אלע פענצטערלעכ אפ אים געקוקט. ווי אומגעריכט ער האָט זיכ אינ דאָרפ באוויזנ, אזוי אומגעריכט איז ער אוועק פונ דאָרטנ. ער האָט שוינ צו יענער צײַט געוווּסט א פּאָר באהאלטענע וועגנ, וואָס זײַנענ געלעגנ פארטײַעטע אונטערנ גרויסנ טומל און פּאטריאָטישנ טשאד, וועגנ, וואָס האָבנ געפירט דירעקט צומ פראָנט. צו דער ביקס. ער איז אוועק צו דער ביקס, צומ פערד. דאָ, אפנ פראָנט, האָט ער זיכ געפילט היימלעכער. דאָ איז די רעוואָליוציע פרײַ געווענ פונ פּאטריאָטישנ טשאד, דאָ האָט קיינער מער ניט געוואָלט מילכאָמע האלטנ און דעריבער איז דאָ גרינגער געווענ באקומענ א פערד מיט א ביקס צו גיינ אינ א מילכאָמע קעגנ די, וואָס האָבנ דאפקע געוואָלט מילכאָמע האלטנ ביזנ „זיגרײַכנ סאָפ"... מיט די היילע הענט וועסטו אזא מינ איידעלע שטיקל ארבעט ניט אָפּטאָנ... ער האָט זיכ דעריבער דערפרייט מיט דער ווידערגעפונענער ביקס, מיטנ שלאכט־פערד, מיט דער שלאכט־פּאָזיציע, ווי א מענטש פרייט זיכ מיט א ווידערגעפונענעמ גוטנ שטיקל געצײַג—מיט די היילע הענט, ווידעראמאָל, וועסטו אפילע קיינ טשוואָק אינ וואנט ניט ארײַנקלאפּנ, וואָס פאר א גרויסער בעריע דו זאָלסט ניט זײַנ!...

— הומ... טשיקאווע... אָט זײַנענ מיר ווידער אינ א נאָווינע אפ דער פּאָזיציע...

און קיינער פונ די ארומיקע האָט ניט באנומענ מיטקע דעמ טשובאטנ און זײַנ מײנ—אינ וואָס ליגט דאָ די טשיקאַוועסט.

אָט רײַט ער זײַט בא זײַט מיטנ קאָמאנדיר, מיטנ ווארשעווער ארבעטער, מיטנ גוטנ רײַטער און שיסער, מיטנ יונג, וואָס האָט א פולע מאָרדע מיט מעשענע דרעטעלעכ, א פּאָר גרויסע בלויע אויגנ, און אזא ליכטיקנ און פריידיקנ שמייכעלע, ווי ער וואָלט געקומענ פונ א זוניקנ לאנד, וווּ אלע מענטשנ זײַנענ גליקלעכ און אָט פירט ער זיי אהינ... מיט אָט דעמ שמייכל, פילט מיטקע, איז אים הערש אזוי שטארק פרעמד־נאָענט, ווי פרעמד־נאָענט עס האָט געמוזט זײַנ יענער איינער, וואָס האָט פאר דער מאמענ דעמ בריוו צו אים געשריבנ, אָדער יענער, וואָס האָט אים די אויגנ אפ דער ביקס געעפנט. זיי אלע שמייכלענ, דוכט זיכ, מיט איינ און דעמזעלבנ שמייכל און זײַנענ אינ עפּעס מוירעדיק זיכער, זיי אלע ברענענ אינ דער ארבעט און מע טאָר ניט אָפּשטײַנ פונ זיי, מע דארפ זיי העלפנ אי שיסנ, אי טראכטנ, ווײַל דיביידע זאכנ טוענ זיי פארנ פאָלק און מער פאר קיינעמ ניט...

און מיטקע האָט שווער און אָנגעשטרענגט געהאָלפנ טראכטנ אויכ איצט, ווענ זיי זײַנענ אינ אויסשפּיר געווענ.

— הער נאָר, קאָמאנדיר,—האָט ער צו הערשנ א זאָג געטאָנ,—עפּעס שמעקט מיר ניט אזא מינ ארבעט. וואָס הייסט, דו, דער קאָמאנדיר, האָסט זיכ אליינ געלאָזט אינ אויס־

שפּיר? צי דאָס איז פאַר דיר אַ נ אַרבעט? און וווּ איז איצט דער אָטריאַד דײַנער וויסטו? עפּעס דוכט זיך מיר נאָר אויס, אַז ער איז אָן אַ סיידער צעשאָטן און צעוואָרפן איבערן גאַנצן אַרום... און וווּ ליגן דעם סוינעס קויכעס ווייסטו?

הערש האָט אַף אים פאַרכידעשט אַ קוק געטאָן. ער האָט לעכאַטכילע ווידעראַמאָל געוואָלט אים ענטפערן, אַז ווען ער וועט דעם סוינע אויסשפּירן, וועט ער אים דרינגענד לאָזן צו וויסן: „אליור—דרײַ צלאָמים”, אָבער אין סויעכ איז געבליבן שטעקן מיטקעס פראַגע וועגן אָטריאַד און וועגן סוינעס קויכעס און דאָס האָט געשײַנט צו זײַן האַרב און ערנסט.

טאַקע:

— ווּ איז דער אָטריאַד דײַנער, קאָמאַנדיר?

אין בידאָוועכאַטקע—דאָוויד מיט דינען, מיט דער שטומער... אַך, ניין... מע האָט זיי שוין צוגענומען פון דאָרטן...

אין פאַנטשיטשי—וואַנקע מיטן רעזערוו...

אַף דער באַן־סטאַנציע—אָקון מיט זײַנע רײַטערלעך...

צו דאָרעם פון בידאָוועכאַטקע, לעבן וואָליעסוויאַטע—יאַנעק מיטן קוילנוואַרפער בײַ די צעשרויפטע רעלסן...

צו צאָפן פון פאַנטשיטש, בײַ ריטשקע, בײַ די צעשרויפטע רעלסן—שמולעק באָנטש מיט זײַן גרופּע...

דערפלעך, יישוּווים, פאַרשנייטע וועלדלעך, וועגן און מענטשן האָבן זיך אויסגעמישט אין אַ פּלאָנטער בײַ הערשן אין קאָפּ:

ריטשקע...

דאָוויד...

וואָליעסוויאַטע...

מיטריטש...

בידאָוועכאַטקע...

מאַסיוסקע...

פאַנטשיטשי...

אָקון...

צו דאָרעם...

וואַנקע שפּאָן...

צו צאָפן...

האַנטקע...

שמולעק באָנטש...

דינע...

בזשאָזעק...

ראָזנפעלד...

יאַנעק...

סטאַשעק...

קאָקאָשקין־שמיט...

לאָרדקיפאַריזע...

מאַטוויי...

אוי. סארא סאכ מענטשנ! ווי ער איז עס באוואָקסנ געוואָרנ מיט זיי.. און זיי אלע... דאָס זײַנענ דאָכ ניט קיינ סטאמ מענטשנ, קיינ איינער צווישנ זיי ניטאָ קיינ סטאמ־מענטש... דאָס אלצ זײַנענ—פרײַנט אָדער פײַנט... און אלע—באביקסלט! מענטשנ מיט ביקסנ!...

דער דערשאָסענער אָפיצערל הענגט פאר זײַנע אויגנ מיטנ אומגעדרייטנ פּאָנים צו אים און מיטנ ניט דערשאָסענעם בליק...

פּאָליקארפּיטש ליגט אינ יאָנטעוודיקנ קאפּטנ אפ דער ערד אינ א קאליזשע בלוט מיט דער באָרד אראָפּ...

די דערפלעכ זײַנענ פול מיט גלאָקנ־געקלאנג פונ די קלויסטערס...

פויערשע רײַטערלעכ טראָגנ זיכ אפ געוויינלעכע דאָרפישע קליאטשעס מיט די כאָמעטנ אפ די העלדזער און פארשטעלנ זיכ פאר שטומע...

ניקאָלײַ דעמ צווייטנס שאָטנ האָט א שווינדל געטאָנ פאר די פויערשע אויגנ...

און —

בעק!

בעק!!

בעק!!!

בעק איז גרעסער פאר אלעמענ, גרויזאמער און שוידערלעכער. בעק קריכט מיט זײַנ ארמיי ווי א וואָלקנ, ווי א היישעריק, בעק האָט, צו אלדי שווארצע יאָר, א טויזנטיעריקנ סטאזש פונ פירנ מילכאָמע, און... בעק מוז הײַנט, הײַנט נאָכ פארטיליקט ווערנ... ס׳איז גאָר ניט אינגאנצנ באוווסט ווער וועמענ האלט איצט אינ דעמ שלייפ—ער בעקנ, אָדער בעק אימ...

הערש האָט דערפילט א ווארעמקײַט אינ לײַב, א היצ, א לײַכטנ שוויס...

„שפרינג פונ צענטנ שטאָק אראָפּ און פיל אויס די אופגאבע פונ שטאַדיוו, הערשעלע!..."

די שלאכט וויקלט זיכ פונאנדער מיט עפּעס א אינערלעכנ אייגענעמ געזעצ און דער געזעצ איז נאָכ פאר הערשנ ניט קלאָר—דער געזעצ ליגט פארפלאָנטערט אינ די וועגנ..,

עמיצער פלאָנטערט אימ דאָ די וועגנ...

ווער איז דער עמיצער?

דערלאנג אימ אהער!

הערש וועט אימ אינ געפּלי א קויל אינ נאקנ ארײַנזועצנ!

ער איז מיד, יאָ... אויסערסט מיד... נאָר זײַנ קויל וועט אָניאָגנ, טרעפנ...

נארישקײַטנ... נארישקײַטנ...

דעריקער —

אָנטאפּנ די בערישע לאָכ, ווו בעק מיט זײַנע רײַטערלעכ ליגנ פארשטעקט...

— יאָ!...—האָט ער פרײַער אָפּגעטעמט—דעריקער איז... פּאקנ בעקנ!

און ער האָט פריילעכ א צי געטאָנ דאָס צײַמל—געוואָלט אונטעריאָגנ זײַנ גרופּע, נאָר מיטקע האָט אימ אינ דער רעגע בא א האנט אָנגעכאפּט:

— שטיי, קאָמאנדיר... עפּעס שווינדלט מיר פאר די אויגנ...

די גרופּע האָט זיכ אָפּגעשטעלט.

מיטקע האָט זיכ אראָפּגעגליטשט פונ פערד, צוגעלאָפנ צומ נאָענטנ פארשנייטנ יאדלע־בוימ, א קוק געטאָנ אינדערהייכ, א שאר געטאָנ מיט די הענטשיקעס און אוועקגעקראָכנ אפנ בוימ.

ער האָט צוגעזעצט סאַמע אונטער דער קרוין, אַף דער העכסטער צווײַג, אַ שאָר געטאָן די פּאַפּאַכע אַף הינטן, אַ שמייכל געטאָן, ווי ער וואָלט אַ געפינס געפונען און אַ זאָג געטאָן, מער צו זיך, ווי צו די רײַטערלעך אונטן:

— הום, טשיקאַווע...

— וואָסי?

— שטיי, ליג...—האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער לינקער האַנט אַף אַראָפּ און פאַרגעזעצט ווידעראַמאָל מער צו זיך ווי צו זײַנע כאַווײַרים.—אַ וואַזשנער רויך... אַ פרישער.. בידאָוועכאַטקע מוז עס זײַן... ניט אַנדערש... טשיקאַווע...

ער האָט געוואָלט בעטן באַ הערשן די קאַרטע, דעם קאָמפּאַס און דעם פעלדצײַס (מע דאַרף דאָך אים העלפן טראַכטן), אָבער גלײַך באַשלאָסן: ער באַדאַרף עס ניט. אַף דער קאַרטע איז ער ניט אַזאַ שטאַרקער ווייסער, אַפן קאָמפּאַס דוכט זיך אים שטענדיק אויס, אַז די זון גייט אוף אין צאָפן און דער רויך זעט זיך גוט מיט די בלויזע אויגן—אָנעם צײַס—וואָס קאָן ער זען אין צײַס? דעמזעלבן רויך אַביסל געדיכטער. ניט מער...

ער האָט שוין געוואָלט אַראָפּ פון בוים און טיילן זיך מיט דער נײַס, נאָר אין דער רעגע איז אים אײַנגעפאַלן אַ קוק טאָן אַרום—דער בוים איז געשטאַנען קימאַט אַפן ברעג וועלדל און דאָ האָט זיך גוט געזען דער גאַנצער פאַרשנייטער אַרום—אַ ברייטער טאָל באַזוימט מיט וואַלד. ער האָט אַ קוק געטאָן רעכטס, לינקס—ביידע מאָל ווײַט פאַרוואָרפן זײַן בליק—דוכט זיך גאָרניט ניט באַמערקט, און ערשט אין דער סאַמע לעצטער רעגע, גאַנץ נאָענט, אַפן קעגנײַבערדיקן ברעג וואַלד דערזען אַזוינס, וואָס האָט אים אויסגעוויזן צו זײַן אַן עמעסער געפינס.

— וואָס זעסטו דאָרטן?

— קריך אַראָפּ!

— וועלכער שעד האָט דיך פּלוצלונג אַפן בוים אַרופגעשלעפּט?

— שטילער... ששש...—האָט ער אַ מאַך געטאָן אַף אַראָפּ מיט דער לינקער האַנט.—אָט באַלד... וואַרט צו...

ער האָט געזען אַ טשיקאַווע זאַך:

אַנטקעגנײַבער איז געשטאַנען אַ פּיצל כוטערל.

אונטן, אין שנייִקן טאָל זײַנען זיך קרייצווייגן צעלאָפן. ברייטע טראַקטוועגן פאַרשאָטענע מיט שניי און לײַכט געשטופּלטע מיט שפּורן פון פערדישע טלאָען. רײַטער, הייסט עס, האָבן דאָ אַף די וועגן געריטן,—האָט מיטקע אַ טראַכט געטאָן.

דער כוטערל איז געשטאַנען אַפן באַרגאַרופּ פון אַנטקעגנײַבערדיקן וואַלדברעג, ווי אַ שוימער פון די וועגן.

דער שטרויענער דאַך פון דער כאַטקע איז געווען הויך באַשאָטן מיט שניי. אַף איין העלפט דעכל האָבן זיך געזען בוילעטע טיפע לעכער אין שניי—שפּורן פון טריט. אַף דער צווייטער העלפט הינטערן קוימען, איז געזעסן אַ מענטש אין אַ פעלץ. דער מענטש האָט אויך, ווײַזט אויס, געהיט די וועגן און געוואַרט אַף עמיצן דאָרטן.

— קריך אַראָפּ פון פערד, קאָמאַנדיר, און קריך אַרויף אַהער צו מיר—האָט מיטקע אַ הייב געטאָן זײַן לינקע האַנט אַף אַרויף.

הערש איז אַרופגעקראָכן אַפן בוים, מיט דער לינקער האַנט אַרומגעכאַפּט מיטקען—אַרומגענומען זײַן האַלדז צוזאַמען מיטן צווײַג—מיט דער רעכטער האַנט אָפּגעשפּיליעט

דעם שייך פונ זײַנ נאַהאַנ, איינצײַטיק זיכ אײַנגעגעסנ מיט זײַנ בליק אינ דער כאַטקע אונ פלוצלונג צעשיקעט זיכ אפ די געבליבענע אונטנ אפ די פערד אויסשפירער:

— ששש... אראָפ פונ די פערד... אינ וועלדל אַרײַנ... אַנטרינ'...

די רײַטערלעכ האָבנ זיכ אראָפגעגליטשט פונ די פערד, אַוועקגעפירט זיי, אַנטרונענ געוואָרנ.

הערש אונ מיטקע האָבנ געזענ:

צום כוטערל האָט צוגעריטנ אַ גרופּע רײַטער. דרײַ מאַנ. איינער פונ זיי—מיט ניט באַוואָפנטנ אויג האָט עס הערש באַמערקט—דאַרפ לויט דער דינקײַט אינ דער טאַליע אונ דעם גוטנ ראָמאַנאָוו־פּעלצל זײַנ אַנ אָפיצערל. די רײַטער מיטנ אָפיצערל האָבנ אַ טאַנצ געטאָנ אפ זייערע פערד אַרום דער כאַטקע. דערזענ דעם אַלטנ אפנ דאַכ. אָנגעצילעוועט אפ אים זייער געווער. דער אַלטער איז אַראָפ פונ דאַכ. אַ דריי געטאָנ זיכ צווישנ די רײַטער, געמאַכט מיט די הענט, די פּאָלעס פונ זײַנ צעשפּיליעטנ פּעלצ האָבנ זיכ צעכראַסטעט אונ עס האָט זיכ געזענ, אַז אונטערנ פּעלצ איז דער אַלטער אָנגעטאָנ אינ שטיוול אפ די איינע גאַטקעס, אינ אַ העמד, אָנ אַ היטל, מיט פּײַכטע פונ שניי פּאַטלעס אפנ קאָפּ.

דער אָפיצערל האָט אַ הייב געטאָנ זײַנ סטעק איבערנ אַלטנס קאָפּ. דער אַלטער האָט זיכ אַ בייג געטאָנ. דער אָפיצערל האָט ניט געשלאָגנ. ער האָט, דוכט זיכ, אַ שמייכל געטאָנ. דער אָפיצערל האָט עפּעס, ווײַזט אויס, געפרעגט. דער אַלטער האָט געענטפערט אונ אַוועקגעפירט נאָכ זיכ די רײַטער אָנ שטעג אונ וועג, מיט שניי, איבערנ טאָל, גלײַכ אפנ ברעג וועלדל, וווּ הערש מיט זײַנע אויסשפירער האָבנ זיכ געפונענ.

מיטקע האָט זיכ אַ דריי געטאָנ אונטער הערשס האַנט:

— הום, טשיקאַווע... גלײַכ אפ אונדז...

— רודער זיכ ניט ניט... קוק צו דאָס גרייטע...

דער אַלטער איז געגאַנגענ פאָרויס. ער האָט שווער געשלעפּט די פיס פונ טיפנ שניי אַרויס, געזונקענ אונ ווידער געשלעפּט. די רײַטער זײַנענ אים נאָכגעריטנ. ווענ זיי זײַנענ שוינ קימאַט אַדורכ דעם טאָל, געדאַרפט אופהייבנ זיכ אפנ שיפּוי פונ בערגל, האָט דער אָפיצערל דעם אַלטנ אָפּגעשטעלט.

מיט אַ פאַרטייעטנ אָטעם, מיט אַנ אָנגעשטרענגטנ ביזנ לעצטנ גראַד געהער, מיט אַנ אײַנגעגעסענעם בליק אינ די ליפּנ פונ אַלט, אונ אָפיצערל, מיט דער הילפ פונ לײַכטנ ווינטל, וואָס האָט זיכ אַהער פונ טאָל געטראָגנ, מיט דער הילפ פונ יענער פאַרטײַעטער שטילקײַט, וואָס עס איז דאָ געלעגנ, אַז עס האָט זיכ אויש דער שוואַכער שאָרכ פונ שיטערלעכנ שנייפאַל געהערט, האָבנ הערש אונ מיטקע אופגעכאַפּט אָפּגעריסענע, צעפליקטע האַלבע פראַזנ אונ האַלבע ווערטער פונעם קורצנ געשפּרעכ צווישנ אָפיצערל מיטנ אַלטנ אינעם פּעלצ אפ די איינע וועש.

דער אָפיצערל האָט פאַנאַנדערגעוויקלט זײַנ לאַנדקאַרטע, געקוקט אונ אויסגעפרעגט זיכ באַם אַלטנ. דער אַלטער האָט געענטפערט אונ געוויזנ אפ אַ ריכטונג, וואָס האָט, ווײַזט אויס, ניט געשטימט מיטנ אָפיצערלס קאַרטע אונ מיט זײַנע ידיעס. דער אָפיצערל האָט ווידער אופגעהייבנ זײַנ סטעק איבערנ אַלטנס קאָפּ אונ מיט אַ דינער ייִנגלשער שטים ווידער עפּעס געקוויטשעט.

עס האָט זיכ געהאַנדלט, האָט זיכ אַרויסגעוויזנ, דערינ, וואָס לויטנ אָפיצערס מיינונג האָט דער אַלטער נעפּלאָנטערט מיט דער צונג. באַנאַכט האָט אינ בידראָוועכאַטקע גענעכטיקט אַ באַנדע דעזערטירנ, באַגינענ האָבנ זיי דאָס דערפל אונטערגעצונדנ אונ אַוועק,

אָבער ווהין זײַנען זיי אוועק איז דעם אָפּיצערל ניט באוווּסט און דעם אלטן מוז עס זײַן חויל באוווּסט, נאָר ער פלאָנטערט אומישנע, ער מוז אוואדע אליין אויך זײַן א באנדיט, א דעזערטיר, א פארעטער און שפּיאָן. צו וואָס איז ער געזעסן אפן דאך? וואָס האָט ער דאָרט אויסגעקוקט?

א ווײַלע איז דער אלטער געשטאנען שטיל, דערנאָך האָט ער מיט די הענט צעפּירט און עפּעס קורץ א זאָג געטאָן, מיסטאָמע האָט ער געזאָגט: „אײַער מאכט!"

דער אָפּיצערל האָט א פליק געטאָן זײַן סטעק אפ ארופּ און דאָסמאָל עטלעכע שארפע און האסטיקע שניטן געטאָן דעם אלטן איבערן פּאָנים: הין און צוריק, הין און צוריק— א מאָל פיר־פינף.

— אוי!—האָט זיך מיטקע ווידער א רודער געטאָן אונטער הערשס האנט אפ דעם צווײַג.—דאָס איז דאָך זייער ארבעט! זיי האָבן דאָך עס בידאָװעכאסטקע אונטערגעצונדן! איך פיל עס מאמעש!...

— שווײַג!—האָט הערש א כריפּע געטאָן.—איך וועל דיר באלד א צינד טאָן!...

— דאָס בלוט קאָכט! גאָר פּאָשעט!...—האָט זיך מיטקע ניט געקאָנט באַרויִקן.

דער אלטער האָט געווישט זײַנע אופגעלאָפענע בײַלן אפן פּאָנים.

דער אָפּיצערל האָט א פּאָך געטאָן מיטן סטעק צו זײַנע צוויי רײַטער. די רײַטער זײַנען צוגעלאָפן צום אלטן, אראָפּגעשלעפּט פון אים דעם פּעלץ. דער אָפּיצערל האָט נערוועז און האסטיק זיך צעפּאָכט מיט זײַן סטעק. די רײַטער האָבן פון אלטן אראָפּגעשלעפּט די העמד, די שטיוול מיט די אָניטשעס, די גאטקעס. זיי האָבן זײַנע שמאטעס געטרייסלט, געטרייבערט, געטרענט די נעט מיט די שפּיצן פון די שווערדן. עפּעס געזוכט דאָרטן. דער אלטער איז געשטאנען אין סיפּן שניי א נאקעטער, א בלויער, א געהויקערטער, א האָריקער, מיט שארפע און הויכ—אופגעלאָפענע בלויע, פּיִאָלעטעווע פּאסן אפ די פּיצלעך באקן און נאָז, אונטער די אויגן און אפן שטערן. ער האָט זיך געווישט דעם פּאָנעם, אויסגעשפּיגן, און דער בלוטיקער שפּײַ האָט זיך א טונקל־רויטער, ווי א נײַער קופּערנער צענער אוועקגעלייגט אפן ווײַסן שניי.

— זיי וועלן אים צעשיסן, אויסווורפן!... דאָס איז זיכער אן אונדזעריקער...—האָט מיטקע הערשן אין אויער ארײַנגעכריפּעט.—קאָ־מאנ־דיר!...—האָט ער ווי מיט אן אויסרייד פּארענדיקט.

הערש האָט א קוק געטאָן אפ רעכטס. יאָ! בידאָװעכאסטקע ברענט; א קוק געטאָן אפ לינקס. „אוי, סארא גוטסקײַט!"—איז אין קאָפּ דורכגעפלויגן א געדאנק—לינקס זײַנען די רײַסער מיטן אָפּיצערל געשטאנען קימאט סאמע לעבן ברעג וועלדל. נו, יאָ... ער וועט פּארגיין פון לינקס... וועלן זיי באווײַזן אפ די פּערד זיך זעצן. וועט ער זיי יאָגן קיין בידאָװעכאסטקע... און —

ער האָט זיך אראָפּגעגליטשט פון בוים, אראָפּגעשלעפּט מיט זיך מיטקען, א כאפּ געטאָן זײַנע רײַטערלעך, א שלעפּ געטאָן זיי מיט זיך אפ לינקס, מיטן וועלדל, געזעצט זיך אפ די פּערד, מיט גרייט־געצילעוועטע געווער א לאָז געטאָן זיך קימאט פונהינטן צו דער גרופּקעלע מיטן נאקעטן אלטן אינמיטן.

מיטקע האָט צעפּלאָנטערט הערשס פּלאנ. אינמיטן גאלאָפּ איז ער אראָפּגעפלויגן פון פּערד, א וואָרף געטאָן דאָס צײַמל זײַן שאָכן, א וואלגער געטאָן זיך אפן אָפּיצערל. אומגעוואָרפן אים אין שניי און געקנאָטן אונטער זיך, געמיימעסט מיט די פויסטן אין די סקולעס ארײַן. הערש מיט די איבעריקע רײַטער זײַנען שוין געווען געצווונגען פּאָשעט

אנטוואָפענען די צוויי ווײַסע רײַטער. דער אלטער איז געשטאנען א נאקעטער אינ שנײ מיט בלינד געוואָרענע פארלאָפענע אויגנ. ער האָט קעסיידער מיט זײ געפינטלט אונ פלוצלונג א וואָרפ געטאָנ זיכ צו זײַנע גאטקעס, אָניטשעס, שטיוול, פעלצ. מיט ציטערדיקע הענט האָט ער עס געשלעפט אפ זיכ, געאײַלט זיכ, געשעמט זיכ מיט זײַנ נאקעטקײַט אָדער פאָשעט שטארק דערפילט די שטעכיקע קעלט.

— אײַל זיכ ניט, אלטער, טו זיכ אָנ ווי עס באדארפ צו זײַנ.—האָט הערש רויִק א זאָג געטאָנ.

דער אלטער האָט א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפ ווי א שטומער.

די ווײַסע רײַטער מיטנ אָפיצערל זײַנען ווי געבונדענע געשטאנען אינ פארשלאָסענעם קרײַז פונ הערשס רײַטער.

— נו, פארטיק?—האָט הערש באמ אלטנ א פרעג געטאָנ.—נעמ אימ צו זיכ, פאשקע!—האָט ער פאראָרדנט, א ווײַז טוענדיק מיטנ נאהאנ אפנ אלטנ.

— קריכ, אלטער!

פאשקע האָט דעמ אלטנ צו זיכ אפנ פערד ארופגעשלעפט.

— אפ די פערד, גאספאדא אפיצערי!—האָט הערש מאָדנע פרייליכ אונ שטרענג א קאָמאנדעווע געטאָנ.—אונ וועגנ פלייטע איז—אָ! איכ וואָרנ אָפנ!—אונ ער האָט זיכ א צילעווע געטאָנ מיטנ נאהאנ אפנ אָפיצערל.—עס וועט דעריאָגנ, איכ בעט ניט צווייפלענ...

פינפ באוואָפנטע רײַטער האָבנ דרײַ אנטוואָפנטע אינ א קרײַז גענומענ, מיט אײַליקנ טראָט געצויגנ זיכ בארג ארופ, צומ וועלדל. די פערד האָבנ, ווײַזט אויס, געפילט די ערנסטקײַט פונ דער מינוט אונ געטרײַ געטראָגנ זייערע רײַטער ארופ, געצויגנ די העלדזער אונ שטײַפ געדראפעט זיכ מיט די פאָדערשטע פיס, ווי זיי וואָלטנ געטאָנ זייער געוויינלעכע שווערע ארבעט—אנ אקער אָדער א וואָגנ נאָכ זיכ געשלעפט. פאשקע האָט דערפילט ווי אינ זײַנ רוקנ האָט זיכ דעמ אלטנס פאָנעמ אײַנגעגראָבנ. ער האָט דערפילט דעמ אלטנס נאָז אפ זײַנ רוקנביינ, פאשקע האָט זיכ א דריי געטאָנ, אומגעקוקט. דער אלטער האָט געכליפעט אָדער די נאָז זיכ געקראצט אָנ זײַנ רוקנ אָדער ביידע זאכנ מיטאמאָל געטאָנ.

דער אָפיצערל, האָט זיכ ארויסגעוויזנ, איז נאָכ א יונגיטשקער, א ייִנגל קימאט. זײַנ פאָנעמ איז געדיכט באשאָטנ געווענ מיט רויטע פרישטשעס. אפ די פרישטשעס—געלע פלעקנ אונ בלויע בײַלנ, פרישע פונ מיטקעס קלעפ.

דער אָפיצערל איז געזעסנ אנ אנטוואָפנטער אפ זײַנ פערד אינ זײַנ זאָטל אונ געטראכט. ער האָט שווער אונ קלעפיק געטראכט, אז ער איז מיִעס ארײַנגעפאלנ: ער האָט זיכ פאָשעט אָנגעריסנ אפ א באנדיטישנ סעקרעט. דער „גאספאדא אפיצערי" האָט ווי א־בײַטש א שניט געטאָנ איבערנ לײַב. דאָס הארצ קאָכט. ער האָט זיכ איצט פלוצלונג דערמאָנט אָנ זײַנ טאטנ מיט דער ברייטער גרויער באָרד אונ זילבערנעברילנ אפ דער נאָז—דעמ דאָקטער אינ ריאזאנ—אָנ דער הויכער שוועסטער מארי—זיי ביידע האָבנ אינ לעצטנ בריוו געפאָדערט, געבעטנ, ער זאָל זיכ אומקערנ אהיימ—ער וועט „דעמ טהאָמ פונ דער סמוטע סײַווי ניט פארהאטיענ מיט זײַנ ייִנגלשנ קערפער"—האָט דער פאָטער זײַנער צו אימ געשריבנ: אונ מארי, די הויכע שוועסטער, האָט אונטנ, מיט א דריבנעמ קסאוועלע צוגעשריבנ: „מאָנ אמי, אונדזער פאָטער איז ווי שטענדיק ניכטער, קלוג אונ רויִק. אונדזער שטאָט איז אינ אלע עפאָכעס בארופנ געווענ צו דינענ דער געזעלשאפט (אונ ער האָט עס הערלעכ או סגעפילט) מיט מיטלייד אונ הילפ אונ ניט מיט מאָרד אונ רויב. ביפראט שוינ

אינ אזא קאטאסטראָפאלער עפּאָכע, ווי אונדזערע איז. מיר ווארטנ אפ דיר. דו דארפסט זיכ גרייטנ פארבײַטנ דעמ פּאָסטער אינ זײַנ הומאניטארער טעטיקײַט. ער איז שוינ גאָר אלט, מאָנ אמי...״

דערדאָזיקער בריוו מיטנ אָפּיצערלס אלע איבעריקע פּאפּירנ זײַנענ איצט געלעגנ בא הערשנ אינ פעלדטאש.

די אנטוואָפּנטע צוויי רײַטער זײַנענ געזעסנ כמורנע, בייזע, געקוקט פונ אונטער די אויסגעריבענע פּאפּאכעס אפער אונ געשוויגנ.

אינ ווענ נאָכ איז קלאָר געוואָרנ די גאנצע מאָדנע געשיכטע מיטנ אלטנ, וואָס איז אינ פעלצ אפנ דאכ, הינטערנ קוימענ געזעסנ.

ווענ זיי זײַנענ ארײַנגעריטנ אינ וועלדל, האָט זיכ דער אלטער פלוצלונג פונ פאשקעס פערד אראָפּגעגליטשט.

— וווהינ איז עס, אלטער?—האָט הערש א געשריי געטאָנ.

— האָב קיינ מוירע ניט, בלאהאָראָדיע... א ראכמאָנעס אפ דער כודאָבע... כ׳על צופוס... דאָ קאָנ מענ... כ׳על ניט אנטלויפנ... מעגסט זײַנ רויִק...—אונ אויסגעשנײַצט זיכ די צע־בלוטיקטע נאָז.

ער האָט מיט א רויִקנ בליק א קוק געטאָנ אפ הערשנ, דערנעענטערט זיכ צו אימ אונ גענומענ ריידנ:

— דו ביסט דאָ די בלאהאראָדיע?... ניט צו דערקאָנענ איצט אָנ אײַכ... אלע גלײַכ... באהאלט די נימעסע קיילע — האָט ער א ווײַז געטאָנ אפנ נאהאנ אינ הערשס הענט, ווי דאָס וואָלט אימ געשטערט צו ריידנ—כ׳האָב דרײַ זינ אזעטיקע ווי דו, אונ אלע מיט די נימעסע קיילימ אינ די הענט, פלאָנטערנ זיכ אינ די וועלדער, ווי די גאזלאָנימ... כאָ גע־זאָגט... כ׳על ניט אנטלויפנ... אז מע לעבט לענגער, ווי מע ריכט זיכ, קלעקט גאָרניט קיינ קויכעס צו דערווארטנ זיכ אפנ טויט, ניט נאָר וואָס אנטלויפנ פונ אימ... אז ס׳איז גאָר ניט באוווסט, וואָס זיסער עס איז הײַנטיקע צײַטנ, זונדל מײַנס, בלאהאָראָדיע, דאָס לעבנ, צי דער טויט... אָט...

ער האָט זיכ א שלייכ געטאָנ צווישנ די פערד, ארײַנ אינ קרײַז, ווי ער וואָלט דער־מיט געוואָלט אונטערשטרײַכנ, אז ער ווייס—ער איז אויכ צווישנ די געפאנגענע—א וויש געטאָנ די פּיִאָלעטעווע פּאסנ אפנ פּאָנימ, א שנײַצ געטאָנ די נאָז אונ פאָרגעזעצט:

— רעדנ מעג איכ דאָכ, בלאהאָראָדיע... אָנ רייד ווערסטו איצטער בעשומויפנ ניט אויסקומענ... ניט אויסקומענ... גאנצ ראסיי רעדט... „הא?... וואָס?...״ שרײַט ראסיי, ווי מע וואָלט עס פונ שלאָפ אומגעריכט אונ פארדערצײַט אופגעוועקט... „הא?... וואָס?... א רעוואָליוציע?.., ווארט צו א ווײַלע... כ׳האָב זיכ נאָכ ניט אויסגעשלאָפנ ווי עס באדארפ צו זײַנ!...״ יאָ, יאָ... בלאהאָראָדיע...

הערש האָט זיכ אפ אימ פארקוקט. א נײַער מענטש איז אימ אומגעריכט צוגעקומענ. דער נײַער מענטש האָט זיכ ווי צוגעשריבנ צומ צעטל, וואָס האָט נאָר וואָס אינ הערשס בעדאנק א שײַנ געטאָנ. נאָר דאָס צוגעשריבענע איז געווענ ווי מיט וואסער־אויסיעס—זײַנ זיצעניש אינ פעלצ אפנ דאכ הינטערנ קוימענ, זײַנע רייד, זײַנ גאנג אונ מיינ זײַנענ נאָכ פאר אימ אומפארשטענדלעכ געווענ אונ ער האָט דאפקע גלײַכ אפנ אָרט געוואָלט זיכ דערקונדיקנ, וואָס איז עס פאר א מענטש, וואָס מיינט ער, וואָס וויל ער, קיינ סטאמ־מענטש איז עס זיכער ניט...—אונ ער האָט בא אימ א פרעג געטאָנ:

— ווי רופט מענ דיכ?

דער אלטער האָט כיטרע א שמייכל געטאָן, ווי מע וואָלט געוואָלט דערקונדיקן זיך בא אים דאָס סאמע הייליקסטע און טײַערסטע, אָבער געזאָגט האָט ער גאָר אָט וואָס און זייער פּראָסט:

— ס'ארא נאפקעמינע ווי מע רופט מיך? און אז כ'על דיר זאָגן: איוואן, פּיאָטער, סידער, טראָפים, וועסטו דאָ עפּעס דערשמעקן? ניט אין נאָמען שטעקט דאָך די זאך... די זאך שטעקט—אָ! האָט ער א טײַט געטאָן מיט א פינגער אין שטערן,—און אָ!—א שטעק געטאָן דעמזעלבן פינגער אין דער ברוסט, — דאָ קאָכט, — האָט ער ווידער באוויזן אפן שטערן, — און דאָ ברענט, — באוויזן אף דער ברוסט, — ווי א טאָפּ וואָלט אף א פײַער געשטאנען. אָבער ווידעראמאָל, וואָס פאר א געקעכץ אין טאָפּ קאָכט זיך און פאר וועמען—דאָס איז אפילע דעם באלעבאָס אליין ניט שטארק באוווסט... אָט... בלאהאָראָדיע־זונדל...

ער האָט א שמאָרע געטאָן מיט דער נאָז, א שנײַץ געטאָן זי, ווידעראמאָל ארויסגע־וואָרפן אפן שניי א בלוטיק־לייכיקן צענער־שפּײַ, און, ווי א זאָגער, ווי א ווייסער, א קוק געטאָן ווידעראמאָל מיט א כיטרן ווונק אף הערשן און צוגעגעבן:

— דו פרעג מיך, וואָס איך האָב געטאָן, וועסטו שוין בעסיילע וויסן, ווי מע רופט מיך...

הערש האָט זיך אזש אונטערגעהייבן אפן פערד, אזוי טשיקאווע איז אים דער אלטער געוואָרן.

די רײַטערלעך האָבן די קעפּ צו אים אויסגעדרייט. בא יעדן הינטער דער צונג איז געלעגן אן אנטציקונג-וואָרט פארן אלטן. וואָלטן זיי ניט געהיט און באשיצט דעם אווטאָ־ריטעט פון זייער קאָמאנדיר, וואָלטן זיי איצט דעם אלטן היץ אונטערגעגעבן:

— האק!... בראָק, אלטער!... אָט דאָס איז דיר א רעדע!... לייג אים אף אלע פיר!...

נאָר זיי האָבן עס ניט געזאָגט, פריילעך געשוויגן און די פּענימער זייערע האָבן גע־שײַנט פון אנטציקונג מיטן אלטנס רייד.

— איך בין געזעסן אפן דאך... אָט וואָס כ'האָב געטאָן, בלאהאָראָדיע... הײַנט ווי אזוי איך בין געקומען צום דאך איז, ווידעראמאָל, א מײַסע... איך האָב דרײַ זין אזעטיקע ווי דו, אלע מיט די ביקסלעך... טאנצן ארום ווי די גאזלאָנים איבער די וועלדער... און שלאָגן זיך אוואדע איינער מיט אנדערן... פארביסענע... אינדערהיים נאָך ניט געהויזט... הײַנט אין אזא צײַט איז דאָך שוין אוואדע.. דו ווילסט כאָטש ניט, נאָר א קלאפּ טאָן פונדעסט־וועגן כאפּט דער כיישעק... ווי קאָן מען זיך עס דערלויבן אָפּצושטיין פון דער גאנצער וועלט? בעשומויפן קאָן מען ניט.. בלאָנקע איך ארום איבערן פוסטן הויף און טראכט: ווען קומען מײַנע זין? לויפט אף מיר אָן א גרופּע רײַטערלעך, מיט די נאהאנעס איבער די קעפּ און מיט ראָצכישע גלאָצערס.—קיין דעזערטירן דאָ ניטאָ?—ניט געזען,—זאָג איך.—גיבן זיי א נישטער אין הויף, אין דערפל, צעטרײַבן די ווײַבער, ווי צעפּודושעטע הינער, כאפּן, אגעוו, א צענדליק הינער מיט זיך, טרײַבן אוועק א פּאָר קעלבלעך און ווערן ניט. קומט א צווייטע גרופּע רײַטערלעך. ווידעראמאָל מיט געהוק, ווי פון א סרייפע אף א מע־הומע:—קיין מאריאָדיאָרן ניט געזען? די געאָרגיע־קאוואליערלעך דאָ ניט בענעכטיקט?—ניין,—זאָג איך,—ניט געזען.—גיבן זיי ווידעראמאָל א נישטער, געבן ווידעראמאָל א בודושע הייבן אוף א שטויב און ווערן ניט. און אזוי בײַטן זיי זיך. מיטאמאָל ביידע קומען ניט ווי אומישנע. און אלע ביידע פרעגן זיך נאָך אף די וועגן: ווהין פירט דער וועג און וואוהין פירט יענער וועג, ווער שטייט דאָ און ווער שטייט דאָרטן... זאָג איך זיי, וואָס איך ווייס. ווערן זיי ניט. און אין א שאָ, צי אין א טאָג, קומען די אָדער יענע צוריק. זיי פּײַפן

מיט די נאַהײַקעס איבער מײַנ קאָפּ אונ שרײַענ:—דו פּלאָנטערסט, הידרע! דו פּלאָנטערסט די וועגנ! מירנ דיכ צום ווענטל שטעלנ!—שטעל... זאָג איכ.—וואָס איכ האָב געוווּסט האָב איכ געזאָגט. אויב כ'האָב אָנגעפּלאָנטערט—פּאַרצײַט, אָדער יענע קומענ אונ, ווידעראַמאָל, דיזעלבע טײַנע:—דו פּלאָנטערסט, פּאַרעטער, שפּיאָנ דײַטשישער!... אונ די נאַהײַקעס פּײַפּנ איבער מײַנ קאָפּ... אנטלויפ איכ פונ זײ—די מײַסע איז דאָכ פּאָרגעקומענ אינ דערפל, אָנ דאָרטנ, אפ יענער זײַט קרײצוועגנ,—אנטלויפ איכ פונ זײ צו זיכ אפנ כוטערל, אהער, אפ דער זײַט וועגנ, אונ זאָג צו זיכ אלײנ: איוואַנ אלעקסײעװיטש,—זאָג איכ,—דײַנע זינ האָבנ זיכ צעשלאָגנ. דאָס בלויז פונ דער מילכאָמע האָט זײ פּארשאַט. זײ האָבנ זיכ צעשלאָגנ אונ אַ נאָמענ געגעבנ אײנער דעמ אנדערנ: „הידרע”, „דעזערטיר”, „בורזשוי”, „שפּיאָנ”. אָבער איכ ווײס דאָכ: דאָס זײַנענ דאָכ דײַנע זינ, לײַבלעכע ברידער, ערד־האָרעפּאַשניקעס, איז וואָס דאַרפסטו איצטער טאָנ, איוואַנ אלעקסײעװיטש? אָט וואָס... קריכ ארופּ אפנ דאַכ, קוק גוט אויס זײערע וועגנ, זע, ווער ווו עס שטעקט, אונ אז זײ וועלנ קומענ צולויפנ צו דיר נאָכפרעגנ זיכ אײנער אפנ אנדערנ—פּלאָנטער טאַקע, פּלאָנטער אומישנע די וועגנ זײערע, זײ זאָלנ אײנער דעמ אנדערנ ניט קאָנענ געפינענ, וועט זײער קאַעס אדורכ אונ זײ וועלנ אלע צוריקומענ צו דיר... אָט...

— דאָס איז דער נימשל,—האָט זיכ מיטקע דער טשובאַטער ניט געקאָנט אײַנהאַלטנ אונ מיט באַהאַלטענעמ גיפט אינ דער שטימ זיכ אָפּגערופנ.—אונ וואָס איז דער מאָשל?

— סאַראַ נימשל, זונדל? כ'בינ געזעסנ אפנ דאַכ אָנ קײנ שומ נימשל... ער האָט מיכ פונ דאָרטנ אראָפּגעשלעפּט,—האָט דער אלטער מיט גרויסער גרינגשעצונג ווי אפ אַ ייִנגל אפנ אָפּיצערל אָנגעוויזנ,—נאָר כ'על סײַווי צוריק אפנ דאַכ אוועק... סײַדנ איר וועט מיכ... צומ נאָגל...—האָט ער אַ קוועטש געטאָנ אַ נאָגל אפ אַ נאָגל, ווי מע צעקוועטשט אַ פּאַראַזיט.—איז, ווידעראַמאָל, גאַנצ ראַסײ וועסטו אזוי ניט צעקוועטשנ... אנדערע וועלנ זיכ געפינענ... גאַנצ ראַסײ וועט זיכ אפ די דעכער זעצנ אונ אײַערע וועגנ צעפּלאָנטערנ... דאָס בלויז אפ דער מילכאָמע האָט אײַכ פּארשאַט, זינדלעכ... אָנ קײנ שומ נימשל... סאַראַ נימשל!... ברויט דאַרפ מענ זײענ, לײַוונטנ אונ געוואַנטנ דאַרפ מענ וועבנ, דאָס פּאָלק, זונדל, איז דאָכ הונגעריק אונ נאַקעט... מירנ פּארפּלאָנטערנ וועט... דער קאַעס אדורכ!...

— בלאַהאָריע! — האָט הערש אויסגעשריגנ צומ אָפּיצערל אונ אַ שטופּ געטאָנ אימ מיטנ קאָנטשיק אינדערזײַט—געהערט? ער וועט פּלאָנטערנ, זאָגט ער, פּלאָנטערנ די וועגנ... פונ דער רעוואָליוציע—אונ צעהירזשעט זיכ, ווי אַ גאַנצער טאַבונ יונגע פערדלעכ.

די רײַטערלעכ האָבנ מיטגעלאַכט, עס האָט זיכ געקאָנט אויסדוכטנ, אז אפילע די ווײַסע רײַטערלעכ האָבנ מיט אַ ווינקל מויל אַ קרומנ שמייכל געטאָנ. בלויז דער אָפּיצערל האָט זיכ שווער אַ רודער געטאָנ אינ זײַנ זאָטל, געוואָלט אויסשרײַענ צו הערשנ: „פּאַיאַצ”!—נאָר אײַנגעהאַלטנ זיכ, פּאָשעט מוירע געהאַט; בלויז דער אלטער איז געבליבנ ערנסט פּארכײַדעשט דערפונ, וואָס מע שעצט אזוי גרינג זײַנע ווערטער, אונ בלויז מיטקע דער טשובאַטער האָט ארויסגעלאָזט זײַנ באַרימטנ „הומ, טשיקאַווע!”

נאָר דער געלעכטער האָט זיכ גיכ אָפּגעהאַקט. הערש האָט אַ יאָג געטאָנ זײַנ „ווײַסנ אָדלערל”—עפּעס איז אימ שוינ ווידער אפנ געדאַנק געקומענ אונ ער האָט זיכ שוינ ווידער צעײַלט—אפ אײנ האַלבע רעגע נאָר אומגעדרײט זיכ צומ אלטנ אונ שטרענג באַפוילנ:

— קריכ צו פּאַשקענ! פּאַשקע, נעמ אימ צו זיכ!

און ווען דער אלטער איז ווידער הינטער פאשקען געזעסן, האָט הערש א קוק געטאָן צי זיצט ער גוט, צי וועט ער זיך ניט אראָפּגליטשן, און א זאָג געטאָן:

— אָט וואָס, אלטער... גאנץ ראסיי רעדט טאקע, אָבער סארא רייד דאָס זײַנען—דאַרפֿסטו זיך ניט פאנאנדערקלײַבן. קאָן איך דיר זאָגן: דער קאַעס וועט ניט אדורך, אלטער! נעם זיך עס אינזינען ארײַן פאָטער!—און א הוקע געטאָן:

— מיטקע!

מיטקע איז צוגעריטן צו הערשן. הערש האָט אים געשעפּטשעט אפן אויער:

— מיטענקאָ... אָט וואָס... קאָן טאקע זײַן, אז... דו ביזט גערעכט... מע דארף טאקע גלײַך צונויפקלײַבן דעם אָטריאַד אין איין פונקט... און... א זעץ טאָן!... נאָר פריִער... דארף מען זיך גוט דערקונדיקן בא אים... ער וועט ארויסלייגן—אָנגעוויזן אפן אָפיצערל—מיטן לעבער צוזאמען וועט ער מיר ארויסשפּײַען די אלע ידיעות... און די טרייפע אין בידאָוועכאטקע איז זײַנע ארבעט... בעקס... אָן קיין שום סאָפעק נאָר.., אוי, מיטענקאָ, וועלן מיר עס הײַנט א זעץ טאָן!...

— אוהום... גאָר פּאָשעט...—האָט מיטקע געכריפּעט הערשן אין אויער ארײַן.—און אין אים... אין אלטן... האָב איך א ביטערן טאָעס געהאט... סאָיוזי... עס זעט זיך גלײַך... סאָנימעסע הידרע, דער אלטער... די וועגן ס'ער פלאָנטערן. זאגט ער, ווען מיר דארפן דאפקע פונקט פארקערט—פאנאנדערפלאָנטערן... און מיר וועלן זיי פאנאנדערפלאָנטערן... אָן קיין שום סאָפעק נאָר... (און ער האָט ניט באמערקט, ווי דעם „אָן קיין שום סאָפעק נאָר“ האָט ער קימאט מעכאניש נאָכגעזאָגט נאָך הערשן).

מיט לײַכטן געלאָפּ-טראָט האָבן זיי זיך געלאָזט צו דאָרעם פון בידאָוועכאטקע, צו דער דאמבע מיט די צעשרויפטע רעלסן, צום קוילנוואספער, צו דער פּאָזיציע—די נייטיקע ידיעות צוזאמען מיטן לעבער ארויסשלעפּן באם אָפיצערל, באם אלטן, און אָן אנטשיידענעם זעץ טאָן בעקן.

און די צײַט איז געלאָפן—געווען שוין איצט נאָך קורצנידעריקן ווינטערדיקן האלבן טאָג אריבער.

ה. קאמענעצקי

# א בריוו צו דער ניו־יאָרקער מומעג

אפרעל און זונענשײַן. ווײַסרוסלאַנד און א שליאַכ.
פון אַלע זײַטן—היילע, אָפּגעפליקטעביימער.
באַם שליאַכ: א הויף, א פלויט, א לאַנגער דאַכ.
דערבײַ—א הייכער א פאבריטשנער קוימען.

און אָט דער הויף, פון איין עק ביזן צווייטן,
באַלאָדן איז געדיכט מיט קלעצער ברייטע,

דאָ שפרייט זיכ אפן ווינט, סײַ טאָג, סײַ אָוונט,
דער זויערער גערוכ פון ברעטער אָסינאָווע

און ס'פליסט אין ווענט פארפארעטע און הארבע
די שטענדיק מוזיקע באַפרײַטע ארבעט.

אמאָל —
אין אָט דער פאבריקע, אין אָט דער לאַנגער
איז אײַער יוגנט בא ווארשטאטן דורכגעגאנגען.

געוויס—ס'איז אָט די פאבריקע אײַכ גוט באקאנט
און דאָרט אין ראשיקן אין ווײַטן לאַנד

וועט דורכ מיסטאָמע איצט פאר אײַער בליק
די אַלטע היים.

געדענקט?—: א זומערדיקע נאכט, א בריק.
דערבײַ—א גרינער האָרבעוואטער בוים.

א ווינט בא דער בעריאָזע גיט א קלונג
און איר זײַט יונג.

אין אָט דער נאכט איז דורכ אזא מין ווייכער רעגן
און מאָדנע אָפּגעפרישט די גאנצע געגנט.

ס'איז שפעט. ארום איז פוסט אזוי און וויסט
און איר — א מילדע און א בלאסע —
מיט א סוכאָטנעם דארן מאשיניסט
פירט ליבע אינדערשטיל באם קלאָרן וואסער.

נאָר די יאָרן גייען,
נאָר די יאָרן לויפן
אין די אלטע געסלעך,
אין די שטילע הויפן

און איר באשליסט די פאבריקע צו לאָזן
און בא דער שווערער מי—די אויגן מער ניט בלענדן.
אײַך ציט אוועק פון דער בעריאָזע
צו ווײַסע אומבאקאנטע לענדער.

און אָט — א קויטיקער וואָקזאל, דער מוילער העלם.
א וואָנציקער זשאנדאר — אין שײַן פון א לאמטערן.
און איר—איר לאָזט זיך אין דער גרויסער וועלט
נאָך אײַער מאזלבראָכעדיקן שטערן.

און די יאָרן גייען,
און די יאָרן לויפן
אין די אלטע געסלעך,
אין די שטילע הויפן.

ס'האָט יענער דעריקער און בלייכער מאשיניסט
שוין לאנג פארזייט די ערד מיט זײַנע ביינער.
בא זײַן געביין צוקאָפּן די בעריאָזע פליסט
און טרײַבט אין וועלט די וואסערן די ריינע.

געווים—עס איז אסאך געשען פאר אָט די יאָרן
און איר זײַט אויך אן אנדערע געוואָרן:

איר זײַט שוין מער קיין ארבעטערקע ניט,
אן אנדער פײַערל אין אײַך שוין גליט

איר זײַט איצט ווײַט —
איר לעבט אין ניו־יאָרק איצט. אײַך איז אָלרײַט.

איר האָט א גרויסע פאבריקע פון מעבל
און מיט איין וואָרט—עס גייט אײַך גוט דאָס לעבן.

עס איז נאָר איצט א שווערע צײַט בא אײַכ אינ לאנד,
ווי אײַער בריוו גיט איבער קלאָר אונ אָפנ,
ס'פארמאכנ זיכ זאוואָדנ נאָכאנאנד,
א שווערער קלאפ האָט אײַער לאנד געטראָפנ.

אונ ארבעטסלאָזע שלײַכנ אינ די גאסנ
אזעלכע בייזע אונ אזעלכע בלאסע

אונ אלע טאָג אזוי אונ אלע נאכט
אונ אײַער פאבריקע איז אויכ פארמאכט.

נאָר איר—איר האָט אזויפיל אָנגעגרייטע געלט,
אז איר—לויט אײַער אויסדריק—לאכט שוינ פונ דער וועלט.

אָט שרײַבט איר אָפנ, אז פונ דעמלט אָנ
זינט אײַער פאבריקע האָט זיכ געמוזט פארמאכנ
זײַט איר אינ רײַזעס אויסשליסלעכ פארטאָנ,
אינ בעלער אונ אינ נאָכ אזעלכע זאכנ.

אויכ הײַיאָר אינ די טעג פונ זומערדיקנ ברענ
זײַט איר אפ אָפרו אינ איטאליענ געווענ.

איר האָט גרויסארטיק דאָרט אינ גלאנצ, אינ פראכט,
מיט אײַער הויזגעזינד די צײַט פארבראכט.

אונ אײַער לאנגנ בריוו פארענדיקט איר מיט דעם,
וואָס איר פארמאָגט אינ ניויאָרק אזא גרויסנ שעם.

אונ אז איר האָט א מאנ א זאכלעכנ, א קלוגנ,
אונ אז איר זאָגט זיכ אָפ פונ אײַער יוגנט,

אז ס'איז דער באָלשעוויזמ אײַכ דערווידער
אונ אז איר טראָגט א סינע אינ די גלידער

צו אונדזער פרײַער רעפובליק
אונ אויכ צו יעדנ באָלשעוויק.

דערנאָכ, צומ סאָפ צו דריקט איר מיר די האנט
אונ ווינטשט, איכ זאָל דערגרייכנ אײַער שטאנד.

נאָר איכ—
איר הערט?—

איכ דאנק דערפאר, װאָס זײַנענדיק א קלײנער
האָב איכ געבראָכנ שטיבנ בא די רײַכע שכײנים.

איכ דאנק, װאָס איכ בינ פרי אנ ארבעטער געװאָרנ
אונ װאָס מיכ האָבנ ארבעטער געבאָרנ.

איכ דאנק דערפאר, װאָס אינ דער נײטיקער מינוט
װעט מיר גענוג זײַנ בירגערלעכע מוט

אפ אָנלאָדנ א בראונינג צי א ביקס אונ דאנ
צעשיסנ אײַכ אונ אײַער קלוגנ מאנ.

אונ װעגנ דעמ, װאָס איר האָט לײַכט אזוי אונ גרינג
די יוגנט אײַערע פארלאָזנ אפנ װינט

איז הײב איכ אופ די יוגנט אײַערע פונ שטויב
אונ זאָג: א לויב צו איר, א לויב.

װײַל אײַער זויבערע פארגאנגענהײַט, איר הערט?—
נאָר אונדז אלײנ—דער מאכט פונ ארבעטער געהערט

אונ דער—אָ מאכט גיב איכ איצט איבער
אָט די פארגאנגענהײַט אפ ערע אונ אפ ליבע.

מיט דעמ פארענדיק איכ. זאָל זײַנ גענוג.
ס'איז שוינ אפרעל אונ ס'הילכט איבערנ ברוק

די ערשטע פרילינגדיקע ליד פונ רויטארמײער.
אפ אלע ראָגנ אזא פרישקײַט װײעט,

א פליג אנ ערשטלינג גיט פארבײַ א זשום,
אינ לאנד די שנײענ לאָזנ שוינ די לעצטע.
זאָל זײַנ גענוג.
פונ מיר, דער שװעסטער אײַערס געטרײַער זונ
הירשל קאמענעצקי

מ. טײפ

# אַרײַנפיר צו דער פּאָעמע „א געשפּענסט וואנדערט אין אײראָפּע“

כ׳וועל אַרײַנגײן אין שטאָט, ווען עס שײַנען די שטערן אין הימל,
ווען ס׳רוט די לעוואָנע אין טונקעלן סאמעט פון וואָלקנס
און ווינטן פארמאטערטע רוען ווי פײגלען אף הויכע געזימסן פון דעכער
און ס׳עטעמט דאָס גרענצלאָזע הארץ פון דער ערד א בארוטע.

ערגעץ ווײַט אף א ראָג אויסער פלעצער פון שטאָטישער ראכוועס
פינטלט מיט אויג מיט אַ געלן א פארגעסענער לעצטער לאמטערן,
צוקאָפּנס פון קינדערשע בעטלעך, צוקאָפּנס פון טאטעס און מאמעס
הערסטו עס גרײַפּט דער שטאָלענער מארש פון הונגער...

מיט פאָנען פון זײַלענעם קרעפּ האָט באלעגערט דער אָוונט די שטאָט
און ווי בערן דערשראָקענע האָבן זיך גאסן צוזאמענגעטוליעט,
ס׳איז א פאכער געפאלן אף פלעצער מיט סטויפּן פון רויך און פון פײַער,
נאָר שטערנדלעך פרײלעכע שווימען אין קרײַז ארום ליכטיקער מאמע־לעוואָנע.

באגלײט מיט א פויק איך דערזע פון א זײטיקער געסל
גײען הארוגים און זינגען א מונטערע ליד.
און פאָרויס—דער געשפּענסט, וואָס וואנדערט אין שטעט פון אײראָפּע
וואָס רוט אין א הויז פון רויט־שווארצן גראניט אף מאָסקווער פלאץ.

ווי אין א שפּיגל דערזע איך אין אים מײַן אײגן געשטאלט
און מײַן טרוים, וואָס איך נער מיט ערד פון מײַן לאנד,
מײַן טרוים, וואָס האָט מיר געבראכט אין א שלאָפלאָזער נאכט אהערצו אין שטאָט
ווו ס׳הודעט אין אווטעס דער לעצטער געשרײ פון קארל און ראָזע.

ווענט פון ציגל און צעמענט געבראָקטן מיט וואפנע פארטריקנט.
זײ שטײען און שווײַגן און הערן אוןווארטן
אף שפּיצן פון טורעמס פון הויכע צײכענען בליצן דעם לעצטן באלאנס:
אָט באלד, אָט באלד, אָט באלד הײבט זיך אָנעט דער שטורעם!...

לייגנ זיכ שאָטנס געדיכט אפ מירמלנער שטילקייט פונ ווייסע פּאלאצנ—
בראָנזענער ליימ ציטערדיק פינקלט אפ דענקמעלער אוראלטע
דאָ רוט דער ווינט פונ באראָקאָ אונ שטייענ אפ וואכ
מיקעל־אנדזשעלעס טאלמידים—שניצער געניטע.

פרענטעס פונ שטאָלענעמ לייווינט אונ שלעסער געקאָוועט אינ פייער
הענגענ אפ טויערנ, טירנ אונ פענצטער באגילדטע
אפ פּוכיקע קישנס, אפ ברייטע צעכראסטעטע בעטנ
שלאָפנ די גאָלדענע טיגערס אופגעפּויזטע.

אונ דאָ בא די טישנ געגרייטע מיט עסנ אונ טרינקענ
ווייַנ פונ בורגונדיע, שאמפּאנ, טראָקאדאָרע,
אָקסנ געפּרעגלטע, טייבעלעכ יונגע צעלייגטע אפ טעלער
אונ ס'טאנצנ די גאָפּלענ אונ ס'קלינגענ די לעפל: האָפּליא, האָפּליא...

אונ ס'פליִענ אינ לופטנ לאקירטע צילינדערס אונ ראָקנ פונ בעסטע געוואנטנ
מיט מייַלער צעקרימטע אונ פינגער צעדרייטע, אונ ס'בלאָזנ זיכ באקנ מיט גאָרגלענ
אונ ס'דרייענ זיכ פרויענ ווי שלאנגענ געצוואָגטע מיט זייפ אונ מיט דופטיקנ בוימל
אונ ס'טאנצנ די גאָפּלענ אונ ס'קלינגענ די לעפל: האָפּליא, האָפּליא...

ווענט פונ ציגל אונ צעמענט געבראָקטנ מיט וואפנע פארטריקנט
זיי שטייענ אונ שווייַגנ, אונ הערנ, אונ ווארטנ,
אפ שפּיצנ פונ טורעמס פונ הויכע צייכענענ בליצנ דעמ לעצטנ באלאנס:
אָט באלד, אָט באלד, אָט באלד הייבט זיכ אָנעט דער שטורעמ!...

נאפטאלי־הערץ קאָן[1]

# לידער מײַנע, לידער

לידער מײַנע, לידער, פלאקאטנ צעשריגענע אונ רויטע,
כ'וועל אײַכ צעקלעפנ אפ ווענט פונ שטאָטישע מויערנ!
אפ יעדער דעמאָנסטראציע זײַנענ שטענדיק פאראנ טויטע,—
אונ אינ אלע ווינקלענ אונ עקנ ליגנ שאָטנס שווארצע אונ לויערנ...

פרעמד איז מיר געוואָרנ די לופט פונ ווארשטאט אונ פאבריק,
איכ שרײַב הײַנט לידער אונ גיי ארומ פוסט אונ פאס.
נאָר עס בענקט זיכ אהינ, אהינ צו דער מאשינ מיר צוריק,
צומ שטאָלצנ טראָט מיט פענער אינ דער ברייט פונ גאס.
ווײַס זײַנענ געוואָרנ מײַנע הענט, אז כ'שעמ זיכ זיי צו באווײַזנ,
האלט איכ אינ מײַנע קעשענעס שטענדיק זיי פארבאהאלטנ, —
עס האָבנ די הענט אמאָל פארלאָדנ וואגאָנעס מיט אײַזנ,
ווינטער־צײַט אינ די הייפנ בערג פונ האָלצ צעזעגט אונ צעשפאָלטנ.
— איצט שרײַב איכ לידער אונ בינ א פרעמדער דאָ אינ לאנד,
לעמ יעדער וועבערײַ בלײַב איכ שטיינ אונ הער זיכ אײַנ.
באוועגט זיכ שטיל אונ ס'הייבט אָנ ציטערנ מײַנ רעכטע האנט,
ווי זי וואָלט פונ בענקשאפט זיכ נאָכ ארבעט פארגאנ אינ געוויינ...

לידער מײַנע, לידער, פלאקאטנ צעשריגענע אונ רויטע,
איכ וועל אײַכ צעקלעפנ אפ ווענט פונ שטאָטישע מויערנ.
איכ גיי, כאָטש שטענדיק זײַנענ פאראנ דאָרט טויטע,
אונ אינ אלע ווינקלענ אונ עקנ ליגנ שאָטנס שווארצע אונ לויערנ...

---

[1]) דער כ' קאָנ האָט געלעבט אינ רומעניע אינ פילנ. דאָס ליד דריקט אויס די שטימונגענ פונ ריכטער אבנ סאָנ פונ דער ארבעטלאָזיקײַט אונ רעוואָליוציאָנערנ קריזיס אינ די לענדער פונ קאפיטאל.

זיסקינד ליעװ

# געצל סאפּראנס װעג צו דער רעװאָליוציע

## קליינער ראָמאנ

איזי כאריקנ
צום גרויסנ פראָלעטארישנ יאָנטעװ
געשענקט.

כאװער ליעװ. איכ כ'שרײַב דיר הײַנט אזוי װײַניק, איז עס דערפאר, װײַל כ'בינ ערשט נעכטנ ארויס פונ ארעסט אונ כ'בינ זייער מיד.

ג ע צ ל   ס א פ ר א נ

## ערשטער טייל

### דער קורניק

א רויטע נאָז מיט רויטע אויגנ, דאָס איז געװענ זײַנ פאָטער. אונ פעשקע מיט די צעשויבערטע האָר, מיטנ לאנגנ האלדז, מיטנ לויזנ רעקל אָנ א העמד, דאָס איז געװענ זײַנ פאָטערס פרײַנט. זונטיק נאָכמיטיק האָבנ זיי ביידע געשפּילט אינ קאָרטנ. די מוטער איז נישט געװענ אינ שטוב. שוינ צום דריטנ מאָל האָט דער פאָטער געשיקט געצלענ קויפנ בראנפנ. געצל האָט ארופגעשארט די ענגע הייזלעכ, ארײַנגערוקט דעם קאָפ אינ דער פלייצע, מיט דער רעכטער האנט האָט ער צוגעהאלטנ דאָס פלעשל אונטערנ רעקל, אונ געבליבנ שטיינ באם אָפענעם טויער פאר דער שול. אינדרויסנ האָט געכלימפעט. דער רעגנ האָט געדרינזשעט אפ די דעכער, געגאָסנ אפ די שטיינער, די רינװעס זײַנענ איבערגעלאָפנ, איבער דער גאנצער ברייט פונ דער גאס האָט זיכ געטראָגנ א גלײַכמעסיקער טײַכ בארג אראָפ. געצל האָט זיכ א לאָז געטאָנ איבער דער גאס. אײַנגעהויקערט, אײַנגעקורטשעט, האָט ער געפליאסקעט מיט די פיס איבערנ געלנ װאסער אונ אײַנגעשפריצט געװאָרנ ביז ארופ.

— דער טאטע האָט געהייסנ געבנ שטארקנ בראנפנ...

דער שענקער האָט געקנייטשט מיט די אויגנ.

— זאָג דעם טאטנ, אז צו שטארקער בראנפנ איז נישט געזונט. עס װעט אימ פארברענענ די קישקעס.

דערנאָכ האָט געצל געקוקט דעם פאָטער אינ מויל ארײַנ, װענ ער האָט געטרונקענ דעם בראנפנ. ער האָט געקוקט אפ זײַנ רויטער נאָז. קנייטשט זי זיכ אײַנ, אָדער ציט

ז' זיך אויס? ער האָט געקוקט אפ זײַנע רויטע אויגנ. ווערנ זיי גרעסער, אָדער ווערנ זיי קלענער? אויב די נאָז האָט זיך אײַנגעקנייטשט אונ די אויגנ זײַנענ געוואָרנ קלענער, דעמלט האָט זיך לײַכט געקאָנט מאכנ, אז דער פאָטער איז אופגעשטאנענ, צוגעגאנגענ צו געצלענ, צוערשט אונטערגעהײבנ די הייזנ, ארײַנגעשפיגנ אינ די הענט, א רײַב געטאָנ איינ האנט אינ דער אנדערער, דערנאָכ שנעל ארויפגענומענ דעם פאסיק פונ די הייזנ אונ געקלאפט איבער דעם קליינעמ געצלענ, געקלאפט איבער די נאקעטע הענט אונ איבער די נאקעטע פיס—אזוי לאנג ביז דער צעשויבערטער פעשקע איז צו:עגאנגענ אונ דעמ פאָטער צוגעשלעפט צומ טיש ווײַטער שפילנ אינ קאָרטנ. דעמלט איז געצל געבליבנ ליגנ, אינ א ווינקל, דעמ קאָפ צווישנ די פיס, אונ מיט די הענט גריבנ די אופגעלאָפענע קיש־קעלעכ פונעמ פאסיק. ווײנענ האָט ער נישט געטאָרט. העשנ אויכ נישט. דאָס העשנ אונ דאָס ווײנענ האָט ער געמוזט ארײַנשלינגענ אינעווייניק אינ זיכ, ביז די גדערים האָבנ זיכ אינעווייניק צעגויפגעקאָרטשעט אזוי קליינ ווי א זשמעניע...

ערשט פארנאכט, ווענ מע האָט שוינ באדארפט אָנצינדנ דאָס לעמפל, איז די מוטער אהיימגעקומענ. זי האָט געגעבנ געצלענ א שטיקל ברויט מיט הערינג, אונ ער האָט זיכ געלייגט שלאָפנ. געשלאָפנ איז ער אינ קורניק צוזאמענ מיט די הינער. דאָס איז געווענ אזא אויסגעמוירערטע לאָכ אונטערנ אויוונ. דאָרט האָט די מוטער שטענדיק געהאלטנ א אינדל, אָדער צוויי. פאָרנט איז די נידעריקע לאָכ געווענ פארשטעלט מיט א ברעטל. ווענ געצל איז ארונטערגעקראָכנ האָט ער צוריק צוגעשטעלט דאָס ברעטל. ער האָט דאָרט געהאט ליגנ א זעקל מיט א ביסל צעריבנ שטרוי. נאָר דאָס זעקל איז דאָכ געווענ פאר־פאטשקעט פול מיט הינער־קויט, דערפאר איז ער ארײַנגעקראָכנ אינעמ זעקל אינעווייניק, אונ אזוי פלעגט ער איבערשלאָפנ די נאכט. פונויבנ האָט געסמאליעט די היצ, פונונטנ האָט געסמאליעט דער געשטאנק, נישט איינמאָל האָט געטראָפנ, אז א הינדל האָט אינמיטנ דער נאכט אים אָנגעמאכט אפנ פאָנים—נאָר געצל איז פאָרט געשלאָפנ געשמאק. אינדערפרי איז ער שטענדיק פונ דאָרטנ ארויסגעקראָכנ אנ אײַנגעריכטער פונ אונטנ ביז ארופ. דערפאר איז יעדנ אינדערפרי די מוטער ארײַנגעפאָרנ אינ אים מיט אירע שפיציקע פינגער... דער־נאָכ האָט זי אים געגעבנ א שטיקל ברויט מיט הערינג אונ ארויסגעוואָרפנ פונ שטוב. פארנאכט האָט זי אים ווידער געגעבנ א שטיקל ברויט מיט הערינג.

אזא איז געווענ אויכ די מוטער, נישט בעסער ווי דער פאָטער, א שפיציקע מיטנ פאָנים אונ מיטנ קאָל. אונ אירע פינגער זײַנענ געווענ שפיציקע ווי שפילקעס...

דעמלט איז געצל אלט געווענ אכט יאָר. ער האָט שוינ געהאָלפנ דעמ פאָטער בא דער ארבעט: דערלאנגענ געצײַג, מישנ פארב, שלעפנ דעמ לייטער, ברענגענ א פלעשל בראנפנ. זײַנ פאָטער איז געווענ א צימערמאָלער. ער האָט געפּליאסקעט איבער די ווענט, אונ גע־שיקערט. צוויי־דרײַ מאָל איבערנ טאָג פלעגט ער אינ געצלענ ארײַנוואליענ עטלעכע הייסע פאסקעס אפנ הוילנ לײַב. זײַנ הויט האָט געציטערט ווי א סטרונע, ווענ מע האָט זיכ צו איר נאָר צוגערירט מיט א פינגער.

עס האָט געטראָפנ אזוי: אינ קורניק וו: געצל איז געשלאָפנ, האָט די מוטער איינמאָל געכאָוועט גאנצע פיר הינער. עס איז געווענ צו פרילינג צו. אונ די הינער האָבנ זיכ געפע־דערט, געמאכט געוואלדעס, נישט אופגעהערט צו קלאפנ מיט די פליגל אונ זיכ ארומצושלאָגנ מיטאנאנדער. געצל האָט געהאט אויסצושטיינ צאָרעס סײַוי. נאָר איינמאָל איז אינמיטנ דער נאכט זײַנ פאָטער ארײַנגעקומענ אינ שטוב פול מיט שיקערע יאילעס. די הינער האָבנ זיכ דערשראָקנ, אָנגעהײבנ ארומצולויפנ אינ ענגנ לאָכ ווי מעשוגע, אונ איינ הינדל האָט

געצלענ צעדראפּעט דאָס פּאָנים װי גרױס עס איז געװענ. ער האָט עס א כאפּ געטאָנ, עס אװעקגעשלײַדערט, אונ ס'איז געװאָרנ שטיל. אָבער אינדערפרי, ער איז שױנ געװענ גרײט מיטנ פאָטער גײנ צו דער ארבעט, ער האָט שױנ געכאפּט שלעק פארװאָס ער איז געװענ אײַנגעגניאָרעט, האָט ער פּלוצים געהערט װי די מוטער האָט אױסגעשריגנ מיטנ שפּיציקנ קאָל:

— פּײסעכ, פּײסעכ! זאָלסט מער אַזױ לעבנ! טו נאָר אַ קוק װאָס דער ייִנג האָט אָפּגעטוענ?

אונ אינ דער האנט האָט זי געהאלטנ א טױט הינדל..,

דעמ פאָטערס רױטע אױגנ זײַנענ צוזעענדיק קלענער געװאָרנ, די רױטע נאָז קירצער, געצל האָט געזענ װאָס אפּ אימ רוקט זיכ אָנ. מיט אײנ שפּרונג איז ער געװענ בא דער טיר אונ אינדרױסנ. ער איז ארומגעלאָפנ איבער גאנצ זאמאָרסטינאָװ [1], זיכ אױסגעװאָלגערט אפנ קלעפּאָראָװ אינ אלע לעכער, אינ אלע מיסטנ, ער איז געװענ הונגעריק. פאַרנאכט האָט ער געזענ גײנ פּעשקענ פונ דאָרפ מיט א זאק אונטערנ אָרעמ. געצל האָט זיכ אײַנגעקאָרטשעט אפּ דער ערד װי א קלײנ קרוליקל, ער האָט פאר אימ מוירע געהאט. דער לאנגער פּעשקע איז פּאװאָליע צוגעקומענ, ער האָט אױסגעצױגנ דעמ לאנגנ דארנ האלדז אונ אימ ארויפגעבײגנ צו געצלענ.

— װאָס ליגסטו דאָ? דער טאטע האָט דיכ שױנ װידער געשלאָגנ? עסט זענ עכל אימ געבנ א שװארצ יאָר, אז די כאָלעריע עס אימ נעמענ. נאָר מע הערט ניט אופ צו שלאָגנ א קינד... אונ די מאמע איז דענ בעסער מײנסטע? אז די נעכפּע זאָלוע דאָרט בײדע אָנכאפּנ...

געצל האָט צו אימ ארופגעקוקט אונ געציטערט מיט די אױגנ. פונ פּעשקעס לױזנ רעקל האָט צו אימ ארױפגעקוקט א דארע פארבלאָטיקטע ברוסט.

קומ, געצל, עכל דעכ אהײמפירנ. עכלוע דאָרט שױנ געבנ...

ער האָט געגראָזשעט מיט דער פױסט. נאָר געצל האָט זיכ נישט גערירט. דעמלט האָט זיכ דער לאנגער פּעשקע טיפער ארויפגעבײגנ אונ ער האָט אופגעהײבנ געצלענ מיט אײנ האנט, װי מע הײבט אופ א פּעקל. מיט דער אנדערער האנט האָט ער אופגעמאכט דעמ זאק אונ ער האָט אימ ארײַנגעלײגט אינ זאק. דערנאָכ האָט ער פארװאָרפנ דעמ זאק אפּ דער פּלײצע אונ איז מיט אימ בעגאנגענ.

## די געלע לעװאָנע

ער איז געבליבנ שטײנ מיטנ פאָטער הינטער דער ראָגאטקע. א לאנגער לאסטצוג איז פארבײַגעפאָרנ. יעדנ װאגאָנ האָט ער באזונדער נאָכגעקוקט מיט פארבענקטע אױגנ: װענ ער זיצט דאָרט אינעװײניק אינ װאגאָנ... אונ ער האָט זיכ אומגעדרײט צו דער שטאָט אפּ צו געזעגענענ זיכ מיט לעמבערג. ער, דער צעניאָריקער געצל סאפּראנ.

א זומערדיקער װײַס פארטאָגיקער נעפּל האָט ארומגענומענ די שטאָט. גראָ־שטױביקע געװעבנ האָבנ זיכ געשלײַערט איבער די דעכער, ארומ די הױכע קלױסטערשפּיצנ, אונ פארדעקט דעמ הימל. די שטײנער זײַנענ געװענ נאס פונ באנאכטיקנ טױ. אונ ארומ פאָנים

[1]) לעמבערגער פּעריפעריע.

האָט געריזלט, ווי א נישט אָנזעעוודיקער רעגן, פרימאָרגנדיקע פײַכטקײַט דינ און ווייכ. דאָרט העט הינטער די הויכע שטאָקן איז צוריקגעבליבן די מיכאלאגאס, די זומערדיקע טיפע בלאָטעס, די ווינטערדיקע הויכע שנייען. דער געשריי פונ די שטיבער, דער געשטאנק פונ די הײַפן, די אָפגעריסענע ייִנגלעכ פונ דער גאס ווי בלאָנדזשענדיקע הינט—דער קורניק מיט די הינער אונטערנ אויוונ איז דאָרט צוריקגעבליבן אינ דער מיכאלגאס — — —

— קום! — האָט דער פאָטער א וואָרטשע געטאָן, א ריס געטאָן געצלענ באם אקסל, און זיי זײַנען געגאנגענ ווײַטער. דער לאנגער לאסטצוג איז געווענ פארבײַ, די ראָגאטקע איז געשטאנענ אָפן. און דער וועג האָט זיכ געצויגנ א ליידיקער, א שטילער, א פארטאָניק־פארשלאָפענער. דער פאָטער האָט געטראָגנ אפנ רעכטער אקסל דעמ לייטער, און אפ דער פלייצע האָט ער געטראָגנ א פעקל. געצל האָט געטראָגנ אנ עמער מיט פארבנ אינ איינ האנט און א בינטל מיט פענדזלענ אינ דער אנדער האנט. באלד האָט די זונ צעלעבערט די גראָ־שטויביקע געוועבנ איבערנ קאָפ און זי איז ארויסגעקומענ אפנ וועג, אפ די פעלדער. און זי האָט אונטערגעוואָרעמט די טריט.

געצלס פאָטער האָט געזוכט ארבעט איבער דערפלעכ, איבער שטעטלעכ, נישט גענעכטיקט ווו ער איז אופגעשטאנענ, אלצ אזוי געשלעפט זיכ פונ איינ אָרט אינ אנדערנ, און אזוי אויכ מיטגעשלעפט דעמ קליינעמ געצלען. אמאָל האָט זיכ געמאכט ארבעט בא א גוטבאזיצער, בא א סויכער, בא א גאלעכ. דאָרט איז מענ געבליבנ צוויי טעג, דרײַ טעג, און א גאנצע וואָכ. דער פאָטער האָט געפליאסקעט איבער די ווענט און געשיקערט, געצל איז געקראָכנ אפנ לייטער און פונ די הויזנ האָבנ ארויסגעקוקט שטיקער נאקעט לײַב. דערנאָכ איז מענ געגאנגענ ווײַטער. צו סאָפ זומער צו האָבנ זיי געארבעט אינ דאָרף סאַביסטאַוו נישט ווײַט פונ דער שטאָט קאַפּיטשינצע. דאָרט האָט מענ געמאָלנ דעמ קלויסטער. אינ די שײַערנ האָבנ פויערימ געדראָשנ טווּע, אינ די אויוונס האָבנ באָבעס געבאקנ ברויט. אינ די שטאלנ זײַנענ געשטאנענ די קי מיט פולע אײַטערס, נאָר געצל איז נאָכ אלצ געווענ הונגעריק. ער האָט אָפגעריסנ א גרינעמ עפל פונ א בוימ און אופגעגעסנ. ער האָט צוגעגאַנוועט אנ איי און עס אויסגעטרונקענ. איינמאָל האָט ער זיכ ארײַנגעכאפט אינ שטאל פונ פאָפ, זיכ צוגעבויגנ צו אנ אײַטער פונ א ציג און ארײַנגעמאָלקנ די מילכ אינ מויל ארײַנ.

ער איז געשלאָפנ אינאיינעמ מיטנ פאָטער אינ פאָפס סטאדאָלע. די סטאדאָלע איז געווענ א גרויסע, לענגויס דער הינטערשטער וואנט איז געלעגנ אָנגעהויפט ארויסגעדראָשנ שטרוי, די טירנ זײַנענ געשטאנענ אָפן. און דאָס געלע ליכט פונ דער לעוואָנע איז ברייט געלעגנ פאר דער טיר. פונקט אנטקעגנ דער טיר אפ הויכנ שטרוי איז געצל געלעגנ ויסגעשטרעקט און ארויסגעקוקט אינ העל באלויכטענעמ דרויסנ. ער האָט געטראכט, אז ער וועט צוגאַנווענענ באמ פאָטער געלט און ער וועט אנטלויפנ. וווּהינ? מיט דער לעוואָנע. מיטנ וועג. מיטנ וואסער. וווּהינ ס'וועט זיכ לאָזנ. אזוי האָט ער שוינ אסאכ מאָל געטראכט. געטראכט און אנטשלאָפנ געוואָרנ. פריש געשניטנ היי האָט געשמעקט, די נאכט האָט געשמעקט, מענטשלעכע און פייגלשע שטימענ האָבנ זיכ געטראָגנ ווײַט ווײַט אינ דער נאכט און אזוי באָענט— — געצל האָט געוואָלט אנטלויפנ און איז אנטשלאָפנ געוואָרנ.

הויכ אפנ שטרוי האָט זיכ אימ געכאָלעמט—אכ, וואָס אימ האָט זיכ געכאָלעמט—און א שווערער קלאפ אינ דער סטאדאָלע האָט אימ אופגעוועקט. ער האָט אופגעריסנ די אויגנ, זיכ אופגעזעצט. אינ געלנ ליכט פונ דער לעוואָנע בא דער סאמע טיר איז געלעגנ זײַנ פאָטער. ער איז דאָרט געלעגנ אויסגעשטרעקט ווי א טויטער. ער איז טויט, האָט געצל צו

זיכ געזאָגט. ער האָט אָנגעהייבנ צו ציטערנ אונ דאָס הארצ האָט אימ אָנגעהייבנ שטארק צו קלאפנ. דעמ פאָטערס פאָנימ איז געווענ נאָכ מער געל ווי דאָס געלע ליכט פונ דער לעוואָנע. די אויגנ זײַנענ געווענ צוגעמאכט. דאָס מויל איז געווענ אָפנ אונ עס האָט זיכ אויסגעדאכט, אז עמיצער האָט אופגעריסנ א טיפע לאָכ אינ געלנ פאָנימ...

געצל האָט זיכ דערמאָנט, ווי די מוטער פלעגט זאָגנ צומ פאָטער, אז דער בראנפנ וועט אימ נאָכ דערהארגענענ. דער שענקער האָט אלצ געזאָגט, אז עס וועט אימ פארברענענ די קישקעס. איצט איז עס געשענ. געצל האָט זיכ פארטראכט, וואָס ער וועט איצט טאָנ. ער וועט נישט גיינ צוריק קײַנ לעמבערג צו דער מאמענ. ער וועט גיינ אינ אנ אנדער שטאָט ארײַנ ארבעטנ. פאמעלעכ האָט ער זיכ אראָפגעלאָזט פונ דער סטערדע שטרוי. צוערשט געבליבנ שטיינ, דערנאָכ צוגעגאנגענ נעענטער צומ פאָטער. א כוואליע פונ בראנפנ האָט זיכ געריסנ פונ אָרט, ווו דער פאָטער איז געלעגנ. מע וועט דיכ נאָכ קאָנענ אמאָל אָנצינדנ מיט א שוועבעלע, אז דו וועסט פלאקערנ ווי פײַער, האָט די מוטער געזאָגט צומ פאָטער. געצל האָט זיכ אומגעקוקט אינ סטאדאָלע, עס האָט זיכ אימ אויסגעדאכט, אז די לופט דארפ איצט זײַנ אנ אנדערע צוליבנ בראנפנ. דאָס, וואָס די מוטער איז קיינמאָל נישט געווענ אינ שטוב אונ וואָס זי איז געווענ אזא שלעכטע, איז אויכ קיינער נישט שולדיק, נאָר דער בראנפנ. אזוי האָט געצל דעמלט געטראכט, אונ ער האָט געזענ, אז די לופט איז ריינ, זומערדיק־בלאָ אונ געל פונ דער לעוואָנע. נאָר דער בראנפנ שטינקט...

ער איז גאנצ נאָענט צוגעגאנגענ צומ פאָטער. שרעקלעכ ווי דאָס מויל איז געווענ אופגעריסנ דאָס טונקעלע מויל אינ געלנ פאָנעמ...

ער וועט אנטלויפנ, געצל. ער וועט דאָ נישט בלײַבנ קײַנ איינציקע מינוט. דער טויטער פאָטער האָט אימ געשראָקנ. ער האָט געציטערט אונ שטארק נעאָטעמט, דאָס מויל האָט ער אָפנ געהאלטנ ווי דער פאָטער...

ער האָט זיכ פאוואָליע אראָפגעבויגנ, ארײַנגעטאָנ די האנט אינ א קעשענע, נישט געפונענ דאָרט גאָרנישט, אינ דער צווייטער קעשענע, גאָרנישט געווענ. ער האָט אוועקגעקוקט פאר שרעק, אונ פאוואָליע האָט ער ארײַנגערוקט די האנט אינ דער הויזנקעשענע. פונ דאָרט האָט ער ארויסגענומענ א ביסל געלט. דער פאָטער האָט זיכ אופגעזעצט אונ אָנגעכאפט אימ באמ האלדז. געצל איז אומגעפאלנ. ער האָט מיטאמאָל פארלוירנ אלע קויכעס, די אויגנ האָבנ איג שרעק פונ אימ ארויסגעזעצט, עס האָט אימ אויסגעפעלט אָטעמ, דעמ פאָטערס ברייטע דארע האנט האָט אימ געוואָרגנ באמ האלדז, צוגעדריקט אלצ שטארקער. עס האָט זיכ אימ אויסגעדאכט, אז א טויטע האנט ווערגט אימ... פלוצימ איז די האנט פונ זיכ אליינ אוועקגעפאלנ.

געצל איז אזוי געבליבנ ליגנ לעבנ פאָטער עטלעכע מינוט. דערנאָכ איז ער אופגעשפרונגענ, שנעל, ווי ער וואָלט זיכ פונסנײַ פאר עפעס שטארק דערשראָקנ, אונ איז ארויסגעלאָפנ פונ סטאדאָלע. אינמיטנ הויפ, לעבנ ברונעמ, איז ער געבליבנ שטיינ. ער האָט געוואָרפנ א בליק צו דער סטאדאָלע, צי דער פאָטער יאָגט אימ נישט נאָכ. אפנ פאָפס ווײַטנ הויפ איז געווענ שטיל, אויכ אינ צעשאָטענעמ דאָרפ צווישנ די הייכע ביימער איז געווענ שטיל. ער איז ארויסגעגאנגענ פאוואָליע פונ הויפ אונ זיכ אומגעקוקט צי דער פאָטער גייט אימ נישט נאָכ. ער איז געגאנגענ מיטנ וועג ארויס פונ דאָרפ. קעסיידער האָט ער זיכ אומגעקוקט. ער איז געגאנגענ פארבײַ דעמ קלויסטער, פארבײַ די כאטקעס, דעמ צווינטער. א הונט האָט געבילט.

ארויסן דאָרף איז ער ווידער געבליבן שטיין. פוןביידע זייטן ווען זיינען געלעגן פעלדער. די שטויביקע ערד איז געווען פייכט. עס איז אים געווען שטארק קאלט. און פאר דער גרויסער געלער לעוואָנע האָט ער זיך געשראָקן ווי פאר א כייע...

אזוי איז ער געשטאנען לאנג, אזש די קעלט האָט מיט אים געוואָרפן. ער האָט געוואָלט צוריקגיין אין דאָרף אריין. דערנאָך איז ער פאוואָליע, פארטראכט בעגאנגען ווייטער. מער האָט ער דעם פאָטער נישט געזען.

## די בלאָנדע לאורא

איינמאָל האָט געטראָפן אזוי:

געצל איז געשטאנען לעבן בעט, פריש ווי אן אָפּגעוואשענער פויגל. נאָר לאורא איז נאָך געשלאָפן. דער ווייסער גלאנץ פון דער מיטיקדיקער זון האָט זיך געשפּיגלט אף איר ראָזע באקן און אף איר ראָזער העמד.

עס איז געווען זונטיק.

געצל איז צוגעגאנגען צום שפיגל. די באקן זיינען געווען פריש אָפּגעגאָלט. די דינינקע הערעלעך אף דער אויבערשטער ליפּ, שיטערלעך־שווארץ, האָבן געשמייכלט פארשעמט. זיי זיינען געווען נאָך זייער יונג. און געצל איז דעמלט שוין אלט געווען ניינצן יאָר. אין שפיגל איז געשטאנען א געזונטער יונג, א הויכער יונג, א ברייטער יונג. ער האָט אויסגעשטרעקט די האנט אף צו געבן א זעץ אין שפיגל. וועסט נאָך שלאָגן, טאטע? געצל צעמיימעסט דיך איצט ווי גרויס דו ביסט... זיין ברוסט האָט זיך אופגעהייבן הייך, און פאוואָליע זיך אראָפּגעלאָזט. וואָס ליגסטו דאָ אין גאס? ווילסט גיין ארבעטן? האָט געפרעגט דאָס קליינע יידל אין טשארטקאָוו. געצל האָט זיך אופגעהייבן פון די צוגעפרוירענע שטיינער, ער אליין איז אויך געווען אזא צוגעפרוירערער שטיין, און איז געגאנגען מיטן קליינעם יידל אין א קעלער אריין. אין שפיגל האָט זיך די ברייטע פלייצע איינגעהויקערט. עס איז געווען קאלט. געצל האָט געטראָגן וואסער. געקנעטן ראָשטשינע, און געדזשוויגעט וואסער. דערנאָך איז ער אוועק צו א מאָ ער. עס האָט אים געצויגן דעם פאָטערס פאך, זיין פאך. נאָך צוויי יאָר איז ער אוועק קיין ווין. געצעלע גאנעוו... האָבן זיי דאָרט געזאָגט. און איך האָב צענויפגעלייגט געלט, א גרייצער צו א גרייצער, און אוועק צוועלף יאָר אלט. אין שפיגל שמייכלט דאָס געזונטע פרישע פּאָנים. די גרויסע בלאָע אויגן ווינקען בענייוויש ארויס פון שפיגל. און די רעכטע האנט איז אויסגעשטרעקט, מיט א שווער דער געבאַלטער פויסט נאָר צו געבן א זעץ... זיבן יאָר—זיבן יאָר אין ווין. ווערסט נאָך שלאָגן, טאטע? געצל פארדינט איצט צוואנציק גולדן א וואָך!—דרייסיק גולדן א וואָך און א שיקער איז ער אזא גוי דו־ו־ו־ו— — — דער הויכער יונג האָט זיך אוועקגעבויגן פון שפיגל, פאוואָליע אויסגעבויגן זיך אף צוריק, די ברוסט איז אויסגעוואקסן הויך, דאָס פּאָנים האָט זיך פארקנייטשט, פארקרומט, די אויגן זיינען געוואָרן קליין, און די פויסט האָט געגעבן א זעץ... שטיקער גלאָז האָבן זיך צעקלונגען אף דער געל־געלבער פארבטער פאדלאָגע.

לאורא האָט זיך אופגעכאפט, אופגעזעצט.

געצל האָט זיך צעלאכט הויך: הא־הא־הא־הא־הא־א־א!

ווייס, ווי צוויי שנירלעך שניי, האָבן געבליאַנקט לאוראס ציין צווישן די רויטע ליפּן אין ראָזן פּאָנים. „א דו...‟ האָבן געזאָגט די צוויי שנירלעך ציין ווי ווייסע שניי.

האָט צוערשט אויסגעזען דערשראָקן, נאָר צוביסלעכ האָט זי אַלץ ברייטער געשמייכלט. געצל איז צו איר צוגעגאנגען.

מע האָט געקלאַפּט אין דער טיר.

— וואָס ווילט איר?

פון הינטער דער טיר האָט זיך געהערט דאָס קאָל פון אַן עלטערע פרוי:

— איז דאָרט עפּעס צעבראָכן געוואָרן?

— אַלץ וואָס ס'איז צעבראָכן געוואָרן, וועל איך באַצאָלן!

פון הינטער דער טיר האָט זיך נישט געהערט מער קיין שאָרך.

לאורא האָט אויסגעשטרעקט די הענט—ראָזע, קײַלעכיק, ווייך—און געצל האָט זי ארומגענומען.

איר קאָפּ איז געווען צוריקגעוואָרפן, און די ראָזע באַקן זײַנען אראָפּגעהאנגען ווי ראָזע עפּל פון א בוים.

— דו ביסט אזא־א־א... — האָט זי דורכגעזיפּט זיס פון צווישן אירע ציין.

ער האָט אײַנגעניורעט זײַן פּאָנים אין די בלאָנדע לאנגע האָר, ווייך־געפּאלדעוועטע, און ער איז אופגעשפרונגען.

— האלאָ! עס איז שפּעט!

ער האָט אוועקגעשארט מיט א פוס די שטיקער גלאָז אין א ווינקל, אָנגעטאָן א רויטן שניפּס, און ארופגעשלעפּט דאָס ענגע קורצע רעקל. ווען ער איז געגאנגען, האָט ער געוואקלט מיט ביידע אקסל הין־און־צוריק, די לאנגע הענט געהאלטן נאָכגעלאָזן, דעם קאָפּ א קליין ביסל אויסגעבייגן אפ רעכטס. דאָס איז דעמלט געווען דער שטעמפּל פון א גאנצן באשטימטן ווינער טיפּ.

לאורא האָט אײַנגעצויגן דעם קאָרסעט, זיך אינדערשנעל א וויג געטאָן עטלעכע מאָל, זי האָט אויסגעבייגן דעם צוגעקעמטן בלאָנדן קאָפּ צו געצלען און צעעפנט די ליפּן. געצל האָט צוגעמאכט דאָס רעכטע אויג. דערנאָך האָט ער א וואָרף געטאָן די געלע דענטע [1] אפן קאָפּ, איינוויַיטיק, דאָס דינע שטעקעלע אונטערן אָרעם, און זיי זײַנען ביידע ארויסגעגאנגען פון דער שטוב.

טריפּלטריפּלטראפּל, טראפּלטראפּלטריפּל, האָבן געקלאַפּט די לאנגע דינע פיס פון א ברוין־שלאנקן פערד אפן געשטיינערטן פלאסטער. אינעווייניק אין קאַליעס האָבן זיך געוויגט אפ ווייכן לעדער פון איין זײַט געצל—פון איין זײַט לאורא. געצל איז געווען דער בעסטער ארבעטער באם מײַסטער קאלטנבערגער אין דער רוסלגאסע נומער 5, אין 9־טן באצירק. ער איז געווען א געזונטער ארבעטער אין באקאנט צווישן אַלע מאלער־מײַסטערס אַלע האָבן זיך וועגן אים געריסן. נאָר געצל איז פון מײַסטער קאלטנבערגער נישט אוועקגעגאנגען. ער האָט בא אים אויסגעלערנט. גלײַך ווי ער איז געקומען פון טשארטקאָוו קײַן ווין, האָט ער צו אים ארײַנגעטראָפן. דער מײַסטער קאלטנבערגער, אן אלטער, א ני דעריקער, א ווייך־ווינער, איז צו אים געווען גוט. געצל איז בא אים שוין געווען דאָס זיבעטע יאָר. „גוסטל, ערשלאג מיר בלאס ניכט אַלע מײַנע לויטע" [2]), האָט דער קײַלעכיקער מײַסטער זיך בא אים געבעטן, און ער האָט צו אים געשמייכלט מיט אַלע ווייכע הויטן פון זײַנע רויטע באקן. ווײַל יעדעס מאָל האָט געצל געהאט קאָנפליקטן מיט אן אנדערן

[1]) הארטער הוט.

[2]) דערהארגע נישט אַלע מענטשן.

ארבעטער, און איידער מע האָט זיך אומגעקוקט, האָט ער זיך געוואָרפן שלאָגן, האָט יענער געמעגט זײַן שטארקער, אין קעשענע בײַ זיך האָט ער שטענדיק ארומגעטראָגן פארשידענע זאכן אזעלכע... און מיט דער פּאָליציי האָט ער שוין אסאך מאָל געהאט צו טאָן. אמאָל האָט ער זיך געקאָנט צוכאפּן צו דער ארבעט און זיך נישט אָפּרײַסן פאר פיראונצוואנציק שאָ. אמאָל האָט ער זיך אָנגעשיקערט און איז געשלאָפן א גאנצן טאָג. דער מײַסטער קאלטנבערגער האָט אים דערנאָך אופגענומען בא דער שוועל פון זײַן ווארשטאט מיט נישט פארענדערטע שמייכלען אין די פּילע ווייכע קנייטשן.

— נא אלזאָ, זינד וויר ווידער דא...

די זון האָט זיך געוויגט אין אָפענעם קאליעס, א טאנץ געטאָן פון געצלס שויס אין לאוראס שויס, און צוריק. די ברייטע קרעמפּע [1]) פון לאוראס שווארצן הוט האָט זיך געפּעכלט אין דינעם ווינט, פאָרנט מער ווי הינטן, און געוואָרפן שאָטנס ארום אירע אויגן. געצלס גלײַכפאָרמיקע, נישט ברייטע־נישט שמאָלע נאָז האָט מיט אפּעטיט אין זיך ארײַנגעצויגן דעם פרישן פראָסט, זײַן קאָפּ איז געווען רעכטס אָנגעלענט, און פון הינטער זײַן דין־שפּראָציקן וואָנצעלע האָט געשפּריצט א טרילערל, אזא צופרירן־פייגלדיק געזאנגל.

קאליעסלעך האָבן געטראפּלט פון ביידע זײַטן, ווי אין א פאראד, אין די קאליעסלעך האָבן זיך געוויגט בלאָנדע און שווארצע לאָקן, גרינע און רויטע שלייפלעך, געלע און דראפּענע דענטיס און א שווארצער צילינדער—גלײַך גאנץ ווין וואָלט געפּאָרן כאסענע האָבן. און אפן טראטואר האָבן אויסגעפּוצטע צוקוקערס באגלייט מיט אויגן דעם זונטיקדיקן פאראד.

— גוסטל דער פּעפּי וועט הײַנט זײַן בא סוואבאָדא, [2]) איך בעט דיך, מיר זאָלן הײַנס נישט אהינגיין, איך האָב מוירע...

געצל האָט צו איר געוואָרפן א בליק.

— די קאשנ! [3])

און ער האָט ווידער אוועקגענומען די אויגן.

די רעדער פון לײַכטן קאליעס האָבן צעקרישלט די דינע אײַז־הײַטלעך אפן געשטיינערטן פלאסטער, ווי זיי וואָלטן געקנאקט ניס.

געצל האָט געגעסן מיט לאורא אין א פײַנעם גרינצינגער [4]) רעסטאראן מיטיק. דערנאָך האָבן זיי פארווײַלט א צוויי שאָ באם „הוריגנ" [5]). אין א ראָמאנטיש־פריזירטער לאָזשע „פאר צוויי", הינטער אראָפּגעלאָזטע טונקעלע פאָרהאנגען, האָבן זיי געטרונקען גרינעם ווײַן און זיך צוגעהערט צו דער פארבענקטער מוזיק פון וואלד־האָרן און פון צימבל. פארנאכט זײַנען זיי צוריקגעפאָרן קײַן ווין, געווען אין צירק, נאָך שפּעטער האָבן זיי זיך ארומגעהוידלט אין לוסטיקן פּראטער [6]), און ערשט ארום צען אזייגער זײַנען זיי ארײַנגעגאנגען צו סוואבאדא.

טומלדיקער גערויש פון בלעכענער מוזיק, געלעכטער, גערײדערײַ האָט פארקלונגען די אויערן—טאנצדיקע פּאָרלעך, פּילפּארביקע קליידער, פארשוויצטע פּנימער האָבן זיך גע־

[1]) ראנד.

[2]) א באקאנטער פארווײַלונג-זאל.

[3]) האלט דעם פּיסק.

[4]) ווינער באצירק.

[5]) ווײַן-שענק.

[6]) א גאנצע שטאָט פאר לײַכטע פארווײַלונגען.

דרייט פאר די אויגנ—און א געפרעגלטע לופט האָט א זעצ געגעבנ אינ דער נאָז, ווי פונ א דאמפ־באָד. די גרייס פונ סוואבאדאס טאנצ־זאל דערגרייכט עפשער א פערציק מעטער אפ צוואנציק, און קיינ פלאצ איז דאָרט נישט געווענ פאר קיינ איבעריקע צענ מענטשנ. ארומ די ווענט זיינענ געשטאנענ טישלעכ פול באזעצט, און אינדערמיט האָט זיכ אלצ געדרייט.

— האלאָ, גוסטל!

געצל מיט לאורא זיינענ אהינ צוגעגאנגענ. דאָס טישל איז געשטאנענ נישט וויט פונ דער מוזיק. דאָרט זיינענ געזעסנ דער מאָלער פראנצל, דער סטאָליער האנס, דער טראנספאָרטארבעטער וויטקאָווסקי, שטשורמאנ—א דרייער, א גאנעוו. יעדער איז דאָרט געווענ מיט זיינ מיידל. עס זיינענ דערנאָכ צוגעקומענ נאָכ אנדערע באקאנטע. דאָס טישל האָט דאָס מאָל צו זיכ געצויגנ דעמ גרעסטנ אינטערעס פונ גאנצנ זאל. די סענסאציע איז דאָ געווענ—לאורא. די בלאָנדע לאורא. זי איז אוועק פונ פעפי און געגאנגענ צו גוסטלען.

פעפי—ער איז דאָ געזעסנ מיט זיינ „געזעלשאפט" אינ א צווייטנ עק זאל—ער איז נישט זייער הייכ, נאָר ברייט איז ער, מיט א שטארק ברייט פאָנים, ער האָט א לאנגע נאָז ווי א ייִד, און שטענדיק קוקנ אוועק זיינע אויגנ ערגעצ פארטראכט... אָבער מיט דער פאָליציי איז ער שוינ פונ לאנג „איינ האנט".

מע זעט זיכ נישט אריבער פונ די צוויי טישלעכ — דער טאנצ אינדערמיט זאל הערט נישט אופ קיינ איינציקע רגע—נאָר מע פילט זיכ... עס איז אינטערעסאנט, אז קיינ איינציקער גאסט פונ די־אָ צוויי טישלעכ רירט זיכ נישט אוועק צומ טאנצ. מע זיצט באביידע טישלעכ, שטארק ערנסט, קימאט מעלאנכאָליש, מע טרינקט זייער ווייניק, און מע רעדט נאָכ ווייניקער.

לאוראס בלאָנדע צעלאָזענע האָר, די ווייכ־געפאלדעוועטע, צערעמאָניעווענ זיכ דאָ מער פונ אלצ. דאָס קומט אויס שיינ דערפאר, ווייל יעדער קוקט אפ זיי. און זי אליינ גיט יעדעס מאָל מיט זיי א וואָרפ, זיי בלאָזנ זיכ אָנ, גיבנ מיט זיכ א שויבער, און אירע גרויסע העל־קיילעכיקע אויגנ זאָגנ דערביי אָנ וועגנ עפעס גאָר וויכטיקס... אָט די האָר האָבנ היינט כאסענע. די האָר שטייענ היינט אינ קאָנ אפ טויט און לעבנ. נאָר מיכ—וואָס זאָל עס מיכ ארנ? ווייל אירע העל־קיילעכיקע אויגנ האָבנ אלצ אזוי גענייוויש געלאכט...

געצל האָט זי נישט געפרעגט אפילע קיינמאָל, צי זי האָט אימ ליב. דאָס טוט מענ אויכ נישט. ווער וועט איר גלייבנ? וויכטיק איז, וואָס ער האָט זי ליב, וואָס ער האָט זי אוועקגענומענ פונ אימ... זי איז בא אימ שוינ די צווייטע וואָכ. דעמ ערשטנ זונטיק האָבנ זיי ביידע אליינ פארבראכט, זיי זיינענ אוועקגעפאָרנ פונ וינ, ווי אפ א האָכציַיט־רייזע. דעמ צווייטנ, היינטיקנ זונטיק, איז ער מיט איר געקומענ אהער, צו סוואבאדא, ווי פאָרשטעלנ זיכ פאר אלעמענ. מיר זיינענ דאָ...

און דער טומלדיקער טאנצ, די געשרייענ פונ דער בלעכענער מוזיק—דאָס האָט היינט אויסגעזעענ מער נישט ווי אזא רוישנדיק שווייגנ. פאר צו גרויס נייגעריקייט האָט מענ אזוי שטארק־שרייענדיק געשוויגנ...

מיט דעמ היינטיקנ טומל, האָט עס געהייסנ, ווארט מענ אפ עפעס.

שפעט, שוינ ארומ צוויי אזייגער, איז עס געקומענ. דעמלט איז פעפי צוגעגאנגענ צומ אנדערנ טיש, זיינע מעלאנכאָלישע אויגנ האָבנ אוועקגעקוקט ערגעצ פארטראכט, ווי ער וואָלט איבערהויפט קיינעמ ניט געזענ, ער איז צוגעגאנגענ צו לאורא, זיכ פאר איר פארנייגט—דאָס איז געווענ א פארבעט צומ טאנצ. אזא פאָשעטער געוויינלעכער פארבעט, ווי־

יעדער טוט דאָס. נאָר די מוזיק איז צוליב דעם הייזעריק געוואָרנ, זי האָט זיכ געקרעקט װי א הונט מיט א הארטנ ביינ. אונ די טאנצדיקע פאָרלעכ האָבנ זיכ אָנגעהייבנ שלעפנ, אלצ פאמעלעכער זיכ דרייענ, אלצ פאמעלעכער—גלײַכ א שווינדל וואָלט אריַינ אינ אלעמעס אויגנ... אלע האָבנ געקוקט אהינ צומ טישל, ווו גוסטל איז געזעסנ מיט זײַנע לײַט, אונ ווו פעפי האָט זיכ איצט פארנייגט פאר דער בלאָנדער לאורא.

נאָר גאָר פלוצימ איז די מוזיק אפ איינמאָל איבערגעריסנ געוואָרנ. די פאָרלעכ האָבנ זיכ אלע א שאר געטאָנ אינ איינ זײַט. אונ בא יענעמ טישל—האָט מענ אויכ קײַנ הענט שוינ ניט געזעהנ, אויכ גאָר קײַנ מענטשנ נישט—נאָר בענקלעכ—גלעזער־פלעשער־מארמאָר־שטיקער— — — אונ עס האָט זיכ צעקלונגענ א געבראזג פונ שארבנ...

— פאָליציי!

אינ דער אייגענער מינוט איז שוינ געווענ אינ זאל פאָליציי—אינ יענעמ פראטער־ווינקל פאטרולירט די פאָליציי אפ יעדנ צווייטנ טריט—נאָר מע האָט שוינ געמוזט לויפנ אויכ נאָכנ אמבולאנס־וואָגנ. צוויי מענטשנ זײַנענ געלעגנ אפ דער ערד שווער פארווונדעט. פונ געצלס שטערנ איז געררונענ בלוט. אימ מיט נאָכ פיר האָט מענ ארעסטירט.

דרײַ טאָג נאָכדעמ האָט דער פאָליציי־קאמיסאר געזאָגט צו געצלענ: „שטראָלכע האָמע גענוא...“ [1] אונ מע האָט אימ אָפגעשיקט קײַנ לעמבערג מיט פאָליציי־באוואכונג.

---

## די שווערד.

צווישנ פילע ברייט־פארצווײַגטע שינעס, צווישנ וואגאָנענ פול אָנגעשטאָפטע מיט מיליטער פונ פארשיידענע סאָרטנ, איז געבליבנ שטיינ א לאנגע צוג מיט קאוואלעריע.

געצל איז אראָפגעשפרונגענ דער ערשטער פונ וואגאָנ. זײַנ לאנגער שווערד האָט אָנגעשלאָגנ אפ א שטיינ אונ צעטראָגנ א בלעכענעמ קלינג. ס'איז לעמבערג!

דער הויפט־באנהויפ ראָיעט מיט גרינע־גראָע־בלאָע־רויטע סאָלדאטנ. עפעס גיט אימ א טיאָכקע אונטערנ הארצ—לעמבערג... די זונ בריט. סאָלדאטנ אײַלנ פארבײַ. אינ די וואגאָנענ קלאפנ די אומרויִקע פערד מיט די פאָדקאָוועס. געצל קוקט אריבער איבער דעכער־לעמבערג... 2 אונ 7 איז 9... אונ 14—23 ... דרײַונצוואנציק יאָר! סאָלדאטנ אײַלנ פארבײַ. די זונ בריט. געצל האלט הייכ דעמ קאָפ, זײַנע אויגנ זײַנענ גרויס. ער האָט ארײַנגענומענ גאנצ לעמבערג אינ זײַנע אויגנ. דאָס הארצ קלאפט... אָפיצערנ קומענ צו, געצל צעשמייכלט זיכ, דערציילט עפעס. לעמבערג... דער עלטערער אפיצער זאָגט:

— יאָ. מיר וועלנ דאָ ארויס פונ די וואגאָנענ. דער צוג גייט נישט ווײַטער. אפ דרײַ מײַל שטייט דער פײַנט.

קאָמאנדע! געצל קאָמאנדירט. אונ אנדערע קאָמאנדירנ. א געטריפל פונ פערד. פאָדקאָוועס קלאפנ. שווערדנ קלינגענ. מענטשנ שרײַענ. געצל שטעלט אויס זײַנ עסקאדראָנ. מעלדונגענ קומענ. מעלדונגענ גייענ. אונ מע טראָגט זיכ אריבער מיט אלעמענ אויפ א פרײַענ פלאצ. אָפגעשטעלט זיכ, צוגעבונדנ די פערד, מענאזש [2] ווערט פארטיילט.

פלוצימ רופט געצל א זעלנער צו זיכ. יענער שפרינגט אופ, לויפט צו. זײַנ פאָנימ איז א שטיק בלאָטע, די הענט זײַנענ שטיקער בלאָטע. פאר געצלענ שטייט א שווערער פויער

---

[1] באנדיטנ האָבנ מיר גענוג.

[2] עסנ.

פונ א דאָרפ, ער דארפ גראָבנ קארטאָפליעס, נישט שטײנ דאָ אינ זעלנערישע הויזנ פארנ פאנ וואכמײַסטער [1]. נאָר ער שטײט דאָ נישט לאנג—פינפ מינוט שפּעטער שטײט ער הינטער א פלומפ האלב נאַקעט, אײנער פלומפט דאָס וואסער, א צווײטער רײַבט מיט א הארטער בארשט דאָס נאַקעטע לײַב, ווי מענ רײַבט א פערד...

געצל גײט אפנ וועג אינ שטאָט ארײַנ—פערצנ יאָר האָט ער זיכ ארומגעפלאָנטערט צווישנ די גאליצישע שטעט, נאָר לעמבערג האָט זײַנ פוס נישט געוואָלט אָנרירנ. ער האָט וועגנ לעמבערג אפילע נישט געטראכט. ווענ ער איז אמאָל פארבײַגעפאָרנ מיט דער באַנ, האָט ער אויסגעשפּיגנ, מער נישט. ווענ די פּאָליציי האָט אימ דעמלט אָפּגעשיקט פונ ווינ אונ אימ געלאָזט שטײנ אפנ לעמבערגער וואקזאל—אזא נאריש געזעצ איז דאָס—האָט ער זיכ אופגעזעצט אפ א קומענדיקנ צוג אונ איז אוועקגעפאָרנ וווהינ דער צוג האָט געפירט. ער האָט געפירט קײַנ קראָקע. צוויי יאָר האָט ער דאָ־ט געארבעט, דערנאָכ האָט מענ אימ גענומענ צומ מיליטער—צומ פערצנטנ דראגונער־רעגימענט אינ סטאניסלאוו. פונ אָנהויב גײט עס גוט צו. ער רוט זיכ אויס אביסל... דערבײַ איז ער א גוטער זעלנער, ער ווערט באפעדערט—ווערט אויסגעצײכנט אלס דער בעסטער רײַטער אינ גאנצנ רעגימענט—אונ ער אוואנזשירט ביז וואכמײַסטער. דעמלט הײבט עס זיכ ווידער אָנ... ער צעשפּאלט דעמ קאָפ פונ אנ אָפיצער מיט דער שווערד, ווײַל יענער האָט אימ צוגענומענ זײַנ מײדל. ער ווערט ארעסטירט אונ דערבײַ דעגראדירט מענ אימ. א יאָר שפּעטער—דינט ער אינ קאלאמיי אינ זעלבנ רעגימענט, אונ איז שוינ ווידער וואכמײַסטער. זיבנ יאָר בלײַבט ער באמ מיליטער—נאָר זײַנ בלוט הערט ניט אופ צו ברומענ. אײנ אוואנטורע פארפלעכט זיכ אינ אנ אנדערער—ביז מענווארפט אימ ארויס פונ מיליטער. ערשט די מילכאָמע נעמט אימ ווידער ארײַנ ליבלעכ אינ איר שויס... זײַנ שלעכטע פארגאנגענהײט האָט מענ פארגעסנ.

לעמבערג— — —

די זונ בריט. די מיכאלגאס שטינקט. זי האָט זיכ נישט געענדערט, די מיכאלגאס, זינט דרײַנצוואנציק יאָר. דער געשטאנק איז דערזעלבער... אונ דער קורניק!

עמיצער האָט אימ דערלאנגט א ליפ אונטערנ הארצ. פארבײַגעפלויגנ, אונ א בריקע געטאָנ מיטנ סאמע שטיוול ביז ארופ. געצל האָט זיכ א כאפ געטאָנ מיט דער לינקער האנט, א פארקרימ געטאָנ דאָס פּאָנימ—אָבער דאָס האָט נאָר געדויערט אנ אײנציקע רעגע...

ער איז געבליבנ שטײנ, אונ געקוקט מיט ברײטע אויגנ איבער דער ברײט אונ איבער דער לענג פונ דער מיכאלגאס. די פארדריפּעטע יידענעס האָבנ געהאוועט אונ געשפּריצט מיט בלאָטע פונ אלע לעכער. פונ זײער קוויטשענדיק אונ מרוטשענדיק איבערשרײַענ זיכ האָט געשפּריצט מיט בלאָטע. פונ זײערע פארדראָטעוועטע האָר, פונ זײערע צעריסענע אונ צעלעכערטע פּענימער האָט געשפּריצט בלאָטע... זײ האָבנ פארקויפט קיכעלעכ, מיט בײגל, מיט לעקעכ פארבײַגײענדיקע זעלנער. אונ די מענער דאָסזעלבע. אונ די קינדער דאָסזעלבע. עס איז געווענ דעמלט אנ אײנציקע מינוט ווענ געצל האָט א טראכט געטאָנ וועגנ דער אָרעמקײַט פונ דער מיכאלגאס—אונ ער האָט דערזענ די שענק, יענע שענק, ווו ער איז געגאנגענ קויפנ בראָנפנ פארנ פאָטערסוועגנ— — —

דאָרט איז ער ארײַנגעגאנגענ. ער האָט זיכ געזעצט צו א טישל לעבנ דער טיר. עטלעכע זעלנער זײנענ אופגעשטאנענ אונ סאלוטירט. ער האָט באשטעלט ביר. פארלײגט אײנ פוס איבערנ אנדערנ, מיט דער רעכטער האנט אונטערגעשטיצט דעמ קאָפּ.

[1] קאוואלעריע—פעלדפעבל.

דרײַונצװאנציק יאָר...

באם שענקטיש פּאָרעט זיך א יונגערמאנ, א קײַלעכיקע ייִדענע אויך, זײַנ פרוי. די באזיצער פונ דער שענק האָבנ זיך געביטנ. דער אלטער—יענער—איז שוינ געשטאָרבנ אװאדע, אונ די מיכאלגאס שרײַט. זי שטינקט אונ שרײַט. אונ דער קלײנער געצל, דער אכטיאָריקער, דער נײַניאָריקער, שפּרינגט ארויס פונ דעם געשריי—מיט זײַנ גאנצנ הילעך, מיט זײַנ צעקראצט פּאָנים, מיט זײַנע פארבלוטיקטע פיס, לעכערדיקע הײזנ—אונ בלײַבט שטײנ באם גרויסנ געצל אינ די זעלנערישע קלײדער מיט עפּאָלעטנ פונ א װאכמײַסטער. דער גרויסער געצל פארבײַסט די צײנ אונ פארטרײַבט פונ זיך דעם קלײנעם געצל. דער קלײנער געצל שפּרינגט ארויס אינ דער גאס, אונ שפּרינגט צוריק ארײַנ... פונ זײַנ נאָז רינט, זײַנע אויגנ זײַנענ פארדריפּקעט װי די אויגנ פונ א הינדל—דאָס איז דער קורניק... א הינדל האָט אים אָנגעמאכט אפּנ שטערנ... דער גרויסער געצל פארבײַסט אזוי שטארק, אז ס'דאכט זיך די צײנ שפּרינגענ בא אים ארויס פונ בײדע זײַטנ באקנ. אװעק!.. דער קלײנער געצל לויפט ארויס.

אנ אלטיטשקער ייִד האָט זיך געװיאַװעט פונ ערגעצ א װינקל. מיט פּאװאָלינקע טריט האָט ער זיך דערנענטערט צום װאכמײַסטער, געבליבנ פאר אים שטײנ, אונ זיך קינדיש צעשמײכלט מיט די טויזנט דינע קנײטשעלעך אינ זײַנ אײַנגעשרומפּנ פּאָנים.

געצל האָט אופגעהײבנ צו אים דעם קאָפּ. דער אלטיטשקער איז אזוי געשטאנענ אונ נאָר געשמײכלט, װאָס װיל ער?

— טיע. טיע־ טיע... פאנ װאכמײַסטער... איז נישט דער פאנ װאכמײַסטער—א לעמ־ בערגער— — — קינד?

אלע טויזנט דינע קנײטשעלעך האָבנ געציטערט, געשמײכלט אונ געציטערט. געצל האָט אפּ אים געקוקט, נישט געענטפערט. װער איז דאָס?

— טיע. טיע.,. א קינד—פּײסעכא סאפּראנא?..

געצל האָט זיך נישט אָנגערופנ.

די קנײטשעלעך האָבנ אופגעהערט צו שמײכלענ, אונ נאָך שטארקער געציטערט, צעפּי־ צלטע װערטער האָבנ זיך ארויסגעדלובעט פונ אײַנגעפאלענעם פלײש.

— פּשעפּראשאם... פּשעפּראשאם... געװענ דאָ אזא אײנער, איז ער אװעק, אװעק—אונ קײנער האָט נישט געװוּסט װוהינ. קײנער האָט נישט געװוּסט...

לאנג האָט עס געדויערט ביז דער אלטיטשקער האָט דערצײלט די גאנצע געשיכטע. בא יעדנ צװײטנ װאָרט האָט ער זיך אנטשולדיקט. געצל האָט זיך געבראָכנ דעם קאָפּ װער דער אלטיטשקער קאָנ זײַנ. ער האָט אים דאָך דערקענט, דער אלטער... נאָר ער האָט נישט געװאָלט פרעגנ—טאָמער איז עס טאקע דער פּאָטער... אונ בלויז בא דעם געדאנק האָט ער שוינ געװאָלט ארויסלויפנ. עס האָט זיך אינ אים קעסײדער אופגעדרענגט דאָס בילד װיאזוי זײַנ פּאָטער האָט דעמלט אויסגעזוגנ—ער האָט זיך נישט געקענט געניי דערמאָנענ. עפּשער דערפאר, װײַל ער האָט אים נישט געװאָלט זענ. אפילע זײַנ בילד האָט ער נישט געװאָלט זענ בא זיך אינ קאָפּ. דער אלטער איז אװעקגעקראָכנ צוריק אינ יענעם װינקל ארײַנ, פונ װו ער האָט זיך געװיאַװעט, דאָרט האָט ער זיך אנידערגעזעצט אפּ א קלײנ בענקעלע אונ פּאװאָליע האָט זיך אלצ טיפער אראָפּגעלאָזט זײַנ קאָפּ, גלײַך ער איז דאָרט אנטשלאָפנ געװאָרנ אזוי װי ער האָט זיך נאָר אנידערגעזעצט.

געצל האָט אים נאָכגעקוקט, זיך צוריק אומגעדרײט אונ װידער מיט דער רעכטער האנט אונטערגעשטיצט דעם קאָפּ. די מיכאלגאס שרײַט מיט אָרעמע קולעס. די קולעס

זעענ אויס ווי די פארדריפטשעטע ווײַבלעכ. ביליקע, פארבלאָטיקטע, צעיאכמערטע. און פונ געשריי שפרינגט ווידער ארויס דער קליינער געצל... אינדרויסנ כליופעט דער רעגנ, דרינדזשעט אפ די דעכער, גיסט אפ די שטיינער. און דער קליינער געצל מיטנ צעפאסעוועטנ לײַב, מיט די בלאנ און בלויע קישקעלעכ, מיט די אופגעריסענע פיס, פליאסקעט איבער דער גאס—דער טאטע האָט געהייסנ געבנ שטארקנ בראָנפנ... און דער קורניק?... אוועק!..

דער וואכמײַסטער גיט א קלאפ אינ טיש. דער יונגערמאנ, וואָס פאָרעט זיכ הינטערנ שענקטיש, שפרינגט צו. געצל באצאָלט. ער פרעגט אפנ אלטנ. דאָס איז דעמ יונגערמאנס פאָטער. דער פריערדיקער באזיצער פונ דער שענק. און ווער איז דער פייסעכ סאפראנ, וועמענ דער אלטער האָט פריער דערמאָנט? אכ, דער—ער לעבט שוינ נישט. און זײַנ פרוי? נאָכ פאר אימ געשטאָרבנ... געצל גייט ארויס.

דער יונגערמאנ קוקט אימ נאָכ. ער ווינקט זיכ איבער מיט זײַנ ווײַב; גייט ארויס פאר דער טיר, און קוקט געצלען נאָכ אזוי לאנג ביז ער פארשווינדט פונ דער מיכאלגאס.

א שאָ שפעטער שטייט געצל באמ קײוור פונ זײַנ פאָטער. דעמ קוואָרעס־ייִד האָט ער געפרעגט ווו דער קייווער ליגט. אפ דער מוטער האָט ער נישט געפרעגט. אפ דער מאמענ? ניינ. צוואָס? מיט דיר האָב איכ א כעזשבנ... און ווידער האָט געצל געקריצט מיט די ציי אזוי, אז ס'האָט אויסגעזעענ זיי שפרינגענ בא אימ ארויס פונביידע זײַטנ באקנ.

א קליינ ברעטעלע שטייט צוקאָפנס פונ א קליינ קייווערל. אפ דעמ ברעטעלע איז אופגעשריבנ דער נאָמענ פונ פאָטער און ווענ ער איז געש-אָרבנ.

געצל האָט ארויסגעצויגנ די שווערד פונ דער שייד און ער האָט אוועקגעהאקט דאָס קליינע ברעטעלע, אזוי ווי מע האקט אָפ א קאָפ. דערנאָכ האָט ער געהאקט איבער דער ערד מיט אומענטשלעכער ווילדקײַט, געשלאָגנ, געשטאָכנ, איבער דער לעגג, איבער דער ברייט, אז ס'האָט זיכ אופגעהייבנ א הייכער ווירבלדיקער שטויב...

---

## די פארזאמלונג

די דריטע וואָכ ארבעט געצל אינ נאָוואָ־ניקאָלײַעווסקער „סאיוז" פונ מאָלער. צווישנ זעכציק רוסנ איז ער דער אײנציקער ייִד, דער איינציקער געפאנגענער. אינ לאנגנ שמאָלנ ווארשטאט שטייענ עטלעכע ארבעטער בא שילדער־ארבעט. אינ די אנדערע צוויי פארבונדענע ווארשטאטנ ווערנ אויסגעפארטיקט מעבל און בוי־ארבעטנ. געצל שטייט בא א פירמעסערדיקנ שילד, די רוסישע ווערטער קומענ בא אימ ארויס לעבעדיקער ווי בא אלע אנדערע ארבעטער פונ „סאיוז". יעדעס מאָל קומט צו אנ אנדערער און באוווּנדערט. „אלצ קענסטו... און דו ביסט דאָכ אייגנטלעכ א לאקירער". „א לאקירער אויכ".—ענטפערט געצל. ער רעדט נישט קײַנ סאכ. „ווו האָסטו דאָס געלערנט? אלצ אינ דעמ וויגנ?"... „בא מײַנ טאטנ"—ענטפערט ער.

און נאָכ דער ארבעט גייט ער צומ אלטנ שוסטער. דאָרט וווינט ער. אנ איינציקע שטוב און דאָס איינציקע פענצטער קוקט ארופ אינדערהייכ צו דער גאס. נאָר אינ שטוב שטייענ צוויי פריטשנ[1]). אפ איינ פריטש שלאָפט דער אלטער. אפ דער צווייטער שלאָפט געצל מיט

---

1) נארעס.

דעם אלטנס טאָכטער. שורא הייסט דעם אלטנס טאָכטער. געצל קויפט איר יעדעס מאָל אנ־ אנדער קלייד, יעדעס מאָל אנ אנדער בענדעלע צום האלדז און צו די האָר. אכוצ דעם גיט ער געלט אינ שטוב ארייַנ אפ אייַנצוקויפנ צום עסנ. געצל איז עפשער צוויי מאָל אזוי אלט ווי שורא, א גאנצנ אָוונט האלט ער זי אפנ שויס. אונ א גאנצנ אָוונט קריכט דער אלטער ארום איבער די גאסנ.

—ווו ביסטו געווענ?—פרעגט אים שורא.

— איכ בינ געווענ... כ'האָב נישט געוואָלט אייַכ זאָגנ אינ ווענ.—ענטפערט דער אלטער.

געצל גיט אים א ציגארעטל, אונ ער דערציילט די נייַעס פונ דער גאס. יעדנ טאָג זייַנענ דאָ פארזאמלונגענ, אונ קייַנ קריג וועט שוינ מער ניט זייַנ.

— אונ דו וועסט אהיימפאָרנ קייַנ עסטרייַכ...

— כ'וועל אהיימפאָרנ מיט שורענ.

— פאָיעדו...—זאָגט שורא, זאָגט דאָס גרינע בענדעלע אפנ האלדז, אונ עס קלינגט אינ דער האלב־טונקלער קעלערשטוב מיט א דינ־פריילעכ גלעקעלע.

א קליינ נאפט־לעמפל באלויכט די ברודיקע ווענט.

אינ טאָמסק, אינ קראסנאָיארסק, אינ נארים האָט מענ געצלענ פארשיקט אינ לאגער פונ די געפאנגענע. פונ אומעטום איז ער אנטלאָפנ. אויסגעבראָכנ א וואנט, צעשלאָגנ א קאָנווי, אונ פארשוווּנדנ. ער איז געווענ א ספעציאַליסט אינ „אטשקאָ", ער האָט געשפילט מיט פויערים, מיט סאָלדאטנ, אונ ער האָט פארדינט אסאכ געלט. דאָס לעצטע מאָל האָט ער אָנגעשלאָגנ אינ נאָוואָ־ניקאלייַעווסק מיט א רוסישנ פרייַנט. זיי האָבנ „געארבעט" אינ א ציגייַנערישער „סטאָלאָווע". דער באזיצער, א ציגייַנער, האָט מיט זיי געמאכט שותפות. מיטנ נאדזירא־טעל איז געווענ אָפגערעדט... נאָר איינמאָל האָט געצל געזענ גייַנ שורענ אינ גאס—א דינע, א בויגעוודיקע, מיט אנ אָרעמ קליידל, נאָר מיט א קייַלעכיק—גאָלדנ פּענימל.—ער איז איר נאָכגעגאנגענ אונ ארייַנגעגאנגענ אינ א קעלער. ער האָט דעמלט באלד געזאָגט דעם עמעס וועגנ וואָס ער איז דאָ ארייַנגעקומענ. שורא איז אוועק אינ א ווינקל אונ זי האָט זיכ דאָרט שטארק געוויינט. דער אלטער שוסטער איז אופגעשטאנענ פונ שוסטער־בענקעלע. ער האָט צורעכטגעמאכט די צעבויגענע ברילנ אפ דער נאָז. אונ ס'האָט געדויערט ווי ער האָט געצלענ אזוי באטראכט, דערנאָכ געזאָגט: „שורא, דאָס מוזטו זאָגנ. וויַיל איכ פונ מייַנ זייַט— — —" ער האָט ווידער באטראכט געצלענ אזוי א ווייַלע, אונ פארענדיקט: „דא..." אונ געצל איז שוינ פארבליבנ אינ קעלער. צו זייַנ רוסישנ פרייַנט האָט ער דעמלט געזאָגט: „דו—פארשטייסטו? —טראָג דיכ אָפּ וווהינ דו ווילסט, איכ בלייַב דאָ". דער אלטער שוסטער האָט פאר אים אופגעזוכט די ארבעט אינ „סאיוז". עס זייַנענ צוערשט געווענ שטערונגענ, מע האָט דאָרט נישט געוואָלט ארייַננעמענ קייַנ געפאנגענעם. נאָר געצל האָט זיכ נישט געשראָקנ, ער האָט געוויזנ זייַנ ארבעט אונ איז געבליבנ.

עס איז שוינ אזוי די פערטע וואָכ, וואָס ער איז דאָ אינ קעלער. יעדנ אָוונט האלט ער שורענ אפנ שויס. א גאנצנ אָוונט. דער אלטער קריכט ארום איבער די גאסנ. אונ געצל דערציילט שורענ געשיכטעס. יאָ... ער דערציילט איר פונ ערשטנ טאָג אָנ פונ זינט ווענ ער געדענקט דעם קליינעמ געצלענ...

אונ עס איז שוינ די דריטע וואָכ, וואָס ער ארבעט אינ סאיוז. די ארבעטער דאָרט האלטנ זיכ אינ איינ ארומקריגנ. עס דערגייט אסאכ מאָל אָט־אָט צו געשלעגנ. אונ דאזיקע דאָס איז פאר געצלענ א נייַס... קייַנ באלעבאָס איז נישטאָ. וואָס מע פארדינט, פארטיילט

מען, איז פארוואָס קריגט מען זיך? אוודע, געצל איז נישט טויב. וועגן וואָס עס גייט דאָ, הערט ער דאָך. עס גייט וועגן פּאָליטיק. וועגן פּארטייען. נאָר וואָס פאר א שווארץ יאָר איז אן אונטערשייד מענשעוויקעס־באָלשעוויקעס, אויב קיין באלעבאָס איז נישטאָ און ארבעטער זײַנען צווישן זיך גלײַך?..

ער מישט זיך נישט. עס גייט דאָ נישט וועגן דער בלאָנדער לאורא—אז דער שלאק זאָל זי דאָרט טרעפן!—עס גייט דאָ נישט וועגן דער שווארצער מיינקע, דער פּארדריסקע־סער—זאָלן זיי זיך צעברעכן די קעפּ...

געצל האלט שורעגן אפן שויס, דאָס נאפּט־לעמפּל דריפּטשעט, און ער דערציילט... „קאק עטאָ?" פרעגט אמאָל שורא, פרעגט דאָס בלויע בענדעלע אפן האלדז. „עטאָ?" טראכט געצל. ניין... אזוי איז דאָס נישט. ער וועט פרעגן דעם הייכן, דעם ברונעט. זיי זײַנען דאָך נישט ·מעשוגע,—און ער איינער איז דער כאָכעם...

פארנאכט נאָך דער ארבעט זײַנען טאָמיד פאָרגעקומען די שטארקסטע צוזאמענשטויסן. די ארבעטער פון סאיוז האָבן אָפּגעהאלטן א פארזאמלונג. איינמאָל איז געצל געבליבן—צום ערשטן מאָל. א קליינער, לאקירער איז לעבן אים געשטאנען. עפּשער א האלבע שאָ האָט ער פון אים נישט אראָפּגענומען קיין אויג. דערנאָך האָט ער אים געפרעגט?

— אטי טשטאָ? מענשעוויק?

— נ י ע ז נ א י ו...—האָט געצל אויסגעצויגן די ווערטער.

— א יא טאָזשע...—האָט דער קליינער לאקירער געזאָגט, און ער האָט הייך געלאכט.

געצל האָט אים אָנגעקוקט און נישט פארשטאנען, וואָס ער לאכט. די מענשעוויקעס, האָט ער געזען, זײַנען דאָ די שטארקסטע פארטיי. די עסערן אויך. די באָלשעוויקעס זײַנען שוואך. עפּעס עטלעכע דאָרט, דאכט זיך, נישט מער. ער איז אוועקגעגאנגען פון דער פארזאמלונג און פארשטאנען האָט ער אזויפיל ווי פריער... שורא האָט אים אויך נישט געקאָנט מער זאָגן.

דארף מען נישט...

דאָ האָט אָבער געטראָפן פאר זײַנע אויגן עפּעס אין שטאָט. מע איז נאָכגעלאָפן א באָלשעוויק—מע האָט געשריגן: באָלשעוויק! פּראָוואָקאטאָר!—אסאך מענטשן זײַנען אים נאָכגעלאָפן, מע האָט אים געכאפּט און געשלאָגן—געשלאָגן אפ טויט. געצל האָט אים געזען—א צעבלוטיקטן, א צעריסענעם ליגן אפ דער גאס...

דאָס איז געווען אינדערפרי, ווען ער איז געגאנגען צו דער ארבעט, אפן וועג האָט ער דערנאָך געטראָפן דעם הויכן ברונעט. ער איז געווען בלייך, מיט שטארק־צעטראָגענע בליקן, געצל האָט געזען ווי זײַנע פיס ציטערן. אזוי האָט ער אים באמערקט אויך בא דער ארבעט א גאנצן טאָג. און א גאנצן טאָג האָט ער פון אים נישט געהערט קיין וואָרט. אנדערש די אנדערע, די פון די מענשעוויקעס און פון די עסערן. זייער מויל איז געווען פול—מיטן וואָרט פּראָוואָקאטער... און זיי האָבן נישט אופגעהערט צו שעלטן.

נאָך דער ארבעט איז געצל נאכגעגאנגען דעם הויכן ברונעט. ווײַטער אפן וועג איז ער צו אים צוגעקומען.

— טאָווארישטש קאלינקאָוו, היינט אינדערפרי, דאָרט אין דער גאס—וואָס איז דאָס געווען?

קאלינקאָוו האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט, ער האָט געקוקט מיט פארטראָכטע בליקן צו געצלען און א צײַט נישט געענטפערט. געצל האָט באמערקט, אז ער איז קימאט אין איינ

הייכ מיט קאַלינקאָװונ, אונ די יאָרנ װעלנ אויכ זײַנ עפשער דיזעלבע. װענ עס איז קײנער נישט געװענ ארומ זײ, האָט קאַלינקאָװ ערשט געזאָגט:

— הײַנט אינדערפרי—דאָרט אינ דער גאַס? דאָס איז א קערענסקישע מעטאָדע... װענ מענ װיל א באָלשעװיק אומברענגענ, דעמלט זאָגט מענ, ער איז א פּראָװאָקאַטער אונ מע העצט אופ דאָס פאָלק אפ אימ — דאָס רופנ זײ פ אָ ל ק - ג ע ר י כ ט.— ער איז געבליבנ שטײנ, געשמײכלט, אונ געגעבנ געצלענ די האַנט.

װאָס פאַר א מאָדנער שמײכל... האָט געצל געטראַכט, אונ גענומענ קאַלינקאָװוס האַנט

— טאָװאַרישטש קאַלינקאָװ, איכ פארשטײ דאָס נישט—װאָס בא אײַכ דאָ טוט זיכ.

— אהא...—אונ קאַלינקאָװוס שמײכל איז נאָכ ברײטער געװאָרנ.—גוט. קאָנסט ארײַנקומענ צו מיר אפ טײ.

— באַלד?

— נײנ. הײַנט האָב איכ קײנ צײַט נישט. עפשער מאָרגנ...

געצל האָט דערצײלט שורענ, װאָס אינדערפרי איז פאָרגעקומענ, אונ קעסײדער האָט ער געטראַכט װעגנ קאַלינקאָװונ.

— הײַנט האָסטו מיר גאָרנישט געקויפט.—האָט שורע זיכ געקלאָגט.

— הײַנט? מײַנ קינד—הײַנט?..

א גאַנצנ אָװנט האָט ער זי געהאַלטנ אפנ שויס. ער איז אזוי שטיל געװענ...

— דו דערצײלסט הײַנט גאָרנישט?

— קינד—איכ האָב דיר שוינ אלץ דערצײלט...

עפשער צומ ערשטנ מאָל אינ זײַנ האַרטנ לעבנ האָט אימ דער טויט פונ א מענטש אזוי טיפ אָנגערירט. עס איז אימ געװענ מאָדנע, װאָס דער פאַל האָט אימ דערמאָנט אינ זײַנ אײגענער קינדהײַט... װאָס פאַרא פאַרבינדונג איז דאָ דערבײַ?

אונ װענ ער איז שוינ געלעגנ אפ דער פּריטש, האָט ער װידעראַמאָל שורענ דערצײלט

דער מענטש דאָרט אפ דער גאַס—דאָס רעקל אפ אימ צעריסנ, אונ דאָס פּאָנעמ צעטראָטנ מיט שטיװל... א שמאַטע דער גאַנצער מענטש געװענ—צעװײקט אינ בלוט... אנ ארבעטער, האָט מענ געזאָגט—איכ פארשטײ דאָס נישט...

אפנ אַנדערנ טאָג נאָכ דער ארבעט איז געצל װידער נאָכגעגאַנגענ קאַלינקאָװונ אפנ אַהײמװעג, ער האָט באַמערקט, אז קאַלינקאָװ היט זיכ פאַר די אַנדערע, איז ער אימ נאָכ־געגאַנגענ װײַט הינטנ.

קאַלינקאָװ האָט געװוינט ארויס דער שטאָט, אינ א קלײנ הײַזל. א װײַב מיט דרײַ קינדער אונ אנ אלטער זײדע זײַנענ געװענ אינ דער שטוב. ער איז גלײַכ ארײַנגעגאַנגענ מיט געצלענ אינ א גאָר א קלײנעמ אַלקער מיט א קלײנ פענצטערל, אפ צו פאַרדעקנ עס מיטנ היטל. זײ האָבנ זיכ געזעצט בײדע אפ א קאַסטנ. „דאָרט זײַנענ נישטאָ קײנ רעװאָל־װערנ דערװײַל, נאָר קאַרטאָפל". האָט קאַלינקאָװ געװיזנ אפנ קאַסטנ אונ ער האָט געשמײכלט. זײַנ לענגלעכ פּאָנימ האָט אויסגעזענ אינ דעמ קלײנעמ אַלקער טונקעלער, ערנסטער, שענער נאָכ װי ס'איז געװענ.

— פאַרװאָס איכ האָב מיכ צו דיר געװענדט אונ נישט דאָרט צו קײנ אַנדערנ, פאַר־שטײסטו?—האָט געצל צו אימ געזאָגט.—נו, דאָס קאָנ איכ דיר נישט קלאָר מאַכנ. מיר אויכ נישט. דו ביסט מיר געפעלנ, װײטער נישט.

— כאַראָשאָ.—האָט קאַלינקאָװ געזאָגט, ער האָט אינ עפּעס ארײַנגעקלערט, זײ האָבנ בײדע פאַררײכערט.

עס איז דערנאָכ שוינ לאנג טונקל געווענ אינ אלקער, נאָר אמאָל האָבנ די צוויי פענימער א לויכט געטאָנ אינ גלי פונ א ציגארעטל, געצל האָט געשוויגנ, אונ קאלינקאָוו האָט גערעדט. דאָס אלצ איז פאר געצלענ צוערשט געווענ נײַ, גאָר נײַ — פונקט ווי אינמיטנ דערנאכט זאָל פלוצים טאָג ווערנ. נאָר וואָס ווײַטער, האָט ער זיכ אלצ מער צוגעווינט צו קאלינקאָווס רייד, אלצ קלאָרער, פארשטענדלעכער איז פאר אימ געוואָרנ דאָס, וואָס ער האָט אימ געזאָגט. אזוי קלאָר — — באלד האָט זיכ געצל געוווּנדערט, ווי אזוי ער האָט דאָס ביז איצט נישט געוווּסט...

— ווארט, — האָט ער געזאָגט. — ווי אזוי לעבנ מיר אונ מיר ווייסנ נישט, אז מיר לעבנ נישט?

קאלינקאָוו האָט געלאכט.

— דו ביסט א פילאָזאָפ.

ניינ... ווארט. דו ווייסט נישט, אז איכ בינ געשלאָפנ אלע מײַנע יאָרנ אינ א קורניק... אינ אזא הינערשטײַג. אויכ ווענ איכ בינ געווענ אינ ווינ, אויכ ווענ איכ האָב מיכ געשלאָגנ צוליב מײַנ געליבטער, בינ איכ געשלאָפנ אינ א קורניק. פארשטייסט? איכ האָב מיכ געבאָדנ אינ טינעפ אונ געמיינט, אז דאָס הייסט לעבנ. אונ אזוי זײַנענ אלע מענטשנ, כאָטש יעדער איז פארשיידנ. ווי אזוי איז דאָס מעגלעכ?

קאלינקאָוו האָט זיכ צוגעבויגנ נאָענט צו געצלענ.

לעבנס ווערטער האָבנ נאָכ נישט דערגרייכט אלע מענטשנ...

געצל האָט א טראכט געטאָנ.

— אונ פריער וואָס איז געווענ? די מענטשנ לעבנ שוינ טויזנטער יאָר.

— פריער? זײַנענ געווענ די ווערטער פונ קורניק...

געצל האָט אינ דער טונקל געקוקט צו קאלינקאָוונ. אינ דער טונקל איז פאר אימ אויסגעוואקסנ א נײַער מענטש, אזא וועמענ ער האָט נאָכ קיינמאָל נישט געזענ אינ זײַנ לעבנ. אונ קאלינקאָוו איז דאָכ נישט דער איינציקער, עס זײַנענ דאָ אזעלכע — מיליאָנענ, זאָגט קאלינקאָוו. אונ ער, געצל — עס זײַנענ דאָכ דאָ אויכ אזעלכע מיליאָנענ... ווי אזוי איז דאָס?

— דו וועסט דאָס אפ איינמאָל נישט כאפנ — האָט קאלינקאָוו געזאָגט. — אָבער דו וועסט שוינ צו דיר קומענ. דאָס זע איכ.

נאָר געצל האָט אינ דער טונקל פונ זיכ געריסנ זײַנע יאָרנ, ווי מענ רײַסט בלעטלעכ פונ א קאלענדאר. אָפגעריסנ, צעביסנ מיט די ציינ, אונ אוועקגעוואָרפנ. געצל קענ דאָס... ער וואָלט געשניטנ פונ זײַנ הויט מיט א מעסער, אז דאָס בלוט זאָל רינענ אפ אלע יענע וועגנ, וועלכע ער איז געגאנגענ ביז איצט... ער האָט אזוי געזאָגט צו קאלינקאָוונ.

מע דארפ נישט. — האָט ער אימ געענטפערט. — וועסט ווערנ אנ אנדערער.

אָבער ער האָט נישט פארשטאנענ — נאָכ נישט פארשטאנענ — ווי אזוי מע מוז ערשט ווערנ אנ אנדערער, פארוואָס מע איז נישט באלד אזוי ווי מע דארפ זײַנ..

דערנאָכ, ווענ ער איז אהיימגעקומענ צו זיכ אינ קעלער, האָט שורע פארוואָרפנ אפ אימ די הענט:

— ווי דו זעסט הײַנט אויס!..

— איכ בינ ווי א האָנ, שורינקע, פונ וועמענ מע האָט אראָפגעפליקט די פעדערנ לעבעדיקערהייט:..

זי האָט נישט געוווּסט, וואָס ער רעדט. נאר זי האָט נישט ווײַטער געפרעגט.

אפנ אנדערנ טאָג האָט געצל געארבעט שלעכט. ער האָט זיכ קעסיידער טויע געווענ מיט די בוכשטאבנ. ער האָט עטלעכע מאָל געמאָלנ דײַטשישע בוכשטאבנ אָנשטאָט רוסישע. אָבער צו די אמפערײַענ אינ ווארשטאט האָט ער זיכ שוינ מער צוגעהערט. ער האָט זיכ געוואָלט עטלעכע מאָל אָנרופנ—נאָר זיכ צוריקגעהאלטנ.

— ניינ... דו ביסט נישט דערוועלבער.—האָט זיכ שורע פאר אימ געקלאָגט.

ער האָט זי געהאלטנ א גאנצנ אָוונט אפנ שויס. יעדנ אָוונט. ער האָט צו איר גערעדט אזעלכע ווערטער, וואָס זי האָט נישט פארשטאנענ.

— דו רעדסט צו זיכ אונ נישט צו מיר...—האָט זי געזאָגט.

— נעמ דיר געלט, שורינקע, אונ קויפ דיר וואָס דו ווילסט. קויפ דיר...

געצל איז שוינ עטלעכע מאָל געווענ בא קאלינקאָוונ אינ שטוב. קאלינקאָוו זאָגט שוינ נישט קיינמאָל, אז ער האָט נישט קײַנ צײַט, כאָטש צו טאָנ האָט ער אסאכ. אונ דאָס לעצטע מאָל, ווענ עס זײַנענ צו אימ ארײַנגעקומענ מענטשנ, האָט ער געוויזנ אפ געצלענ: „אונדזערר"... דערנאָכ איז אינ קליינעמ אלקער אָפּגעהאלטנ געוואָרנ א זיצונג. געצל איז דערבײַ געווענ.

שורע האָט זיכ געקלאָגט:

— וואָס איז מיט דיר, טײַערער? דו ביסט קראנק, טײַערער...

— ניינ, שורינקע... מיר איז גוט, איכ בינ געזונט.

אָבער אויכ אינ סאיוז האָט מענ אפ אימ שוינ געוואָרפנ אנ אויג. „היט דיכ פאר זיי". האָט אימ קאלינקאָוו געוואָרנט. נאָר ווי אזוי קאָנ מענ זיכ היטנ?

סאווולאָוו האָט זיכ צו אימ צוגערוקט, עפּעס געגראבלט מיט די פינגער בא דער געלער וואָנצע, אונ עפּעס אזוי ארויסגעשיט עטלעכע ווערטער:

— דו ביסט א געפאנגענער—דו גיב אכט...

געצל האָט מאָמענטאל געלאָזט שטיינ די ארבעט אויסגעגלײַכט זיכ, אונ רויִק געענט־פערט:

— גאָספּאָדינ סאווולאָוו, מיט מיר איז נישט גוט צו טשעפּענ... דו קענסט מיכ נאָכ נישט.

סאווולאָוו האָט זיכ אָפּגערוקט... מע מוז אימ נישט קענענ, געצלענ, אָבער א מאָל דערקענט מענ אימ אינ זײַנע אויגנ.

יענעמ אָוונט זײַנענ זיי ווידער געזעסנ אינ קליינעמ אלקער, ער מיט קאלינקאָוונ, ביז אינ דער שפּעטער נאכט.

זיי האָבנ דעמלט נישט גערעדט פונ קיינ פּאָליטיק, נאָר וועגנ דער פאמיליע אינ דער סאָציאליסטישער מעלוכע האָבנ זיי גערעדט. אזוי האָט געצל געוואָלט.

צו שנעל ווילסטו מאכנ א ווײַטנ שפּרונג, מײַנ ליבער—האָט קאלינקאָוו זיכ געפּרוּווט שפּאסנ.

איכ בינ נישט נעכטנ געבוירנ געוואָרנ— האָט אימ געצל געענטפערט.—אונ כאָטש איכ האָב אָפּגעלעבט ביז איצט מײַנע יאָרנ אינ טינעפּ, אָבער דער סייכל איז אויסגעוואקסנ.

— איז גוט...

אונ קאלינקאָוו האָט דערציילט. עס איז ווידער געווענ נײַ פאר געצלענ, פּונקט ווי צומ ערשטנ מאָל די פּאָליטישע פראגע. ער האָט זיכ אײַנגעהערט ווי א קינד, שטיל, געשלונגענ יעדעס וואָרט ווי אנ אנטפּלעקונג. אונ ווידער זיכ געוווּנדערט ווי אזוי מענטשנ ווייסנ נישט דערפונ. „עס זײַנענ דאָ אנדערע, וואָס פאר זיי טויג נישט. אז מע זאָל דאָס וויסנ", זאָגט קאלינקאָוו. די נאכט האָט זיכ ארײַנגעשטופּט אינ קליינעמ פענצטערל, ווי א טונקעלער פּויסט.

אַמאָל האָט אויפגעבליצט אַ פּנים אין גלי פון אַ ציגאַרעטל. און פון געצלען האָבן זיך אָראָפּגעשיילט איינע נאָך דער אַנדערער די אָנגעוואַקסענע גראָבע הויטן. יעדער טייל פון אים האָט זיך באַזונדער אַוועקגעשטעלט, דער טייל פון קריג און דער טייל פון סטאַניסלאַוו און דער טייל פון ווין און דער טייל פון לעמבערג—בלוטיקע טיילן...

— נאָר דײַן טאַטע איז נישט שולדיק, זאָלסטו וויסן. און דאָרט די אַלע, זיי זײַנען קיינער נישט שולדיק. מע האָט פון זיי געמאַכט כײַעס, געהאַלטן זיי ווי כײַעס, טראַקטירט זיי ווי כײַעס. פאַרשטייסט?

איז ער גערעכט, קאַלינקאָוו? כײַעס היטן אָפּ זייערע קינדער, זוכן אויס פאַר זיי עסן. כײַעס ווילדעווען נישט אַרום איבער זייערע אייגענע קינדער... און בײַ אים? דער קורניק — — —

די טונקלקײַט האָט זיך צעשיט איבער די מויערן, אַריבער נאָוואָ-ניקאָלײַעווסק, און נאָך אַסאַך ווײַטער... און פון דער טונקלקײַט זײַנען געקומען צוגיין אַלע פון אַמאָל. דער קליינער געצל, דער פאָטער, די מוטער, דער לאַנגער פּעשקע מיטן נאַקעטן האַלדז, מיטן לויזן רעקל אָן אַ העמד—און אַפילו די שטוב איז געקומען צוגיין. דער קורניק, דאָס פּלעשל בראָנפן, דעם פּאָפּס סטאַדאָלע, די געלע לעוואָנע... זיי האָבן זיך אַלע אַרומגעשטעלט אַרום געצלען, ווי בײַ אַ פאַרזאַמלונג, קיינער האָט נישט גערעדט, נאָר געקוקט מיט די אויגן... בײַ אַלע זײַנען די אויגן געווען אַזוי געשוואָלן-רויט ווי בײַם פאָטער, און פון די אויגן האָט אַרויסגעקוקט די ווילדקײַט פון כײַעס. ניין... ווילדער נאָך ווי די ווילדקײַט פון כײַעס. ווי זיי שטייען דאָ אַלע—ווי זיי שטשירען מיט די ציין—ווי זיי גריזשען זיך איינס דאָס אַנדערע...

פאַר זײַנע אויגן איז אויסגעוואַקסן אַ גרויזאַמע פאַרזאַמלונג.

— און עפּשער ביסטו נישט גערעכט, קאַלינקאָוו, מיט דעם—וועגן טאַטן...

— עך, דו. האָסט דיר צופיל גענומען אין קאָפּ אַרײַן אױף איינמאָל. דו מוזט אָנהייבן אַנדערש — — —

און ווען קאַלינקאָוו האָט אים, שפּעט שוין, אַרויסבאַגלייט פון דער שטוב—איז ער אויך איבער דער גאַס געגאַנגען מיט די אַלע פון אַמאָל, מיט אַלע מענטשן, זאַכן, געשעענישן. ווי אַ גייענדיקע פאַרזאַמלונג. דער פאָטער מיט די רויטע אויגן און מיט דער רויטער נאָז, די מוטער מיטן שפּיציקן פּאָנעם און מיט די שפּיציקע פינגער, דער לאַנגער פּעשקע מיטן לאַנגן האַלדז און מיטן לויזן רעקל—פון דער קליינער געצל און לאַורא, און מײַנקע אַלע— — —און קיינער האָט נישט גערעדט, נאָר געקוקט איינער אױפן אַנדערן מיט די אויגן. אַזויפיל אויגן...

עס האָט אים געטראָגן אַרום דער שטאָט. איינמאָל. צווייטמאָל. און פון דער גרויסער פאַרזאַמלונג איז איבערגעבליבן ער אַליין מיט דעם קליינעם געצל. ער האָט אים געפירט בײַ דער האַנט...

שורע איז געלעגן אויסגעשטרעקט אױף די טרעפּלעך לעבן דער טיר, אירע אויגן זײַנען געווען אויפגעשוואָלן פון וויינען. דער אַלטער איז געזעסן אױפן שוסטער-בענקעלע און גע-דרעמלט מיטן קאָפּ אַראָפּ. נאָר געצל איז אַרײַנגעקומען אַ לעבעדיקער, אַן אויפגעוועקטער—אַזאַ גערויש האָט ער אָנגעיאָגט אין קעלער, נישט געקוקט וואָס עס איז אַזוי שפּעט בײַנאַכט, און ער האָט זיך געטראָגן מיט שורען אַרום אַלע פיר ווענט. שורע האָט פונסנײַ אָנגעהייבן צו וויינען. און וויינענדיק האָט זי געזיפצט די ווערטער:

— דו ביסט שיקער, מײַן טײַערער... דו האָסט דיך אָנגעשיקערט...

ניינ! ווער איז שיקער, שורינקע?!— — —

ער האָט זיכ מיט איר אוועקגעזעצט אפ דער פריטש—צום ערשטנ מאָל נישט ווי מיט א ליוביאנקע—בארוּזקטער, שטילער האָט ער צו איר געזאָגט:

— דו ווייסט וואָס דאָס הייסט זײַנ אנ ארבעטער אונ לעבנ ווי א הונט? איכ בינ אלט זעקסונדרײַסיק יאָר. קאלינקאָוו זאָגט, אז איכ בינ א געוועזנ לומפנפּראָלעט. ער איז נישט גערעכט. איכ בינ געוועזנ א הונט! אזוי, וואָס האווקעט אונ בײַסט פאַר זיכ אונ פאר אנדערע—א הונט...

אינ דרײַ טעג ארום. סאוולאָוו האָט זיכ צו געצלענ שוינ אָפטער געטשעפּעט. עס געפעלט אימ נישט זײַנ ארבעט. סאוולאָוו איז אופזועער איבערנ סאיוז. איצט שטייט ער לעבנ אימ, גראבלט מיט די פינגער בא דער געלער וואָנצע, אונ בורטשעט פארשטענדלעכע אונ אומפארשטענדלעכע ווערטער.

— גיי אוועק.—בעט זיכ געצל.—לאָז ארבעטנ.

אונ סאוולאָוו שפּרינגט אריבער פונ דער ארבעט צו דער פּאָליטיק, אונ טשעפּעט זיכ, אונ לאָזט נישט אָפּ.

געצל רײַסט נישט איבער די ארבעט. דו וועסט מיכ נישט ארויסברענגענ פונ געדולד, טראכט ער בא זיכ. „ער איז א געפערליכער מענשעוויסטישער מערדער”. דערמאָנט ער זיכ, וואָס קאלינקאָוו האָט אפּ אימ געזאָגט. „ווענ ער וואָלט געהאט מאכט—קוילעט ער אויס אלע באָלשעוויקעס...”

— גיי אוועק. לאָז ארבעטנ.—בעט ער זיכ.

אונ סאוולאָוו גייט אוועק.

נאָר אינ א פערטל שאָ ארום איז ער ווידער דאָ. דאָסמאָל מיט גאָר א נײַעס:

— מע רעדט בא אונדז, אונ דו בונטעוועסט קעגנ דער רעוואָלוציע... בא אונדז קאָנסטו ניט ארבעטנ. דו ביסט א געפאנגענער—א פּראָוואָקאט...

ער האָט ווײַטער נישט געקאָנט ריידנ, ווײַל געצל האָט אפּ אימ א זעצ געטאָנ מיטנ שווערנ שילד. די ארבעטער זײַנענ צוגעשפּרונגענ, עס האָט זיכ אופגעהייבנ אינ דער אייגע־נער רעגע א ווילד גערודער—נאָר געצל איז שוינ נישט געוועזנ אינ ווארשטאט.

(סאָפ קומט)

מ. הארצמאַן

# אוקראַינע

אומרו מײַנער דו שלעפּסט מיך ארום—
אין יעדער שטאָט בין איך פאַראַנען.
אוקראַינע, מיך ציט דײַן דאָרעם־זון,
די זאַמדן פון די זילבערנע לימאַנען.

— אוי וואָס דערמאָנט זיך מיר א דרײַלינג פערד,
א שמאָלער שליטן, שנייען שוימען —
צו דער לעוואָנע יאָגן מײַנע פערד
טראָגנדיק דעם האַס צו מײַנע צוימען,

זיי שמעקן מיט די נאָזלעכער דעם שניי,
איך שמעק דעם קליי פון יעל פון דאַרן —
איר מײַנע הענט—איר ווײַסע ווענטקעס צווײ, —
צי קען מען דען דעם האָריזאָנט פאַרנאַרן?

אוקראַינע, אַזוי האָסטו געיאָגט
די העטמאַנס דײַנע צו דער טליִע —
אַף האַפּנס האָבן זיי פאַר שרעק געלאָזט
די פעטע פעסער מיט סקומבריע.

זיי האָבן שטרוי געלאָזט נאָר אַף דײַן סטעפּ
נידעריק און קרום פאַרשאָרן,
ווי בא דעם אַרעסטאַנט דער גרויער קאָפּ —
ביסט הונגעריק געווען, דו, לאַנד פון קאָרן!

זיי האָבן דײַנע קינדער ניט געשוינט;
אין דנעפּ געוואָרפן זיי צו גרונטן גרינע —
זיי האָבן דיך געבונדן צו א בוים,
מײַן שטראַליק לאַנד, מײַן אוקראַינע!

איכ שפאנ אצינדער אינ דײַנ סטעפּ, דײַנ טאָל;
ראָמאשקעלעכ, איכ הער איר רופּס מיכ —
אוקראַינע, נו, זאָג נו, וויפל מאָל
האָט מענ געשניטנ אונ געפּרווט דיכ?

דײַנ דיכטער האָט אינ טפיסעס נאָכ געלעבט —
שעװטשענקע װײנט—הער אויס זײַנ װײ זײַנ טיפנ!
אָנ פעלדזונ שלאָג זיכ אָנ, דו דנעפּ,
מיט אלע דײַנע טויזנט שיפנ.

מײַנ ליבשאפט גרוילט, װי מײַנ געזאנג—
זינגער, זינגער מיט די גרויע ברעמענ,
געפּײַניקט האָט מענ דיכ באגלײַכ דאָ מיט דײַנ לאנד
איכ וויס: פארוואָס, איכ וויס דורכ װעמענ!

דער דנעפּרבוי, ער שוימט, ער רוקט זיכ אָנ
מיט אינדזלענ, הרעבליעס אונ מיט פונקענ.
ברײַזער זינגער איכ װארט שוינ בא דײַנ צאם
װעסט עפּשער אָנהײבנ צו זינגענ.

אונ פול-באשװערט גײ איכ אװעק פונ דיר
פונ מיטלײַד אונ פונ פרײדנ—רײנער.
די זומערס דײַנע בויענ נעסטנ איצט
אוקראַינע אפּ דײַנע יאסענ-ביימער.

איכ לאָז צו סעדער זיכ, איכ לאָז זיכ צו די שטעט,
איכ גײ ארויס אפּ דײַנע פלעצער קוקנ
צו װעגענער מיט װייצ אונ פלײש אונ זעט —
די צווײַגנ װײַנטרויבנ אפּ מיר זיכ רוקנ.

דער װײַנטרויב איז באדעקט מיט שטויבנ גרינג,
איכ קענ מיט מײַנע פינגער אימ פארווישנ —
איכ נעמ א צווײַג אונ טרינק זיכ אָנ אונ טרינק
אונ שיקער כ'װער פונ יונגנ פלײש פונ פרישנ.

קאװענעס צעשניטענע אינ גופּ
זײ רינענ אָפּ מיט זאפּט מיט רויטנ,
בא ברוינע בערנעס פלאצנ אופּ
די לעבעדיקע, פײַכטע הויטנ.

אונ דײַנע פרויען קומען שלאַנק ארויס
פונ ראַטוזירטנ, —א נאָמען אזא הויכנ,
אינ סטענגעלעך פונ רויט אונ ברוינ אונ בלוי —
זיי בייגנ זיך, ווי דײַנע רויזנשטרויכנ.

אוקראַינע, דו ביסט שוינ שטאָלצ אונ רײַך —
מײַנ אומרו ציט צום שליאַך צו דעם באַקאַנטנ,
אזוי ווי פײַער ציט זיך צו דער הייך
ווי טײַכנ ציִענ זיך צו האָריזאָנטנ.

א. יודלסאָן

# עס פאלן פעלדזן

כוואַליעס לויפן, כוואַליעס רוישן,
וואָס וועט זײַן?
יונגע מיידלעך אין די קוישן
טראָגן ווײַן.

יונגע מיידלעך גייען, שפאנען,
ברעגן־פעלדז.
יונגע מיידלעך—קאראוואנען,
גראָשנס־געלט.

ווערט מען אויסגעמידט פון גאנג דאָ,
רוט מען אויס.
און ס'צעוויקלען זיך פארלאנגען
אינעם רויש.

יונגע מיידלעך וועלן שטענדיק
טראָגן ווײַן?...
ס'האָט זיך גאָרנישט ניט געענדערט?
עס וועט זײַן.

עס וועט אָנקומען א כוואַליע
שטארק און בייז,
און די פעלדזן טאָן א וואַליע
און א שטויס!

וועלן טוישוּוים זיך דערשרעקן
ווערן בלאס;
אונטער פעלדזן—ווײַטע שטרעקעס
פלאסט נאָך פלאסט.

אונטער פעלדזן—ווער וואָלט גלויבן,
וועמעס הארץ?
איבער מײַלן ברוינע און שטריביק
— אײַזנארץ.

איבער מײַלן—מיטן הויפּן
נעם און שעפּ!
ווער דארף פירן ווײַן פּארקויפן?
— גראָבט און לעבט!

וועלן אָפּגיין די פּארדראָסן
ס'לעבן—גאנץ.
איבער מײַלן—רויטער פאָספאָר
און מארגאנץ...

שטייען פעלדזן, ווי לעגענדעס,
שטאָלצער שטיין!
אָן א סאָף און אָן אן ענדע
וועט איר שטיין?

רוישט דער יאם. אין גרינע פאלדן
שוימט א שרעק:
— ווער וועט קומען און צעשפּאלטן
אָט דעם ברעג?

זי וועט קומען, אָט די כוואליע,
און אויב ניט —
ס'וועט די פעלדזן דאָ צעוואליען
דינאמיט.

וועלן אָנקומען די מענטשן
מיטן וועג.
— אלטע ברידער, ווער דערקענט שוין
אָט דעם ברעג?

ווי געשטאנען זײַנען פעלדזן
הויך און שטאָלץ,
איבער מײַלן אויסגעשטעלטע
שטאפּלען האָלץ.

טיפע גרובנ אויסגעגראָבטע
איבער ברעג,
יונגענ, מיידלעכ—גאנצע כאָפּטעס
מיט די העק.

אונ פאריסנ עקסקאוואטער
אינדערהייכ,
אונ מע ארבעט ביז פארמאטערט.
שטויבנ־רויכ.

וועט אדורכ א יאָר א קנאפּער
אונ באמ יאמ,
וועט זיכ שפּרייטנ, וועט זיכ שטאפּלענ
א גיגאנט...

רוישט דער יאמ אונ טראָגט די כוואליעס
פרי אונ שפּעט...
זאָל ער רוישנ, נאָכ א ווײַלע.
— אינ געוועט!

מ. ליפשיץ

# צו קאלווירטנ

אינ לאפטיעס אלטע, סוויטקע גרויער,
נאָכנ אקער פונ באגינענ —
אינ שמאָלער שטיבל האָט דער פויער
פארנאכט געצונדנ די לוטשינע.

פארנאכט, אנ עלנטער אונ מידער,
פונ מי אפ אָרעמנ נאדעל
ברומענדיק א סומנע לידל,
האָט ער געדרימלט אפ זײַנ שוועל.

אונ פארפרי אפסניי דעמ אקער,
ווידער מיט דער שארפער קאָסע;
אזוי ביז פעלדער ווערנ נאקעט,
ביז עס טוט אנ אָטעמ אָסענ.

אונ אינ הארבסט, די וועגנ בלאָטיק
אונ אינ ווינטער פרעסט צעגרינענ;
מאנצביל—טעג אפ זאראבאָטקעס
אונ די ווײַבער ועבנ, שפינענ.

פעלצנ־מאנטלענ, פעלצנ־היטלענ
אונ די הענטשיקעס פונ פעלצ;
איבער גלאטנ ברייטנ שליט־וועג
פירט מענ ח'אָכנווײַז געהילצ.

נאָר קראָסנעס פילפארביקע פעדימ —
מי פונ פויערישע ווײַבער,
פונ דער שווערער מי פארדעקנ
קלעקט אפילע ניט די לײַבער.

נאָר וועלדער טונקעלע און טײַכן
דעם הונגער קענט איר אויך ניט זעטן,
נאָר די הענדלער ווערן רײַכער,
נאָר די הענדלער ווערן פעטער.

און יאָר נאָך יאָר אזוי דאָסזעלבע
און געשטאָרבן,
און געוואקסן,
און די קינדער ווי די קעלבער,
און די גרויסע ווי די אָקסן.

אנדערש,
נײַ די טעג א פיר־טאָג,
פון מענטש ביז מענטש
די אײַנגעשטעלטע מעזשעס
פון פעלד ביז פעלד —
די אײַנגעשטעלטע מעזשעס,
פארברענען און פארגעסן
גייען פויערים אין די קאָלווירטן.

איניינעם מי, איניינעם ארבעס,
די פערד צוזאמען און די רינדער
און ס׳וועלן בינדן זיך די גארבן
פרײַער,
פריילעכער,
געשווינדער.

ניט אין פארעבקעס באם רײַכן,
ניט באם וואלד־הענדלער פארדונגען,—
דײַנע וועלדער,
דײַנע טײַכן
און די פירער
דײַנע יונגען;
און די לאפטיעס,
און דעם סום,
און די לוטשינע,
און די רייען,
אפ די פעלדער פוסט און שטום,
זאָל עס צעטראָגן און צעווייען.

מאָטע דעכטיאר

# אפ רישטעוואניעס

## קאפּיטלעך.

1

אונטער פרײַע צעעפנטע הימלען־ברעזענטן געקאלכטע, נאָך א טאָג ארבעט קלײַבן זיך בריער אפ א פראָדוציר־בעראטונג. אָט דאָ אפן אָרט, ווו מע שטייט און מע טופּעט, אָט דאָ אפ דער רישטאָוועקע. מע זיצט אפ ליידיקע טשאנען, אפ איבערגעקערטע קאראָנקעס, אפ פריש־צעגויפגעקלאפּטע „אפאלקעס", וואָס דופטן מיט צוגעזשארעטער סמאָלע, מיט קיפּידארישן אופרייץ. די לופט א'ז אָנגעזעטיקט מיט אלערליי דופטן פון פּרילינג. און רייכער ווי שטענדיק איז פרילינג מיט רייכעס, ווײַל עס וועבט זיך זויערקײַט, וואָס שלאָגט זיך פון א טיפער וואפנע־גרוב, איבער וועלכער עס קודלט זיך א פארע, א געדיכטע, ווי פוטנע מילך. מיט פרישן קאלך שמעקט די לופט, מיט צוגעזשארעטע סמאָלע, מיט נאָך און נאָך.

און צוביסלעכווײַז קלײַבט מען זיך. די בעטאָנשטשיקעס זײַנען שוין דאָ. צווישן די טעסלער איז דערווײַל נאָך שיטערלעך. די ארמאטורשטשיקעס ציִען זיך איינע נאָך די אנדערע, ווי א שנירל. נאָר די מוליארעס האָבן אביסל פארשפּעטיקט, זיי האָבן א טערעץ—די מוליארעס—דעם מאטעריאל געדארפט אויסשקראָבען.

נאָר פארוואָס עפּעס זעט מען ניט דעם בריגאדיר אליין? אָט איז ער דאָ געווען טעוועלע בראנד און מיטאמאָל ניט געוואָרן, ווי אויסגערונען.

— און יודקע? יודקע דער אלטער, ווו איז אהינגעקומען? ווער האָט דאָס אים אויסגעלעקט?

און ווער עס קען נאָר קנייטשן מיטן שטערן, ווער זיך מיסטאם כאפּן, אז טעוול בריגאדיר האָט געמוזט זיך לאָזן אָפּזוכן די אלטע „זאקליאָפּקע", ווײַל בא דער ארבעט האָט אים הײַנט יודקע א. וואָרט געגעבן און אפילע ארופגעלייגט די האנט אפן שפּיץ ברוסט און זיך געשוואָרן מיט א כניפּעלע:

— זײַ „ספּאקוינע" טעוול, הײַנט נעפּרעמענע בלײַב איך אפ דער „זאסעדאניע".

— מיר וועלן שוין זען יודקעס וואָרט,—האָט טעוול אים אָפּגעענטפערט, שפּיזנדיק אים אין די אויגן ארײַן, ווי ער וואָלט אין זיי געוואָלט דערזען עפּעס ווונדער.

— וואָס ארט דיך,—האָט יודקע מיט א צווייטער כניפּע אים אָפּגעענטפערט און אביסל אָנגעבלאָזן די האָריקע באקן.

רויִק איז הײַנט טעוול געשטאנען בא דער ארבעט מיט די פארקאשערטע ארבל, ווי

א באָקסיאָר. הײַנט איז ער זיכער, אז אלע פונ דער בריגאדע בלײַבנ אפ דער באראטונג ערשט צומ סאָפ,—ניט דאָס, וואָס ער האָט געמײנט. יודקע האָט גאָר פארשטעקט דעמ הארציקנ וואָרט זײַנעמ אונטערנ גארטל. קײנער האָט ניט באמערקט, ווי ער האָט שטיל, קאלטבלוטיק דעמ פארטעכ אראָפגעוואָרפנ, פארוקט די געצײַג טיפ אונטערנ קעסטל אונ אוועקגעצויגנ מיט די קורצע סטאנדארעס לאנגע פאסנ שנירלעכ אפ דער ערד. ערשט א מינוט פינפ נאָכנ הודאָק האָט זיכ טעוול געכאפט—ניטאָ יודקע! אויסגערונענ דאָס וואָרט מיטנ גאנצנ „זײַ ספאקוינע". עס ליגט נאָר פארבענקט דער הארטער פארטעכ אפנ בוס, די פראווילקע שטײט בא דער זײַט, ווי אנ אָפגעשמיסענע אונ אינ קעסטל כמורעט זיכ א איבערגעבליבענע הרודיטשקע צעמענט, א הארטע האלושקע. א צעזאָרענער איז טעוול געשפרונגענ אפ אלע זײַטנ ווי אנ אקראָבאט, ניט וויסנדיק אָנ וואָס אָנצוכאפנ זיכ. ער ווײס אלײנ ניט וואָס פריִער טאָנ: צי נעמענ אויסטאָנ דעמ צעמענט, צי לויפנ אומקערנ יודקענ. אונ בײדע ארבעטנ מיטאמאָל ווילט זיכ אימ אָפטאָנ. איז א פלי אהער אונ א שפרונג אהינ. אונ געכאפט האָט ער זיכ שטעלנדיק א פאָר טריט—יודקע וועט ניט אנטלויפנ, ער וועט אימ אָניאָגנ. אפניכ האָט ער מיט דער לאָפעטע אריבערגעוואָרפנ די האלושקעלע צעמענט צו שימענע אינ קעסטל אונ אלײנ זיכ אוועקגעטראָגנ, ווי א ווינט נאָכ א רויב

פאלק דראהונ, דער הויכער יאָרערדיקער מוליער מיטנ לאנגנ צעשטשיפעטנ פאָנעמ האָט פונ הינטנ אלצ אימ נאָכגעשריִענ—זאָג דאָרט אימ, טעוועלע, אז מע גיט פראניקעס אינ בופעט.

— זאָג, אז וואָבלע אינ בוימל געסמאזשעט—האָט שימענקע וואפניק אפניכ א לעצעופ געטאָנ אונ געקרימט מיט די שטײַפע שטופלענ פונ פאָנימ. ער האָט אלצ נאָכגעקוקט טעוולענ פונ אונטער דער פאפאכע שוואוצע האָר, וואָס וויגט זיכ, ווי א נעפל איבער די אויגנ.

אפילע דאָוויד קעלנע, אָט דער געלער אָנגעבלאָזענער, מיטנ קלײנ פײַגנ־בערדל, האָט אויכ ארויסגעלאָזנ א כריפעלע אונ פארשפעטיקט מיט עפעס אינ האנט געשאָקלט—זאָג דאָרטנ אימ, אז ער האָט די ליולקע פארגעסנ, ער וועט א נאכט דאָרט ניט אײַנשלאָפנ, אז ס'וועט ניט זײַנ וואָס צו פאמפקענ.—טעוול האָט, ווי עס ווײַזט אויס, זײַנ כריפעלע ניט אײַנגעהערט. עס האָט זיכ נאָכ פונדערווײַטנ געזוענ, ווי ער קאטשעט זיכ, ווי א שיפל פונ אײנ זײַט אפנ צווײטנ, אונ אָט איז ער פארשווונדנ פונ אויג.

ער מוז שוינ דאָרטנ זײַנ ארומ יודקענ? ער האָט אימ טאקע אָנגעיאָגט באמ סאמע טויער. יודקע האָט זיכ געקווענקלט. אָנעמ ריגל פונ טויער האָט ער זיכ אָנגענומענ אונ געקוקט ערגעצ אָנאוזײַט מיט זײַנע פוילע פלוימענ, געקײַט א ליפ, אונ פינטלענדיק מיט די פלוימענ, האָט ער גערעדט אויכ צו דער זײַט:

— וואָס וויל ער פונ אימ טעוול, וואָס טרעשטשעט אימ אזוי דער קאָפ פאר אימ. טאָג אונ נאכט „זאסעדאניעס" אפ „זאסעדאניעס" פלאפל, פלאפל אונ קײנ קאפעטשקע אינ קעשענע ווערט אימ ניט ווארעמ.

טעוול דער מיטלוווקסיקער איז געשטאנענ אנטקעגנ אימ ווי א דערוואקסנ קינד אנטקעגנ א טאטנ. אונ דאָס קינד איז געוואָרנ אזוי דרײסט בא זיכ, אז דאָס האלט, אז עס פארשטײט צווײ מאָל מער פונ טאטנ. כאָטש דער טאטע פארמאָגט אביסל א אויסגעקראָכענע באָרד אונ קנײטשנ ווי בײַטשנ ליגנ אפנ שטערנ. אונ יודקע איז דער טאטע אונ טעוול, ווי ער וואָלט זײַנער א זונ געווענ. אימ, טעוולענ, איז אינגאנצנ 30 יאָר, מיט צוואנציק יאָר ייִנגער פונ יודקענ.

ריידן מיט א הויכער שטים צו יודקען איז ניט קעדײַ, ווײַל יודקע שטייט ווי א פאר־טשאדעטער. פרעמדע אויוונס האָבן אים דעם קאָפּ פארטשאדעט און ארויסטרײַבן דעם טשאד, איז ניט אזוי גרינג. דערפאר רעדט צו אים טעוול, ווי א דערוואקסענע קינד צו א טאטן מיט טנועלעך, און ער פארמאכט איין אויגל, ווי אין א טרײַבל ארײַנצוקוקן און ס'דאכט זיך: דאָס קינד וויל זען, ווי זעט אויס דער טאטע, ווען ער איז אביסל בייז און אָנגעבלאָזן. און טעוול רעדט צו אים אזוי, ווי שטענדיק:

— „קאָראָסקע און יאסנע", יודע: כאָטש איינמאָל פארן גאנצן פינפיאָר מאָן אן אלטער קאדראָוויק עפענען א פארשלאָסענעם מויל און זאָגן קאָנקרעט, וואָס ער וויל.

נאָר וואָס קען העלפן רייד, אז יודקע האלט זיך פארן ריגל פון טויער. אָט איז ער אף דער זײַט און אָט איז ער אף יענער זײַט און אָט בלײַבט ער שטעקן אינמיטן:

— צי ער וויל עפעס? גאָרנישט. נאָר הײַנט אף דער „זאסטראניע" בלײַבן קען ער ניט. ער מוז עקסטרענע פליען אהיים, די ווײַב האָט זיך נאָך אינדערפרי אף די ביינער געבראָכן.

און פארזאמט האָט זיך טעוול ארום יודקען. אפצוריק איז ער אליין געגאנגען וואר־פנדיק די פיס, ווי גראָבע פלעקער, פארדראָסיק געשמאָרעט מיט די קײַלעכדיקע נאָזלעכער און אלץ אף הינטן זיך אומגעקוקט—צי זעט מען ניט יודקען, עפשער האָט ער שוין דאָרטן איבערגעטראכט, ווײַל געלאָזן האָט ער אים נאָך אלץ שטייענדיק ארום טויער, ווי א צוגע־שמידטן. עס הערט זיך ווי ער בראזשגעט נאָך אלץ מיטן ריגל ווי פורזשענדיק מײַו.

און דערווײַל האָט זיך די באראסונג אָנגעהייבן. עס איז אויסגעוואקסן רובין דער סעקרעטאר פון פארטקאָם, אופשטעלנדיק זיך אף א פארטושקעוועטער פעסל. מיט די זאפרענדיקע אויגן האָט ער אין אלע זײַטן זיך צעשפרונגענע און געציילט, קוקנדיק איבער די קעפ.

— ניט איינס! ניט צוויי! אלע בריגאדעס זײַנען שוין דאָ? ווער פעלט נאָך?

און א לאנגע האנט—א שטיק בלײַ—האָט זיך עטוואָס אופגעהייבן, עס האָט זיך געהערט דער באקאנטער טיפער הוק, וואָס איז בא אים ארויסגערונען טיף, טיף, אזש פון אונטער דער כאקי־העמדל.

— כאוויירים!

אין אָנשטרענגן פון זײַנע לאנגע גלידער, האָבן זײַנע ווערטער געקלונגען און בא אימעצן אין דער טיף אופגעוועקט א פארשלאָפענעם אָדער אונטערן הויט און געגעבן אָנצוהערן—באלד האָבן מיר א גאסט! דער ערשטער מײַ איז אפן נאָז. דער קווארטל־פּלאן איז נאָך ניט אויסגעפילט. עס מערקט זיך אָן א שטורעם־רעקאָרדע. אכטונג, ברינאדעס און בריגאדירן! עס מערקט זיך אָן... און ווער עס האָט געהערט מיט פולע אויערן, ווער מיט פאָ־פראָפּקעווענטע.

טעוול בראנד האָט אופגעהערט צו טראכטן. ער האָט שוין זײַנס איבערגעטראכט, אָט דער מיטלוווקסיקער בריגאדיר. שטייענדיק אָנגעשפּארט מיט איין פוס אף א „פאלובע", הערט ער ניט אוף צו ווארפן זײַנע קליינע געפאליטורטע אייגעלעך אף אלע זײַטן. צופיל שטרענג איז געוואָרן זײַן ברייט צעשלייפטער פּאָנעם און די אויגן לעשן זיך און צינדן זיך ווי פון צופיל ליכט.

— „קאָרעסקע און יאסנע"—האָט ער זיך מיט אן אופבליץ א כאפ געטאָן און פארגעסן האָט ער, אז בא קיינעם האָט ער קיין וואָרט ניט געבעטן, און רובין לופטערט נאָך אלץ

מיט דער האנט. נאָר אז טעוול האָט שוין יאָ פאנאנדערגעבונדן דעם צונג, וועט איר קיינער ניט איבערפאטשן אינמיטן:

— סמאליע דאָרט, טעוועלע, כמאליע! שיט, בריגאדיר!

און לאנג בעטן לאָזט ער זיך ניט. ער וויל נאָר זאָגן — „קאָרעטקע און יאסנע" ניט געדרייפעט. פאר צוויי וואָכן, בראטונעס, אָהאָ וויפל מע קען דאָס אריינכמאליען. דריי באגרעבענישן קען מען דער בורזשואזיע אויכמויערן און צו דעם נאָך דעם קווארטל צו דערציילט אויספילן. ציגל און וואפנע זאָל נאָר זיין „דאָוואָל". די ציגעלנעס זאָלן זיך נאָר ניט שלעפן אין עק! באלקעס צו דערציילט זאָל דער טרעסט דערלאנגען, מע זאָל די הענט קענען פאנאנדערלאָזן פאָ „אודארנאָמו".

און אזוי מיט בריינס פאנאנדערגעבונדענע הענט איז ער געשטאנען, ווי גרייט מיט עמעצן זיך לאָזן אין געראנגל און אָט דאָס נאָר האָט ער געוואָלט זאָגן — „קאָרעטקע און יאסנע" „פאניאטנע". און שווער דרייט זיך בא אים דער צונג, ווי א לאָפעטע אין קאראָנקע מיט צעמענט. און מאטאָשקע אכרעם שטייט ארום אים נאָענט און קוועלט מיט א צעפארעטן פּאָנעם. דעם בריגאדיר פון די טרעגער איז זייער געפעלן, ווי טעוול האָט זיך דאָס צעקאָכט אף דער מאָדע, און ווי ער שטייט נאָך אלץ מיט צעבונדענע הענט, כאָטש ריידן האָט ער געענדיקט.

— מאכט פלאצ, מאטאָשקע נעמט א וואָרט! מאטאָשקע וויל עפעס זאָגן. ער שארט דערוויַיל מיט א פינגער איבער זיינע קורצע ווענצלעך, פליגעלעך שווארצע, וועלכע זעען אויס, ווי צוגעטשעפעטע. און אָט, דאכט זיך, וועט ער אָפווישן דעם שווארצהאָריקן גרים, די פליגעלעך. און דער פּאָנעם, דער עטוואָס צעפּאָקטער, דאכט זיך, איז אויך פארגרימירט, אָט פליסט אָן א קנייטשעלע אף די פליאמעס פון פּאָנעם און עס כאפן אים אונטער נאָך פיל קנייטשעלעך קליינינקע כוואליעס און פאריאָגן אים און פארשמייסן אים אין די באַקוועמע שטערנ-לעכער, ווו א ניסל קען זיך באהאלטן און עס דערטרינקט זיך דאָס קנייטשל אין די בלויע וואסערלעך פון די אויגן. און יונג איז דער פּאָנעם אויסגעקנאָטן. דאכט זיך, ער וועט קיינמאָל קיין פיצעלע עלטער אף דער הויט ניט ארופלאָזן. און דערוויַיל דערהערט זיך א רודערנדיקער באריטאָן, וואָס הייבט אָן אלץ וויַיטער און וויַיטער זיך העכער פאַנאנדערוויגן, פאנאנדערקאָכן, ווי א קעסל באם אָנהייבן זידן.

— „ניקאקיך צעמענטאָוויכ!" אזוי הילכט ער אויס, און אומעטום שטעקט ער אים אריַין אָט דעם וואָרט. אָן דעם גייט בא אים ניט די טאטשקע, עס רוקט זיך ניט קיין באלקע און עס דרייט זיך ניט דער צונג.

— „טשוראקי כלאָפּצי" הורטאָם „ראז", הורטאָם „דווא" אי ניקאקיכ! און מאטאָשקען דאכט זיך, אז ער האלט ניט קיין רעדע, נאָר ער שטויסט און שטופט א באלקע און זי וויל ניט גיין, די באלקע, ניט פון אָרט. מיט די פיס אין וואנט זיך אייַנגעשפארט. און אָט, אז ער שפייַט נאָר אָן אביסל אין די הויפן און ער לופעט אַרויס א פּאָר אויגנ-שפיגלען, דערשרעקט זיך די באלקע, טוט א ציטער מיט אן אייַזערנעם ציטער, לאָזט איבער זשאַווערדיקע הויטן אונטער די הענט און נעמט פויזען און רירן זיך. איצט שטויסט ער ניט קיין באלקע, ער האָט ניט וואָס צו שפייַען אין די הויפנס. נאָר פון געוויינשאפט באנעצט ער די דלאָניעס און צערייַבט עס אפן שטעל, עס ווערט גרינגער צו ריידן, עס קומען צוהילף די לאנגע הענט, וואָס רייַסן זיך פון די ארבל, ווי שטיקער מעטאל, וואָס מאָנען בא זיך אלייג — ווערסטו דערלאנגען דעם פראָמפינפלאן אין פאטיליצע אריַין! הענט מייַנע, הענט, שטארק זאָלט איר מיר זייַן! און א וואָרט באקומען די הענט מיט די צוגעבאקטע

הײַסלעכ אפ דלאָניעס. זיי וועלנ נאָר ארויסזאָגנ, וואָס בא אימ איז אָנגעלאָפּנ אפנ הארצ אונ אפ די פינגער. אָט זאָגנ זיי: עס איז ווייניק הענט! צוויי פּאָר קענענ זיכ ניט צערײַסנ. הענט ארופ, הענט אראָפּ. סטאָפּ! די קאנטאָר האָט צוגעזאָגט הענט אראָפּברענגענ, מע זעט ניט קיינ נײַעמ פינגער. די אדמיניסטראציע שווײַגט. א פילנ מיל מיט וואסער אָנגענומענ. הײַנט ווער האָט זיי אופגעפרעסנ אזויפיל הענט?.. אונ אזוי אינ דער פּאָזע, מיט צוויי מאָנענדיקע הענט, האָט זיכ מאטאָשקע א וועגד געטאָנ צומ פּראָראב נעסטעראָוויטש אונ עס הערנ ניט אופ צו ריידנ אָט די הענט, וואָס מאָנענ בא יענעמ אונ בא זיכ אליינ. דער פּראָראב נעסטעראָוויטש, וואָס איז געשטאנענ ארומ דאלענקאָנ דעמ פּאָרזיצער פונ אָרטקאָמ, האָט זיכ עטוואָס אויסגעצייגנ, אונטערגעהייבנ זיכ אפ די שפּיצ פינגער, דער האלדז האָט זיכ בא אימ אויסגעלענגערט אינצווייענ. מיט ווונדער־אויגנ האָט ער געקוקט אפ מאטאָשקענ אונ נאָכמער אפ די פארבאקטע דלאָניעס פונ די מאָנענדיקע הענט, וואָס שמעקנ מיט פרישנ קאלכ.

— ער האָט דאָכ שוינ הונדערט מאָל געזאָגט, אז אינ קאנטאָר איז ניטאָ קיינ איינ פּאָר הענט אפ אנ אויסשטעלונג אפילע. ס׳זײַנענ דאָ הונדערטער פּאָדערונגענ אונ אלעמענ דערלאנג אונ דערלאנג, אלע קלאפּנ אינ קאנטאָר־טיש. ער האָט אויכ געפּרוווט קלאפּנ, נאָר וואָס העלפט, אז עס פעלנ אויס ארבעטער. טאָ וואָס וויל ער פונ אימ האָבנ, מאטאָשקע, אונ לאָזט אימ ניט צורו. יעדנ טאָג באגעגנט ער אימ מיט איינער אונ דערזעלבער פראגע:

— שוינ אויסגעקראצט, אויסגעניאנטשעט, כאווער פּראָראב? ני הו־הו.

אונ אנומלטנ איז דער פּראָראב נעסטעראָוויטש שטארק צעקאָכט געוואָרנ. ער איז ארומגעפלייגנ איבערנ געבײַ א צעפלאמטער, זיכ פארטשעפּעט אָנ א קלאָצ אונ שיר ניט געפאלנ. געבייזערט האָט ער זיכ נאָר אפ זיכ אליינ אונ צו די דיעסאטניקעס האָט ער גערעדט מיט אנ איבערגעבוטלעוועטנ כאָרכל:

— גוואלד! ער מאכט מיכ טראָגעדיק דער אײַזערנער. איכ וועל אימ שיקנ אינ קאנטאָר, זאָל ער אליינ גיינ א ניאנטשע טאָנ, זאָל ער ברענגענ אפולע מיט נאָכ. אונ א וועגד געטאָנ האָט ער זיכ צו א יונגנ דעסאטניק, וואָס האָט פארמאָגט א פּאָר בוימלדיקע אויגנ, מיט א צוגעטשעפּעטנ קורצנ נעזל אפ פוכקע בעקלעכ. ער האָט אימ א זאָג געטאָנ: זײַ אזוי גוט, ארקאשע, דו ביזט, דאכט זיכ, ייִנגער פונ מיר. גיי, זאָג אימ דאָרט, אז איבער נאכט וועלנ זײַנ אופגעמײַסטרעוועט הענט, וויפל ער וויל. נאָר מע דארפ צוהארטנ א ווײַלינקע אונ ניט הייבנ זיכ אונטער די באלקעס. דערפאר קוקט ער איצט אפ אימ מיט א פּאָר ווונדער־בליקנ אונ גלעט מיט דער האנט דעמ אָפּגעגאָלטנ פײַכטנ קאָפּ, צוגעוויאָנדלט ברוינ פונ דער זונ. ער כמורעט מיט די אגרעס־אויגנ. ער ווייס דאָכ, מאטאָשקע, ווער עס האָט אופגעפרעסנ די הענט, זאָל ער א קוק טאָנ אפ די אָביעקטנ, אפ די פלענער, וואָס ליגנ אינ בוי־טרעסט, עס וועט אימ ניט סטײַענ קיינ פינגער צו איבערציילנ, אונ ווענ ער וואָלט איבערגעציילט, וואָלט ער אופגעהערט צו קײַכנ אינ האלדז.

אונ אפ מאטאָשקענ איז, דאכט זיכ, אויכ ניטאָ וואָס צו אָנפאלנ. אימ דערגייט שטענדיק מער פונ אלעמענ, מע ווייס בריגאדיר אונ בריגאדיר. אונ אז די מוליארעס צעזינגענ זיכ — מאטעריאל, אונ מאטעריאל, איז כאָטש נעמ אפגיכ אונ פארשטאָפּ די אויערנ, א ניט פלאצנ זיי. א שפּילעכל — מאטעריאל! אונ יודקע דער אלטער וויל נאָר ציגל „פּרעס“, ער האָט זיכ איידל געהאָרעוועט, נאָר אפ געפּרעסטע ציגל. יודקע זאָגט — די גאָנגעלעכ זאָלנ ארבעטנ מיט די פּ־אָסטע קאָוליאקעס, פּאר אימ דארפ מענ האָבנ אָפּשײַ אונ דערלאנגענ די געפּרעסטע „פּיראָזשנעס“.

נעסטעראָוויטש קוקט נאָך אַלץ מיט וווּנדער־בליקן. און דאַלענקאָ שטייט לעבן איִם און פּרעגלט זיך. ער טישעט נעסטעראָוויטשן גוט־ברודעריש מיטן האַנט און הייסט איִם אַרומוואַרפן דעם שטערן, עס האָט איִם אָנגעכאַפּט אַ שוויץ פון העלער הויט. נאָר נעסטעראָוויטש הערט ניט. ער האָט נאָר אויסגעריבן מיטן טיכעלע אונטערן האַלדז, וועלכע האָט זיך צוריק אויפגעפּאַלדעוועט און צוגעטוליעט נאָענט צו די אַקסלען. מער האָט צו איִם מאַטאָשקע ניט געפּאַכט מיט די מאָנענדיקע הענט, זײַנס האָט ער אָפּגערעדט. די הענט האָבן שוין אַרויסגעגעבן, וואָס בײַ זיי איז אָנגעלאָפן אויפן האַרץ און אויף די פינגער. נו, זאָל איצטער עמעצער נאָך עפּעס זאָגן.

— נו, איז ווער וויל אַ וואָרט? קאַטשעט זיך פּאַנאַנדער, בראַטוניעס!

— דערלאַנגט ווער ציגעלע!

— נו, רייד עפּעס, קעלניצע! — אַזוי האָט פאַלק דראַהון אַ שטורכע געטאָן פון אויבנאויף דאָוויד דעם געלן, ווי ער וואָלט איִם אויפגעוועקט פון אַ גרינגן שלאָף, ווײַל דאָוויד האָט גאַנץ רויִק אונטערגעדרעמלט זיצנדיק אויף אַ קאַראָנקע און האָט לירייש אונטערגעסערענע־וועם דורך די נעזער־שפּעלטלעך. דאָוויד האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן ווי פון אַ פליג־ביס, האָט געמאַכט אַ זיסע מינעלע, אויף פּאַטעקע רינט פון די באַקן.

ווער האָט געדרעמלט? דאָס האָט ער זיך פאַרקוקט אין אַ שטיליענע פון רישטאָווקע. און אַז פאַלק דראַהון, אַט דער הייכער יאָדערדיקער הייסט איִם: רייד עפּעס, קעלנע דו, האָסט דאָך וואָס צו זאָגן — ענטפערט ער איִם אָפּ מיט אַ האַלבן מויל־ווינקל:

— כ׳־ווע, אַ נײַער „אָראַטער“, כע־כע כע, דו ביסט דאָך אַ לאַנגיאָריקער קאַלכער, דראַהונטשיקל, טאָ שיס, שיס!

און אַ בייזער, עטוואָס אַ פאַרטראַכטער, זיצט ער, דאָוויד, אויף אַ קאַראָנקע און באַקוקט זײַנע צעשיוועטע, האַרטע, געל צעשפּרינקלטע הענט. ער הערט, אַז מע רעדט אויף הייך, גאָר הייך. נאָר ווען מע טוט בײַ איִם אַ פרעג — דאָוויד, וועגן וואָס רעדט מען דאָס איצט? וואָס קומט דאָ פאָר? וועט ער ענטפערן קאַלט, מיט דער צווייטער העלפט מויל.

— ווו איז דאָס יודקע אהינגעקומען? — האָט ער פאַרײַסנדיק ס׳פײַגן־בערדל בײַ פאַלקן אַ פרעג געטאָן און דערלאַנגט אַ דינינקן הוסטעלע, ק־הו, ק־הו, וואָס קען גיין נאָר פון שפּיץ נאָגל.

— יודקע ווייסטו ווו? אבי די ליולקע זײַנע איז דאָ. ער אַליין מוז זײַן איצטער אָ אויף אַ באַראַטונג אין „מאָנאָפּאָלקע“.

— כע־כע־כע, — האָט דאָוויד קעלנע אָפּגעצייגן, פּאַנאַנדערשפּרייטנדיק אַ פּאָר צעשפּאָלטענע ליפּן, כאָטש צעקושן זיך מיט זיי.

— דו באָלבעסט, דו באָלבעסט דראַהון. ביזט ייִנגער געוואָרן: שאַט דען אַ באָגעלע מאָגעלע פאַר יאָנטעוו. דו כאַלעשט דאָך אויך אַ קאַפּעטשקע, אַז עס שפּאַרן דיר די אויגן פון קאָפּ, נאָר הילסט אַן „אודאַרנעם“ ביכעלע באַקומען, וועמען מולירסטו, האַ?

און פאַרבענקט איז ער, דאָוויד, געזעסן אויף קאַראַנקע, געשטויבט מיט די פינגער צעריבנדיק פאַרבליבענעם צעמענט אויף די שפּיצן, די אויגן האָבן זיך באַהאַלטן ווי קראָטיקלעך אין די שטערן־קאַנורקעס, נאָר כיטרע שפּיציק האָבן זיי אַלץ אַרויסגעקוקט און געטראַכט — עס רוקט זיך פונערגעץ ניט יודקע. דאָוויד איז הײַנט אויף איִם זייער אָנגעשטויסן, אויפן אַלטן. ער איז הײַנט אַוועק אַליין און איִם אַפילע אויפן אויער ניט אַ שעפּטשע געטאָן, צי ער וואָלט געגאַנגען מיט יודקען, צי ניט געגאַנגען, אָבער ווי אַן אַלטער כאַווער האָט ער געדאַרפט כאָטש אַ כוקע טאָן אונטערן אויער.

און שימענקע וואפניק האלט אין איין פינטלען מיטן בלייַפעדער אפ א שטיקעלע פאפיר. דער סעקרעטאר פון באראטונג איז ער הייַנט, ליגט ער, אָט דער געשטופּלטער יאט, אויסגעצויגן ווי א קלעצל אפן רישטאווקע. עס שטעקן נאָר ארויף די באָרוועסע פיאטעס. די פאפאכע שווארצע האָר וויגט זיך איבער די פולע אָנגעקוואָלענע אויגן, ווי א גנעפל א געדיכטער. ער האָט נאָך הייַנט גאָרנישט ניט ארויסגעזאָגט אָט דער שימענקע, און ריידן כאָלעשט ער, אז ס'טרייכלען זיך די פיאטעס. מע זעט דאָס נאָכן לאנגן גאנצ מעיוכעסדיקן שמעקער, נאָך די הארטע שטופלען פון פּאָנעם און נאָך די פולע אָנגעקוואָלענע אויגן. די פאפאכע האָר שטימט אויך צו מיט א לייַכטן צושאָקל, אז אָט דער, מיט די פאריסענע פיאטעס אפן רישטאווקע, איז דער סעקרעטאר פון דער באראטונג, קען אפ געווים איצט ניט אייַנליגן, עס קאציקלט אים אין בויך. אונטערן הארצ האָט אים אונטערגעשפארט א רעדע, און דער ברוסט-קאסטן פלאצט. ווי קען זייַן א פארזאמלונג אָדער א באראטונג, און שימען זאָל גאָרנישט ניט אריַנזאָגן. און ריידן רעדט ער שטענדיק אין נאָמען פון קעמערל ווי דער סעקרעטאר. און איצט וויל ער ריידן אין נאָמען פון ביידן, ער וויל עמעצן איבערגעבן דעם בלייַפעדער און זאָל מען פארשרייַבן וואָרט אין וואָרט, וואָס ער וועט ארויסזאָגן. ער הייבט זיך שוין אונטער באצייַטנס. און פארשפּאָרט איז געוועזן זיך אונטערצוהייבן, אין נאָמען פון קעמערל האָט א צווייטער א וואָרט באקומען, און דער צווייטער איז געוועזן ניט קייַן „ער”, נאָר א „זי”, דער אפּאָרג פון קעמערל, סאָניע טורעצקאיא.

מע רופט זי אפן נעבעכיי לויט דער פראָפעסיע: סאָניע די ארמאטורטשיצע. פון אָנהייב האָט זיך נאָר באוויזן א קאָפּ געקרייַזלטע הערלעך, נאָכדעם — א פּאָנעם — אן איי — א סמיאטקע מיט א נעזל אן אופגעבלאָזנס, א שמייכלדיקס, א פארשטייַפטע אין דער ארמאטור־ספעצאָווקע, זעט זי אויס ניט הייך, כאָטש פון די נידעריקע איז זי ארויס. און ריידן רעדט זי מיט א פארכאפונג, ווי שלינגענדיק בריַענדיקע ארבעסלעך.

— „וואָפּערוויכ”, וויל זי זאָגן, א פּאָר „שטשירע” ווערטער. אין צוזאמענהאנג מיטן שטורעם נעמט אפ זיך דאָס קאָמיוגישע קעמערל פאָלגנדיקע פארפליכטונגען: ערשטנס, נעמען די איניציַאטיוו פון דורכפירן א שאבעסניק און מאכן א טאָלק אפן געבייַ, עס זאָלן זיך ניט פארטשעפּען די פיס. —„וואָ ווטאָריכ”, אָרגאניזירן א בריגאדע פון וואסער־גיסערס און שטשעבען־קלייַבערנס. און „טרעטיכ”, איז דאָס גאנצע קעמערל פון הייַנט אָן אייַנגעשלאָסן אין שטורעם צוזאמען מיט דער אומפארטייִשער יוגנט. און אָט דאָס האָט זי געוואָלט זאָגן. נאָר א פּאָר „שטשירע” ווערטער.

אביסל איז טומלדיק געוואָרן, ווען זי האָט אופגעהערט ריידן, כאָטש איר מויל האָט זיך נאָך ניט צוגעמאכט, ווי ער וואָלט זיך דערמאָנען וועגן נאָך עפּעס וויכטיקס, וואָס דאָס קעמערל האָט באשטימט. און דערווייַל האָט זי געקעמט מיט די פינגער די גרייַזעלעך אפ ארויף און אפן פּאָנעם—אן איי א סמיאטקע—שמייכלט נאָך אלץ דאָס נעזל.

* * *

און טונקעלער ווערט דער בליאסק פון טאָג. איינדערווייַט, בא א יונג צעפוקטן סאָסנאָווון וועלדל, האָט זיך די זון מיט גוואלד אין די צווייַגן, ווי אין א נעצ, פארפלאָנטערט, געפּייַערט ווי ניט וועלנדיק צעשיידן זיך מיטן טאָג. זי האָט דערברענט די זון מיט שיטערע שפּיזן, ווי אן אויסגעלאָשענער האָרן. די לעוואָנע, א האלבע באק מיט אן אויג, האָט אין שפּיגל פון אָוונט געגומענ ארייַנקוקן און געשאָטן מיט ליכטיקע שאָטנס. מיט פולן נאריאד האָט דער אָוונט געבלישטשעט א פארקוטעטער אין קילבלעכער פרילינג־לופט,

לופט, וואָס מע קענ אָנעמענ אינ האנט, דערפילנ אינ די פינגער, זופנ הויפנסווײַז אונ שלינגענ ווי שטיקעלעכ אײַז.

רובינ איז נאָכ אלצ אפנ פעסל געשטאנענ, עס איז נאָכ אלצ אויסגעשטרעקט די האנט־די אָנגעגאָסענע שטיק בלײַ, ווי ער וואָלט מיט איר דעם אָיונט פארנ האלדז אָנגענומענ אונ ניט נאָר דעם אָוונט אליינ, נאָר דעם הימל אויכ, דעם הימל מיט פרישע אופשפראָצנדיקע שטערנ, ווי רײַז אָנגעשאָטענע. זײַנע זאפּרענדיקע אויגנ האָבנ באקומענ א שיטערנ בליאסק, נאָר די שווארצאפּלענ האָבנ זיכ ברייטער צעשפּרייט אונ פונדערווײַטנ געלויכטנ ווי שטיקעלעכ פאָספאָר אינ דער פינצטער. מיט דעם שיטע'נ בליאסק האָט ער ארומגעכאַפּט די גאנצע בויער־מאסע, וועלכע האָט אים ארומגענומענ אינ א רייפ.

אונ שיטערע שטימענ האָבנ זיכ פונ אלע זײַטנ געלאָזט הערנ:

— ווערט נאָר זײַנ שאמאָווקע, וועט „לאָדנע“ זײַנ!

אונ עלעקטרישע לעמפּלעכ האָבנ זיכ פלוצלונג ווי אונטער א קאָמאנדע א צונד געטאָנ איבער קעפּ אונ אזא מעשענעם בליצ געטאָנ, אז בלאנקענדיקער שטויב האָט זיכ צעשאָטנ איבער פּענעמער מיט זשמור אינ די אויגנ.

— מ'רעדט וועגנ שאמאָייקע! א וויכטיקע פּראָבלעם בא הײַנטיקנ טאָג. מע דארפ ריידנ, עס וועט זיכ אנדערש שטורמעווענ. עס וועט זיכ דערלאנגענ פלייצע.

אונ ניט איינמאָל איז שוינ דאָ געווענ ר.ק.אי. אפנ געבײַ אונ פארזוכט א בלאָטנ באָרשטש, וואָס האָט זיכ ניט געוואָלט קלעפּנ צו די ליפּנ.

— קאנעס איז מיט דעם גוט צו מאכנ!—האָבנ אייניקע בויער געשריִענ אונ געשטופּט דעם פאָרשטייער פונ ר.ק.אי. גלײַכ אונטערנ נאָז א לעפל באליידיקטנ גרינעם באָרשטש.

— נאט, טוט א שמעק! עס שמעקט מיט סמאראווידלע.

אונ גאנצ ערנסט פארנעמט זיכ דער אָרטקאָם מיט אָט דער פראגע. דאלענקאָ איז יעדנ טאָג אינ באזאָרגונג־קאָמיטעט אונ יעדנ טאָג זינגט ער דאָרט איינע אונ דיזעלבע לידער:

— אפּ מאָרגנ זאָל מיר זײַנ פלייש אָדער פיש! איר הערט, פיש אָדער פלייש, ס'מאכט ניט אויס אויכ הירזש אפּ א קאשע.

עס איז רעכט בא דאלענקאָנ ביז ווארמעס־צײַט ארומפליִענ מיט פארקאשערטע ארבל, ווי אנ אלטער קוכער אונ ער לאָזט ניט צורו קיינעם ניט דאָרטנ אפנ ק״כ. מע קענ הערנ ווי דער פולער מויל צונג צעלאפּאטשעט זיכ בא אים, ווי א וויאָסלע אפּ וואסער.

— אָט, נאָכ אביסל, נאָכ אביסל גרויפּנ שיט ארײַנ, נאָכ א האליאָנקעלע אינ קעסל. דער פּראָלעטאריאט איז ווערט. אונ די קעכערס קאטשענ זיכ פונ אים, זיי ריידנ צו אים מיט אָנגעפּאליעטע אויגנ פלאם־פײַער:—אָט. גיי בעסער אינ ראבאָטשקאָם, גיי, שרײַב פּראָסאָקאָלנ, מיר וועלנ זיכ אליינ שוינ דאָ ספראווענ.

— זעסט! זעסט! ער וועט באלד אינ קעסל מיט די שטיוול ארײַנקריכנ, לאָזט אים נאָר. דאלענקאָ הערט זיי אָבער אינ טראָק. ביזוואנענ דער ווארמעס איז ניט פארטיק, הערט ער ניט אופּ צו באשמעקנ אונ צו באטאפּנ. ער מוז דערזענ היגיענע אינ אלע ווינקעלעכ.

אונ אָט רעדט ער, דאלענקאָ. ווענ ער האָט דערהערט דאָס וואָרט „שאמאָווקע“, איז ער אופגעשפּרונגענ אפּ א קאָפּ העכער פונ זיכ. אים דאכט זיכ, אז די פראגע רירט קיינעם ניט אָנ אזוי באמ מאָגנ, ווי אים. ער זאָגט טאקע:

— אינדערלענג אונ אינדערברייט וועט זיכ דער אָרטקאָם לייגנ, ר.ק.אי. וועט בא אים א קערער ווערנ, אונ דאָס עסנ וועט געשמאק זײַנ. אונ וועגנ נאָכ עפּעס האָט ער צולעצט געגעבנ אָנצוהערנ.

— מיטנ אונטערשעפ־קאָלכאָז איז די טעג אנ אָפמאכ געשלאָסנ געוואָרנ: די ערשטע גרינסנ וועט זײַנ פאר אונדז, וועלנ מיר זיי קומענ צו הילפ, וועט זײַנ „לאדנאָ".

ווי עפעס א שווערס האָט זיך פונ אונטער דער לאָפעטקע אראָפגעגליטשט. דאלענקאָ, אז ער רעדט, ווילט זיך אים הערנ, כאָטש ניט געשלייפט גייענ בא אים די ווערטער ארויס. א פולער מויל צונג טשעפעט זיך צום גומענ, נאָר יעדער וואָרט לייגט זיך אָפ אינ קאָפ אזוי ווי א בוליזשניק אפ ווייכנ אויסכבעט פונ מאסע. די דיקע שטריכנ אפ זײַנ סקולפּטאָרישנ פּאָנעם, וואָס זעט אויס ווי אויסגעהאקט פונ א שטיק צעקארבטנ שטיינ, ליגנ ניט געריירט, ווי קאלטע טיפע שראמענ אפ מארמאָר. ער איז שטרענג, ווענ מע דערגייט אים ביז דער זיבעטער ריפּ. עס טרעפט אמאָל א קלייניקייט. דער בופעט פארגעסט ברענגענ מאכאָרקע אפנ טאָג. הײַנט ווער איז שולדיק? פליט מענ הורטאָם אינ „ראבאָטשקאָם" אונ מיט א הוק: פארוואָס איז ניטאָ? ביוראָקראטנ!

דאלענקאָ ווייס ניט פונ וואָס צו זאָגנ. ער קנייטשט מיט די פּלייצעס. אלץ דארפ דאָס אים ליגנ אינ זינענ. אונ אביסל וועט מענ ליארעמענ אונ נאָכדעם קענ מענ זיך באטראכטנ. ווער האָט אים דעם הויכנ דאלענקאָנ פאר אנ אָרטקאָם אויסגעקליבנ. אונ אויב עס איז דאָ אביסל צעשאָטענע מאכרעס בא דאלענקאָנ אינ קעשענע, קענ מענ דערווײַל צוגייִנ אונ פארדרייענ א ציגאר ווי פונ אנ אייגענער קעשענע, מע קענ א ניט טאָנ צודערצו אונ אינ קודלעס רויכ א פארוויקלטער, קענ זיך א בויער וועגנ עפעס דערמאָנענ...

מיט א צײַט צוריק, ווענ קיינ בריגאדעס זײַנענ נאָכ ניט געווענ, האָט מענ נעארטעלעוועט אפ פולע הויפנס. אונ אינ איינעם א פרימאָרגנ איז אינ ארטעל צוגעקומענ נאָכ איינער א נײַער, א פרישער. דער צוגעקומענער—א הייכער, מיט א פּאָנעם, ווי פונ א שטיק צעקארבטנ שטיינ אויסגעהאקט, אפנ קאָפּ איז אָנגערוקט א שליעם. אפנ שליעם—א בליאסקעדיקער פינפקאנטיקער שטערנ אונ א שינעל אנ אָפגעריבענעם, א צעפלאטערטנ האָט ער געטראָגנ. ער האָט דעם שינעל גלײַכ פונ די פּלייצעס אראָפּגעוואָרפנ אונ געשטעלט זיך פארמישנ א קעסטל צעמענט. א האלבנ טאָג האָט ער אָפגעארבעט שווײַגנדיק, מיט קיינעם קיינ וואָרט ניט אויסגערעדט. נאָכ ווארמעס האָט ער נאָר שטיל באם ארטעלנעם א פרעג געטאָנ—וויפל פאָרשטייער אונ קאָמסאָמאָלצעס איז דאָ אינ ארטעל? אונ צוביסלעכ איז ער ריידנדיק געוואָרנ. מע האָט זיך שוינ דערוווּסט זײַנ פאמיליע אונ זײַנ נאָמענ. מיט אָפּשײַ האָבנ מוליארעס גערעדט וועגנ אים:

— אָט א כעוורעמאנ! ערשט געקומענ פונ פּוילישנ פראָנט אונ שוינ געשטעלט זיך דערלאנגענ פּלייצע, דעם שינעל אפילע נאָכ ניט פארלאטעט. אונ א טאָג איז דורכגעגאנגענ, א טאָג איז דורכגעפלויגנ. האָריזאָנטנ האָבנ ערשט צעפלאקערט פונ נאָכ א גרויסנ פײַער־פלאם. ערשט נאָכ דער ארבעט האָט זיך דער רויטארמייער געכאפּט: עס פעלט בא אים דער רויטער שטערנ אפנ העמד. דער ערשטער האָט דאָס באמערקט יודקע, אזעלכע אייגנ זײַנענ בא אים. צו דאָוויר קעלנע האָט ער שטיל א פּאָנפּע געטאָנ:

— זע נאָר! קוק נאָר, קעלניצע. דער גרויסער האָט געמוזט זײַנ קאָקארדע פארמויערנ, מע דארפ בא אים א פרעג טאָנ. טו דו, קעלנע, א פרעג, דו ביסט א ספּריטנער אפנ צונג. זע נאָר, ניט שרעק אים איבער.

בא דאָוויר קעלנע איז דאָס איינס אונ צוויי. נאָר ארויסגעפּײַפט א דינעם הוסטל ק׳הו, ק׳הו, אונ גלײַכ אפנ שטעל וועגנ דעם אים איבערגעגעבנ. דאלענקאָ האָט זיך א כאפּ געטאָנ צום שליעם, באקוקט אים פונ אלע זײַטנ, באטאפּט פונ אלע עקנ, באקוקט אונ באטראכט—ווּהינ האָט געקענט אהינקומענ דער פינפקאנטיקער?

און ווי אַן אויצער האָט ער אים געזוכט, געריבעט אין ליידיקן קעסטל, געזוכט אין טשאַנ, אין שייקע מיטן האנט געקאַרפּעט. נאָר ערגעץ ניטאָ. היינט טרעפ ווו איז אהינגעקומען דער פינפקאנטיקער. און אביסל האָט אופגעשטיפּט אין ברוסט. די לעניאָנערן האָט ער, דער בליאסקעדיקער פינפקאנטיקער, אין אלדיקאפיקאלן געיאָגט. א הונגעריקער נאַקעטער שטערן האָט געפינקלט מיט שארפן בלענד פון א דימענט. און נאָך א לאנגער צייט זוכעניש איז אים אויסגעקומען מיטן האנט א שאָקל טאָן און טיף, ענדלעך ווי מיט א זיפץ, א זאָג טאָן—„לאדנאָ".

ס'איז דאָ נאָך א שטערן בא אים אין זאפאס.

אין הארצן ליגט פארמויערט ניט קיין אויסגעלאָשענער שטערן.

---

און אפן הימל איז אויך שטערן. דער הימל איז מיט שטערן ווי מיט גראַחי באשאָטן. עס, ווען זיי שיטן זיך אויס ביז איינער, וואָלט מען אזויפיל קובאָמעטער געקאָנט פארבעטאָנירן. ווי קליין זיי זיינען אָט די שטערנדלעך אנטקעגן דעם איין גרויסן פינפקאנטיק שטערן, ווי עס איז טונקל זייער פינקלען, אנטקעגן דעם בליאסק פון פינפקאנטיקן, וואָס בליצט מיט אייגענע בליצן און צעצינדט העלישע פייערן און באגיסט מיט פלאמען פון פאָליוס ביז פאָליוס...

דאלענקאָ האָט מער ניט גערעדט. זיינס האָט ער אָפּגעזאָגט. עס איז שוין ניט פרי. אפּ הייבע שמאפלען האָט זיך דער אָוונט אופגעהייבן און געטעמט צעוויגט פון יעדער שפּאַרונקעלע.—און מאָרגן איז א אָפּרו־טאָג. נאָר מאָרגן וועט מען ניט רוען. פון מאָרגן הייבט זיך אָן דער שטורעם.

— איז ווער האָט נאָך וואָס צו זאָגן? ווער שליסט זיך איין, ווער האלט זיך אָפּ?

הענט האָבן א טונקל מעשענעם בליץ געטאָן אינדערלופטן. ניט אלע הייבן זיך. גלייך איינ׳קע האָבן ווי פון זיך אליין אופגעהייבן, אייניקע מיט א פארשפעטיקונג און אייניקע הענט באטראכטן זיך דערווייל, ווי עס וואָלט אויסגעקומען פייער אין האנט אָנכאפּן און עס ציטערן די פינגער פאר א ברען.

און דאָוויד קעלנע האָט נאָך דערווייל געהאלטן א האנט אונטערן פייגן־בערדל. ער האָט נאָך ניט געשטימט. די האנט האָט בא אים נאָך ניט איבערגעטראכט, עס קנייטשט זיך די האנט, ווי זי וואָלט אויך געטראכט: עס לוינט זיך אופהייבן, צי „נעכייי". און ערשט באם שליסן די בעראטונג האָט ער זיך צו טעוולען צוגערוקט מיט א זייטעלע און מיט א טויבער כניפּע א פרעג געטאָן:

— דאָס שטימט מען פאר מאָרגן? הא? צי וואָס?

— פאר איבערמאָרגן אויך!—האָט אים טעוול אָפּגעענטפערט.

— אזוי גאָר!—האָט דאָוויד שטיל איבערגערערט און געקוקט פארטראכט, ניאנטשענדיק אונטערן מאָרדע מיטן האנט. און א האנט האָט זיך בא אים יאָ אופגעהייבן, נאָר קיינער האָט ניט באמערקט. קיינעם איז ניט איינגעפאלן, א קוק געבן אפ הינטן און זען, ווי דאָוויר קעלנע שפאנט נאָך אלעמען עטוואָס אראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ מיט א פאריסענער האנט. נאָר דער מיליציאָנער, וואָס איז געשטאנען אָנגעשפארט אפן ביקס באם ארויסגאנג פון טויער, האָט אים א באמערקונג געמאכט:

— כאווער, עס וועט בא אייך אָפּכאלעשן די האנט, מאָרגן צו דער ארבעט וועט זי צוניץ קומען.

עס האָט זיך פאַרוויטלט דאָס געלע פייגן־בערדל. האָנעריש האָט זיך פאַריסן דער קאָפּ און שווער האָט זיך אראָפּגעלאָזן א האַנט.

2

מאַמעס און קינדער, ברידער און שוועסטער, אַלע זייַנען הייַנט אפן געבייַ. א שאַבעס־ניק איז הייַנט. ווייַבער פון אַלערליי סאָרטן זייַנען דאָ: ווער אין א טיכל, ווער אין א היטל, ווער מיט קורצע ארבעלעך און אָפענער דעקאָלטע, און ווער אין א לאַנגער דעליע, וואָס ווישט און קערט דעם ברוק. קורצע און הייכע, דינע און ברייטע, אַבי די מאַנען זייַנען זיי געפעלן.

און די מאַנען האָבן זיי אהער אראָפּגעבראַכט. אגיטירן קיין סאַך איז ניט אויסגעקומען, ווייַל מיט א פּאָר טעג פריִער איז אין יעדן בויער־הויז געלעגן אן ארויסרופ־פּאַפּירל פון קאָמערל און אַלעמען איז מיט אייגע און דיזעלבע ווערטער געווען אָנגעשריבן:

— ארויסרופ. דעם 20־טן אַפּרעל הייַאָר ווערט אפן אָביעקט פון געבייַ מעטאַל־זאַוואָד אָרגאַניזירט א שאַבעסניק. פרייַוויליק קענט איר אָנטיילנעמען אין דעם שאַבעסניק. אונטערשריפט. — פּאַרט־קאָמיוגיש קאָמערל. אָרטקאָם.

און ניט באַנוגענענדיק זיך מיט אן ארויסרופ, האָט שימען וואַפּניק און סאָניע טורעצקאַיא מיט נאָך אייניקע קאָמיוגיסטן געמאַכט א רייַד איבער די וווינונגען פון בויער און געהאַלטן קורצע אינפאָרמאַציעס וועגן דער באַדייַטונג פון שאַבעסניק. און די ערשטע פון אַלע ווייַבער איז געקומען — טעוולס די 27־יאָריקע שיינדל, א סטוינע פּילפּארביקע ווייַבל מיט א זיס מיאַטנעם פּאָנעם, וועלכע פאַרמאָגט א לאַנגן צעשפּרינקלטן טשמוכערל, וואָס קוקט אראָפּ פאַרשעמט אפן בויך און הוידעט זיך אונטער צוביסלעך און איז, דאַכט זיך, העכער פון טשמוכער אפ א פּאָר דיוים. און די ערשטע אין ריי איז זי געשטאַנען מיט עטוואָס א אייַנגעבייגענעם קאָפּ און געהערט די קורצע אינפאָרמאַציע, וואָס דער פּראָראַב נעסטעראָוויטש האָט אָפּגעגעבן פאַרן אָנהייבן דעם שאַבעסניק. ווי אונטער א סטרונע זייַנען די ווייַבער געשטאַנען יעדערע מיט א באַזונדערן בליאַסק אין די אויגן, מיט א באַזונדערן קנייטש אפ די באַקן־הייַטלעך און מיט א באַזונדערן אויער־אָנשטרענג. און דער פּראָראַב האָט גערעדט און געדרייט זיך ווי א שרויפ אפ אַלע זייַטן. יעדער וואָרט איז באַשטאַנען פון א הילכיקן כאָרכל, פון א שאַרכ מיטן לאַנגן פאַרוואַפּנעטן גומענעם פלאַשטש, וואָס איז געווען אָנגערוקט אפ די אַקסלען און א שווינדלדיקן פינטל מיט א פּאָר אגרעס־אויגן, א פיר מיטן האַנט איבער דעם אָפּגעגאָלטן קאָפּ און איבערן גאַנצן ארום:

— דער גאַנצער פלאַץ דאַרף באַקומען אן אַנדער פּאָנעם — אַזוי האָט נעסטעראָוויטש גערעדט, ארומפירנדיק א קרייַז מיטן האַנט און פאַרכאַפּט האָט ער א מער ברייטערן מאַסשטאַב, ווי ער האָט געמיינט.

— עס דאַרף אופהערן טשעפּען פאַר די פיס דאָס אָנגעוואַלגערטע מאַטעריִאַל, א קאַלך דאַרף ווערן, טאָ־טאָ. געהילצ דאַרף געסאָרטירט ווערן באַזונדער, ציגל באַזונדער, און כלאַם דאַרף אויך האָבן אן אָרט. אַלצ וועט אין „דעלע‟ אוועקגיין, טאָ־טאָ.

און די ווייַבער הערן און די ווייַבער קוקן יעדערע מיט א באַזונדערן בליאַסק אין די אויגן, מיט א באַזונדערן קנייטש אפ די באַקן־הייַטלעך און מיט א אייגנאַרטיקן אויער־אָנשטרענג. און אַלע זייַנען אייַנגעצויגן מיט די בליקן אפ דעם פּראָראַב נעסטעראָוויטש, וואָס דרייט זיך ווי א שרויף אין זייַן לאַנגן באַפלעקטן ברעזענטענעם פלאַשטש.

ער הערט ניט אוף צו רײַבן זײַן אָפּגעגאָלטן צוגעבאַקטן קאָפּ, וואָס זעט אויס ווי א פארבאַקטער קאָרזש אײַנגעטונקט אין ביימל. און כאָלט בא אים זיך בײַטן די פארב אף זײַן פּאָנעם, וואָס איז לענגער ווי ברייטער. מער ניט, אפן שטערן דעם פלאַטשיקן, מיט א ציטער די הויט די שורשאָווע, וואָס בעט זיך מע זאָל זי א גלעט טאָן אף ארופּ, וועט זי באַקומען א גלאַנץ... ער שטייט צווישן אלעמען אזוי, פונקט ווי ער וואָלט געווען אײַן „מושטשינע" אין „יעוראָפּע" און איין אינזשענער אין פינפיאָר. און די ווײַבער הערן אים בײַם קאָפּ. ווער עס האָט אונטערגעשפּאַרט א האַנט אונטערן באַק, ווער אונטער די באָקעס. נאָר בא שיינדלען איז געלעגן א האַנט אפן בויך און די האַנט האָט געסאָפּעט שווער, שווער, אז עס האָבן געציטערט די שפּיץ פינגער.

פון אַלע זײַטן פארקױנגען קינדערשע שטימען. יאַטלעך האָבן זיך צעניגנט אין די מינוטן פארן הודאָק. און דערווײַלע ביזן קלונג פון רעלס האָבן יאַטשיכעס אונטערגעכאַפּט, פארכלינענדיק זיך מיט א קוויטש.

— „מי טאַקסאַמאַ ניע סאַדזעלי, מי פאָוריכטאַוואַליסיאַ".

און מיידלעך שטשירע אין רויטע האַלדזטיכער האָבן זיך ארומגעקײַקלט איבער קלעצער געשפּרונגען ווי וועווריקלעך איבער שטאַבלעס ברעטער און געגליטשט זיך ווי מיט אונטער געשמירטע פּיאַטעס.

און אָט איז דאָ שימען וואַפּניק. אַלע האָבן זיך צו שימענען א שאָט געטאָן, באַגריסנדיק זיך מיט א הילכיקן — „זדראַוואָ" סעקרעטאַר! און העגטלעך האָבן איבער קעפּ א שווינדל געטאָן, ווי בלאַנקע שאַרפע מעסערלעך און ווי מיט געראָטענעם שוואַרצן מאָן איז שימען באַשאָטן געוואָרן פון אַלע זײַטן.

עס קאָנען אים אַלע אָט דעם געשטופּלטן סעקרעטאַר פון קאָמיוגישן קעמערל, בא וועלמען עס וויגט שטענדיק אײַן און דיזעלבע שוואַרצע פּאַפּאַכע איבער די אויגן, ווי א נעפּל. און איבער א טאָג זעט מען אים אין פּיאָנער־באַזע. ער קומט מיט פולע אָנגעשטאָפּטע קעשענעס נײַס און טראָגט אוועק צוריק אַנדערע נײַס — פון דעם, וואָס הערט זיך אין די פּיאָנער־אָטריאַדן. ווי א דערטרונקענער איז ער איצט געשטאַנען ביז איבער די פּאַכוועס. עס האָט זיך נאָר געזען די שוואַרצע פּאַפּאַכע און א שטיקל אָפּגעשפּילעטער קאָלנער. דאָס איבעריקע פון זײַן קערפּער איז געווען פארדרייט, אופגעמישט אין א ראָד פון יונגע וואַרעמע קערפּערס, וואָס האָבן אים צעגויפּגעקוועטשט, ווי אין א וואַרעמען הויפן און פארקלונגען די אויערן:

— וואַפּניק! דו הערסט, שימען! מאָטקעלע טעוולס וויל זיך מיט דיר פארוועטן.

און אַלע האָבן זיך א קער געטאָן צום קורצן געוועצטן האָנאָריסטן יאַטל, וואָס האָט זיך אונטערגעהושקעט אפן ברעט און געריצט זיך אַנטקעגן מיט געקאַלכטע ציינדעלעך, ווי געשיילטע יאָדער. און נאָכן אָנשטעל פון די האָגלדיקע אייגלעך האָט מען געקענט זען, אז ער מיינט ניט אַנדערש, מע זאָל צוגיין צו אים נאָענט, ווײַל ער וועט אמאָל אויך זײַן א גרויסער מיט א שוואַרצער פּאַפּאַכע האָר און אף געוויס א סעקרעטאַר און נאָך העכער, ס׳איז רעכט, אז א „בודיאָנע" אפילע. אז קיינער איז צו אים ניט צוגעגאַנגען, שפּרינגט ער אראָפּ פון ברעט און אָט איז ער צווישן אַלעמען, אָט רעדט ער מיט פלאַם אין די בעקלעך און מיט די האָגעלעך אין די אויגן. און מאָטקע האָט זיך קיין קאָפּ ניט פארשעמט, ער האָט נאָר אונטערגעהייבן די הייזלעך און אויסגעפּוקעט דאָס ברוסטל. אויסגעזען האָט ער, ווי א אויסגעבאָדענער העלד, וואָס איז ערשט פון א מולטער ארויסגעקראָכן.

אונ דאכט זיכ, דער העלד וועט באלד ארויסגיינ אפנ מיטנ פארלעגערטנ פלאצ אונ וועט א געשריי טאָנ מיט א צעפּאָכעטנ זשעסט:

— „ליובוי", ווער עס וויל, פאזשאלויסטא! פאָ פראנצוסקו קענ ער זיכ ראנגלענ. נו ווער וויל? גייט ארויס!

די רעלס האָט פלוצלונג פיצלעכ קלאנגענ צעשאָטנ. סירענעס האָבנ די שטאָט פונ אלע זייטנ ארומגענומענ אונ געהודעט לאנג־לאנג. א ווייטער אָפהילכ איז געבליבנ הענגענ אינ־דערלופטנ — הר־הו. אונ יעדער שטייט שוינ אינ זיינ בריגאדע, צעמישט גרעסערע מיט קלענערע, שטארקערע מיט שלאפערע. די דעסיאטניקעס גייענ פאָרויס, ווי קאָמאנדירנ, אונ פונהינטנ ציט מענ זיכ ווי א לאנגע, פילפארביקע שנור.

יורקע דער אלטער, קוקנדיק אפ היינטיקנ פרימאָרגנ, פרעגלט זיכ פונ דערקוויקעניש. א שפילעכל, ער איז דאָכ היינט ווערט א בלעכענעמ מינדאל. זיינ ווייב פוריכענ האָט ער אויכ אראָפּגעבראכט אהער. זי האָט ניט געוואָלט גיינ די אלטע, אזוי דערציילט יורקע. ער האָט איר אָפּגעפּראוועט א ליגנ, א זרײשטאָקיקנ, אז נאָכ דער ארבעט וועט מענ געבנ א פאיאָק פונ ערשטנ „ספּיס" אונ מיט נאָכ „סייע טייע".

— מיינע האָט א גאנצע נאכט ניט צוגעמאכט מיט אנ אויג, געטוקעט מיר די זייטנ. יורישקע, שטיי אופ, שוינ א בליאסק אפ טאָג. אונ אלע ווילע א טערעבענצ אינ זייט יורקע! איכ טו זיכ א כאפּ, זי שטייט בא מיר איבערנ בעט, ווי א זשאנדאר, פארפוצט ווי זי וואָלט געקליבנ זיכ אינ זאגס גיינ מיט מיר זיכ אָפּשרייבנ. אונ דאָס פּענעמל איז פארשטעפּט אינ א רויטענקער טיכל. א פארצעלייענע קוקלע, א גיפסענער פּאָנעמ מיט אנ אליבאסטרעווע נעזל.

— די האָר, זאָג איכ צו איר, די האָר דיינע פארוק טיפער אונטערל טיכל, די האָר פאטערנ די פיזאָנאָמיע. ווי קומענ גרויע האָר צו אזא ייצרהאָרע־פּאָנעמ.

א גאנצנ טאָג האָט זיכ יורקע צעשאָקל'ט, ווי א קורצער דעמב אינ א שטארקער זאַ־ווערוכע. ער האָט נאָכ וואָס צו דערציילנ. ארבעט איז איבער די קנעכלעכ אונ ער מוז באווייזנ מיט די הענט, מיטנ קאָפּ אונ מיטנ שטערנ אפ וואָס פאר אנ אויפנ ער האָט אָפּגעלאפּיאָרעוועט זיינ ווייב, אָבער איינמאָל אָפּגעלאפּיאָרעוועט. אונ ער באלעקט זיכ נאָר מיט דער דערציילונג אונ שטשירעט מיטנ האלב־צעקרישעטנ צאָנ, וואָס שטעקט פונפּאָרנט ווי א וואָרצל. אונ אָט הייבט ער אָנ מיט די הענט, מיטנ קאָפּ אונ מיטנ שטערנ:

— מיר גייענ זיכ זאלבאנאנד אינ בליאסק פונ טאָג צו דער ארבעט. „פּאָד רוטשקי", גייענ מיר. זי האלט מיר שטייפ אונטער דער פּאכווע, זי פירט מיכ ווי אנ ארעסטאנט, איכ זאָל ניט מאכנ די פּלייטע. אונ אָט זאָג איכ איר — מיינ טייערע באשערטע, וואָס איז אפ דיר היינט אזא „כוואליא" אָנגעפאלנ, ווּהינ האָסטו זיכ פארפוצט אינ קוואס אונ אינ עסיק, פּאָלג מיכ א גאנג, פארנעמ זיכ צוריק מיט די מאנטאזשקעס, קאָכ אָפּ א ווארעמעס אפ בראָדסקיס מאנער, רעטעכ ניט פארגעס אָנרייבנ, רעטעכ מיט ציבעלע. קנאָבל מיט אנ איי. מיינע איז א האָנאָריסטע, זי האָט זיכ איינגעשפּארט. זי ווייס שוינ מיינ מאנעפּאָרגע, אז קיינ פאיאָק גיט מענ ניט, נאָר אהיימ קערט זי זיכ ניט אומ. עס איז דאָכ א שיינער טאָג, א טאָג, כאָטש קאטשע זיכ אונ פּאָדבריקעווע, אונ זי זאָגט מיר, נעבעכ, ווי א באַ־ליידיקטע:

— וויפל טעג אזוינע האָט זי אָפּגעהיבייעט אינ שטוב, זי וויל דורכלופטערנ איינ מאָל פאר אלעמאָל אירע 55 יאָר, וואָס זי האָט לעבנ אויווּנ געבראָטנ. אונ דאָ דארפ נאָכ אָנ־טראָגנ א גאנצע קאמפּאניע, ווייבער אונ קינדער א יאמ. שיינדל טעוולס טראָגט זיכ, ווי

אב אקטיוויסטקע און כיינדלט זיך מיט טעוולס בויך און די צוויי קאראפוזן שלעפן זיך אויך נאָך איר.

— מײַנע האָט זיך א כאפ געטאָן, ווי אן אונטערגעסמאליעטע, די פיס אין די הענט אופגעכאפט, און „פאשלא". א מאָטאָציקל. ניט קיין ווײַב.

ווער עס האָט געהערט יודקעס דערציילונג און ווער עס האָט ניט געהערט, יודקע, אז ער וויל, קען ער. יודקע מיט זײַנע זשעסטן קען אופטרייסלען פון געלעכטער א וואגאָן מיט קישקעס. איינער ענטפער:

— אײַ גוט! גוט האָט דײַן ווײַב אָפגעטאָן. גענוג געפאדטמאקעוועט יודקען מיט רעטעך און ציבעלע. עס איז אײַך ניט קאטערינעס צײַטן.

— אוואדע גוט! האָט יודקע איין זיך א זאָג געטאָן און מיט זײַנע פולע פלוימען זוכט ער איינדערווײַט.

— סארא קערעלע, סארא דרייעלע, סארא טאלקע!—האָט ער זיך אליין געפאָנפעט מיטן נאָז און אלץ ניט אראָפגענומען קיין אויג פון דער ווײַב, וואָס האָט פונדערווײַטן זאלבאנאנד א נאסילקע געטראָגן און געשאָטן שטשעבען אין א קופע. די קופע האָט פונדערווײַטן ברוין גליִענדיק זיך גערויכערט און אויסגעזען ווי א פלאם פון א טליִענדיק שײַטער, וואָס הייבט זיך אָן פאנאנדערפלאקערן.

און דער טאָג קאָכט אפ די הייכע גראדוסן. ווען מע טוט א טאפ דעם טאָג פארן שטערן, וואָלט מען געקאָנט זאָגן:

ער האָט היץ, אָט דאָס קינד, נאָר טו מאכ, אז ער לאָזט זיך קיין קאָמפרעס ניט צולייגן. און פרילינגדיקע היץ איז נאָך צו דערלײַדן, פרילינג קען באקן און גלעטן און דערצו נאָך אונטערפאָכן מיט א קילן ווינטל און צושעפטשען:

— גרייט די מוסקלען, גרייט די ביינער, עס וועט נאָך היצן, עס וועט ערשט ברענען. און פאמעלעך שאָקלען זיך ראדאָווניקעס, ארויסגעשטעקטע פון די ווינקלען. די ראדאָווניקעס ווי זיי שטימען אויך צו מיטן שטילן צושאָקל: עס וועט ערשט היצן, עס וועט ערשט ברענען.

און א היציקער און א פלאמיקער שטייט דער פראָראב נעסטעראָוויטש אפ א טרעפל פון שטאבע, קוקט ארײַן אין א צייכענונג און רעדט צו פאָלען דעם טעכניק-פראקטיקאנט, וואָס שטייט אפ א טרעפל נידעריקער פון אים:

— טאָ־טאָ, כאווער, ווען מיר האָבן טאָגטעגלעך אָט די מאסע, מען וואָלט דערלאנגט די עמעסע טעמפן. און אן אייגל רײַסט ער אָפ אלע ווײַלע פון צייכענונג און פארשפארונעוועט אים, באטראכנדיק דעם ארום, ווי א געאָגראפ.

פאָלע, א שווארצהאָריקער יאָט מיט א צוגעקעמטן יאָזשיק אפ ארופ, האָט זיך געסטארעט אופהייבן אפן טרעפל, ווו נעסטעראָוויטש איז געשטאנען. נאָר צוליב באקוועמלעכקײַט איז ער אפ אים געבליבן שטיין נאָר מיט איין פוס און גערעדט האָט ער, פארײַסנדיק דעם יאָזשיק אפ ארופ:

— אָהאָ די מאסע! אָ מאכינע קען מען מיט איר איבערקערן.

און דרייענדיק מיטן קאָפ אפ ארופ, האָט ער געזשמורעט שיטער מיט די ברעמען. און דאכט זיך, אזוי מיטן אייג איז שווער געווען ארומכאפן אָט די מאסע, וואָס איז געווען צעזייט איבערן פלאץ: קעפ, קעפלעך, פאטשײלקעס האָבן געלויכטן אנטקעגן זון, ווי פולער בעראָטענער מאָן. קופעס צונויפגעטראָגענע ציגל און שטשעבענעס רויכערן זיך נאָך אלץ ברוין־גליִענדיק, ווי טליִענדיקע שײַטערס באם צעפלאקערן זיך.

### כ. מאלטינסקי

*
* *

דאָ בא אונדז אפ דער ראטנ־ערד
איז אזוי גוט צו זינגענ, צו לאכנ
שטעל אָנ דײַנ אויער אונ הער,
ווי ס'הילכנ דאָ אלע זיבעציק שפראכנ,
אלע זוניקע שפיזנ כ'דערשלינג
מיט ווינט, מיט פרישנ, געשמאקנ.
ס'איז אזוי גוט, אזוי גרינג
ס'רויטלענ זיכ אזש מײַנע באקנ.
וואָס פרייד, וואָס לוסט איכ האָב
מײַנ געלעכטער אזא מינ אָ זשאווער,
עס ציט זיכ, ווי א קנאָספ מײַנ קאָפ
צו דער זונ—מײַנ היימלעכנ כאווער.
ווי א הארבסטיקער עפל—איז רײַפ
מײַנ געלעכטער, וואָס קײַקלט זיכ, קײַקלט.
מײַנ געזונטער געלעכטער איז שטײַפ
אונ הילכט, ווי א פיאָנערישע פײַקל.
דאָ בא אונדז אפ דער ראטנ־ערד
איז אזוי גוט צו זינגענ, צו לאכנ
שטעל אָנ דײַנ אויער אונ הער,
ווי ס'הילכנ דאָ אלע זיבעציק שפראכנ.

**מ. טאלאלײַעווסקי**

צום XV יאָרטאָג פונ אָקטיאבער.

# אָט אזוי הייבט זיכ אָנ דער געזאנג...

„דאָס וועט זײַנ אונדזער לעצטער
אונ אנטשיידענער שטרײַט"...—
אָט אזוי הייבט זיכ אָנ דער געזאנג
פונ דער גרעסטער
אונ לירישסטער צײַט!

אָט אזוי הייבט זיכ אָנ דער געזאנג
אפ אלע מענטשלעכע שפראכנ.
אָט אזוי הייבט זיכ אָנ
אונדזער הימנ
אונדזער מארש
פונ ניצאָכנ —

אינ יאָנטעוו אונ אינדערוואָכנ.

אומעטום, אומעטום
אינ דעם ראטנפארבאנד דעם באפרײַטנ
אונ אָט דאָרט אפ אָנצאָליקע סטריטנ אונ שטראסנ
ווו פויסטנ געפאנצערט אינ שטרענגנ געדולדיקנ האסנ
גרייט מענ גרויסע אנטשיידענע שטרײַטנ,

אונ אויכ דאָרט
פונ דער ענגער פאריגלטער קאמער
ווו צווישנ דעם מענטש אונ דער זונ
איז א גראָבע אונ שטיינערנע וואנט.
הילכט אויכ אופ דער געזאנג —
יעדער קלאנג
א פילטאָניקער האמער.
יעדער וואָרט איז א גרוס,
א ראָטפראָנטישע האנט.

זײַנען יאָרן געגאנגען
און האָבן ווי שטיינערנע פלאסטן
אפ אייביק געלייגט א מעכיצע
פאר וועלטן, פאר צוויי,
דער נאָמען פון איינער—אָקטיאבער
מיט פרייר, א געפלאסטערטער
דער נאָמען פון צווייטער —
איז שוידער,
איז גסיסע,
איז אומקום,
איז וויי...

דער נאָמען דער ערשטער —
איז שטענדיקער פרילינג צעבליסער
דער נאָמען דער צווייטער —
איז גליוער, איז שטענדיקער הארבסט...
און ס'דאכט, אז אפילע די זון
אָט דער הייסער און הויכער ארביטער
זי שפירט נאָכן קאמף
און זי מעלדעט:

אלטע'אייראָפּע, דו שטארבסט!

ד. באָגען

# איינצל־קאמער

(פון בוך „די, וועמען מע פארגעסט ניט״).

לאנגע וואָכן און כאָדאָשים אין א איינצל־קאמער. דריי און א האלבן מעטער די לענג, אָנדערהאלבן מעטער די ברייט; א געבייגענער נידעריקער סופיט, א קליינ מיט דאָפלטן אייזן פארקלאפט פענצטער; א שווארצע אייזערנע טיר, אינדערמיט א קליין שטיקל גלאָז, — דאָס „אויג״ פון דער טפיסע־אדמיניסטראציע וואכט. א קלעטקע פון ציגל, צעמענט און אייזן. 24 שאָ אין טאָג שטיקט אפן קערפער דער נידעריק־מעשופעדיקער סופיט, קוועטשן זיך איין אין אלע גלידער די גראָע ברודיקע ווענט. דריי מיט א האלבן טריט פון פענצטער, א 5 ביז דער טיר הין און צוריק. דער מענטשלעכער אימפעט קלאפט זיך אָן אין צעמענט און אייזן, ווייטער גיט ניט קיין וועג.

זומער ברענט די זון דורך אייזן און גלאָז, גאנצע וואָלקנס שטויב הילן איין די קאמערס, מענטשלעכע לונגען דורשטן נאָך לופט, לעבן ניט בעשאָלעם מיט שטויב און ענגשאפט, לייגן זיך אויס ארום אלע מענטשלעכע אָטעם־קאנאלן געדיכטע שיכטן שטויב, רייסן זיך די לונגען פון אינעווייניקסטער אומבאהאָלפנקייט און שפייען אויס שטויב מיט בלוט צוזאמען.

ווינטער ווייזען די ווענט מיט געדיכטע טרערן, א לייכטע טפיסע־דעק איז ניט אימשטאנד צו קעמפן קעגן פייכטקייט און קעלט. ווארפט זיך דער מענטש אין פיבער. דער שטיינערנער באָדן ציט פון אים ארויס די גאנצע זאפט. ווען געשוואָלענע פיס שפאצירן אף קאלטע שטיינער, טאנצן שפיציקע נאָדלען אין מענטשלעכן פלייש. די איינטאָניקע גראָע פארבן פארן אויג ווירקט שלעכט אף דער גאנצער געהירן־סיסטעם. נערוון זיינען שוואכער פון צעמענט און אייזן. אין דעמדאָזיקן ניט גלייכן געוועט־קאמף זיגט אָפט צעמענט און אייזן. דער מענטשלעכער מארך הייבט אָן ניט נאָרמאל צו פונקציאָנירן, ווען נאָך יאָרן איינזאמען זיצן, טרעפט אז ס׳ברעכן זיך צוזאמען מענטשלעכע נערוון, ווערט אין די טפיסעביכער פארשריבן, אז מיט א געפאנגענעם איז ניט אין אָרדענונג. ווענן זיין ווייטערדיקן גורל זיינען פאראן פארטיקע טפיסע־פאראגראפן, געשריבענע דורך מענטשן, וועלכע זיינען באקאָנט מיטן געזעץ פון מאכט און לאנגזאמער נעקאָמע. דער פאראגראף איז צוגעפאסט צו דער סיסטעם פון אייזן און צעמענט, ער באוועגט זיך צווישן פיר ווענט פון קלענערן און גרעסערן פארנעם.

אין אן איינצל־קאמער האָט א מענטש צייט צו טראכטן, קיינער איילט אים ניט, צווינגט אים ניט צו האנדלען גיך און אנטשלאָסן. טראכטן מענטשן וועגן דעם, אז זיי האָבן געענג

צײַט צו טראכטנ. דעמלט הייבט זיכ אָנ די לאנגזאמע גסיסע פונ טאט אונ באוועגונג. גוט איז נאָכ, אז אינ דער שכיינעסדיקער קאמער פונ רעכטס אָדער לינקס, פונויבנ אָדער פונונטנ, זיצט א צווייטער פּאָליטישער געפאנגענער, דעמלט גיט עס נאָכ אינ מעשעכ פונ 24 שאָ א געוויסע באגרענעצטע צײַט פאר טאט אונ באוועגונג. ריידנ מיט די הענט דורכ די ווענט—דאָס איז א פארגעניגנ, ניט מיט יעדנ געשיט אזא גליק...

דורכקלאפּנ זיכ דורכ די ווענט: דאָס איז א ציל. 23 שאָ אינ טאָג קענ מענ טראכטנ וועגנ דעמ אונ ווענ עס קומט די צײַט, ארבעט דער מויעכ, די מוסקולנ, אלע כושים, די פינגער קלאפּנ אויס פארשיידענע טענער. גאנצע סימפאָניעס פונ מענטשלעכע געפילנ: עס קומענ פאָר רירנדע באגעגענישנ, הארציקע באקאנטשאפטנ. דורכ די ווענט רײַסנ זיכ דורכ טרויעריקע אונ פריילעכע יעדיעס. אינ שטילע טפיסע אָוונט־שאָענ ריכטנ מענטשנ אָפּ גע־היימניספולע מיסטעריעס. זײַנענ דידאָזיקע שאָענ איבערפולט מיט מענטשלעכנ ציטער אונ באגער.

אינ מעשעכ פונ א וואָכ באקאָנט מענ זיכ, ווייסט איינער דעמ צווייטנס נאָמענ, זײַנ באשעפטיקונג, פונוואנענ ער איז, פארוואָס ער זיצט, ווי לאנג שוינ אונ צו וויפל ער איז פארמישפּעט. אינ מעשעכ פונ א כוידעש איז מענ שוינ אלטע גוטע פרײַנט, ווייסט שוינ יעדער דעמ צווייטנס ביאָגראפיע. אינ מעשעכ פונ א יאָר—דערקענט איינער דעמ צווייטנס געפילנ דורכנ ארט פונ קלאפּנ דורכ דער וואנט...

— „כאווער, דו ביזט הײַנט אופגערעגט, וואָס איז געשענ?

— פונוואנענ ווייסטו, אז איכ בינ אופגערעגט?

— דו קלאפּסט הײַנט נערוועז, אנדערש ווי שטענדיק.

— מיט מיר איז הײַנט געשענ...

אונ דער צווייטער הערט אויס וואָס איז געשענ, לעבט איבער—דורכ דער וואנט—מיט יענעמ זײַנ ווייטיק, טרייסט, גיט אײַצעס.

מענטשנ צאָלנ פאר יעדנ פארגעניגנ זייערנ, אינ טפיסע צאָלט מענ פאר איר באזונדערס טײַער, אפּ דעמ זײַנענ פאראנ געשריבענע פּאראגראפנ—די טפיסע וועכטער זײַנענ זייער לעבעדיקער מעכאניזמ. פאר איבערקלאפּנ זיכ איז פאראנ א פּאראגראף—קארצער. אפּ דרײַ אָדער מערער טעג ווערט פארשטומט איינ זײַט וואנט. די צווייטע זײַט רעגט זיכ אופּ, בענקט, ציטערט פארצווייפלט „וואָס איז געשענ?" איז דעמ אינ קארצער לײַכטער פאר דעמ, וואָס איז פארבליבנ אלייג · מיט זײַנע געדאנקענ, ניט ווייסנדיק אפּ ווי לאנג ער איז פאר־מישפּעט אפּ איינזאמקײַט

ס'איז שוינ גלײַכער ניט צו האָבנ א שאָכנ, ווי האָבנדיק אימ, צו פארלירנ. דאָס הייסט נאָכאמאָל פארמישפּעט צו ווערנ.

ווענ די ווענט שטומענ אקשאָנעסדיק, הייבט אָנ לאנגזאמ צו שטומענ דער געדאנק. ער האָט ניט קײַנ שפּײַז. עס זײַנענ פאראנ ביכער, אָבער טפיסע־ביכער זײַנענ ענלעכ איינע צו די צווייטע. נאָכ א כוידעש־צוויי זיי לייענענ, ווילט זיכ מער ניט צורירנ צו זיי. יעדע זאכ פונ טפיסע־ביבליאָטעק דערציילט פונ גרינע לאָנקעס, בלייכער לעוואָנע, בלאָנדע שווארצהאָריקע סענטימענטאלע שיינקײַטנ, וועלכע ליגנ טראגיש אונ געטרײַ זייערע „רי־טער". עס גיבנ גוטע הארציקע „ריטער", וועלכע זײַנענ ווערט „ריינע" ליבע, אונ עס גיבנ שלעכטע „ריטער", וועלכע זײַנענ דאָס ניט ווערט. אויב דער ריטער איז א שלעכטער, שטארבט מיט א טראגישנ טויט די העלדנ... דידאָזיקע לאקריצ־זיסע „ליבע" ווירקט אפּנ געפאנגענעמ ווי ריצנאייל.

ארויסגעריסענע פונ שטורעמ אונ טויטלעכנ קאמפ פונ קלאס קעגנ קלאס, הענט, וועלכע רײַסנ זיכ צוברעכנ אײַזנ אונ שטאָל, הערצער, וואָס קלאפנ מיט אנ אימפעט פונ מיליאָנענ לעבנס, געדאנקענ, וועלכע וואגנ א וועלט איבערבויענ, ווערנ אײַנגעקוועטשט אינ שטיינערנע קלעטקעס אונ געשפּײַזט מיט לאקריצ־זיסע סענטימענטנ. די גראָע טפיסע־ווענט זײַנענ סאָפקאָלסאָפ בעסער אונ אָנשטעקנדיקער, זיי שווײַגנ אונ ריידנ צו דערזעלבער צײַט. זייער שטומער שווײַגנ האָט אינ זיכ דאָכ דעמ רייצ פונ מעשוגאעס...

עס גיבנ פארשיידענע טפיסעס. דאָס איז אָפהענגיק פונ דעמ אפ וויפל די, וואָס האָבנ זיי געהייסנ בויענ, האָבנ פאָרויסגעזענ דעמ וווקס פונ די שטעט אינ וועלכע די טפיסעס שטייענ. אינ פרינציפ דארפנ שווערע טפיסעס זײַנ אָפגעזונדערט פונ מענטשלעכנ יִישעוו. מ׳זאָל ניט זײַנ קיינ שומ מאגע־וועמאסע צווישנ פרײַהײַט אונ געפאנגענשאפט. אָבער ווינציק טפיסעס אינ פוילנ בארעכטיקנ דעמדאָזיקנ „גערעכטנ״ פרינציפ. צו שטורמיש זײַנענ געוואקסנ די שטעט, האָבנ מענטשלעכע געדיכטע יִישוווימ ארומגערינגלט די טפיסעס אונ גענומענ זיי אינ געפאנגענשאפט. צווישנ טפיסע אונ מענטשלעכע וווינונג־הײַזער איז פארבליבנ זייער א קליינע מעכיצע,—די מעכיצע פונ שטאָל אונ אײַזנ.

וואָלט דער ארעסטירטער געקענט אויסקלײַבנ ווו ער וויל זיצנ, וואָלט עס יעדער געזאָגט לויט זײַנ געשמאק. איינער וואָלט אויסגעקליבנ א טפיסע אינ פרײַענ פעלד, דער צווייטער אינ א געדיכטנ מענטשלעכנ יִישעוו. אָבער דאָס קלײַבט אויס נאָר דער געריכטלעכער טאליִענ, ער באשטימט ווו אונ ווער ס׳ווערט געשיקט דאָ אונ דאָרט.

פרילינג אונ זונ, ווער בענקט ניט נאָכ זיי. יונגע אָטעמענ זיי אײַנ מיט פולע לונגענ, עלטערע לעבנ נאָכאמאָל איבער זייער פארלאָרענע יוגנט. אסאכ ארעסטירטע בענקענ ניט נאָכ פרילינג אונ זונ אינ טפיסע. ווענ די טעג הייבנ אָנ צו ווערנ לענגער אונ פונ פעלד דערטראָגט זיכ דער רייעכ פונ פרישע גראָז אינ ס׳הערט זיכ דאָס פלאטערנ פונ פייגלשע פליגל, לעבנ אסאכ ארעסטירטע איבער א שווערנ הארבסט אינ זייער הארצ. א לאנג־פארמישפעטנ געפאנגענעמ רייצט אָפטמאָל די דרויסנדיקע זונ, וועלכע דערגייט ניט אינ זײַנ פינצטערנ קאמער. אינ קאמער איז שטענדיק הארבסט, צו וואָס וויסנ אונ פילנ, אז אינ דרויסנ איז פרילינג, אז עס לעבט אלצ אופ, צו וואָס?...

ווינטער ווערט די טפיסע דורכ קעלט אונ פראָסט פארקאָרקעט, אָפגעריסנ אינגאנצנ פונ יענער זײַט מויער, דאָס קליינע פענצטערל איז שמוציק אונ פארפראָרנ. איז 24 שאָ אינ טאָג פינצטער אינ קאמער. איז דאָס עלעקטרישע לעמפל דער איינציקער רעגולירער צווישנ טאָג אונ נאכט—אמשווערסטנ איז אינ א ווינטער־פרימאָרגנ אופצושטיינ 6 אזייגער, אראָפוואַרפנ פונ זיכ די פײַכטע פונ קעלט דינע דעקע אונ אראָפשטעלנ די רעוומאטישע נאקעטע פיס אפנ שטיינערנעמ באָדנ. אינ אזעלכע פרימאָרגנס האָט דאָס הארטע בעלעגער א באזונדערע צוציִונג־קראפט. נאָר דער אומבאראכמאָנעסדיקער טפיסע־גלאָק איז הארב אונ שטרענג. אופשטיינ! דאָס איז דער ערשטער באגריס פונעמ מאָרעשכוירעדיקנ ווינטערדיקנ טפיסע־טאָג.

אינ דעמ קורצנ ווינטער־טאָג איז פאר א געפאנגענעמ אינ אנ איינצל־קאמער פאראנ אביסל ארבעט. אופראמענ דאָס צימער, דערלײדיקנ זיכ, „דורכשפאצירנ״ די קאמער, קעדיי עס זאָל אביסל ווארעמער ווערנ אינ גופ. שטיינ בא דער אײַזערנער טיר אונ אײַנהערנ זיכ צומ מינדסטנ שאָרכ אינ קאָרידאָר, אופכאפנ די גנייוויִשע טריט פונ די אופזעער, אביסל „באשעפטיקונג״ איז פאראנ.

ערגער איז דער ווינטער־אָוונט. ער ציט זיכ לאנג, אומענדלעכ. אינ אזא אָוונט לעבט

מענ דורכ די גאנצע פארגאנגענהייַט, האָט מענ צייַט זיכ אָפצושטעלנ—אינ געדאנק—אפ יעדער פארגאנגענער קלייניקייַט, אופלעבנ אינ זיכאָרנ אלע באקאָנטע, פרייַנט אונ סטאמ באגעגענישנ, פאנטאזירנ וועגנ דער צוקונפט, פאָרשטעלנ זיכ איר אינ פארשיידענע ווארי־אנטנ, פעסימיסטישע אונ אָפטימיסטישע. עטלעכע אָוונטנ קענ מענ אזוי „פארברענגענ" די צייַט. נאָכדעמ ווערט דער מויעכ לאנגזאמ פארפרוירנ. אינ דער וועלט־ליטעראטור איז פאראנ פיל באשרייַבונגענ איבער פארפרוירענע מענטשנ. רעאליסטנ שילדערנ, ווי דער מענטשלעכער קערפער הייבט אָנ לאנגזאמ צו פרירנ. פונ די שפיצ־פינגער, די פיס, נאָכדעמ דער קערפער, ביז דער פראָסט גייט צו צומ הארצ. מענטשנ געזונטע, וועלכע האָבנ קיינמאָל ניט געפרוירנ, שרייַבנ, אז אזא טויט איז ניט אזוי שרעקלעכ. די טפיסע קענ דאָ איר מיינונג ניט ארויסזאָגנ. אינ טפיסע פרירט דער גופ ביז צומ הארצ, דאָס הארצ ווערט נאָר אָפגעשוואכט אונ אופגעהאלטנ, קעדיי עס זאָל קענענ אפ מאָרגנ ווידער פרירנ, דערבייַ איז דאָס לעבנ זייער שווער אונ מער ווי שרעקלעכ. אָבער די וועלט־ליטעראטור האָט קימאט גאָרניט געשריבנ איבער פארפרוירענע מויכעס, איבער מענטשנ אינ טפיסע, וועמעס מויעכ ס׳פרירט לאנגזאמ אינ ווינטערדיקע טפיסע־אָוונטנ, ניט באקימענדיק קיינ גייַסטיקע ווארעמקייַט. דער פראָסט פונ מויעכ איז ניט שרעקלעכ, ער איז נאָר—לעבעדיקער טויט.

איינ לאנגער טאָג פונ 16 שאָ אָנ באוועגונגענ, אינ אנ ענגנ קאמער מיט א הונגעריקנ מאָגנ, איז פיל שרעקלעכער אונ ווייטיקדיקער, ווי 5 לאנגע קאלטע ווינטער־נעכט. אינ אזעלכע לאנגע טעג, באָדט מענ זיכ אינ אייגענעמ שווייס, רייַסט מענ די הויט פונ זיכ, ניט געפינענדיק זיכ קיינ אָרט, דעמלט איז גלייַכער ניט ארופצוקוקנ אינדערהייכ צומ פענצטער־לאָכ. צו וואָס רייצנ די נערוונ.

אינ א זומער־דעמערונג, ווענ די באוועגונג אינ דער רוישיקער שטאָט ווערט שטילער אונ צו דער טפיסע דערטראָגט זיכ דער אָפגעשוואכטער ריטמ פונ דער ברויזנדער שטאָט, פאסירט אמאָל, אז די דעמערונג־ראיוינעס פונ געפאנגענעמ ווערנ פלוצלונג איבערגעריסנ דורכנ דערנעענטערנ זיכ צו די טפיסע־טויערנ אייַלנדיקע פעסטע מענטשלעכע שריט, וועלכע יאָגנ אָנ ווי א שטורעמ, ברענגענדיק דער טפיסע פריידיקע גרוסנ פונ קאמפ אונ האָפענונג. דאמאָלסט ווערנ אינסטינקטיוו געבראָכנ אלע טפיסע־געזעצנ, דורשטיקע אויערנ רייַסנ זיכ דורכ גראטעס, צוהערנדיק זיכ צו דער וווּנדערבארער מוזיק פונ די דעמאָנסטרירנדיקע מאכנעס אונ מייַלער, וועלכע זייַנענ שוינ אָפגעוווינט געוואָרנ פונ א הייכנ וואָרט, אָטעמענ אייַנ אינ זיכ טיפ די לופט פונ גאס, ארויסשרייַענדיק צו דער שטורמישער מאכנע דאָס, קאמפ־געזאנג פונ דער ניט אונטערגעבנדיקער טפיסע. קומט פאָר אינ אזא דעמערונג א וווּנדערבארע פארייניקונג פונ קאמפ־אָפפערקייַט, מעסירעס־נעפעש פונ דער גאס מיט אויסגעהאלטנקייַט אונ געדולד־גרייטקייַט פונ דער טפיסע.

ווענ אינ זומער־דעמערונג דערטראָגט זיכ פונ דער גאס דער צאפלנדיקער געשריי פונ יונגע קינדערישע העלדזער: „מיר פאָדערנ באפרייַענ די פאָליט־ארעסטירטע", ווערנ די שטיינערנע טפיסעס־ווענט אָנגעפילט מיט א זיסער ווארעמקייַט אונ מענטשלעכע אויסגעטריקנטע אויגנ ווערנ פייַכט אונ גלאנציק, דעמלט לעבט די טפיסע ווידער איבער פרילינג, דער פרילינג פונ קאמפ־האָפענונג. אזעלכע זעלטענע דעמערונגענ זייַנענ פאר אנ איינצל־קאמער מינוטנ, וועלכע קריצנ זיכ אייַנ מיט גליִענדיקע אויסיעס אינ מענטשלעכנ מויעכ, מינוטנ פונ פלוצלונגנ איבערגאנג פונ דער סאמע טיפסטער מענטשלעכער אפאטיע צו אופברויזנדיקער האָפענונג.

אינ דושנע הייסע זומער־נעכט, איז שווער אײַנצושלאָפֿנ. די לונגענ רײַסנ זיך, שרומפּנ זיך אײַנ און שפּײַענ אויס שווערע שטיקער שמוץ און בלוט. דרייט מענ זיך אפּנ הארטנ בעלעגער בענקענדיק נאָך רו און שלאָף. אינ אזעלכע נעכט איז באזונדערס שווער זיך צו פֿילנ ארומגערינגלט פֿונ א מענטשלעכנ ייִשעוו, הערנ אינ שלאָפֿלאָזע נעכט דעם שטורמישנ ריטעם פֿונ דער שטאָט.

אינ אזעלכע נעכט הערט די טפּיסע אלצ, וואָס ס׳טוט זיך איבער דעם שטיינערנעם מויער. מע הערט די אײַלנדיקע טריט פֿונ א יונג מיידל, אינ אירע טריט הערט מענ די מוירע פֿארנ בייזנ טאטנ אָדער מאמענ. מע הערט דאָס שיקערע וואליענ זיך פֿונ א באטרונקענעם, זײַנ הייזעריק אומזיניק קאָל און קלאָלעס, און דאָס פֿײַפֿנ פֿונ א פּאָליציאנט, וועלכער יאָגט זיך נאָך איינעם.

קינדער באנאכט וויינענ זייער הייך, וויינענ יאָמערלעך, מיט פֿארדרוס, ווי ס׳וואָלט מיט זיי א גרויסע אוולע געשענ. א פֿארשלאָפֿענע מאמע, מיד פֿונ א גאנצנ טאָג ארבעט און זאָרג, בייגט זיך פֿונ איר געלעגער מיט אראָפּגעהאנגענע ברוסטנ צום קינדערשנ מויל, און דער פֿאָטער א מידער און בייזער, אופגעוועקט פֿונ שווערנ אומרויִקנ שלאָף, זידלט די חײַב, ווי זי וואָלט געטראָגנ די שולד פֿארנ קינדס געוויינ. מאָרגנ דארף ער פֿרי אופשטיינ צו דער ארבעט. פֿארנ שלאָפֿלאָזנ ארעסטאנט וועט דער מאָרגנ זײַנ דערזועלבער, ווי דער נעכטנ.

די טאָכטער פֿונ הויז־אייגנטימער קאָנ אויך ניט שלאָפֿנ אינ הייסע נעכט. איר בלוט קלאפּט צו שטארק און היציק. זי האָט אָבער ניט קיינ זאָרגנ, און מאָרגנ דארף זי ניט אופשטיינ צו דער ארבעט. זי וועט אירע 10 שאָ שלאָף ניט שענקענ, זי וועט נאָר אופשטיינ דעמלט, ווענ די ארבעטער שטעלנ זיך נאָכנ אָרעמענ מיטיק ווידער צו דער ארבעט. שפּילט זי באנאכט פּיאנינאָ.

די טפּיסע הערט אלצ. זי זאפּט אינ זיך אלצ אײַנ אינ דושנע הייסע זומערדיקע קאָשמאר־נעכט...

* * *

דער איינצל־קאמער איז דאָפּלט איזאָלירט אפּילע פֿונ דעם קלאָגעדיקנ „געזעלשאפֿט־לעכנ“ טפּיסע־לעבנ. אריבערטרעטנדיק די שוועל פֿונ אזא איינצל־קאמער ווערט צוגעקלאפּט צוזאמענ מיט דער אײַזערנער טיר אלצ, וואָס איז לעבעדיק, רעאל אינ א טאָגטעגלעכנ מענטשלעכנ לעבנ. פֿונ דער אינעווייניקסטער זײַט טיר געזעגנט זיך דער געפֿאנגענער לאנג־זאם מיט אלע זײַנע געוווינהײַטנ, נייגונגענ, געשמאק, נאָרמאלנ באוועגונג־ווילנ. נאָך די ערשטע צוויי וואָכנ איזאָלירונג איז די גאנצע פֿארגאנגענהײַט א לעבעדיקער כאָלעם. די צעמענטענע ווענט האלטנ פֿעסט דעם געפֿאנגענעם אינ זייערע ענגע ווענט. זיי דיקטירנ זייערע באדינגונגענ און צווינגענ זיי אויסצופּילנ. דאָס איז אָפּהענגיק פֿונ געפֿאנגענעם, פֿונ זײַנ כאראקטער, ווילנ, לעבנ און צופּאסונג־פֿייִקײַט,—אפּ וויפֿל דידאָזיקע ווענט שמידנ אים צו און באהערשנ. ווענ דער מענטשלעכער מויעך קאָנצענטרירט זײַנ גאנצע דענקונג־קראַפֿט ארום צעמענט און אײַזנ, דראָט אים די געפֿאר פֿונ מעלאנכאָליע. מענטשנ מיט רײַכנ ווילנפֿייִקנ אינערלעכנ קויעך מאכנ דורך שטארקע מויעך־גימנאסטיק, פֿירנדיק די גאנצע צײַט פֿונ איזאָלירונג א פֿארצווייפֿלטנ קאמפּ מיט דער ברוטאלער קראַפֿט פֿונ דער אײַזערנער קלעטקע. יעדער זייער אָטעם־צוג, איז איבערפֿולט מיט דעמדאָזיקנ קאמפּ. עס קומט פֿאָר יעדע מינוט א שטילער, דועל צווישנ דאָס אויג, וואָס קוקט און זעט די גאנצע

צײַט די גראָע װענט און דעם געדאנק, װעלכער האלט זיכ אקשאָנעסדיק בא זײַנס, ניט װעלנדיק אָנערקענענ דידאָזיקע גראָע טויטלעכע אײנטאָניקײַט אלס דעם גאנצנ יעסאָד פונ א לעבנ־עקזיסטענצ.

דער אײנצלקאמער—פראָיעקטירט און געבויט פאר מענטשנ װעמענ אָ דאָס קלאסנ־געזעצ הײסט לאנגזאם שטארבנ גײַסטיק און פיזיש, האָט אינ זײַנע פאראגראפנ ניט פאָרויסגעזענ עטװאָס, װאָס איז שטארקער פונ פאראגראפנ—מעגנ זײ אפילע האָבנ צענדליקער בלוטיקע דוירעס הינטער זיכ. דאָס געזעצ האָט ניט פאָרויסגעזענ, ניט טויפעס געװעזנ דעם קויעכ פונ א רעװאָליוציאָנער, דעם קויעכ פונ א קלאסנ־קעמפער אינ װעמעס אָדערנ גיסט פליסט דורכ דאָס בלוט פונ מיליאָנענ, װעמעס געדאנקענ עס בויערנ דורכ שטײנערנע װענט זיכ ארויסרײַסנדיק װײַט צו די יעניקע, פאר װעמענ עס לוינט געבאָרנ װערנ־קעמפנ און לײַדנ. מענטשנ, װעלכע זײַנענ דורכגעגאנגענ דורכ א דעפענסיװע־אינקװיזיציע דורכ דאנטעס גענעם און האָבנ זיכ ניט געבייגנ, קערפערס, װעלכע זײַנענ „געצערטלט געװאָרנ מיט גליִענדע אײַזנס, װעמעס קישקעס ס׳זײַנענ געטויװעלט געװאָרנ מיט 12 פלעשער עסיק געמישט מיט מענטשלעכע אורינ און דאָכ ניט אָפגעזאָגט זיכ פונ דעם, װאָס איז געװאָרנ זײער גאנצער לעבנ־ציל פונ זײער קלאס, דידאָזיקע מענטשנ, די סיטואנענ געפאנגענע אינ די בורזשואזע טפיסעס לעבנ יאָרנ אײנזאמע אינ אײַזערנע קלעטקעס, מיט אײנ ציל. מיט אײנ באגער, אויסהאלטנ, ניט ברעכנ זיכ, אָפּװארטנ דעם טאָג װענ זײער אומענטשלעכע פײַנ װעט באשאָנקענ װערנ מיט די הילכיקע מעכטיקע טריט פונ די אופשטײענדיקע באפרײַער.

אײנזאמע טעג און נעכט פונ אנ אײנצל־קאמער איז די סאמע שארפסטע פײַער־פראָבע פארנ מענטשלעכנ כאראקטער און װילנ, פארנ רעװאָליוציאָנערנ אויסהאלטנ און בײַקומענ דער פראָלעטאריִאט, װעלכער איז פײיִק צו געבוירנ און דערציִענ א דאָר, װעלכער איז שטארקער פאר אײַזנ און צעמענט,—מוז זיגנ.

ה. שוועדיק

# אנ ערשטער שניי

(פונ „בירָאבידזשאנער לידער").

די נאכט אינ סטעפּ איז בלוי אונ ריינ
אונ שטייט פאַרקילט אינ הייכנ שוויַיגנ,
פונ הימל פאַלט א ווייכער שניי,
גלײַך ערגעצ ציטערנ פאַרשנייטע צווייַגנ...

די הארטע ערד האָט שטיל פאַרדעקט
א ווייכער שניי—א וויַיסע צארטקייַט.
אונ ס'דאכט דעמ וואלד—אינ הייך א זעג
שיט ווייַסנ זעגעכצ אפ דער ערד
אונ ס'שטומט אינ שרעק די אלטע טייַגע...

די הייַזער שטייענ אפנ גאס
מיט קעפּ, פאַרהייבענע פאַר ווייכנ שיטנ,
עס פאַלט די פרישקייַט ווייך אונ וויַיס
אונ הייַזער גליווערנ אינ פאַרגעניגנ...

אונ פּלוצלונג גיט א סקריפּ א שטאל
אונ ס'גייט ארויס א פערד א הניאדער,
מיט וווּנדער קוקט ער אפנ וואלד
אונ אפ דער ערד אינ וויַיסקייַט גלאַטער,

א הניאדער פערד באמ טויער שטייט
אונ ס'שיט א שניי,
אנ ערשטער שניי...

ער שטייט א וויַיל. אונ נאָכדעמ שטיל
פאַרהייבט ער דינ די פיס, די שיינע
אונ גלײַך ער שרעקט זיכ פאַר די טריט,
באטרעט ער לאַנגזאמ וויַיסע שנייענ...

ער גיט אַ צי די קילע לופט,
ס'פּאַרלױפט אין ציטערן זײַן הױט
ער צעשטעלט די אױערן אין הײך,
װי ער װאָלט הערן װי אַ רוף...

און פּלוצלונג גיט ער זיך אַ הײב
און טוט אַ הירזשע װי פאַר פרײד,
ער גיט אַ ריס־זיך אױף פון אָרט
און טוט אַ יאָג צום װײַטן װאַלד,
צו בלויע ראַנדן פון דער נאַכט.
און ס'שיט אַ שניי,
אַן ערשטער שניי...

נאָר אַז די נאַכט האָט אַלץ געשנײט
האָט שאַרף אַ צי־געטאָן אַהײם ..
— ס'איז דאָרטן גוט, ס'איז דאָרטן שײן,
כאָװײרים װאַרעמע, אין זאַטער סטױלע...

אַ טויער־סקריפּ. שניי. פרי.
אין דער קאָמונע װאַכט די מי.
סקריפּ פון טױער. הירזשען פערד,
אין שלײטן־לױף לעבט אױף די ערד.

דעם פערד האָט בערע זײער ליב,
ער שפּאַנט אים אײַן און פײַפט אַ ליד
און בײדע פאָרן זײ נאָך האָלץ,
און בײדע פאָרן זײ נאָך הײ
און בערע פײַפט אַ פרײלעך ליד,
איז עס דעם הניאַדן זײער ליב,
עס שיט אַ שניי,
אַן ערשטער שניי...

ז. באַרסוק

# צו די 26 באַקוער קאָמיסאַרן

איר זײַט ניטאָ. דער פֿײַנט האָט אײַך באַרויִקט.
נאָר אײַער שפּור װעט אײביק זײַן...
מיר הײבן אױף אַצינד מיט שטאָלץ דאָס לעבן,
װאָס האָט אַזױפֿיל יאָר געמאַטערט זיך אין פּײַן...

פֿאַר מיר גײט אױף אַ בלוטיקע דערמאָנונג
און גיט אַ קריץ אין טיף פֿון לײַב.
סטעפּ נאָך סטעפּ צעװיקלען זיך, װי פֿאָנען
און אָט זײַט איר, איך זע אײַך פֿונדערװײַט.

אין װיסטן סטעפּ, פֿאַרװאָרפֿענע, צעזײטע,
װי דעמבן מעכטיקע איר װאַרט אױף טויט.
דער פֿײַנט האָט אָנגעשטעלט די ביקסן
ער איז שױן גרײט...

ס'איז האַלבער טאָג... סענטיאַבער ליגט פֿאַרמאַטערט...
פֿרײַנט, איך האָב אײַך אַלעמען דערקאָנט!
פֿון טריבונעס העכסטע האָט איר דרײסט געפּלאַטערט
דערנאָך באַגײַסטערטע געלאָזן זיך צום פֿראָנט.

און איצט, איר זעגנט זיך און אָט... און נאָך אַ װײַלע...
און פּלוצלונג נאַ. אַ זאַלפּ. אַ שניט.
איר האָט אַ פֿאַל געטאָן אין טיפֿע מײַלן,
מיט קאַלטן בלוט, מיט פֿראָסט אין יעדן גליד.

— — — — — — — — — — —

דורך װײַטסטער װײַט איך זע אַצינד באַקו
מיט טורעמס־נאַפֿט, מיט יאָנטעװ און מיט פֿאָנען
מיט העכסטן שטאָלץ דורך פֿײַערלעכער רו
דערטראָגן הײַנט די בױער אײַער נאָמען...

ס'איז 12 באַטאָג. אַרום איז לױטער קלאָר.
איך הער מיט פֿרײד, װי ס'קלינגען האָריזאָנטן
דער פֿראָסטער זיג לױכט אױף אין אונדזער דאָר...
און װי די זון צעשטראַלט זיך אונדזער יאָנטעװ...

שלײמע ריװקינ

# באַ דער העבליאַרקע

(דערצײלונג).

1

איכ מיט אניוטען זײַנען די ייִנגסטע אינ בריגאַדע. איכ בינ א געזונטער. פרעגט זיכ באַ אניוטען, װעט זי אײַכ זאָגנ... פרעגט זיכ באַ סטאָליארעס, װעלנ זײ אײַכ דערצײלנ...

— א, סעװאַ! א מױערדיקער יאַט, ער טוט פאַװאָליע א קװעטש פארנ האַנט, גיבנ די בײנדעלעכ א כרוסטשטשע אונ די פינגער װערנ צוגעקלעפּט אײנע צו די צװײטע אונ ציִענ זיכ פאַנאַנדער מיט שטיקער הױט, פּונקט װי זײ װאָלטנ ציִענ שטיקער סמאָלע.

אניוטע שטײט איצט באַ מײַנ װאַרשטאַט אונ שמײכלט מיט שװאַרצע שטראַלנדיקע אױגנ. אניוטע װעט אײַכ איצט גאָרניט דערצײלנ, זי װעט שטײנ א רעגעלע לעם מיר, אונ װעט מיר װײַזנ „א זװאָד״ סאָסנאָװע צײנדלעכ, באַלד װעט זי כאַפּנ א קוק אפ מײַנ באַצקאָ, װאָס שטײט דאָרט אינ װינקל באַ זײַנ װאַרשטאַט אונ גלעט די שאַרפע אײַזנס אפ די גלעטשטײנער. ער גלעט פאַװאָליע, טשאַמקעט צו גלײַכמעסיק מיט זײַנע ליפּנ אונ פּרוּװט אױס מיטנ גראָבנ פינגער דעם ליפּיקנ שאַרפ.

באַלד װעט אניוטע צו אים צוגײנ אונ װעט אים שטילערהײט שמײכלענדיק א זאָג טאָנ, װײַזנדיק אפ מיר מיט דער האַנט:

— איר זעט, אָט יענער יאַט רופט אײַכ אַרױס אפ א סאָצגעװעט—דער באַצקאָ װעט בײסמײַסע א קוק טאָנ מיט זײַנע שװאַרצע סטאָליארישע אױגנ, װאָס גלאַנצנ װי טרוקענע פליטקעלעכ קלײ.

— דו באַרימסט זיכ א פריִער! װאַרט, מיר װעלנ זענ צום סאָפ...

יאַשע דער קלײנער, װאָס כאַפּט א מעטער מיט א היטל די הײכ, קערט זיכ אָפּ פונ די שאַרפשטײנער, שמײכלט צו אניוטקענ אונ שרײַט עפּעס אױס אפ א מאָדנער סאָסנעדיקער שטים:

— אניוטקעלע „פּאָמאָטשניק״ פונ עלטסטנ בריגאַדיר!

— איכ בינ דער עלטסטער בריגאַדיר פונ בריגאַדע. צו װאָס דאַרפ איכ דאָס דערצײלנ. קלײנינקע ציפערלעכ אפ דער װאַנט רײדנ אָנשטאָט מיר.

— הײַנט דאַרפ מענ װי ס'דאַרפ צו זײַנ אנ אַרבעט טאָנ! — אונ עפּעס א נײַע קיצלדיקע פרײד ציט זיכ פונ האַרצנ אינ די הענט אונ צעגיסט זיכ אפ דעם קלײנעם יאַשענ, װאָס מיר האָבנ אַרױסגערופנ אפ א געװעט.

דער באַצקאָ שטײט איצטער באַמ װאַרשטאַט, האַלט פאַריסנ דעם קאָפּ אונ קוקט אײנדרױסנ דורכ די קעסטלדיקע שױבנ. די קלײנע װענצעלעכ, װאָס ליגנ באַ אים אונטערנ נאָז

אזוי ווי א שוואַרצער זשוקל, זשוזשענ. זײַנ כטאָלעריש הערבל, וועמעס רעכטער אקסל איז אפ א ווערשאָק העכער פונ דעמ לינקנ, ציט צומ ווארשטאט.

הייכ ערגעצ אינ הימל פאָרט די זונ אפ אירע שמאָלע קאלייקעלעכ אונ שפריצט מיט פײַערדיקע פונקענ, וואָס עס צעשוועבנ זיכ אינ דעמ געשמאקנ קילנ פרי.

ארבעטער פונ דער באנאכטיקער וואכטע קלײַבנ זיכ אינ רעדלעכ אפ דעמ סאָסנאָווער שמעקעדיקנ הויפ. אָט רוקט מענ זיכ נאָכאנאנד פונ די צעכנ, מע עטעמט ברייט ארײַנ די פארטאָגיקע לופט.

פול איז איצטער געפאקט דער זאַוואָדישער הויפ. די שווערע הענט רײַסנ זיכ מיט א שווערקײַט צו דער ערד, פונקט ווי אינ די ביינער וואָלטנ שטיקער אײַזנ געלעגנ.

אָ שווערע האנט, א פולע, אנ אָנגעגאָסענע מיט בלויע אָדערנ, וואָס טארטשענ ארויס אפ דער הויט ווי גראָבע שטריק. מאכײַעט די לופט. ווענ זי פאלט איצטער אראָפ. וואָלט די ערד אזש א קלונג געטאָנ. ווערטער טראָגנ זיכ איצטער איבערנ אָנגעזאמלטנ האמויז ארבעטער, טראָגנ זיכ הייכ אונ דערגייענ ביזנ צווייטנ שטאָק אונ קלאפנ מיט זייערע פליגלענ אינ פענצטער...

— פראָמפינפלאנ!

לאנג איז איצטער דער צעכ. ער זעט אויס ווי א לאנגע פארטאָגיקע גאס. ווײַט באַם סאמע עק לאָזט זיכ הערנ אניוטע מיט איר רודערדיקער וואגאָנעטקע.

ארבעטער גלעטנ אָנ אײַזנס אפ גלעטשטיינער קלעפיקע שארפנ, וואָס ליפענ זיכ צו די גראָבע פינגער, ווי אפ זייערע שאָרפע שפיצנ וואָלטנ געלעגנ שטיקלעכ פראָסט.

איר קענט איצטער הערנ א פרישנ ניגנ פונ אנ עלטערנ ארבעטער, וואָס שטייט באַם ווארשטאט אונ בורטשעט אינ זיכ: „פאָ מאָריאַמ, פאָ מאָריאמ".

הירשקע דער קרומפּיסיקער מײַסטער, מיט די רויטע בעקלעכ, וואָס הענגענ בא אימ ווי קישעלעכ אפ דער קײַלעכדיקער מאָרדע, האָט זיכ געליאפעט איבערנ צעכ. ס'איז איצטער רויִק, ס'הערט זיכ ווי אנ עכאָ יעדער ליאפ, וואָס הירשקע מאכט מיט די קרומע פיסלעכ. מע קענ הערנ יעדנ דריי פונ זײַנ קעפל, וואָס נישטערט מיט די אויגנ אינ אלע זײַטנ פונ צעכ.

בא מיר אונ בא דעמ באַטקאָ, ליגנ שוינ אפנ ווארשטאט פרישע אָנגעשארפטע געצײַג. פונ ערגעצ רוקט זיכ דער קליינער יאשע אונ סמאָרקט האָרעפּאשנע איבערנ דיל מיט זײַנע גרויסע שטיוואלעס, פונקט ווי ער וואָלט זיכ גליטשנ אפ גליטשערס (אָט אזא מינ גאנג איז בא יאשענ).

קוקט אפ דער לאנגער צעכישער גאס, וועט איר די ערשטע באמערקנ אניוטענ, אונ נאָכ איר א לאנגנ שנור „פאָדסאָבנע", וואָס טראָגנ זיכ ווי א קאראוואנ מיט סאָסנאָווע טירני זיי ליגנ הייכ איבער די קעפ אונ וויגנ זיכ אונטערנ טאקט פונ גאנג אפ אויסגעצויגענע הענט, וואָס האָטשקענ זיכ אונטער ווי רעסאָרנ.

פולע וואגאָנעטקעס וויגנ זיכ אינ שווערנ גאנג אונ שאָקלענ צו מיט זייערע לאנגע ראמשטוקנ, וואָס באגריסנ זיכ מיט מאכנעס ארבעטער.

סמאָלע צעמישט זיכ מיט זונ אונ שטייט אינ דעמ טומלדיקנ צעכ ווי א גאָלדענער נעפל. עס ציטערט דער דיל, פונקט ווי א יונגער פיאָנער וואָלט געקלאפט שרויט אינ אָנגעצויגענער פעל פונ פײַקל.

אינ דעמ זוניקנ דרויסנ זיצנ שוועלבעלעכ אפ שפיצנ פונ די ביימער אונ טשוויטשענ מיט די דינע קעלכעלעכ.

— קאלהאס! קאלהאס!

אפנ זאוואָדישנ הויפ קײַקלענ זיכ פרישע ברעווענעס איבער דרויענדיקע „קאליארנ" אונ הילכנ אָפּעט מיט א שווערנ טומל, אזש ס'דונערט אינ הימל, ווו בריגאדעס שוועלבעלעכ טראָגנ זיכ אינ א פארמעסט.

אפ מײַנ ווארשטאט ליגט א גלאטע גלאנציקע טיר, אינ וועלכער עס שפיגלט זיכ מײַנ פּאָנעם.

אויסגעדרייט זײַנעג איצטער פולע „סוקעס" אונ לײַכטנ פונ אינעווייניק מיט א פעטער ביינערדיקער געזונטקײַט, ווי רויטע לעוואָנעס. מיר וואָלט זיכ איצטער וועלנ ארײַנלייגנ סיפ א בריוו אונ פארזעצנ מיט א פראָפּיק. ניינ, ס'איז איצטער ניט די צײַט.

— עקספּאָרט!—טו איכ איצטער הייכ א הילכ.

— עקספּאָרט!—מאכט מיר נאָכ דער קורצער יאשע אונ סוויסטשעט מיטנ דובלט פונ שלענגלענדיקע סטרושקעס.

דער באַטקאָ באטראכט א טיר, אונ קוקט פארטראכט אפנ לאנגנ ראמשטוק, ווי סע ציִענ זיכ שפּיזעלעכ שטראלנ, וואָס קיצלענ מיט געשמאקע רייכעס פונ א סאָסנאָווונ וואלד. אָנ א זײַט פונ אימ שטייט הירשקע. דורכ זײַנע קרומע פיסלעכ קענ איצטער דורכפאָרנ א פּוסטע וואגאָנעטקע. ער שטייט אונ טראכט ווי עס ארבעטנ סטאָליארעס אונ בורטשעט עפעס אינ די ליפּנ.

— וואָס פעלט זיי, „קאדזשכעס פעלט זיי"—אונ כאפּט ארומ מיט זײַנע ביסטרע אויגע-לעכ אניוטענ—אזוי טראָגט מענ טירנ? סנאָפּעס טראַגט מענ אזוי, אונ טוט זיכ א ריס פונ אָרט—עס איז דאָכ עקספּאָרט, ניט קיינ סנאָפּעס! אונ מארשירט אוועק מיט דער געזונטער טיר פאטשנדיקערהייט ווי א קאַשקע. הינטער מיר האָט יאשע אויסגעשאָסנ א הילכיקנ געלעכטער, וואָס איז טייקעפּ פארשוווּנדנ אינ קופּעס ווייכע סטרושקעס.

מײַנ באַטקאָ האָט בײַזו א קוק געטאָנ אפ הירשקענ, וואָס האָט זיכ באַט עק צעכ גע-ליאפּעט. הינטער אימ איז אניוטע נאָכגעגאנגענ מיט אראָפּגעלאָזטע הענט, וואָס האָבנ זיכ שווער געמאכײַעט.

— ס'איז אימ אמאָליקע יאָרנ, מיינט ער.

גרויסע בערג סטרושקעס ציִענ זיכ ארומ ווארשטאטנ, פויזענ אונ נעמענ ארומ די פיס, עס פאָכענ איצט באמ טאטנ די זײַטנ אונ ס'שוועבט זיכ א לײַכטער זילבערנער דאמפּ.

א האמער איז בא יאשענ אראָפּגעפאלנ אינ א ווייכער פערענע סטרושקעס אונ זיכ אײַנגעזויגנ ווי אינ א זומפּ.

הירשקע זשמורעט זײַנע קעצעשע אויגלעכ אונ באקוקט אײַנגעבייגענערהייט די גלײַכ-קײַט פונ די טירנ, לייגט צו זײַנ קליינעמ אויער, וואָס כאפּט די גרויס ווי א בעבל, צו לאנגע פעליאנגעס אונ קלאפּט ווי א דאָקטער מיט די ביינדלעכ פונ די פינגער, פארײַסט פּלוצימ זײַנ קרומ פיסל, וואָס איז אויסגעדרייט ווי א קאראָמעסל אונ הייבט אָנ ריידנ ווײַזנדיק מיט דער האנט אפ דער טיר:

— יאטנ, איר זעט! מיר שיקנ זיי ליאלקעס, ניט קײַנ טירנ.

— הירשקע! הירשקע!—האָבנ זיכ פונ צווייטנ העלפט צעכ געטראָגנ קלאנגענ, וואָס האָבנ זיכ אפנ וועג אויסגעמישט מיט סקריפּענדיקע צירקוליארקעס, אונ האָבנ זיי געבראכט פארשטיקטע אפ זייערע פראָסטיקע ציינער.

— רײַב יאשע! נאָכ דער ארבעט װעלנ מיר רײדנ — האָט ליב א זאָג געטאָנ אניוטע װאָס איז געשטאנענ באַם װארשטאט אונ איז גרײט געװענ ארומנעמענ דעם קורצנ יאשענ װאָס האָט פאצעטנע געשמעקט אינ א בארג מיט שנײ, געשטאנענ װי א טומבאָטשקע מיט אנ אָפענעם שופלאָדיקל.

מײַנ דובלט סװיסטשעט װי א װינט.

— 18 טויזנט טירנ דארפנ מיר ארויסלאָזנ ביזנ סאָפ כוידעש.

— 18 — סװיסטשעט דער דובלט, אונ װארפט פונ זיכ קײַלעכדיקע ציפערנ סטרוזשקעס.

2

מע האָט זיכ גאָרניט ארומגעזוענ אונ א סירענע האָט שוינ געשפארט מיט א געדיכטנ בודיענ. סטאָליארעס זײַנענ נאָכ אומײַלע געשטאנענ בא װארשטאטנ, געקניפלט פונ זיכ פארשמאָלצטע פארטעכער, אונ סמאָרענדיק מיט געזונטע סטאָלארישע טריט אװעק כאָפ־טעסװײַז אינ סטאָלאָװקע.

— װיפל ס׳טע ארײַנגעריסנ? — האָב איכ געפרעגט בא יאשענ.

— 13. אלע עקספאָרט — האָט אָפגעענטפערט יאשע, קראצנדיק זײַנ טשופרינקעלע.

— װיפל? — האָב איכ געפרעגט באם טאטנ.

— דו װעסט אלצ װיסנ, װעסטו גיכ אלט װערנ — האָט ער געענטפערט מיט א שמײכל.

— דו בארימסט זיכ אפריִער? װארט! ס׳איז נאָכ פאראנ א האלבער טאָג.

— מיר װעלנ נאָכ א סמאָרע טאָנ! — האָט געזאָגט יאשע אונ אװעק אינ סטאָלאָװקע.

— זײ װעלנ אויכ ניט פאָדגאדיענ! — האָט געזאָגט אניוטע. דער באטקאָ איז נאָכ אומײַלע געשטאנענ אינ דעם לײדיקנ צעכ אונ שטיל געשמײכלט.

פארװײַעטע זײַנענ די װארשטאטנ. ערגעצ אפ א טיר ליגט א דובלט מיט אנ ארויסגעשלונגענער סטרוזשקע, װי א זײַדענע לענטע. שארפע סטאמעסקעס שטעקנ אינ אײניקע װארשטאטנ אונ גלאנצנ מיט פארשמאָלצטע הענטלעכ אנטקעגנ דעם זוניקנ הימל. אינ א פענצטער דרײט זיכ נאָכ א װענטילאטער אפ זײַנע לעצטע „כאָדנ״ פונ אינערציע.

װאניע דער פאָרזיצער פונ זאװוקאָם מיט א פאָר װאָנצעס, װאָס הענגענ בא אים אראָפ װי אופגעדרײטע סטרוזשקעס, שפאנט מיט הירשקענ אינ דעם רויִקנ צעכ. באטראכט די גלאטע טירנ אונ קיצלט זײ מיט זײַנ גראָבע האנט. אינ א ברײט צעעפנטער טיר איז ארײַנ אנ ארבעטער, געגלעט דעם פולנ בײַכל אונ אונטערגעפײַפט עפעס א ניגנ, ארופגעקראָכנ אפ א הײכער סטאָפקע טירנ אונ זיכ פאנאנדערגעלײגט װי באם טאטנ אינ װײַנגאָרטנ.

אפ דעכער, אפ ראמענ, אפ טרוקענער ערד, ליגט אויסגעגאָסנ די פרישע זונ אינ דער גרויסער פאבריק. אפ הײכע יארוסנ שמעקנדיקע ברעטער ליגנ סטאָליארעס אויסגעטאָנ ביז האלב הײל אונ ברענענ אָנ זײערע געזונטע לײַבער.

מונקע דער פײַערלעשער שפאצירט איבערנ זאװאָדישנ הויפ א פארמאטערטער פונ דער פײַערדיקער זונ, נעמט זײַנע פײַערלעשער־קישקעס אונ דרײט זײ אינ קראנענ, אונ שיסט מיט קאלטע קרישטאָלענע װאסער איבער הײסע בלעכענע דעכער. א גראָבער שטראָמ װאסער קלאפט אפ דעכער, צעשיטנדיק זיכ אפ דינינקע סטרונעס אונ עטעמט אָפ מיט א זילבערנעמ דאמפ. די זונ מיט איר קײַלעכדיקער „גאמקע״ פאָליטורט זײ אינ פארשײדענע פארבנ, װאָס װײַזט זיכ נאָכ א זונ־רעגנ אָפנ הײכנ הימל.

די לופט איז פריש אונ שמעקט מיט אָזאָנ. אלטע סטאָליארעס גײענ פאװאָליע איבער

דעם שמעקעדיקן הויף, האַלטן פאַרלייגט אַפּ הינטן די הענט, און עטעמען בר״יט אַרײַן די פרישע לופט.

יונגע סטאָליאַרעס מיט זוניקע קאַמיוגישע הערצער, גייען כאַפּטעסווײַז מיט מיידלעך, לאַכן הילכיק, האַרטע ספּעצאָווקעס טראָגן די מיידלעך. אָט טוט זיך אַ ספּעצאָווקעלע אַ בראָך ווי אַ קאָרע. דאָס האָט אַ יאַט אַרומגענומען אַ רירעוודיק מיידל און האָט איר שטיל אַרײַנגעזאָגט אין אויער:

— קעצעלע, אין זאַגס ביסטו געווען שוין? יאַטן האָסטו ליב? — די מיידל דרייט זיך אויסעט מיט אַ הילכיקן געלעכטער און לויפט אַוועק אין בופעט.

מײַן אַלטער באַטקאָ זעט זיך ניט צווישן דער כאַפּטע יונגוואַרג. ער איז אין דעם רויִקן צעך. זילבערנע סטרושקעס, ווי קינדערשע לאָקן, פײַפן אונטער זײַנע הענט אין דעם רויִקן צעך, וואָס עטעמט מיט פאַרמיטיקדיקער שוויס. ער שלייפט מיט אַ דינעם שטײַבל אַ סאָסנאָווע טיר, וואָס שפּיגלט זיך מיט אַ גלאַטקײַט. זי ליגט אויסגעצויגן אַפן וואַרשטאַט און ער קיצלט אירע זאַפטן מיט זײַנע פילבאַרע סכאָלערישע הענט.

עקספּאָרט! — וועט ער באַלד אין דעם שטילן צעך אַ זאָג טאָן, און נאָך אַ בלאַנקער־דיקע טיר וועט צוקומען אַפּ פולע וואַגאָנעטקעס, וואָס וועט אַוועקפּאָרן אַרופּ, צו דער חעסקע, וווּ עס שטייט דער לאָקאָמאָטיוו מיט אָפענע וואַגאָנעס ווי אָפענע מײַלער, און וואַרטן ביז מע וועט זיי „אָנפּויען״ מיט שפּיגלדיקע טירן. באַלד וועט זיך צעפּאָכען דער לאָקאָמאָטיוו און זיך אַוועקטראָגן ווײַט, ווײַט צו וועלדער, וואָס צעקושן זיך מיטן הימל און זעען אויס פונוויײַטן בלוי און לאַנג, אַזויווי אָדערן אין אַן אַרבעטערס האַנט.

איך זיץ מיט אַניוטען. אַנטקעגן אַפּ הייכע, זוניקע יאַרוסן ברעטער זיצן יאַטן מיט יאַטשער־כעס. אַניוטע רוקט זיך נעענטער צו מיר און ווײַזט איר פּאָנעם, וואָס ברענט ווי אַ סמאָלע־לוטשינקע ברייטע ווײַסרוסישע פעלדער און וועלדער גיבן אָפּ מיט געשמאַקע ריחעס.

— דײַן באַטקאָ וועט אײַך אַלעמען פאַרטרײַבן אין אַ פלאַש—האָט שמייכלענדיק אַ זאָג געטאָן אַניוטע.

— ניטשעוואָ: מיר וועלן אויך ניט פּאָדגאַדיען!

— זעסט! גיב אַ קוק אין פענצטער—האָט זי מיר געוויזן מיטן פינגער—ער שטייט שוין דאָרטן און אַרבעט, אָט אַן אַלטער, האַ?

איך רוק זיך נעענטער צו איר צו, און נעם זי פעסט אַרום.

צוויי יאַרוסן אַנטקעגן אונדז ריידן זיך הילכיק איבער.

— אַניוטאַ!

— אַהו!

— טשעהאָ ראָביש!—הילכט אַרויס אַ יאַט, שטייענדיק מיט פאַרקאַשערטע אַרבל אַפן הייכן יאַרוס. איינער האָט פאַרהייבן די ספּעצאָווקע און געדרייט גיך מיט דער רעכטער האַנט.

— פאַרטיק! אָפּגעפּאָרטרעטלט! מאָרגן אין וואַנטצײַטונג.

3

באַ באַטקאָ גייען שווער די הענט און ציִען פון זיך סטרושקעס, די סטרוזשקעס שלענגלען זיך אַרום זײַנע האָריקע הענט און באַרעקן זיך מיט טראָפּעלעך שוויס.

טוט אַ טאַפּ באַ מיר אַ האַנט, ברענט זי ווי פײַער, טוט אַ טאַפּ אַן אײַזן פון אַ דובלט, וועט זי אַפּ אײַערע פינגער איבערלאָזן אַ האַרטע גליטשיקע שטיקל הויט.

עקספּאָרט!—טוט דער באַטקאָ אַ זאָג און שטעלט אַוועק אַ בלאַנקענדיקע טיר, העננס דער דובלט אינ זײַנ רעכטער האַנט און רײַסט זיך צו דער ערד מיט אַ פּודיקער מאַכע אָדערנ לױפֿנ אוף און בינדנ זיך אַפֿ דער האָריקער הויט אינ פֿאַרשײדענע מאָנאָגראַמענ.

פֿונוױַטנ טראָגט זיך אַניױטע מיט אַ שווערער טיר און גיט געזונטע טריט, אַז ס׳הייבנ זיך די ברוקנ.

— עקספּאָרטניקעס! — האָט הירשקע אַ טרייסל געטאָנ מיט זײַנ גופֿ — ס׳איז אַנצטער אָנגעקומענ פֿונ ענגלאַנד אַ בריוו און מע באַשולדיקט אונדז אינ קאָנטער־רעוואָליוציע.

— פֿאַרוואָס עפּעס קאָנטער־רעוואָליוציע? — האָבנ אַרבעטער מיט צעגלאָצטע אויגנ געפֿרעגט.

— דערפֿאַר, וואָס איר שרײַבט אײַערע פֿאַמיליעס אַפֿ די טירנ.

— אָט דאָס פֿאַרשטײענ מיר, אָט דאָס זײַנענ ווערטער. וואָס נאָך, הירשקע? איז מער, יאַטנ, זאָל מענ ניט פּאַטשקענ אַפֿ די טירנ קיינ פֿאַמיליעס! איר הערט, עקספּאָרטניקעס?— האָט זיך אָפּגערופֿנ יאַשע.

— איך האָב איצטער אַפֿ אַ טיר לעמ אַ ווינקעלע פֿונ פֿעלו אַ קלײנעמ שטערנדל אויסגעצייכנט און מײַנ פֿאַמיליע ארײַנגעשריבנ. מאָדנע געראַנקענ בלעטערנ זיך אינ קאָפּ. אַ סטאָלער אַפֿ יענער זײַט, בעשאַס ער וועט ארײַנלאָזנ די טיר, וועט געפֿינענ אָט דעמ קלײנעמ צייכנ, וועט שטײנ אַ רעגע פֿאַרטראַכט, און באַטראַכטנ דאָס מיט נײַגעריקע אויגנ, טאַפּנ דאָס מיט זײַנע שפּיצ סטאָליערישע פֿינגער.

מײַנע הענט פֿליִענ גיך איבער סאָסנע און גיבנ אָפּעט מיט אַ שווערנ האָסטיקנ עכּ. פּלוצימ איז מײַנ דובלט געבליבנ שטײנ, אַרויסוואַרפֿנדיק פֿונ זיך אַ לעצטע זוניקע סטרוזשקע. איך טו אַ הייב דעמ דובלט און איך זע אַ שאַרפֿנ קריצ אַפֿ מעשענער קויל, וואָס איז טיפֿ אײַנגעגעסנ אינ ראַמשטוק, אַ דינע מעשענע סטרוזשקע דרייט זיך אַפֿ דעמ קריצ פֿונ אײַזנ און שלעפּט מיט זיך אָפּגעריסענע פּוילישע אויסיעס. איך שטײ פֿאַרטראַכט ווי אַ בוימ, כאָטש נעמ און האַק אימ אויס. עס דערמאָנט זיך מיר אַ פֿרישער זומערדיקער וואַלד, מיט אַ הייכער ברענענדיקער זונ, וואָס גאַנווערט זיך אינ שאָטנ, אָפּנ בערגלדיקנ טראַקט אַ קופּקע פּוילישע מיט שפּיציקע היטלענ פֿירנ מײַנ עלטערנ ברודער (אויך „סקראַ־באַדאָס“ געווענ). פֿירנ אימ פּאַוואָליע און גלעטנ זיך מיט די פֿעטע הענט די שטעכיקע וואָנצעס.

יאָ. איך געדענק עס גוט פּונקט, ווי עס וואָלט איצטער געווענ, האָב איך נאָך דעמ אײגענעמ ברודער פֿאַרשאָטנ אַ טויטנ מיט זאַמד. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך מיט אימ אינ הייכנ פֿײַפֿנדיקנ וואַלד געגעכטיקט און אַ ציטער ניט געפּרוּווט געבנ. פֿונוױַטנ הינטער אַ באַגראָבענעמ כוטער האָט אַ ספּוזשעטער וואָלפֿ געוויִעט לאַנג, לאַנג.

באַגינענ, ווענ פֿונ די סאַמע שפּיצנ ביימער האָבנ זיך וואַרעמע פֿעדימ־שטראַלנ אָנגעהייבנ שיטנ, האָב איך שטאַרק פֿאַרקריצט די צײנ אינ איבערנ פֿײַכטנ פֿאַרטאָגיקנ טראַקט אַוועקגעפּאַטשט מיט די באָרוועסע פֿיס.

— בראַטקאַ, נאָך ווענענ האָסטו זיך פֿאַרבענקט?—האָט שמייכלענדיק געפֿרעגט אַניוטע געבנדיק מיר אַ פּאַטש איבער דער פּלייצע. איר בליק האָט זיך אַראָפּגעלאָזנ אָפּנ לאַנגנ ראַמשטוק און מיט וווּנדער זיך אײַנגעגעסנ אינ צעסקריַעטער קויל. יאַשע איז אויך געשטאַנענ באַמ וואַרשטאַט און עפּעס פֿאַרטראַכט באַקוקט אַפֿ דעמ צעשטשערבעטנ דובלט. אַפֿ אַ רעגע האָט זיך דער פּראָמפּינפּלאַנ אָפּגעשטעלט אינ בריגאַדע און געבליבנ שטײנ באכירעשט מיט טראָפּעלעכ שווייס, ווי טראָפּעלעכ טוי אַפֿ אַ באַגינענדיקער שויב.

א קויל מיט פוילישע אויסיעס האָט זיך טיף אײַנגעגעסן אין דעם סאָסנאָווע ראָם־שטוק. די בריגארע איז געשטאנען מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ, מיט שווערע אָנגעלאָפענע הענט, וואָס האָבן זיך אָנגעשפארט אָן דער ליגנדיקער טיר ווי צו א טרונע. מײַן טאטע האָט דער ערשטער גענומען א וואָרט:

— א רועך זאָל דאָס כאפּן. עס האָט דאָך געקענט אָנמאכן דעם עמעסן פאָהיבעל. כאָטש גוט, וואָס די העבלארקעס האָבן דאָס ניט אָנגערירט מיט די דרייענדיקע מעסערס.

יאשע האָט ארויסגעקלאפּט דאָס אײַזן פון דעם דובלט און מיט גראָבע פינגער געמא־צעט די שטשערבינעס, געקאלופּעט מיט די שווארצע נעגל און בייס מײַסע אויסגעשפּיגן דורך די ציין. דער קרומפּיסיקער הירשקע איז צו צום רעדל, וואָס איז געשטאנען ווי א ברייטע טומבאטשנע אלמער און קאלטבלוטיק א זאָג געטאָן:

— שוין אויסגעפּילט די פלענער, שוין פארטיק 18 טויזנט.

* * *

אָט קלײַבן זיך שוין ארבעטער פון דער צווייטער וואכטע, פלאָנטערן זיך אין סטרוזש־קעס, וואָס ליפּען זיך צו די פיס ווי קופּעס פרישע שניי, רײַבן זיך די הענט פונקט ווי ס'וואָלט געווען קאלט ניט באמערקנדיק די זון, וואָס שפּריצט מיט פײַערדיקע פונקען. א כאָפּטע פרישע סטאָליארעס שטייען בא ווארשטאטן מיט צעכראסטעטע ספּעצאָווקעלעך און טוען מיט א הילכיקן קאָל א פרעג בא מײַן אלטן באטקאָ:

— אלטער, וויפל האָסטו געמאכט?

— 25! — טוט ער זיי גאדלעסדיק א זאָג.

— יאשינקע, וויפל דו?

— פינפונצוואנציק!

— און דו בריגאדיר?

— פינפונצוואנציק!

— זעקסונצוואנציק!

— זעקסונצוואנציק! — כאזערט איבער א כאָפּטע פרישע סטאָליארעס.

פרישע סטאָליארעס פּעקלען שוין פון אלמערל געצײַג, בינדן זיך אײַן אין פארשמאָלצטע פארטעכער און קלאַפּן מיט די פיס „טשעטשאָטקע".

וואניע, דער פאָרזיצער פון זאווקאָם, האָט זיך געטראָגן איבער דער צעכישער גאס און אלעמען געגעבן צו וויסן, אז ס'וועט פאָרקומען א פארזאמלונג.

— אף דער פארזאמלונג! אף דער פארזאמלונג, עקספּאָרטניקעס.

א הייזעריקער הודאָק האָט זיך ארײַנגעריסן אין צעך און אלעמען געטריבן אף דער פארזאמלונג.

— אניוטקא! עקספּאָרט! — האָב איך נאָך א טיר אראָפּגענומען פון ווארשטאט און אָק־שאָנעסדיק אוועקגעלייגט אף א וואגאָנעטקע שפּיגלדיקע טירן.

— זעקסונצוואנציק! — קיינער האָט ניט איבערגעכאזערט, און א טיר איז געבליבן ליגן אף א פולער וואגאָנעטקע מיט עקספּאָרט און געעפנט א ציפער 26.

4

א פארכלינעטער הודאָק איז מיט א דאמפּ ווײַט אוועקגעשווומען צו דער זוניקער הייכ־ערנעץ אין א פענצטער ציטערט אופּ א שײַבל און דוימרזעט אף איר דיניקן קעלכל.

יאטנ זײַנענ אפ הייכע סטאָפּקעס טירנ געזעסנ אונ געצויגנ צו זיכ מיידלעכ פאר אויס־געשטרעקטע הענט. א גלאטע סאָסנאָווע טיר איז געלעגנ אפ א ווארשטאט ווי א סערוועט.

וואניע, דער פּאָרזיצער פונ זאווקאָם, איז געשטאנענ באַם דעם ווארשטאט אונ גע־האלטנ א פארסמאליעטע רעדע.

— סטאָליארעס! 18 טויזנט טירנ דארפנ מיר ארויסלאָזנ ביזנ סאָפ כוידעש! טעמפּנ—אזוי האָבנ סטאָליארעס פארשטאנענ.

איכ בינ געזעסנ בא פאנאנדערגעפּאקטע מאשינעס, וואָס זײַנענ געשטאנענ מיט א גלאנצ אנטקעגנ די פענצטער. מײַנע פינגער האָבנ פארפּויזעט אפ א גלאטנ „פּאָרשיפּניק" אונ געמאצעט א צייכנדל. אינ א ווינקל לעבנ „פּאָרשיפּניק" איז געווענ אויסגעקריצט א פינפ־שפּיציק שטערנדל אונ אינמיטנ — אנ אומבאקאנטע פארדרייטע פאמיליע. די פינגער פּויזענ זוכנדיק ווײַטער, אונ גיבנ איבער א פריידיקנ גרוס פונ אויסלענדישע ארבעטער.

אניוטע איז געזעסנ לעמ מיר פארטראכט מיט אנ ארויסגעלאָזענער קוקסע האָר, וואָס אנ עלטערער ארבעטער האָט געהאלטנ אינ די הענט אונ געוואָלט אויספלעכטנ א צאָפּ מיט א באנד פונ דינע סטרוזשקעס.

יאשע איז געשטאנענ אָנגעשפּארט אָנ א טיר אונ מיט זײַנ שווערער האנט געקראצט די פּאָטיליצע. קענטיק, ער האָט געוואָלט נעמענ א וואָרט אונ זיכ פאסמאקעוועט, קײַענדיק מיט די באקציינער דעמ צונג.

— כאווײרים! — האָט וואניע א זאָג געטאָנ, ווײַזנדיק מיט דער האנט אפ די נײַע מאשינעס—פּאָרויס צו ניצכוינעס! פאר 18 טויזנט טירנ ביזנ סאָפ כוידעש!

— אינ שטורעם פאר 18 טויזנט! אינ שטורעם פאר אויספילנ דעמ כ׳ סטאלינס 6 היס־טאָרישע אָנווײַזונגענ — איז אניוטע געשטאנענ מיט געזונטע פויסטנ, פונקט ווי זיי וואָלטנ זיכ אײַנגעשטשעמעט אינ א ביקס.

— העבליעווע, אניוטקא!

העבלוי, העבלוי!—האָבנ זיכ פונ די הויכע סטאָפּקעס נעטראָגנ ווערטער. אפ די הייכע סטאָפּקעס טירנ זײַנענ ארבעטער געשטאנענ מיט צענומענע הענט, פונקט ווי זיי וואָלטנ וועלנ אונטערהאלטנ דעמ באלקנ.

— עס וועט זײַנ אויסגעפילט!

— בורזע וויקאנאנא!—האָבנ ארבעטער געדונערט מיט זייערע שטימענ. דער קליאָנ פונ הויפ האָט אויכ צוגעשאָקלט מיטנ קאָפּ, געמאכײַעט אפ יאָ מיט יערנ בלעטל.

5

דער זאוואָד זעט אויס ווי א בלויע ספּעצאָווקעלע באפּוצט מיט לענטעס סטרוזשקעלעכ, וואָס זײַנענ דורכגעוועבט מיט אָנ א שיר עלעקטרישע לעמפּעלעכ אונ לײַכטנ מיט אָפענער שײַנ, וואָס צעגיסט זיכ אינ דעמ זומערדיקנ אָוונט אזוי ווי ליפּיקע סמאָלע.

דער טויער הענגט ווי א פארטעכ, וואָס איז צוגעבונדנ צו פײַערדיקע סלופּעס. איג קרענצ זײַנענ פירער באפּוצט. הייכע פלויטנ פלעכטנ זיכ איבער אונ רינגלענ ארומ דעמ זאוואָד אפנ גאנצנ מעהאלעכ, וואָס פײַערט זײַנ ניצאָכנ.

אפנ זאוואָד שטייענ הייכע סלופּעס אזוי ווי פײַערלעשער מיט מעשענע קאסקעס. דער הויפ איז אויסגעפּאָלירט מיט אספאלט, אונ דער גאנצער באנאכטיקער הימל ליגט אפ אימ

אויסגעגאָסנ מיט אסאכ שטערנ־פונקענ. עס בלאנקט די לופט ווי א קלײנע נאָדל, וואָס שפיגלט זיכ אינ דעמ קאָלירטנ אספאלט.

הייכ אפנ בארג הילכנ בערוועגעס אינ דער יאָנטעוודיקער לופט. זיי וויגנ זיכ פאר פרייד אפ די „קאָליארנ" אונ ווערנ אײַנגעשריפט אינ וואגאָנעטקעס, וואָס פירנ זיי צומ גאטער אפ דעמ שמאָלנ טראקט.

אָנ א שיר הענגענ לעמפעלעכ אפ דעמ זאוואָדישנ קערפער ווי קארעלנ אונ באפוצנ אימ מיט לענטעס.

לאנגע טישנ זײַנענ אויסגעשטעלט איבער דעמ זאוואָדישנ הויפ. ארבעטער זיצנ בא טישנ. דער אָרקעסטער פונ דעמ „פּאָדשעפנעמ" פּאָלק שפילט א פריילעכנ מארש. דער זאוואָד אויכ ווי אנ אָרקעסטער קאָמפאנירט צו אפ זײַנע לירישע קלאפאנעס.

רודערדיקע העבליארקעס שלינגענ מאָכאוואטע ברעטער. זיי קושנ די ברעטעלעכ מיט א גלאטנ לירישנ קושנ. אנ ארבעטער נעמט זיי ארומ אינ גאנצע הויפנס אונ צעלייגט זיי אקוראטנע מיט ארבעטער־געשמאק.

וואניע, דער פּאָרזיצער פונ זאווקאָמ, האלט א פײַערדיקע רעדע. מע פרעמירט מײַנ אלטנ באטקאָ, וואָס זיצט אינ פרעזידיומ. דער אָרקעסטער קלאפט א פריילעכנ „טוש" אונ סטאָליארעס פאטשנ צו צומ טאקט מיט זייערע געזונטע גראָבע הענט.

סטאָליארעס האָבנ איצטער הילכיק ארײַנגעפּאטשט אײנע די אנדערע אינ די הענט, אז אנ עכאָ האָט אָפגעקלאפט בא די הייכע יארוסנ ברעטער.

## ז. אקסעלראָד

* * *

עס בילן די הינט אין איספּאסקע [1]
די קעפּ אין די טויערס פאַרוקט.
איך גיי מיטן טראַקט, וואָס פירט קיין וואַרשע
אַף זײַן האַרטן, שטײנערנעם ברוק...

די אײַזנדלעכע הילכיק ווי שפּאָרן,
קלינגען אין לופט פאַרשײַט.
עס דערמאָנט זיך מיר מעם טויכער־ספאָרים,
וואָס איז דאָ געבאָרן ניט ווײַט.

דער קאַפּוליער גראָער זאַקן
וואָלט א טרייסל געטאָן מיט זײַן באָרד:
ווי לאָזט מען זיך גיין אָן א פלאַקן
אין אַזאַ אָ הינטישן אָרט...

און די הינט—זיי בילן ווי שטענדיק
אַף יעדן וואָס גייט פאַרבײַ.
עס איז נאָך ביז הײַנט ניט געענדערט
זייער בייזע בילערײַ...

די שטאָט בלײַבט אַהינטער און ווײַטער,
שווימט אָף אין טיף פון דער נאַכט.
ווײַזט זיך מיר אויס, אַז א רײַטער
יאָגט צו דער גרענעץ־וואַך...

דוכט זיך מיר אויס מײַן קאַמבאַטער —
דער סיבירער פּאַרטיזאַן,
ט'זיך געלאָזן אַזוי מיטן טראַקט דאָ
אַהינצו אין יענעם לאַנד...

---

[1] א ישעוו לעבן סלוצק.

און ס'רוישט דער האָבער און גערשטן
פונעם ווינט און די שטערן בארירט.
גלײַך עס גייט די וועלט איצט באהערשן
א דיכטער און קאָמאנדיר...

און ס'בילן די הינט אין איספּאסקע
באנאכט, אזייגער דרײַ.
פונעם טראקט, וואָס פירט קיין ווארשע
ניי איך אָפּ אָן א זײַט און פארבײַ.

איך גיי צום רויטארמייִשן שײַער,
ווו ס'שמעקט מיט שוויס און מיט היי.
און דער לעוואָנעס געלער פײַער
ברעקלט זיך אפּן שאָסיי...

סלוצק, אוגוסט 1932

א. וואָלאָברינסקי

# דער כ׳ סטאלינ וועגנ דער טעאָריע פונ פראָלעטארישער דיקטאטור

דער כ׳ סטאלינ איז דער בעסטער שילער פונ לענינענ. ער איז דער פירער פונ אלוועלטלעכנ פראָלעטאריאט. ער איז אינ אונדזער איצטיקער עפּאָכע דער גרעסטער טעאָרעטיקער פונ פראָלעטאריאט ניט נאָר אינ סאָוועטנפארבאנד, נאָר אינ אלוועלטלעכנ מאסשטאב. די קייט פונ מארקסיזמ־לעניניזמ, פונ דער וועלט־אָנשויונג אונ טאט פונ פראָלעטאריאט ציט זיכ אפּ פאָלגנדיקנ אויפנ: מארקס—ענגעלס—לענינ—סטאלינ.

אײנער פונ די באליבסטע מעטאָדנ פונ קאמפ מיצאד אונדזערע סאָנימ איז פירנ אטאקעס קעגנ די גרעסטע פירער פונעמ פראָלעטאריאט. אזוי האָבנ זיי געפירט א געפערלעכנ קאמפ קעגנ מארקסנ, דערקלערנדיק יעדנ טאָג די טעאָריע פונ מארקסנ פאר באנקראָט. יעטווידער אײנער, וועלכער האָט זיכ געוואָלט אויסדינענ אינ דער בורזשואזער „וויסנשאפט", האָט געהאט פאר זיכ א דײַטלעכנ וועג: צומ טויזנט ערשטנ מאָל „וויסנשאפטלעכ" דערווײַזנ די פאלשקייט פונ מארקס לערע. נאָכ מארקס טויט איז צו דעמדאָזיקנ מעטאָד צוגעקומענ נאָכ אײנער. נעמלעכ, ווי לענינ ווײַזט אָנ, פארוואנדלענ אימ אינ אנ אומשעדלעכער איקאָנע, אָפּגעבנ קאָוועד זײַנ נאָמענ אונ ארויסרײַסנ דעמ אינהאלט פונ זײַנ רעוואָליוציאָנערער לערע. דאָס גייט אינײנעמ מיט אָפענעמ באקעמפנ מארקסנ אונ זײַנ לערע. דאָס זעלביקע איז א פארביסענער קאמפ געפירט געוואָרנ אונ ווערט געפירט קעגנ לענינענ, קעגנ לעניניזמ. דאָרט, וווּ זיי, די סאָנימ פונ פראָלעטאריאט, קענענ עס, האלטנ זיי זיכ ניט אָפּ פונ אָפענ אָנפאלנ אפּ לענינענ, גיסנ שמוצ אפּ דעמ גרעסטנ פירער פונ פראָלעטאריאט. דאָרט, וווּ אויס מוירע פאר די מאסנ, וועלכע ווילנ ניט דולדנ קײנע אָפענע אָנפאלנ אפּ לענינענ, איז עס ניט מעגלעכ, ווערט דערדאָזיקער קאמפ געפירט אפּ אנ אנדער אויפנ, צוליב דעמזעלבנ צוועק.

דער קאמפ קעגנ דעמ לעניניזמ אונ קעגנ דער פארטיי ווערט געפירט אינ דער פאָרמ, וואָס עס ווערט געמאכט א פרווו צו אָפּשפּאלטנ די טעאָריע פונ דער פראקטיק, דערקלערנ לענינענ פאר א פראקטיקער אונ אָפּלייקענענ דעמ לעניניזמ, ווי א טעאָריע, ווי א נײַעמ אונ העכערנ עטאפּ אינ דער אנטוויקלונג פונ מארקסיזמ. צו דעמדאָזיקנ מענשעוויסטישנ קאמפ קעגנ לעניניזמ האָבנ זיכ דערקײַקלט אויכ די פאָרשטייער פונ מענשעוויזירנדיקנ אידעאליזמ (ווי אויכ דער מעכאניציזמ), דערקלערנדיק דעמ לעניניזמ בלויז פאר אנ „אָנווענדונג" פונ מארקסיזמ, אָבער ניט, ווי א ווײַטערדיקע אנטוויקלונג זײַנע.

דער צווייטער וואריאנט פונ קאמפ קעגנ לעניניזם איז אָפלייקענענ דעם צווישנפעלקערלעכנ כאראקטער פונ לעניניזם. אזוי האָט דער פירער פונ סאָציִאל־פאשיזם אינ עסטרײַכ, באוער, דערקלערט דעם לעניניזם פאר אנ אזיִאטישנ מארקסיזם, וועלכער איז צוגעפאסט פאר אנ אָפגעשטאנענעם לאנד. דאָס איז אויכ א באליבט לידל בא דעם טראָצקיזם אונ בא די טראָצקיסטישע קאָנטראבאנדיסטנ.

א דריטער וואריאנט פונ קאמפ קעגנ לעניניזם באשטייט אינ דערקלערנ, אז דער לעניניזם, ווי א טעאָריע, איז אופגעקומענ ערשט נאָכ דעם אימפעריִאליסטישנ קריג אונ אז מעמיילע ביז דעם אָקטיאבער האָט דער באָלשעוויזם מיט זיכ ניט פאָרגעשטעלט קיינ באזונדערע וועלט־אָנשויונג. דערדאָזיקער מאנעוור איז נייטיק דעם קאָנטער־רעוואָליוציִאָנערנ טראָצקיזם, קעדיי צו באהויפטנ, אז דער באָלשעוויזם האָט זיכ איבערבאוואָפנט אינ גײַסט פונ טראָצקיס „פערמאנענטער רעוואָליוציע”. צו דעם צוועק פאלסיפיצירנ זיי די פארטיי־געשיכטע, צו דעם צוועק ווערנ אינ דער געשיכטע פונ דער רעוואָליוציִאָנערער באוועגונג אינ רוסלאנד געשטעלט אפנ פאָדער־פלאנ די דײַטשישע „לינקע”. לענינענ ווערט אופגעוואָרפנ דאָס, וואָס ער האָט זיי באשאָסנ, ביים באשאָסנ האָט ער זיי פאר זייערע אָפאָרטוניסטישע פעלערנ. עס ווערט אידעאליזירט דער ליוקסעמבורגיזם, קעדיי אונטערנ צודעק פונ ר. ליוקסעמבורג (וועלכע איז אינ א ריי וויכטיקסטע פראגנ פונ דער מארקסיסטישער טעאָריע געשטאנענ אפ די טעאָרעטישע פאָזיציעס פונעם מענשעוויזם), זאָל אפ אנ עמעסנ געלויבט אונ באזונגענ ווערנ דער פאָרויסגייער פונ דער צווישנפעלקערלעכער קאָנטער־רעוואָליוציע—טראָצקי.

מיר אלע האָבנ געזענ, וויִאזוי עס האָט דידאָזיקע פאָרמענ פונ קאמפ קעגנ לעניניזם אופגעדעקט אונ דעמאסקירט אינ זײַנ היסטאָרישנ בריוו אינ דער רעדאקציע „פראָלעטארסקאיא רעוואָליוציא” דער כ׳ סטאלינ. דער כ׳ סטאלינ האָט געניִאל פאָרויסגעזענ אונ אָנגעצייכנט אָט די דרײַ גרונט־ליניעס פונ קאמפ קעגנ לעניניזם נאָכ מיט א צײַט פריִער, נאָכ אינ אָנהייב 1926 י.

אינ זײַנע „צו די פראגנ פונ לעניניזם”, וועלכע זײַנענ דאטירט יאנוואר 1926 י., שטעלט זיכ אָפ דער כ׳ סטאלינ אפ דער דעפיניציע פונ לעניניזם, וואָס ער האָט געגעבנ פריִער אינ זײַנע „יעסוידעס פונ לעניניזם”. ער שטעלט די פראגע, צי איז זײַנ דעפיניציע (לעניניזם איז מארקסיזם אינ דער עפאָכע פונ אימפעריִאליזם אונ פראָלעטארישער רעוואָליוציע) א ריכטיקע, אונ ער ענטפערט:

„איכ מיינ, אז זי איז א ריכטיקע. זי איז ריכטיק, *ערשטנס*, דערפאר, ווײַל זי ווײַזט ריכטיק אָנ אפ די היסטאָרישע וואָרצלענ פונעם לעניניזם, כאראקטעריזירנדיק אים, ווי מארקסיזם אינ דער *עפאָכע פונ אימפעריִאליזם*, אינ קעגנזאצ צו אייניקע לענינס קריטיקער, וועלכע מיינענ ניט ריכטיק, אז דער לעניניזם איז אנטשטאנענ נאָכ דעם אימפעריִאליסטישנ קריג. זי איז ריכטיק, *צווייטנס*, דערפאר, ווײַל זי צייכנט אָפ ריכטיק דעם צווישנפעלקערלעכנ כאראקטער פונ לעניניזם, אינ קעגנזאצ צו דער סאָציִאל־דעמאָקראטיע, וועלכע האלט, אז דער לעניניזם קענ אָנגעווענדעט ווערנ בלויז אינ דער נאציִאָנאל־רוסישער אומגעבונג. זי איז ריכטיק, *דריטנס*, דערפאר, ווײַל זי צייכנט אָפ ריכטיק די אָרגאנישע פארבינדונג פונ לעניניזם מיט מארקס לערע, כאראקטעריזירנדיק דעם לעניניזם, ווי *מארקסיזם* אינ דער עפאָכע פונ אימפעריִאליזם, אינ קעגנזאצ צו אייניקע קריטיקער פונ לעניניזם, וועלכע האלטנ אים ניט פאר קיינ ווײַטערדיקער אנטוויקלונג פונעם

מאַרקסיזם, נאָר בלויז פאַר א ווידערופשטעלונג פונעם מאַרקסיזם און פאַר אן אָנווענדונג פונעם מאַרקסיזם צו דער רוסישער ווירקלעכקייט"[1]. (קורסיוו אונדזערער—א. וו.).

דער קאַמף קעגן לעניניזם קאָנצענטרירט אין זיך דעם קאַמף קעגן דער רעוואָליוציע. דערדאָזיקער קאַמף ווערט איצטער געפירט אין דער ריכטונג פון באַקעמפן און באַשיצן דעם גרעסטן פירער פון פראָלעטאַריאַט אין דער איצטיקער עפּאָכע, דעם כ׳ סטאַלין. אויך דערדאָזיקער קאַמף נעמט אָן די פאָרם פון אָפּשפּאַלטן די טעאָריע פון דער פּראַקטיק און דערקלערן דעם כ׳ סטאַלין, ווי א פּראַקטיקער, אָפּלייקענענדיק זיין ראָלע און באַדייטונג אַלס דעם גרעסטן טעאָרעטיקער פון צווישנפעלקערלעכן פּראָלעטאַריאַט. דיזעלבע מעטאָדע פון קאַמף קעגן לענינען ווערן איצט פאַרשאַרפט קעגן כ׳ סטאַלין, ווי קעגן דעם בעסטן שילער פון לענינען, ווי קעגן דעם, וואָס זעצט פאָר זיין זאַך.

---

אין זיינעם א בריוו צו ווײַדעמייערן אין 1852 י. שרייבט מאַרקס:

„וואָס איז שייך מיר, איז ניט מיר געהערט דער פאַרדינסט, אז איך האָב אַנטדעקט די עקזיסטענץ פון קלאַסן אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט, אויך ניט מיר געהערט דער פאַרדינסט, אז איך האָב אַנטדעקט דעם קאַמף צווישן זיי. די בורזשואַזע היסטאָריקער האָבן נאָך א צייט פאַר מיר איבערגעגעבן די היסטאָרישע אַנטוויקלונג פון דעמדאָזיקן קאַמף צווישן קלאַסן, און די בורזשואַזע עקאָנאָמיסטן—די עקאָנאָמישע אַנאַטאָמיע פון קלאַסן. דאָס, וואָס איך האָב אויפגעטאָן נייס, באַשטייט נאָר אין דעם, וואָס איך האָב געוויזן פאָלגנדעס: 1) אז די עקזיסטענץ פון קלאַסן איז געבונדן נאָר מיט באַשטימטע היסטאָרישע אַנטוויקלונג־קאַמפן פון דער פּראָדוקציע; 2) אז דער קלאַסנקאַמף פירט אוממיידלעך צו דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט; 3) אז דידאָזיקע „דיקטאַטור שטעלט מיט זיך פאָר בלויז אן איבערגאַנג צו פאַרניכטן יעטווידע קלאַסן, צו דער געזעלשאַפט אָן קלאַסן".

צו דידאָזיקע מאַרקס ווערטער גיט לענין צו:

„דעריקער אין דער לערע פון מאַרקסן איז קלאַסנקאַמף—אזוי זאָגט מען און מע שרייבט גאַנץ אָפט, אָבער דאָס איז ניט ריכטיק. און פון דערדאָזיקער ניטריכטיקייט באַקומט זיך קעסיידער אן אָפּאָרטוניסטישע פאַרקריפּלונג פונעם מאַרקסיזם... דער, ווער עס אַנערקענט בלויז דעם קלאַסנקאַמף, יענער איז נאָך ניט קיין מאַרקסיסט. יענער—קען זיך אויסלאָזן—גייט נאָך ניט אַרויס פון די ראַמען פון בורזשואַזן דענקען און בורזשואַזער פּאָליטיק... א מאַרקסיסט איז נאָר יענער, וועלכער פאַרשפּרייט די אָנערקענונג פון קלאַסנקאַמף, ביז דער אַנערקענונג פון דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. אָט דאָ שטעקט דער סאַמע טיפסטער אונטערשייד צווישן דעם מאַרקסיסט און סאַמע געוויינלעכן קליינעם (ווי אויך גרויסן) בורזשואַ" לענין — „מעלוכע און רעוואָליוציע", ב. XIV, ט. 2, ז. 323).

דער יעסאָד פונעם מאַרקסיזם איז, אַלזאָ, ניט סתם קלאַסנקאַמף. אז עס עקזיסטירט קלאַסנקאַמף—האָט מען געוווּסט פאַר מאַרקסן, וועגן דעם ריידן אויך מאַרקס קעגנער (ווען זיי פאַרשטעלן זיך אפילע מיט זיין נאָמען) איצט. די גאַנצע פראַגע איז, צו וואָס מע דערפירט דעם קלאַסנקאַמף. מע קען ריידן וועגן קלאַסנקאַמף, אָבער קוקן אויף אים, ווי אויף א דערלייזבאַרן ווידערשפּרוך אין די ראַמען פון דער קאַפּיטאַליסטישער־געזעלשאַפט;

דענסטמאָל האָט עס מיט דעמ מארקסיזמ קײנ שומ געמײנזאמעס ניט. מע קענ אנערקענענ קלאסנקאמפ אונ אײנצײַטיק דערמיט באהויפטנ, אז דער קלאסנקאמפ ווערט וואָס ווײַטער אויסגעלאָשנ, אז אינ די ראמענ פונ קאפיטאליזמ אונ בורזשואזער דעמאָקראטיע וואקסט אויס דער סאָציאליזמ—דענסטמאָל איז עס סאָציאל־פאשיזמ פונ רײנסטנ מינ. די אנערקענונג פונ קלאסנ־קאמפ דארפ דערפירט ווערנ ביז דער אנערקענונג פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור. אָנ דעמ איז עס קײנ מארקסיזמ ניט, איז עס פארקריפלונג פונעמ מארקסיזמ. אזוי זאָגט דער לענינ.

אײנער פונ די גרעסטע טעאָרעטישע פארדינסטנ פונ כ׳ סטאלינ אינ דעמדאָזיקנ געביט באשטײט טאקע אינ דעמ, וואָס ער האָט דאָס—די דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט—געלײגט אינ גרונט פונ לעניניזמ, באשטימט דאָס, ווי דאָס איקערדיקע אינ לעניניזמ. מע דארפ נעמענ אינ אכט, אז דאָס איז געווענ דעמ כ׳ סטאלינס טעאָרעטישער אופטו, אז די פראגע וועגנ דעמ, וואָס זאָל געלײגט ווערנ אינ גרונט פונ לעניניזמ, האָט אנ אויסערגעוויינלעכ גרויסע פאָליטישע אונ טעאָרעטישע באדײַטונג. עס דארפ אויכ אונטערגעשטראָכנ ווערנ, אז אויכ דידאָזיקע פראגע, פונקט ווי יעדער מאָמענט פונ אונדזער לענינישער טעאָריע, איז קריגעריש אונ פארשארפט קעגנ די, וואָס רעווידירנ דעמ לעניניזמ, אז אויכ די פראגע וועגנ דאָס איקערדיקע אינ לעניניזמ איז געלײזט געוואָרנ דורכנ כ׳ סטאלינ אינ קאמפ קעגנ רעוויזיע אונ פעלשונג פונ לעניניזמ.

אזוי צ. ב. האָט זינאָוויעוו, נאָכ אײדער ער איז ארײַנגעטראָטנ אינ בלאָק מיטנ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערנ טראָצקיזמ, נאָכ אײדער ער האָט זיכ דערקײַקלט צומ אָפענעמ פאראט אונ שטיצע דער סאמע אנטבלויזטער קאָנטער־רעוואָלוציע, וואָס איז ניט לאנג אופגעדעקט געוואָרנ—באשטימט, ווי דאָס איקערדיקע אינ לעניניזמ, ניט די פראגע וועגנ דער דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט, נאָר די פויערימ־פראגע. אונ דאָס, ווי יעטווידער וועט זענ, איז ווײַס ניט צופעליק.

וואָס באטײַט עס באהויפטנ, אז דער „טשוועק" פונ לעניניזמ איז די פויערימ־פראגע? דאָס באטײַט פארוואנדלענ דעמ לעניניזמ בלויז אינ א נאציאָנאל־רוסישער טעאָריע, אָדער, אינ בעסטנ פאל, אינ א טעאָריע, וואָס האָט א שײַכעס בלויז צו אזעלכע לענדער, וועלכע זײַנענ ענלעכ צומ אמאָליקנ רוסלאנד, דאָס באטײַט אָפלײקענענ דעמ צווישנפעלקערלעכנ כאראקטער פונ לעניניזמ. לײגנ אינ גרונט די פויערימ־פראגע—באטײַט אָפלײקענענ דעמ לעניניזמ, ווי דעמ העכסטנ עטאפ אינ דער טעאָריע, אינ דער פילאָסאָפיע. סײַדנ זאָגנ, אז אזא איז די פילאָסאָפיע פונעמ לעניניזמ: באטראכטנ אלצ, אלע דערשײַנונגענ אינ דער געזעלשאפט פונ פויערשנ שטאנדפונקט, אונטערוואַרפנ אלצ דער פויערימ־פראגע. נאָר דאָס וואָלט דאָכ באטײַט שוינ גאָר א געמײנע רעכילעס אפ לענינענ. „לענינ—זאָגט דער כ׳ סטאלינ—וואָלט ניט געווענ דער גרעסטער פראָלעטארישער אידעאָלאָג—וואָס אזא איז ער אָנ ספּעק,—ער וואָלט געווענ אנ אײנפאכער „פויערישער פילאָסאָפ", ווי עס שילדערנ אימ אָפט די אויסלענדישע ליטערארישע באלעבעסלעכ, אויב ער וואָלט די פאנאנדער־ארבעטונג פונ דער פויערימ־פראגע געפירט ניט אפ דער באזע פונ דער טעאָריע אונ טאקטיק פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור, נאָר פארבײַ דערדאָזיקער באזע, אויסער דערדאָזיקער באזע". (סטאלינ, „צו די פראגנ פונ לעניניזמ" פאר. „דאָס איקערדיקע אינ לעניניזמ").

לײגנ אינ גרונט פונעמ לעניניזמ די פויערימ־פראגע באטײַט, אלזאָ, צושטײנ צו דעמ קאמפ, וואָס ווערט געפירט פונ סאָציאל־פאשיזמ אונ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערנ טראָצקיזמ

קעגנ לעניניזמ. דער לעניניזמ, טײַנענ זיי, האָט נ י ט קיינ צווישנפעלקערלעכע באדײַטונג, דער לעניניזמ שטעלט ניט פאָר מיט זיכ קיינ באזונדערע (אינ העכסטנ עטאפ) טעאָריע. ער איז בלויז די אָ נ ו ו ע נ ד ו נ ג פונעמ מארקסיזמ. דאָ איז אויכ קעדײַ אָנצוווײַזנ אונ אונטערשטרײַכנ די אייגנארטיקע „ארגומענטאציע“, אפנ גרונט פונ וועלכער זינאָוויעוו האָט אָפגעלייקנט די דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט, ווי דאָס איקערדיקע אינעמ לעניניזמ. זײַנ געדאנקענגאנג איז אנ ערעכ פאָלגנדיקער: די דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט איז ניט דאָס איקערדיקע אינעמ לעניניזמ, ווײַל וועגנ דעמ האָט ש ו י נ גערעדט א ו י כ מארקס. א רײַע—מארקס בריוו צו ווידעמייערנ, א רײַע—לענינס ווערטער אפנ סמאכ פונ מארקסנ, אז דער איקער איז ניט די אנערקענונג פונ קלאסנקאמפ אינ אלגעמיינ, נאָר דאָס דערפירנ אימ ביז דער דיקטאטור. אלזאָ, מארקס האָט דאָס שוינ געזאָגט. אָט פארוואָס דאָס קאָנ ניט זײַנ דאָס איקערדיקע אינ לעניניזמ.

עס איז גענוג כאָטש עטוואָס צו ארײַנטראכטנ זיכ אינ דערדאָזיקער ארגומענטאציע, קעדיי צו דערזענ, אז דאָ ליגט אנ אנטקעגנשטעלונג פונ לענינ צו מארקסנ, אנ אנטקעגנ־שטעלונג פונ דעמ איקערדיקנ אינעמ לעניניזמ צו דעמ איקערדיקנ אינ מארקסיזמ. דער צוגאנג איז דאָ אזוי: ווענ מע וויל וויסנ, וואָס איז דאָס איקערדיקע אינ לעניניזמ, דארפ מענ נעמענ דעמ לעניניזמ, מאכנ פונ אימ אנ אריפמעטישנ כיסער, אראָפנעמענ מארקסיזמ, אונ אָט דער רעזולטאט—לענינ מינוס מארקס וועט אונדז געבנ, אזוי צו זאָגנ, דעמ „ריינעמ“ (אינ זינ פונ מארקסיזמ) לעניניזמ. אָט דאָ דארפ מענ זוכנ דאָס איקערדיקע אינעמ לעניניזמ.

דערדאָזיקער צוגאנג איז גראָב אונ פאלש ביז גאָר. פונ לעניניזמ קענ מענ דעמ מארקסיזמ ניט אראָפנעמענ. לעניניזמ מינוס מארקסיזמ איז ניט לעניניזמ, פונקט ווי עס קאָנ אינ אונדזער עפאָכע ניט מעגלעכ זײַנ קיינ מארקסיזמ אויסער אונ פארבײַ דעמ לעניניזמ. אינ דעמ לעניניזמ זײַנענ ניטאָ קיינ שומ אזעלכע פרינציפנ, וואָס זאָלנ זיכ ניט באזירנ אפנ מארקסיזמ. אונ צוזאמענ דערמיט איז דער לעניניזמ א ווײַטערדיקע אנטוויקלונג פונ מארקסיזמ. דער לעניניזמ איז א ה ע כ ע ר ע ר א נ ט ו ו י ק ל ו נ ג־ע ט א פ פונ מארקסיזמ, ער איז אָבער א העכערער אנטוויקלונג־עטאפ טאקע פונ מ א ר ק ס י ז מ.

דער כ' בוכארינ באהויפטעט, אז לענינ האָט געשאפנ „א גאנצע נײַע שול וועגנ דער פראָלעטארישער דיקטאטור“. אויכ דאָ האָבנ מיר אנ אנטקעגנשטעלונג פונעמ איקערדיקנ אינ לעניניזמ צומ איקערדיקנ אינ מארקסיזמ. אויכ דאָ ווערט די פראגע דערלייזט אפ א פולשטענדיק מעטאפיזישנ, פאלשנ אופנ: אָדער מארקס האָט וועגנ דעמ גערעדט, דענסטמאָל קענ עס ניט פארעכנט ווערנ פאר לעניניזמ, אָדער—דאָס איז לענינס אופטו, דענסטמאָל קומט אויס, אז מארקס האָט וועגנ דערדאָזיקער פראגע קלוימערשט ניט דערמאָנט, אז לענינ האָט דאָ געשאפנ א „גאנצע נײַע שול“. עס איז קיינ וווּנדער ניט, אז ווענ עס קומט צו דער פראגע וועגנ דיִאלעקטישנ מעטאָד, באהויפטעט דער כ' בוכארינ, אז לענינס מעטאָד שטעלט מיט זיכ פאָר א פאָשעטע ווידערופשטעלונג פונ מארקס מעטאָד, אז דאָ האָט לענינ גאָרניט אנטוויקלט. דאָס שטאמט אלצ פונ דער פאלשער מעטאפיזישער אנטקעגנשטעלונג פונעמ איקערדיקנ אינ לעניניזמ צומ איקערדיקנ אינ מארקסיזמ.

ווי דערלייזט דידאָזיקע פראגע דער כ' סטאלינ? אָט דאָ זעענ מיר א מוסטער פונ דיִאלעקטישנ צוגאנג. „דאָס, וואָס איז געגעבנ געוואָרנ—זאָגט דער כ' סטאלינ—אינ לענינס מעטאָד, איז שוינ אינ גרונט געווענ אינ דער לערע פונ מארקסנ... עס וואָלט אָבער ניט ריכטיק געווענ צו מיינענ, אז לענינס מעטאָד איז אנ איינפאכע אופשטעלונג פונ דעמ,

וואָס מארקס האָט געגעבן. אינדערעמעסן איז לענינס מעטאָד ניט נאָר א ווידערופשטעלונג, נאָר אויך א קאָנקרעטיזירונג און ווײַטערדיקע אנטוויקלונג פון מארקס קריטישן און רעוואָליוציאָנערן מעטאָד פון זײַן מאטעריאַליסטישער דיאַלעקטיק״. (סטאלין—„וועגן די יעסוידעס פון לענינזם״—„מעטאָד״).

לענין האָט ווײַטער אנטוויקלט מארקס מעטאָד. אָבער אין דעם מעטאָד פון מארקסן איז שוין פארלייגט די מעגלעכקײַט פון ווײַטערדיקער אנטוויקלונג, אף וויפל מארקס מעטאָד די מאטעריאַליסטישע דיאַלעקטיק—איז א רעוואָליוציאָנערער מעטאָד. די ווײַטערדיקע אנטוויקלונג פון מארקס מעטאָד דורך לענינען איז אינעווייניק-אָרגאניש פאר דעם מעטאָד פון מארקסן גופע.

דיקטאטור פון פראָלעטאריאט איז דאָס איקערדיקע אין לענינזם. און אף וויפל מיר ריידן וועגן לענינזם, דארף מען האָבן אינזינען, אז „איבערגעבן דעם לענינזם—הייסט איבערגעבן דאָס, וואָס איז פאראן באזונדערס און נײַס אין לענינס ווערק, דאָס, וואָס לענין האָט ארײַנגעבראכט אין דעם אלגעמיינעם אוצער פונעם מארקסיזם״ (סטאלין). דאָס באטײַט אָבער בעשומויפן ניט, אז די פראגע וועגן דער דיקטאטור פון פראָלעטאריאט איז אומבאוווסט פאר מארקסן. דאָס באטײַט אויך ניט בעשומויפן, אז מארקס האָט ווייניקער אָפּגעשאצט די באדײַטונג פון דערדאָזיקער פראגע. דאָס באטײַט, אז די עצעם פראגע פון דער דיקטאטור פון פראָלעטאריאט האָט דורך לענינען באקומען א ווײַטערדיקע אנטוויקלונג. און קלאָר ווערן קאָן עס נאָר דענסטמאָל, ווען מע גייט צו צו דער פראגע היסטאָריש. די דעפיניציע פונעם לענינזם, פונעם איקערדיקן אין לענינזם איז ומאָפּטיילבאר פון קלאָר מאכן די היסטאָרישע וואָרצלען פונעם לענינזם.

און ווען דער כ׳ סטאלין רעדט וועגן זײַן דעפיניציע פונעם לענינזם, שטרײַכט ער אונטער, פריִער פון אלץ, אז דידאָזיקע דעפיניציע „ווײַזט אָן ריכטיק אף די היסטאָרישע וואָרצלען פונעם לענינזם״. און דאָ באקומען מיר די געניאַלע דעפיניציע פונעם לענינזם, וואָס עס גיט דער כ׳ סטאלין: „לענינזם איז מארקסיזם אין דער עפּאָכע פון אימפעריאַליזם און פראָלעטארישער רעוואָליוציע״.

---

לענינזם איז מארקסיזם אין דער עפּאָכע פון אימפעריאַליזם און פראָלעטארישע רעוואָליוציע, דאָס באשטימט סײַ די היסטאָרישע וואָרצלען פון לענינזם, סײַ דער מאָמענט, וואָס דער לענינזם שטעלט מיט זיך פאָר א ווײַטערדיקן עטאפ אין דער אנטוויקלונג פונעם מארקסיזם.

פון דעמדאָזיקן שטאנדפונקט דארפן מיר אויך צוגיין צו דעם איקערדיקן פון לענינזם, צו דער פראגע וועגן פראָלעטארישער דיקטאטור. האָט מארקס געגעבן די לערע פון דער דיקטאטור פון פראָלעטאריאט? עס איז גאָר לעכערלעך אפילע צו שטעלן אזוי די פראגע. בלויז די סאָנים פון מארקסיזם קענען דאָס שטעלן אונטער א פראגע-צייכן. אין זײַן „מעלוכע און רעוואָליוציע״ שרײַבט לענין: „אונדזער אופגאבע באשטייט פריִער פון אלץ אין אופשטעלן די עמעסע לערע פון מארקסן וועגן דער מעלוכע״. מיט דידאָזיקע ווערטער האָט לענין אונטערגעשטראָכן, אז זײַן לערע וועגן דער דיקטאטור פון פראָלעטאריאט באזירט זיך אף די פרינציפּן פון מארקסן און אף מארקס לערע וועגן דער מעלוכע.

אָבער מארקס האָט געשאפן אין דער עפּאָכע פון פארמאָנאָפּאָליסטישן קאפּיטאליזם, איצט האָבן מיר די עפּאָכע פון אימפעריאַליזם. פאר דערדאָזיקער צײַט זײַנען פאָרגעקומען

באדײַטנדיקע ענדערונגען, סײַ אין די פאָרמען און אנטוויקלונג־עטאפן פון קלאסנקאמפ צווישן דעם פראָלעטאריאט מיט דער בורזשואזיע, סײַ אפן געביט פון די ווידערשפרוכן אינעווייניק אינעם לאגער פון דער בורזשואזיע. דידאָזיקע נײַע סיטואציע פאָדערט צו שטעלן יעטווידע פראגע אזוי, עס זאָל קאָנטיק זײַן איר ווײַטערדיקע אנטוויקלונג. דאָס האָט א שײַכעס אויך צו דער לערע וועגן דער דיקטאטור פון פראָלעטאריאט, צו דער טעאָרי׳ע פון דער מעלוכע און רעוואָליוציע פון מארקסן. אין וואָס דריקט זיך אויס די ווײַטערדיקע אנטוויקלונג, וואָס לעניניזם האָט געגעבן דער לערע וועגן דער דיקטאטור פון פראָלעטאריאט? דאָס דעקט פאר אונדז אופ דער כ׳ סטאלין. און דערדאָזיקער טעאָרעטישער פארדינסט—אופקלערן דאָס נײַע, וואָס עס האָט ארײַנגעטראָגן לעניניזם אין דער טעאָריע פון דער דיקטאטור פון פראָלעטאריאט,—געהערט בלויז דעם כ׳ סטאלין.

נאָר מיר דארפן דאָ פריִער זאָגן אייניקע ווערטער וועגן דאָס נײַע, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר די עפּאָכע פון אימפעריִאליזם אין באצוג צום פארמאָנאָפּאָליסטישן קאפיטאליזם. אפ דערדאָזיקער פראגע — וועגן די נײַע געזעצמעסיקײַטן פון דער עפּאָכע פון אימפעריִאליזם און ווי דאָס שפיגלט זיך אָפּ אפ דער פראגע פון מעלוכע—זײַנען מעגלעך און עס זײַנען פאראן דרײַ ענטפערן: עס קען מעגלעך זײַן אן ענטפער אזא, וואָס שטעלט פרינציפיעל, אבסאָליוט קעגן דעם אימפעריִאליזם צו דעם פארמאָנאָפּאָליסטישן קאפיטאליזם, וועלכער וועט דעם אימפעריִאליזם פאקטיש באטראכטן אויסער דעם קאפיטאליזם, ניט ווי קאפיטאליזם. דאָס איז פאלש פון אָנהייב ביזן סאָפ. דאָס איז קאָנטער־רעוואָליוציִאָנער. דאָס איז דער מעטאָדאָלאָגישער צוגאנג פונעם סאָציִאַל־פאשיזם. קאפיטאליזם — זאָגן זיי — איז אנארכיע פון דער ווירטשאפט, דער מאָנאָפּאָליסטישער קאפיטאליזם פירט צום אָרגאניזירטן קאפיטאליזם. דאָ ווערט אויסגעלאָשן דער קלאסנקאמפ, דאָ שטארבן אָפּ די ווידערשפרוכן אין די רייען פון דער בורזשואזיע. די פריִערדיקע מעלוכע איז געווען א ביוראָקראטישע, א זשאנדארמעריש־פּאָליציייִשע, די איצטיקע מעלוכע, באם מאָנאָפּאָליסטישן קאפיטאליזם,—א פארוואלטונג־מעלוכע, א ווירטשאפטלעך־אָנפירערישע. די איצטיקע מעלוכע קען באהערשט ווערן דורכן ארבעטער־קלאס. מעמיילע קלינגען די רייד וועגן רעוואָליוציע, ווי אלטע אנאכראָניזמען, וואָס האָבן שוין אויסגעלעבט יעטווידן אינהאלט. אזוי, אָדער בערעך אזוי, ריידן די פארשיידענע טעאָרעטיקער פון סאָציִאַל־פאשיזם, אהער האָבן זיך בעקײַקלט די רעכטע אָפּאָרטוניסטן מיט זייער טעאָריע וועגן אָרגאניזירטן קאפיטאליזם.

עס איז אויך דאָ א צווייטער ענטפער: דער אימפעריִאליזם אנטהאלט ניט קיינע נײַע געזעצמעסיקײַטן אין באצוג צום פארמאָנאָפּאָליסטישן קאפיטאליזם. די פראגן וועגן דער מעלוכע, רעוואָליוציע, דיקטאטור פון פראָלעטאריאט ווערן איצט געשטעלט פונקט אזוי, ווי אין פריִערדיקן פעריִאָד. דאָס איז ווידער פאלש און פירט ווידער צו קאָנטער־רעוואָליוציע. אזוי צ. ב. איז דער טעאָרעטישער „וואָפן“ פון דער טראָצקיסטישער אָפּאָזיציע פון מיסטער טראָצקי עט זינאָוויעוו באשטאנען דערנסטמאָל צווישן אנדערש אויך אין דעם, וואָס זיי האָבן אָפּגעלייקנט די נײַע געזעצמעסיקײַטן פון דער עפּאָכע פון אימפעריִאליזם און אפ אזא אופן, ספעקולירנדיק מיטן נאָמען פון מארקס און ענגעלס, אָפּגעלייקנט די מעגלעכקײַט פון בויען סאָציִאַליזם אין איין לאנד. נאטירלעך, אז צוזאמען דערמיט שטייט דער טראָצקיזם, ווי א אָפּצווײַגונג פון מענשעוויזם און ווי דער אוואנגארד פון דער בורזשואזער קאָנטער־רעוואָליוציע אפן שטאנדפונקט פון קעגנשטעלן דעם אימפעריִאליזם צום פארמאָנאָפּאָליסטישן קאפיטאליזם, אפ די אלגעמיינע מענשעוויסטישע פּאָזיציעס אין דער פראגע

פון אימפעריִאליזם. דער קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער טראָצקיזם שטייט אפ די פּאָזיציעס פון „אָרגאַניזירטן קאַפּיטאַליזם״, פון קאַוטסקין א. ד. גל.

מיר האָבן דאָ אָנגעמערקט די ליניעס, קעגן וועלכע דער דיִאַלעקטישער מאַטעריִאַליזם, דער לענינים פירט א קאַמף. אָט ווי עס דערלייזט דידאָזיקע פראַגע דער לעניניזם.

צי שטעלט מיט זיך פאָר דער אימפעריִאַליזם א ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם? נאַטירלעך, אז יאָ. אָבער א ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג און פאַרשאַרפונג גראָד פון די ווידערשפּרוכן פונעם קאַפּיטאַליזם, סײַ דער ווידערשפּרוך צווישן דעם פּראָלעטאַריִאַט מיט דער בורזשואַזיע, סײַ צווישן די מעטראָפּאָליעס און קאָלאָניעס, סײַ צווישן דער בורזשואַזיע פון פאַרשיידענע לענדער, סײַ צווישן דער בורזשואַזיע פון איין לאַנד, סײַ צווישן פאַרשיידענע געביטן פון דער פּראָדוקציע. דער אימפעריִאַליזם איז א ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם. ער איז אָבער ניט פּרינציפּיִעל, ניט אַבסאָליוט קעגנגעשטעלט צום פאַרמאָנאָפּאָליסטישן קאַפּיטאַליזם. דער אימפעריִאַליזם וואַקסט אויס פון דעם פאַר־מאָנאָפּאָליסטישן קאַפּיטאַליזם און שטעלט מיט זיך פאָר א ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג פון זײַנע ווידערשפּרוכן. אָבער די פאַרשאַרפונג פון דידאָזיקע ווידערשפּרוכן ברענגט צו נײַע געזעצמעסיקײַטן, צו א נײַער שטעלונג פון א ריי פראַגן טאַקע אפן באָדן פון די פאַרשאַרפטע ווידערשפּרוכן. דאָס האָט אַנטדעקט לענין. דאָס ווײַזט אונדז און דעקט אויף דער בעסטער שילער פון לענינען, אונדזער פירער—דער כ׳ סטאַלין. דער כ׳ סטאַלין ווײַזט אונדז אָן, צום בײַשפּיל, אפ פאָלגנדיקן:

„און דאָס איז ניט דער ערשטער פאַל, ווען לענין, אַרויסגייענדיק פון מאַרקס מעסאָד, וועצט פאָר די זאַך פון מאַרקסן און ענגעלסן, ניט אָנטשעפּענדיק זיך אָנעם בוכשטאַב פונעם מאַרקסיזם... עס איז באַוווּסט, אז וועגן דערדאָזיקער פראַגע (דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט—א. וו.) האָט מאַרקס אַרויסגעזאָגט דעם געדאַנק, אז די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, ווי דאָס ברעכן דעם אַלטן מעלוכישן אַפּאַראַט און שאַפן א נײַעם אַפּאַראַט, א נײַע פּראָלעטאַרישע מעלוכע, איז א נויטווענדיקער אַנטוויקלונג־עטאַפּ צום סאָציִאַליזם אין די לענדער פון קאָנטינענט, דערלאָזנדיק אַן אויסנאַם פאַר ענגלאַנד און אַמעריקע, ווו לויט מאַרקס דערקלערונג איז דער מיליטאַריזם און ביוראָקראַטיזם שוואַך אַנטוויקלט אָדער גאָרניט אַנטוויקלט, און ווו עס איז דערפאַר מעגלעך אַן אַנדער וועג, א „פרידלעכער״ וועג פון איבערגאַנג צום סאָציִאַליזם. דאָס איז געווען פולשטענדיק ריכטיק אין די 70־ער יאָרן... אָבער דיזעלביקע האַנאָכע, זײַענדיק ריכטיק אין די 70־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, איז שוין געוואָרן ניט ריכטיק נאָך דעם 19־טן י. ה., אין פעריִאָד פון אימפעריִאַליזם, ווען ענגלאַנד איז געוואָרן ניט ווייניקער ביוראָקראַטיש און ניט ווייניקער, אויב ניט מער מיליטאַריסטיש, ווי א וועלכע ניט איז לאַנד אפן קאָנטינענט. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט זאָגט לענין אין זײַן בראָשור „מעלוכע און רעוואָלוציע״, אז די באַגרענעצונג פון מאַרקסן בנוגע דעם קאָנטינענט פאַלט אָפּ״ (סטאַלין—וועג סאָציִאַל־דעמאָקראַטישן אָפּנייג אין אונדזער פּאַרטיי).

דערפון פירט דער כ׳ סטאַלין אַרויס א געזעץ, וועלכער דרינגט אַרויס פון די אייגנאַרטיקײַטן פונעם אימפעריִאַליזם.

„די צוואַנג־רעוואָלוציע פון פּראָלעטאַריאַט, די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט איז אַן אומפאַרמײַדלעכער און אָבליגאַטערישער באַדינג פון דער באַוועגונג צום סאָציִאַליזם אין אַלע אָן אויסנאַם אימפעריִאַליסטישע מעלוכעס״ (סטאַלין—דאָרטן). אָבער דאָס איז נאָך

חיַס ניט אלץ, דעריקער איז, וואָס לעניג האָט אנטדעקט דעם געזעץ וועגנ דער ניטגלײַכמעסיקער שפרונגארטיקער אנטוויקלונג פונ קאפיטאליזם, אינ די באדינגונגענ פונ אימפעריאליזם, אונ ארויסגייענדיק פונ דעם, האָט ער אפ א נײַעם אויפנ (באזירנדיק זיכ אפ מארקסנ) געשטעלט די פראגע וועגנ פראָלעטארישער רעוואָליוציע אונ פראָלעטארישער דיקטאטור. אָט, ווי דער כ׳ סטאלינ דעקט אופ דאָס נײַע, וואָס לעניג האָטארײַנגעטראָגנ אינ דידאָזיקע פראגנ, דעמ לעניניש עטאפּ אינ דער פראגע וועגנ דער פראָלעטארישער דיקטאטור. דער כ׳ סטאלינ האָט דאָס ניט נאָר אופגעדעקט, נאָר געפירט פאר דעם, ווי דער פירער פונ דער פארטיי, אנ אקשאָנעסדיקנ קאמפּ מיט אלע סאָנים פונ דער פארטיי, פונ לעניניזם, באזונדערס אינ זײַנ קאמפּ קעגנ דעמ קאָנטר־רעוואָליוציאָנערנ טראָצקיזם.

„ריידנדיק וועגנ דעמדאָזיקנ געזעץ (ניטגלײַכמעסיקע אנטוויקלונג פונעם קאפיטאליזם—א. וו.), איז לעניג ארויסגעגאנגענ דערפונ, וואָס דער קאפיטאליזם, דער אלטער, דער פארמאָנאָפּאָליסטישער, איז שוינ אריבערגעוואקסנ אינ אימפעריאליזם; אז די וועלט־ווירטשאפט אנטוויקלט זיכ אינ די באדינגונגענ פונ ווילדנ קאמפּ צווישנ די הויפּט־אימפעריאליסטישע גרופּנ פאר טעריטאָריעס, פאר מערק, פאר רוישטאָפּ א. א. וו., אז די צעטיילונג פונ דער וועלט אפּ ווירקונג־ספערנ פונ די אימפעריאליסטישע גרופּנ איז שוינ פארענדיקט; אז די אנטוויקלונג פונ די קאפיטאליסטישע לענדער גייט ניט גלײַכמעסיק, ניט אזוי, אז איינע זאָל גיינ נאָכ דער צווייטער, אָדער פאראלעל דער צווייטער, נאָר שפרונגארטיק, דורכ אָפּשטויסנ אייניקע לענדער, וועלכע זײַנענ פריִער אוועק פאָרויס אונ ארויסרוקנ נײַע לענדער, אפנ ערשטנ פלאנ; אז אזא אָרדענונג פונ אנטוויקלונג פונ די קאפיטאליסטישע לענדער רופט ארויס אומפארמײַדלעכ קאָנפליקטנ אונ מילכאָמעס צווישנ די קאפיטאליסטישע לענדער פאר א נײַער איבערטיילונג פונ דער שוינ צעטיילטער וועלט; דידאָזיקע קאָנפליקטנ אונ מילכאָמעס פירנ צו דער אָפּשוואכונג פונעם אימפעריאליזם; אז דער וועלט־פראָנט פונ אימפעריאליזם ווערט אינ צוזאמענהאנג דערמיט גרינג אָנגעגריפנ (уязвимо) פאר א דורכרײַס פונ אים אינ די אָדער יענע לענדער; אז צוליב דעם ווערט מעגלעכ דער ניצאָכנ פונ סאָציאליזם אינ באזונדערע לענדער“ (סטאלינ — וועגנ סאָציאל־דעמאָקראטישנ אָפּנייג אינ אונדזער פארטיי“—קורסיוו אונדזערער—א.וו.).

אלזאָ, דאָס נײַע, וואָס לעניג האָט אינ דערדאָזיקער פראגע אנטדעקט, איז דער געזעץ וועגנ דער ניטגלײַכמעסיקער אנטוויקלונג פונעם קאפיטאליזם אינ די באדינגונגענ פונ אימפעריאליזם. אונ דערפונ דרינגט ארויס אינ דער פראגע פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע אונ פראָלעטארישער דיקטאטור:

1. דער אימפעריאליזם, ווי דער ערעוו פונ דער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע.
2. די לערע וועגנ שוואכנ רונג.
3. דער זיג פינ סאָציאליזם אינ באזונדערע לענדער.

סײַ די לערע וועגנ שוואכנ רונג, סײַ די לערע וועגנ זיג פונ סאָציאליזם אינ באזונדערע לענדער — דאָס איז אלצ נײַס, וואָס איז געגעבנ געוואָרנ דורכ לענינען. בנעגייע דער פראגע וועגנ אופבויענ סאָציאליזם אינ איינ לאנד, ווײַזט אָנ דער כ׳ סטאלינ:

„מע דארפ אָנערקענענ... אז טאקע לעניג אונ נים ווער עס איז אנ אנדערער האָט אנטדעקט דעמ עמעס וועגנ דער מעגלעכקײַט פונ דעם זיג פונ סאָציאליזם אינ איינ לאנד. מע קענ ניט אָפּנעמענ בא לענינענ דאָס, וואָס עס קומט אים מיט רעכט... לעניג איז געווענ דער ע ר ש ט ע ר פונ די מארקסיסטנ, וועלכער האָט אפ א נײַעם שטייגער געשטעלט די

פראגע וועגן זיג פון סאָציִאַליזם אין איין לאַנד און האָט זי דערלייזט אין פּאָזיטיוון זינ־ (סטאַלין—וועגן סאָציִאַל־דעמאָקראַטישן אָפּנייג אין אונדזער פּאַרטיי).

דאָסגלײַכן בענעגייע דער לערע וועגן שוואַכן רונג, ווײַזט אָן דער כ׳ סטאַלין:

„פריִער פלעגט מען באַטראַכטן די פּראָלעטאַרישע רעוואָליוציע, ווי א רעזולטאַט אויסשליסלעך פון דער אינערלעכער אַנטוויקלונג פונעם געגעבענעם לאַנד. איצט איז שוין אַזאַ שטאַנדפּונקט ניט גענוג. איצט מוז מען באַטראַכטן די פּראָלעטאַרישע רעוואָליוציע פריִער פון אַלץ, ווי א רעזולטאַט פון דער אַנטוויקלונג פון די ווידערשפּרוכן אין דער וועלט־סיסטעם פון אימפּעריִאַליזם, ווי א רעזולטאַט פון דעם, וואָס די קייט פונעם אַלוועלטלעכן אימפּעריִאַליסטישן פראָנט אין דעם אָדער יענעם לאַנד איז צוריסן געוואָרן".

די לערע וועגן שוואַכן רונג איז א רעזולטאַט פון די נײַע געזעצמעסיקײַטן, וואָס זײַנען אַנטשטאַנען אין פּעריאָד פון אימפּעריִאַליזם, איז א רעזולטאַט פון דעם געזעץ וועגן דער ניטגלײַכמעסיקער אַנטוויקלונג פון דעם קאַפּיטאַליזם אין די באַדינגונגען פון אימפּעריִאַליזם. דער נײַער צוגאַנג דרינגט אַרויס פון דעם, וואָס „באַזונדערע לענדער און באַזונדערע נאַציִאָנאַלע ווירטשאַפטן האָבן אויפגעהערט צו זײַן זעלבסטדאָמינירנדיקע איינסן און זײַנען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין רונגען פון אן איינהײַטלעכער קייט, וואָס ווערט אָנגערופן וועלט־ווירטשאַפט". די לערע וועגן שוואַכן רונג איז א רעזולטאַט פון דער ניטגלײַכמעסיקײַט, פון דער „שפּרונגאַרטיקײַט" אין דער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם, אין דער עפּאָכע פון אימפּעריִאַליזם.

פון דעם דרינגט אַרויס דער געזעץ פון לעניניזם וועגן דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע.

„דער פראָנט פון קאַפּיטאַל וועט דורכגעריסן ווערן דאָרט, ווו די קייט פון אימפּעריִאַליזם איז שוואַכער, ווײַל די פּראָלעטאַרישע רעוואָליוציע איז א רעזולטאַט פון דעם, וואָס די קייט פון אַלוועלטלעכן אימפּעריִאַליסטישן פראָנט אין איר שוואַכסטן אָרט איז צוריסן געוואָרן. דערבײַ קאָן זיך אַרויסווײַזן, אַז דאָס לאַנד, וואָס האָט אָנגעהייבן די רעוואָליוציע, דאָס לאַנד, וואָס האָט דורכגעריסן דעם פראָנט פון קאַפּיטאַל, איז ווייניקער אַנטוויקלט אין קאַפּיטאַליסטישן זין, ווי אַנדערע מער אַנטוויקלטע לענדער, וואָס זײַנען פונדעסטוועגן פאַרבליבן אין די ראַמען פון קאַפּיטאַליזם". (סטאַלין. „פראַגעס פון לעניניזם", יידישע אויסגאַבע, ז. 24).

דער כ׳ סטאַלין דעקט דאָ דערבײַ אויף און גיט אונדז איינע פון די סאַמע קלאַסישע אַנטפּלעקונגען פון דער מאַטעריִאַליסטישער דיִאַלעקטיק. ערשטנס, דעקט אויף דער כ׳ סטאַלין דעם אינהאַלט, דעם טאָכ פון דער ניטגלײַכמעסיקער אַנטוויקלונג פונעם קאַפּיטאַליזם. דער כ׳ סטאַלין ווײַזט אָן, אַז די טענדענץ פון ניוועלירונג, אויסגלײַכונג פון דער ווירטשאַפטלעכער הייכ פון באַזונדערע לענדער, וואָס אויסערלעך קומט זי אויס ווי א „ווידערשפּרוך" צו דער ניטגלײַכמעסיקײַט פון דער אַנטוויקלונג פונעם קאַפּיטאַליזם, אַז די דאָזיקע טענדענץ שפּײַזט גראָד, האַלט אונטער און פאַרשטאַרקט די ניטגלײַכמעסיקע אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם אין די באַדינגונגען פון אימפּעריִאַליזם. אין זײַן קאַמף קעגן דער טראָצקיסטישער אָפּאָזיציע, ווײַזט אָן דער כ׳ סטאַלין:

„פון דעמדאָזיקן טאָעס פון דער אָפּאָזיציע (דאָס ניט פאַרשטיין דעם אונטערשייד צווישן בין־אימפּעריִאַליסטישן קאַפּיטאַליזם און אימפּעריִאַליסטישן—א. וו.) דרינגט אַרויס איר צווייטער טאָעס, וועלכער באַשטייט אין דעם, וואָס זי פאַרשטייט ניט דעם זין און די באַדײַטונג פון דעם געזעץ פון דער ניטגלײַכמעסיקער אַנטוויקלונג אין פּעריאָד פון אים־

פעריאַליזם, וואָס · זי שטעלט אנטקעגנ דעמדראָזיקנ געזעצ די טענדענצ צו ניוועלירונג אונדערקײַקלט זיכ אפ אזא אופנ אפ דער קאוטסקיאַנישער פּאָזיציע פונ אולטרא־אימפּעריאַליזם" (סטאַלינ—נאָכאמאָל וועגנ סאָציאַל־דעמאָקראטישנ אָפּנייג). ווי באוווּסט האָט די טראָצקיס־טישע אָפּאָזיציע באקעמפט דעמ לעניניסטישנ געזעצ וועגנ דער ניטגלײַכמעסיקער אנטוויקלונג פונ קאפּיטאליזם, ארויסגייענדיק דערפונ, וואָס עס איז דאָ א טענדענצ פונ ניוועלירונג. טראָצקי האָט אפ דער 15־טער פארטיי־קאָנפערענצ באהויפּטעט, אז אינ 19־טנ י. ה. איז די ניטגלײַכמעסיקײַט געווענ מער ווי אינ 20־טנ י. ה. זינאָוויעוו האָט נאָכגעטײַנעט טראָצקינ: „עס איז ניט ריכטיק — האָט געזאָגט זינאָוויעוו — אז די ניטגלײַכמעסיקײַט פונ דער קאפּיטאליסטישער אנטוויקלונג איז ביזנ אָנהייב פונ דער אימפּעריאַליסטישער עפּאָכע געווענ ווייניקער".

דער כ׳ סטאַלינ האָט אופגעדעקט די גאנצע פאלשקײַט פונ דידאָזיקע באהויפּטונגענ. דער כ׳ סטאַלינ האָט דערבײַ געגעבנ א מוסטער פונ דער מאטעריאַליסטישער דיאַלעקטיק. „די פראגע וועגנ דער ניטגלײַכמעסיקער אנטוויקלונג אינ פעריאָד פונ אימפּעריאַליזם טאָר מענ ניט צענויפמישנ מיט דער פראגע וועגנ דעמ אונטערשייד אינ דער הייכ פונ דער ווירטשאפטלעכער לאגע פונ פארשיידענע קאפּיטאליסטישע לענדער... צי ווערט גרעסער אָדער קלענער דערדאָזיקער אונטערשייד אינ דער הייכ פונ אנטוויקלונג? אָנ צווייפל, עס ווערט קלענער. עס וואקסט אָדער עס פאלט די ניוועלירונג? אָנ ספק, עס וואקסט. צי ווידערשפּרעכט ניט דער וווּקס פונ דער ניוועלירונג דער פארשטארקונג פונ דער ניטגלײַכמעסיקײַט פונ דער אנטוויקלונג באמ אימפּעריאַליזמ? ניינ, עס ווידערשפּרעכט ניט. פארקערט, די ניוועלירונג איז דער פאָנ אונ די באזע, אפנ גרונט פונ וועלכער עס איז מעגלעכ די פארשטארקונג פונ דער ווירקונג פונ דער ניטגלײַכמעסיקײַט אינ דער אנטוויקלונג באַ דעמ אימפּעריאַליזם... גראָד דערפאר, וואָס אָפּגעשטאנענע לענדער פארגיכערנ זייער אנטוויקלונג אונ ניוועלירנ זיכ מיט די פאָרגעשריטענע לענדער — גראָד דערפאר ווערט פארשארפט דער קאמפ פאר דעמ, אז אייניקע לענדער זאָלנ זיכ שטעלנ פאר די אנדערע, גראָד דערפאר ווערט געשאפנ די מעגלעכקײַט פאר אייניקע לענדער איבעריאָגנ די אנדערע לענדער אונ ארויסשטויסנ זיי פונ די מערק, שאפנדיק דערמיט גופע פאָרבאדינגונגענ פאר מיליטערישע צוזאמענשטויסנ, פאר אָפּשוואכנ דעמ וועלט־פראָנט פונ קאפּיטאליזם, פאר דורכרײַסנ דעמדאָזיקנ פראָנט דורכ די פּראָלעטאריער פונ פארשיידענע קאפּיטאליסטישע לענדער" (סטאַלינ—דאָרטנ).

דער כ׳ סטאַלינ דעקט דאָ גלײַכ אופ די קלאסנ־וואָרצלענ, דעמ פּאָליטישנ טאָכ דערפונ, וואָס די טראָצקיסטישע אָפּאָזיציע האָט באקעמפט דעמ באשליסנדיקנ כאראקטער פונ דעמ געזעצ פונ דער ניטגלײַכמעסיקער אנטוויקלונג. פארוואָס האָט זי דאָס ניט פארשטאנענ? דער כ׳ סטאַלינ ענטפערט: „ווײַל ריכטיק אָפּשאצנ דעמ געזעצ פונ דער ניטגלײַכמעסיקער אנטוויקלונג פונ די קאפּיטאליסטישע לענדער פירט צומ אויספיר וועגנ דער מעגלעכקײַט פונ זיג פונ סאָציאַליזם אינ באזונדערע לענדער". איצט, ווענ דער טראָצקיזם האָט שוינ לאנג אופגעהערט זײַנ א פראקציע פונ קאָמוניזם, ווענ ער איז ווידער געוואָרנ א פראקציע פונ מענשעוויזם, ווענ „דער הונט האָט זיכ אומגעקערט צו זײַנ מייקעניש", ווענ ער איז געוואָרנ דער אוואנגארד פונ דער צווישנפעלקערלעכער בורזשואזער קאָנטר־רעוואָלוציע, ווענ ער פירט פארביסענע אטאקעס קעגנ דעמלאנד פונ סאָציאַליזם, קעגנ דער פּראָלעטארישער רעוואָלוציע — איז באזונדערס דײַטלעכ, אונ קלאָר וואָס באגײַסטערט דעמ טראָצקיזם אינ זײַנ קאמפ קעגנ דער טעאָריע פונ לעניניזם, קעגנ לענינס טרײַסטנ

שילער — דאָס איז קאמפ קעגנ סאָציִאַליזמ, קעגנ פּראָלעטארישער רעוואָליוציע, פאר בורזשואזער קאָנטער־רעוואָליוציע.

איינצײַטיק דערמיט ווילנ מיר אָנווײַזנ אפ נאָכ א מאָמענט, וויאזוי די לערע וועגנ שוואכנ רונג גיט אונדז א מוסטער פונ דער מאטעריִאַליסטישער דיאַלעקטיק.

פונ איינ זײַט שטרײַכט אונטער דער כ׳ סטאלינ, אז צומ אנאליז פונ די פאָרבאדינגונגענ פונ דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע דארפ מענ איצט צוגיינ פונ שטאנדפּונקט פונ צושטאנד פונ דער וועלט־ווירטשאפט, פונ שטאנדפּונקט... פונ צושטאנד פונ דער קאפּיטאליסטישער סיסטעמ אינ אלגעמיינ. דער כ׳ סטאלינ שטרײַכט אונטער, אז צוגיינ איצט צו דערדאָזיקער פראגע אויסשליסלעכ פונ שטאנדפּונקט פונ דעמ צושטאנד אינ דעמ אָדער יענעמ באזונדערנ לאנד — איז פאלש. אלזאָ, אונדזער אָפּשאצונג דארפ ארויסגיינ פונ דעמ צושטאנד פונ דער אימפּעריִאליסטישער סיסטעמ אינ אלגעמיינ.

פונ דער אנדער זײַט שטרײַכט אונטער פיל מאָל דער כ׳ סטאלינ וועגנ דער נויטווענדיקײַט צו דיסקאָנטירנ די אייגנארטיקײַט פונ יעטווידנ לאנד, באזונדער, ווו מיר האָבנ צו טאָנ מיטנ שוואכנ רונג. אָנ דעמ, אָנ דעמ אנאליז פונ די אינעווייניקסטע אומשטאנדנ, איז אוממעגלעכ צו פארשטיינ פארוואָס איז אָט דאָסדאָזיקע געגעבענע לאנד אונ ניט קיינ אנדערע געוואָרנ דער שוואכער רונג. אזוי דעקט אונדז אופ דער כ׳ סטאלינ אפ א קלאסישנ אויפנ די אייגנארטיקײַטנ, וואָס זײַנענ געווענ אינ דער געוועזענער רוסלענדישער אימפּעריע אונ וועלכע האָבנ דאָ מעגלעכ געמאכט דעמ אייגנארטיקנ גאנג פונ דער בורזשואזו־דעמאָקראטישער רעוואָליוציע. אזוי ווײַזט אויכ אונדז אָנ צ. ב. דער כ׳ סטאלינ אינ זײַנ „די אָקטיאבער־רעוואָליוציע אונ די טאקטיק פונ די רוסישע קאָמוניסטנ" אפ די סיבעס, וואָס האָבנ פארלײַכטערט דעמ זיג פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, אונ צווישנ זיי ווײַזט ער אָנ אפ א ריי אייגנארטיקײַטנ פונ דעמאָלסדיקנ רוסלאנד, וואָס „מע טאָר זיי אפ קיינ איינ מינוט ניט פארגעסנ" (סטאלינ).

באמ אימפּעריִאליזמ איז יעטווידער באזונדער לאנד ניט קיינ איינס „פאר זיכ", נאָר א רונג פונ דער אימפּעריִאליסטישער סיסטעמ אינ אלגעמיינ, א רונג אינ א סיסטעמ, וואָס אנטוויקלט זיכ ניט גלײַכמעסיק, שפרונגארטיק. דאָס איז דאָס נײַע, וואָס קומט דאָ פאָר, אונ דאָסדאָזיקע נײַע צייכנט אָפּ דער כ׳ סטאלינ. אונ גראָד אפ דעמ גרונט באקומענ מיר דאָ די צווישנבאציִונג צווישנ דעמ געגעבענעמ קאָנקרעטנ באזונדערנ לאנד אונ דער אלגעמיינער סיסטעמ פונ אימפּעריִאליזמ. די לערע פונ לענינענ אונ סטאלינענ וועגנ שוואכנ רונג דעקט אופ די דיִאלעקטיק, דעמ ווידערשפּרוכ אונ איינהײַט צווישנ דעמ אלגעמיינעמ אונ באזונדערנ.

אינ דעמ געגעבענעמ לאנד שטייט די פראגע פונ רעוואָליוציע דערפאר, ווײַל זי איז א רונג אינ קייט פונ צעפוילנדיקנ קאפּיטאליזמ. דער אלגעמיינער צושטאנד פונ דער וועלט־ווירטשאפט גיט צו א באזונדערע פארשארפטקײַט די ווידערשפּרוכנ פונ דעמ געגעבענעמ לאנד, שאפט פאר דעמ הערשנדיקנ קלאס פונ דעמ געגעבענעמ לאנד אזא קנויל ווידערשפּרוכנ, פונ וועלכע ער קאָנ זיכ ניט ארויספּלאָנטערנ. דאָס געגעבענע לאנד איז ארײַנגעטראָטנ אינ פעריאָד פונ פּראָלעטארישער רעוואָליוציע, ווײַל די קייט אינגאנצנ איז ארײַנגעטראָטנ אינ דער עפּאָכע פונ אימפּעריִאליסטישע מילכאָמעס אונ פּראָלעטארישע רעוואָליוציעס. די ווידערשפּרוכנ פונ דער קאפּיטאליסטישער סיסטעמ אינ אלגעמיינ ווערנ אנטפּלעקט אינ אנ אמערסטנ בולטער פאָרמ אינ א געוויסנ באזונדערנ לאנד. דער צושטאנד פונ דער „קייט" אינ אלגעמיינ האלט אונטער אונ פארפילפאכט אלע פאָרמענ פונ עקספּלו־

אטאציע אונ אונטערדריקונג אינ געגעבענעמ לאנד (נאציאָנאלער דרוק, קאָלאָניאלער דרוק א. ד. גל.).

פונ דער אנדער זייַט איז אָבער דאָסדאָזיקע לאנד דער שוואכער רונג, דאָס געגעבענע לאנד אונ ניט יעטווידער לאנד. צו דער באשטימונג פונ דעמ שוואכנ רונג מוז מענ צוגיינ אויכ פונ שטאנדפונקט פונ דיסקאָנטירנ די אייגנארטיקייַטנ פונ דעמ געגעבענעמ לאנד, דעמ צושטאנד פונ קלאסנקאמפ אינ געגעבענעמ לאנד, די טרייַב־קויכעס פונ דער רעוואָליוציע אינ געגעבענעמ לאנד, די אָנפירונג פונ דער פארטיי אינ געגעבענעמ לאגד א.א.וו. א.א.וו.

די לערע וועגנ שוואכנ רונג איז דורכגעדרונגענ (ניט אויסשעפנדיק זיכ דערמיט אליינ) מיט דעמ געזעצ פונ דער מאטעריאליסטישער דיאלעקטיק, וואָס לענינ דעקט אופ אינ זייַנ „צו דער פראגע וועגנ דיאלעקטיק".

„דאָס באזונדערע עקזיסטירט ניט אנדערש, ווי אינ דער פארבינדונג, וואָס פירט צו דעמ אלגעמיינעמ. דאָס אלגעמיינע עקזיסטירט בלויז אינ דעמ באזונדערנ, דורכ דעמ באזונדערנ".

די עפּאָכע פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע ווערט אנטפלעקט ניט דורכדעמ, וואָס איינצייַטיק ווערט אופגעריסנ די גאנצע קייט פונ אימפעריאליזמ, איינצייַטיק אינ אלע לענדער. ניינ, אזא פאָרשטעלונג איז א מענשעוויסטישע, א טראָצקיסטישע, וואָס איז אויסנ צו באקעמפנ די רעוואָליוציע. זי ווערט אנטפלעקט דורכדעמ, וואָס דער אימפעריאליזמ ווערט דורכגעריסנ אינ א געוויסנ קאָנקרעטנ רונג, אינ א געוויסנ באזונדערנ לאנד. פונ דער אנדער זייַט—יעטווידער באזונדער לאנד קאָנ גענומענ ווערנ ניט ווי אנ אָפּגעזונדערטער איינס, נאָר בלויז אינ פארבינדונג מיט די איבעריקע אימפעריאליסטישע לענדער, אינ דער פארבינדונג מיט דער גאנצער קייט. „איצטער דארפ מענ ריידנ וועגנ דער אָנוועזנהייַט פונ אָביעקטיווע באדינגונגענ פונ דער רעוואָליוציע אינ דער גאנצער סיסטעמ פונ דער אימפעריאליסטישער וועלט־ווירטשאפט, ווי אנ אייגנהייַטלעכ־גאנצע, דערביַי קאָנ די אָנוועזנהייַט אינ באשטאנד פונ דעררעזיקער סיסטעמ פונ אייניקע לענדער, וואָס זייַנענ ניט גענוג אנטוויקלט אינ אינדוסטריעלנ זינ, ניט דינענ ווי א שטערונג, וואָס מע קענ ניט ביַיקומענ צו דער רעוואָליוציע, אויב די סיסטעמ אינגאנצנ, אָדער גענויער, ווייַל די סיסטעמ אינגאנצנ איז שוינ רייַפ געוואָרנ צו דער רעוואָליוציע" (סטאלינ).

אָט דאָס לערנט אונדז דער כ' סטאלינ, ווענ ער ווייַזט, וואָס פאר א נייַעס עס האָט אריַינגעטראָגנ דער לעניניזמ אינ דער לערע פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע. פונ דעמ דרינגט ארויס די לענינישע לערע וועגנ זיג פונ סאָציאליזמ אינ איינ לאנד. פונ דעמ דרינגט ארויס א נייַע שטעלונג אינ דער עפּאָכע פונ אימפעריאליזמ אינ דער פראגע פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור, ווייַל „די פראגע וועגנ דער דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט איז פריִער פונ אלצ א פראגע וועגנ דעמ גרונטלעכנ אינהאלט פונ דער רעוואָליוציע" (סטאלינ).

די לערע פונ לענינענ אונ סטאלינענ וועגנ שוואכנ רונג קלאפּט איבער אלע מינימ רעוויזיאָניזמ, איבער יעטווידנ מינ קאָנטער־רעוואָליוציע, וואָס מארקירט זיכ אונטערנ צודעק פונ „מארקסיסטישער" פראזעאָלאָגיע. זי קלאפּט איבערנ מענשעוויזמ, איבערנ קאָנטער־רעוואָליוציאָנערנ טראָצקיזמ, וועלכער לייקנט אָפּ אונ ווארפט אָפּ אינגאנצנ די לערע וועגנ שוואכנ רונג, לויט וועלכנ (דאָס הייסט לויט דער פראזעאָלאָגיע פונ וועלכנ) דער איבערגאנג צומ סאָציאליזמ וועט אָנקומענ איינצייַטיק אינ אלע אָדער אינ דער איבערוועגנדיקער מערהייַט לענדער.

די לערע פונ לענינענ אונ סטאַלינענ אינ דערדאָזיקער פראַגע קלאַפּט אויכ איבער די פאַלשע רעכטע אָנשויוּנגענ פונ בוכאַרינענ, וועלכער האָט דעמ שוואַכסטנ רונג פאַרביטנ מיט דעמ שוואַכסטנ לאַנד. דער כ׳ בוכאַרינ האָט אָפּ אַזאַ אויפנ אויסגעמעקט די באַדײַטונג פונ די קלאַסנ־ווידערשפּרוכנ אינעווייניק אינ דעמ געגעבענעמ לאַנד, פונ דער אָנפירנדיקער ראָלע פונ דער פּאַרטיי אינ דעמ געגעבענעמ לאַנד. ער האָט די פּראָבלעמ פונ רעוואָליוציע אינ דעמ געגעבענעמ לאַנד גענומענ, מעמײַלע, ווי אַ פּאַסיווע אָפּשפּיגלונג פונ דעמ צושטאַנד פונ דער „קייט“ אינ אַלגעמיינ. פונדאַנענ באַקומט זיכ אַ שטעלונג אָפּ „זעלבסטפלוס“, אָפּ דעמאָביליזירנ די אַקטיווקײַט פונ פּראָלעטאַריאַט אינ זײַנ קאַמפּ פאַר דער רעוואָליוציע. אַפנ אָרט פונ דער דיאַלעקטיק, אַפנ אָרט פונ אײַנזענ דאָס קאָנקרעטיקע דורכדרינגענ פונ די ווידערשפּרוכנ (אַלגעמיינע אונ געגעבענע, אַלגעמיינער צושטאַנד פונ אימפּעריאַליזמ אונ אייגנאַרטיקײַטנ פונ קלאַסנקאַמפּ אינ געגעבענעמ לאַנד) האָט ער געשטעלט דעמ מעכאַניציזמ, די טעאָריע פונ גלײַכגעוויכט.

דער טעאָרעטישער פאַרדינסט פונ כ׳ סטאַלינ באַשטייט דאָ אינ דעמ, וואָס ער האָט אויפגעדעקט דאָס נײַע, וואָס לענינ האָט אַרײַנגעטראָגנ אינ די פראַגנ פונ פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע אונ פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, וואָס ער האָט די לערע וועגנ דער דיקטאַטור פונ פּראָלעטאַריאַט אָרגאַניש צונויפגעבונדנ (ווי אַנ אינעווייניקסטנ טייל דערפונ) מיט דער לערע וועגנ זיג פונ סאָציאַליזמ אינ איינ לאַנד. דער כ׳ סטאַלינ האָט באַוויזנ אונ דערוויזנ, אַז ווער עס לייקנט אָפּ אינ דער עפּאָכע פונ אימפּעריאַליזמ דאָס אויפבויענ סאָציאַליזמ אינ איינ לאַנד, יענער לייקנט אָפּ אונ באַקעמפט די דיקטאַטור פונ פּראָלעטאַריאַט, יענער גייט אינ לאַגער פונ אָפענער קאָנטער־רעוואָליוציע. דער כ׳ סטאַלינ האָט דערבײַ ווײַטער באַוויזנ, וויאַזוי דער קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער טראָצקיזמ, וועלכער לייקנט אָפּ אונ באַקעמפט דאָס אויפבויענ סאָציאַליזמ אינ איינ לאַנד, איז פאַרוואַנדלט געוואָרנ אינ דעמ אַוואַנגאַרד פונ דער בורזשואַזער קאָנטער־רעוואָליוציע.

(פאָרזעצונג קומט)

כ. דוּנעצ

# די אָקטיאַבער-רעוואָליוציע האָט פאַרענדיקט מיטנ פּאוּפּעריזמ אינ שטעטל.[1]

קאַרל מאַרקס, רײדנדיק אינ „קאַפּיטאַל" וועגנ דער רעלאַטיווער איבערבאַפעלקערונג, טײלט אויס אַלס א באַזונדערע קאַטעגאָריע „דעמ נידעריקנ שיכט פונ דער רעלאַטיווער איבערבאַפעלקערונג" וועלכער „לעבט אינ דער ספערע פונ פּאוּפּעריזמ". אינ דערדאָזיקער קאַטעגאָריע, וואָס שטעלט פאָר אַמבוילעסטנ דעמ עקספּלואַטאַטאָרישנ כאַראַקטער פונ קאַפּיטאַליסטישנ „גאַנײדנ", שליסט אײַנ מאַרקס סײַ די אַרבעטספײַיקע פּאוּפּערנ, וואָס זײער מאַסע „פאַרגרעסערט זיכ בא יעדנ קריזיס", סײַ „די, וועלכע האָבנ זיכ אָפּגעלאָזט, זײַנענ פאַראָרעמט געוואָרנ, די ניטאַרבעטספײַיקע".

„דער פּאוּפּעריזמ — זאָגט ווײַטער מאַרקס — איז די אינוואַלידנ-הויז פונ דער אַקטיווער אַרבעטער-אַרמײ אונ דער באַלאַסט פונ דער אינדוסטריעלער „רעזערוו-אַרמײ". דערדאָזיקער אויפּנ פונ שווערסטער עקספּלואַטאַציע איז געווענ באַזונדערס ברײט פאַרגעשטעלט אינ די שטעטלעכ פונעמ צאַרישנ רוסלאַנד, צווישנ דער ייִדישע באַפעלקערונג, וועלכע באַזעצט די-דאָזיקע שטעטלעכ.

די אָקטיאַבער-רעוואָליוציע, וועלכע ס'האָט געמאַכט דער פּראָלעטאַריאַט אינ פאַרבאַנד מיטנ אַרבעטנדיקנ פּויערטומ, אינדערשפּיצ מיט די באָלשעוויקעס, האָט פאָר זיכ געשטעלט די אויפגאַבע צו פאַרניכטנ די עקספּלואַטאַטאָרישע אָרדענונג אונ, פאַרײַנס ליקווידירנ „די אינוואַלידנ-הויז" — דעמ פּאוּפּעריזמ אונ די אָרעמקײַט ביכלאַל אונ אויכ די שטעטלדיקע אָרעמקײַט.

וועלכע רעזולטאַטנ האָבנ מיר צומ 15-טנ יאָרטאָג פונ דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע אינ געביט פונ ליקווידירנ די שטעטלדיקע „אינוואַלידנ-הויז", די שטעטלדיקע אָרעמקײט אונ דעקלאַסירטקײַט? צו דער גרעסטער פרײד פונ אַלע אַרבעטנדיקע אונ אַפּצולאָכעס דער ייִדישער בורזשואַזיע אינ אויסלאַנד, אירע רעשטלעכ אינעמ לאַנד אונ די ווײַס-עמיגראַנטישע אויסוואורפנ, קענענ מיר קאָנסטאַטירנ, אַז צומ 15-טנ יאָרטאָג פונ דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע איז די ליניע פונ דער פּאַרטײ אינ געביט פונ דער לענינישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק באַצײכנט געוואָרנ מיט א דערפאָלג, וועלכער האָט א היסטאָרישע באַדײַטונג דער פּאוּפּעריזמ אונ די דעקלאַסירטקײַט אינ דער סוויווע פונ דער שטעטלדיקער ייִדישער באַפעלקערונג איז שוינ ליקווידירט געוואָרנ.

---

[1]) ק. מאַרקס. קאַפּיטאַל. ב. I. מעלכע-פאַרלאַג 1923 י. ז. 636.

דאָס ליקווידירנ די ארבעטסלאָזיקייט בא אונדז אינ לאנד, דער שטורמישער וווּקס פונ דער אינדוסטריע, די מאסנ־קאָלעקטיוויזאציע, די נאצפאָליטיק פונ דער פארטיי, וואָס האָט זיכ אויסגעדריקט אינ דעמ באזונדער־זאָרגזאמענ אונ פילבארנ צוגאנג צו די ארבעטנדיקע מאסנ פונ די פריִער־אונטערדריקטע נאציאָנאליטעטנ, דידאָזיקע אלע הייבערס פונ דער פארטיי אינ געביט פונ דער סאָציִאליסטישער איבערבויונג פונ אונדזער לאנד האָבנ קארדינאל געענדערט דעמ פאָנעמ פונ שטעטל, די סטרוקטור אונ פסיכיק פונ דער שטעטלדיקער באפעלקערונג. צי דארפ מענ עס דערווייַזנ? צי איז ניט פארשטענדלעכ אנ אונ פאר זיכ, אז מע קענ ניט פארגלייַכנ דאָס שטעטל שטשעדרינ, צ. ב., וואָס איז דורכויס קאָלעקטיוויזירט, מיט דער האלב־הענדלעריש דאָרפ־קאָלאָניע, וואָס איז געשאפנ געוואָרנ פאר ניקאָלייַ דעמ ערשטנ? צי איז ניט קלאָר, אז מע קענ ניט פארגלייַכנ א פארוואָרפנ שטעטל ערגעצ אינ מאָזירער רייַאָנ מיט דעמזעלבנ שטעטל, וואָס פארמאָגט אינ 1932 יאָר א מ.ט.ס. א טעכניקומ, סאָוועטישע שולנ, ווו עס ווערט געפירט א גרויסע בויונג־ארבעט א. אז. וו. מע קענ ניט פארגלייַכנ די „לופט־מענטשנ“ מיט די מענטשנ, וועלכע ארבעטנ איצט אפנ קריטשעווער צעמענט־זאוואָד, אינ די גרויסע ארטעלנ פונ סמילאָוויטש א. אז. וו. דאָס אלצ גיט אונדז א קלאָרע פאָרשטעלונג וועגנ די אָקטיאבער־דעראָבערונגענ.

מיר וועלנ ברענגענ אויכ אייניקע ציפערנ אונ פאקטנ, וועלכע באשטעטיקנ דידאָזיקע האנאָכע.

די ציפערנ אונ פאקטנ, וועלכע זייַנענ פאראנ אינ אונדזער רעשוס, ריידנ וועגנ דעמ קאָלאָסאלנ וועג, וועלכנ עס האָבנ דורכגעמאכט די ארבעטנדיקע פונ שטעטל אפ אייַנשליסנ זיכ אינ דער סאָציִאליסטישער בויונג. דאָ האלטנ מיר פאר נייטיק באזונדערס אונטערשטרייַכנ דעמ גרויסנ איבערברוכ, וואָס איז פאָרגעקומענ אינ געביט פונ ליקווידירנ „דעמ נידעריקנ שיכט פונ דער רעליאטיווער איבערבאפעלקערונג“. די ציפערנ אינ דעמ געביט ריידנ וועגנ פאָלגנדיקעס:

1. פאר די יאָרנ פונ אופשטעלנ אונדזער ווירטשאפט אונ פאר די רעקאָנסטרוקציע־יאָרנ האָט זיכ באדייַטנדיק פארגרעסערט די איבערוואנדערונג פונ די ייִדישע ארבעטנדיקע פונ די שטעטלעכ אינ די גרעסערע אינדוסטריעלע צענטערנ אונ אינ דער לאנדווירטשאפט. לויט די אָנגאבנ פונ דער אויספאָרשונג־קאָמיסיע פונ ייִדסעקטער פונ „באנ“, האָט זיכ די באפעלקערונג אינ די שטעטלעכ פונ ו. ס. ס. ר. פארקלענערט פארנ פעריִאָד 1926—1931 י. אפ 10%. דאָס באטייַט, אז דער גאנצער צוווּקס פונ דער באפעלקערונג פליוס 10% פונ דער אלגעמיינער מאסע האָט זיכ פונ די שטעטלעכ אריבערגעקליבנ אינ די פאבריקנ, אינ די נייַע בויונגענ, אינ די קאָלווירטנ אונ סאָווירטנ. דידאָזיקע איבערוואנדערונג אונטערשיידט זיכ קארדינאל פונ דער מאסנ־עמיגראציע פונ דער ייִדישער באפעלקערונג אינעמ צארישנ רוסלאנד בייס עס האָט עקזיסטירט די בורזשואזע אָרדענונג, אינ די צייַטנ פונ „טכומ־האמושעוו“. דאנ איז די עמיגראציע געגאנגענ פונ רוסלאנד קיינ אמעריקע אונ אינ אנדערע לענדער, וואָס זייער עקאָנאָמישער צושטאנד אונ געזעצגעבונג האָבנ געשאפנ פאר די עמיגראנטנ אויסזיכטנ אפ וועלכע ניט איז מאטעריעלע פערספעקטיוונ. אָבער דידאָזיקע עמיגראנטישע מאסנ זייַנענ געווענ פארורטיילט צו הונגער אונ צו שווערער ארבעט (די באוווּסטע שוויצ־סיסטעמ אינ אמעריקע א. אז. וו.) אינ די נייַע איבערוואנדערונג־צענטערנ, אדאנק דער בורזשואזער עקספלואטאציע. די איבערוואנדערונג פונ דער שטעטלדיקער באפעלקערונג אינ די באדינגונגענ פונ דער סאָציִאליסטישער בויונג, בא דער מעגלעכקייַט (אונ בא א ריי פאָרצוגנ) צו אייַנאָרדענענ זיכ אפ

די שטאָטישע פאבריקן און זאוואָדן, אין די קוילן־שאכטעס און אפן טראנספּאָרט, אפ די גרויסע נײַע בויונגען א. אז. וו. — איז רײַך ניט נאָר מיט מאטעריעלע פערספּעקטיוון, זי פארבעסערט אויך די קולטורעלע באדינגונג, זי העכערט דעם פּאָליטישן ניוואָ א. אז. וו. דאָס אלץ שאפט ניט נאָר א שטאנדהאפטיקע מאטעריעלע לאגע פאר די נײַע קאדרען פּראָלעטאריער, וועלכע קומען אָן פון די שטעטלעך, עס איז דאָס שטענדיקע רופנדיקע פּײַערל, די שטענדיקע צוציִונג־קראפט פאר דער שטעטלדיקער באפעלקערונג, באזונדערס פאר דעם מער באוועגלעכן טייל — פאר דער יוגנט.

אין דעם באשטייט דאָס פּרינציפּיעל־נײַע, סאָציִאַל־פּאָליטישע, וואָס עס ליגט אין דער איבערוואנדערונג פון די שטעטלעך בײַם דער סאָציאליסטישער רעקאָנסטרוקציע.

2. אָבער דאָס איז נאָך ניט אלץ. דאָס שטעטל גופא האָט געענדערט זײַן פּאָנעם אדאנק דעם דורכפירן די גענעראלע פּארטיי־ליניע, אדאנק דעם קאָנסעקווענטן פארווירקלעכן די לענינישע נאציִאָנאלע פּאָליטיק. דער באריכט פון דערזועלבער קאָמיסיע פון ייִדסעקטער פון „באנ״ ברענגט פאָלגנדיקע ציפערן: לויט דער איבערעגיסטראציע פון 1897 י., איז די פּראָפּאָרץ צווישן דעם זעלבסטטעטיקן און ניטזעלבסטטעטיקן סעקטער פון דער ייִדישער באפעלקערונג געווען 100:231. איצט האָבן מיר די פּראָפּאָרץ — 100:173. אָט וויאזוי דער געזעץ פון דער רעלאטיווער איבערבאפעלקערונג, די בײַטש פון די ארבעטער און ארבעטנדיקע באם צאריזם, באם קאפּיטאליזם — טרעט אָפּ פאר דער פּאָליטיק פון דער לענינישער פּארטיי. אָבער מיר דארפן דאָ אָנווײַזן, אז די אויבנגעבראכטע פּראָפּאָרץ קען נאָך אונדז פולשטענדיק ניט באפרידיקן, ווײַל דידאָזיקע פּראָפּאָרץ צווישן די זעלבסטעטיקע און ניטזעלבסטעטיקע בא דער ווײַסרוסישער באפעלקערונג אין דיזעלבע שטעטלעך איז 100:107. דאָס רעדט וועגן דער נייטיקײַט צו פירן אויך ווײַטער אן ענערגישע ארבעט אפ ארײַנציִען די ייִדישע ארבעטנדיקע פון די שטעטלעך אין דער סאָציִאַליסטישער בויונג (אפ די פאבריקן, געווערב־ארטעלן, אין די קאָלווירטן), קיין בירעבידזשאן און אנטשיידן צו קעמפן קעגן די „לינקיסטישע״ פראזן, אז „אלע פראגן זײַנען געלייזט״, אז „ס׳איז ניטאָ וועמען אריבערצוועצן אין בירעבידזשאן״ א. אז. וו. באזונדערס דארף מען פארצייכענען דעם באדײַטנדיקן פּראָצענט פון די ניטארבעטנדיקע פרויען אין די שטעטלעך פון ווײַסרוסלאנד, צווישן וועלכע עס זײַנען דאָ פיל אלמאָנעס און אינוואלידן — קאָרבאָנעס פון די ווײַסע באנדעס, פון סאווינקאָוון און בולאק באלאכאָוויטש.

3. דער אויבנדערמאָנטער באריכט פון דער אויספאָרשונג ברענגט פאָלגנדיקע ציפערן וועגן דעם סאָציִאַלן באשטאנד פון דער ייִדישער באפעלקערונג אין די שטעטלעך: ארבעטער — 13,7%, אָנגעשטעלטע — 20,3%, פּויערים — 26,1%, קוסטארן — 20%. די קאטעגאָריע ארבעטלאָזע און הענדלער איז געפאלן ביז נול. זיי זײַנען ליקווידירט געוואָרן און עקזיסטירן ניט מער, בא א קעסיידערדיקן וווקס פון די ארבעטנדיקע שיכטן פון שטעטל.

דאָס זײַנען — אייניקע ציפערן און פאקטן, וועלכע ריידן בולעט וועגן דעם גרויסן קער, וואָס די פּארטיי און די סאָוועטנמאכט האָבן געמאכט צווישן די ארבעטנדיקע ייִדן פון שטעטל אין דער ריכטונג צום סאָציִאַליזם.

צו דעם דארף מען צוגעבן וועגן דער קאָלאָסאלער ארבעט, וואָס איז דורכגעמאכט געוואָרן אין געביט פון דער ייִדישער נאציִאָנאלער קולטור — וואָס איז נאציִאָנאל לויט דער פאָרם און סאָציִאַליסטיש לויטן אינהאלט. ס׳איז ניטאָ קיין איין שטעטל אין ו.ס.ס.ר., ווו עס זאָל ניט עקזיסטירן א ייִדישע שול. אונטער דער אָנפירונג פון דער פּארטיי פירן די ארבעטנדיקע מאסן פון שטעטל א דערפאָלגרײַכן קאמף קעגן

קלאַסנ־סוינע אונ אַפּנ קולטורעלנ פראָנט—קעגנ דעם ייִדישנ קלעריקאַליזם, קעגנ די רעשט־לעכ פונ די ספעקוליאַנטיש־נעפּמאַנישע עלעמענטנ. די קאָמוניסטישע פּרעסע—צײַטונגענ, ביכער, זשורנאַלנ, זײַטלעכ באַ די ראַיאָנע צײַטונגענ אינ דער ייִדישער שפּראַכ א. א. וו.—דאָס איז א מעכטיק געווער אינ די הענט פונ דער פּאַרטיי אַפּ אָרגאַניזירנ די ייִדישע אַרבעטנדיקע מאַסנ פונ די שטעטלעכ צו שלאָגלערישער אַרבעט, אַפּ דערציִענ דידאָזיקע מאַסנ אינ אינטערנאַציאָנאַלנ גײַסט.

די כוואַליע פונ שלאָגלערײַ צווישנ די אַרבעטער, קאָלווירטניקעס אונ קוסטאַרנ אינ די שטעטלעכ פונ וו.ס.ס.ר., די וואַקסנדיקע רעוואָליוציאָנערע באַוווּסטזיניקײַט אונ צוזאַמענ־געשלאָסנקײַט פונ דידאָזיקע מאַסנ אַרומ דער לענינישער פּאַרטיי—דאָס אַלצ איז דער בעסטער באַווײַז, אַז דידאָזיקע מאַסנ פאַרשטייענ דעמ אינהאַלט פונ די אָקטיאַבער־זיגנ, אַז עס וואַקסט דער צוטרוי פונ דידאָזיקע מאַסנ צו דער פּאַרטיי, עס וואַקסט זייער אינ־טערנאַציאָנאַלע דערציִונג אונ שטרעבונג אַקטיוו אָנטייל צו נעמענ אינ דער סאָציאַליסטישער בויונג—האַנט באַ האַנט מיט די אַרבעטער אונ אַרבעטנדיקע פונ אַלע נאַציאָנאַליטעטנ.

* * *

די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָט אַרײַנגעפירט די מענטשהײַט אינ אַנ עפּאָכע פונ פּראָ־לעטאַרישע רעוואָליוציעס אונ סאָציאַליסטישער בויונג אונ האָט איבערגעקערט מיטנ קאָפּ אַראָפּ די געזעצנ פונ די קאַפּיטאַליסטישע באַציִונגענ. די האָפענונגלאָזיקײַט פונ די ייִדישע מאַסנ פונ שטעטל באַמ קאַפּיטאַליזמ האָט געהאַט אונטער זיכ א רעאַלנ באָדנ—דעמ אכזאָר־יעסדיקנ געזעצ פונ דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג, באַ וועלכנ „וואָס גרעסער עס איז די אַבסאָליוטע צאָל פונעמ פּראָלעטאַריאַט אונ די פּראָדוציר־קראַפט פונ זײַנ אַרבעט, אַלצ גרעסער איז די רעלאַטיווע איבערבאַפעלקערונג, אָדער די אינדוסטריעלע רעזערוו־אַרמיי“ (מאַרקס. דאָרטנ).

אונטערנ דרוק פונ דעמדאָזיקנ געזעצ האָבנ געלעבט אינ אָרעמקײַט אונ זײַנענ אומגע־קומענ די וויניקער באַוועגלעכע, די שוואַכערע גרופּעס פונ דער רעזערוו־אַרמיי. דאָס שטעטל, וואָס איז, ווי מיט צוואַנגענ, געווענ פאַרקוועטשט אינעמ „טכומ־האַמוישעוו“, געווענ פאַרווערטיילט צומ אומקומ, אַפּ נאָכ מערער אונ דורכויס פאַרוואַנדלט ווערנ אינ א דורכויסיקער „אינוואַלידנ־הויז“. ס'איז נאָכ פריש אינ אונדזער זיקאָרנ דאָס בילד פונ שטעטל אינ די ערשטע רעוואָליוציע־יאָרנ, וואָס מיר האָבנ באַקומענ בירושע פונ צאַריזמ; די עקאָנאָמישע צערויִנירטקײַט פונ די שטעטלעכ האָט זיכ נאָכמער פאַרטיפערט אינ פּעריאָד פונ בירגערקריג, אַדאַנק די אכזאָריעסנ פונ די ווײַסע באַנדעס פונ דער אוקראַיִנער ראַדע, פונ די סאַווינקאָווס אונ באַלאַכאָוויטשעס פונ דידאָזיקע „באַפרײַער“ האָבנ די ייִדישע אַרבעטנדיקע פונ די שטעטלעכ פונ ווײַסרוסלאַנד אונ אוקראַיִנע באַקומענ צענדליקער טויזנ־טער פרישע קוואָרימ, נאָכמער—אַלמאָנעס אונ יעסוימימ, אַנ אָנדענק פונ די שווידערלעכ־קײַטנ, גוואַלדטאַטנ אונ טליִעס... פונ דעמ האָט אויסגעלייזט די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור.

אונ אויב ווער ניט איז האָט שוינ פאַרגעסנ יענע טעג, איז גענוג א וואָרפ טאָנ א בליק „אַפּ יענער זײַט“, קעדיי צו זענ, ווי די ווירקונג פונ געזעצ פונ דער קאַפּיטאַליסטי־שער אָנזאַמלונג (רויבערײַ) ווערט פאָרגעזעצט אונ פאַרטיפערט אַפּ דער ייִדישער באַפעל־קערונג פונ די שטעטלעכ. צוליב דעמ וועלנ מיר זיכ ווענדנ צו אַנ „אָביעקטיוונ קוואַל“: לאָמיר שטעלנ פאַר אַנ אײדעס אײנעמ פונ די סאָנימ פונ סאָוועטנפאַרבאַנד, דעמ דעפּוטאַט פונ פּוילישנ סיימ אונ פאָרשטייער פונ דער ייִדישער בורזשואַזער פּאַרטיי—פונ די ציִאָ־

גיסטנ—גרינבוימענ. אינ זײַנ לעצטנ ארטיקל, אונטערנ קעפל „ווי איז די לאגע פונ די ייִדנ אינ פוילנ?" וואָס איז אָפּגעדרוקט אינ דער ניו־יאָרקער צײַטונג „טאָג", שטרײַכט ער באַזונדערס אונטער די האָפנונגלאָזיקײַט פונ דער לאגע פונ די ייִדישע האנטווערקער אונ קוסטארנ אינ פוילנ אונ זעצט פאָר:

„ניט שווער איז צו דערווײַזנ, אז אזא לאגע הערשט קימאט אינ אלע אנדערע געביטנ פונ דער ארבעט אונ עקזיסטענצ. אומעטום איז פארנ ייִדנ דער וועג פארשווערט, אָדער ער איז אינגאנצנ פארמאכט. מיר האָבנ פאר זיכ א פראָצעס פונ יע־רידע אונ פאראָרעמונג פונ די ברייטע ייִדישע מאסנ".

צו דידאָזיקע ווערטער קענ מענ גאָרנישט צוגעבנ, קײַנ קאָמענטארנ פאָדערנ זיכ ניט. דאָרטנ שלאָגט דער געזעצ פונ דער קאפיטאליסטישער אנטוויקלונג מיט דער גאנצער קראפט איבער דער שטעטלדיקער באפעלקערונג. צום רויבערישנ כאראקטער פונ קאפיטאל קומט נאָכ צו די געדיכטע אטמאָספער פונ זאָאָלאָגישנ שאָוויניזם אונ אנטיסעמיטיזם. דאָס איז בא זיי. בא אונדז—אינגאנצנ פארקערט. צעבראָכנ די קאפיטאליסטישע אָרדענונג, האָט די אָקטיאבער־רעוואָליוציע ליקווידירט דעמ בורזשואזנ געזעצ פונ דער רעליאַטיווער איבערבאפעלקערונג.

זיי—די קאפיטאליסטנ אונ זייערע דינער טראכטנ אויס רעצעפּטנ, קעדיי פּאָטער ווערנ פונ די מענטשנ, ווי צ. ב. „סטעריליזאציע". אונ ס'איז קיינ וווּנדער ניט, וואָס די ייִדישע בורזשואזע סאָציאַל־פאשיסטישע צײַטונגענ אינ אויסלאנד האָבנ פאר דער לעצטער צײַט אָנגעהויבנ פּראָפּאגאנדירנ צו האָבנ וואָס ווייניקער קינדער. דידאָזיקע פּראָפּאגאנדע האר־מאָנירט אינגאנצנ מיט זייערע ליב־געזאנגענ דער פאשיסטישער אָרדענונג אונ דער רעכי־כילעס־קאמפּאניע קעגנ דער נאצפּאָליטיק פונ סאָוועטנפארבאנד.

אינגאנצנ אנ אנדערע איז די לאגע אינ סאָוועטנפארבאנד: די פאנאנדערוויקלונג פונ דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע ניט נאָר, וואָס זי פארגרעסערט ניט די רעזערוו־ארמיי, נאָר זי ליקווידירט די ארבעטלאָזיקײַט אונ פירט אלצ מערער ארײַנ אינ די רייענ פונ באוווּסטזיניקע בויער פונ סאָציאַליזם—די פריִער־פאראָרעמטע, גע־וועזענע דעקלאסירטע שיכטנ, אינ דעמ—די שיכטנ פונ דער ייִדישער באפעלקערונג פונ די שטעטלעכ. אינ אָט דעמ ספּעציִעל־נאציאָנאלנ מאָמענט שפּיגלט זיכ אָפּ ווי אינ א טראָפּנ וואסער דאָס פּרינציפּיִעל־נײַע אונ פריידיקע פארנ אר־בעטנדיקנ מענטשנ, וואָס עס האָט מיט זיכ געבראכט די אָקטיאבער־רעוואָליוציע: סאָציאַ־ליזם—אָנשטאָט עקספּלואטאציע אונ אונטערדריקונג פונ די מאסנ.

דאָס אלטע קאפיטאליסטישע שטעטל מיט זײַנ פארשאָלטענעמ שטייגער, מיט זײַנ אויס־גאנגלאָזיקײַט איז געשטאָרבנ. פאר אימ איז אינ סאָוועטנפארבאנד פארשטעלט דער וועג. אונ וויפל די רעשטלעכ פונ די נעפּמאנעס, באלעגופישע עלעמענטנ, ייִדישע קלעריקאלנ אונ קאָנסערוואטיווע באלעבעסלעכ זאָלנ זיכ ניט פּרוּוונ צו פארטאָרמאָזירנ די סאָציאַליסטישע בויונג, זײַנענ אלע זייערע פּרוּוונ פארורטיילט צו א מאפּאָלע.

די אויסלענדישע ייִדישע ווײַסע עמיגראציע לייגט באמ איצטיקנ מאָמענט גרויסע האָפענונגענ אפנ „סאָוועטישנ האנדל", מיינענדיק, אז מיט דעמ וועג וועט רעסטאווּרירט ווערנ די ייִדישע האנדל־בורזשואזיע. מיר וועלנ דערמאָנענ דידאָזיקע מענטשנ, אז פּונקט אזוינע

האָפענונגען האָבנ זיי געהאט אויכ אינ פעריָאָד, ווענ עס האָט זיכ אָנגעהייבנ דער נעפ. אָבער וואָס האָט זיכ אויסגעלאָזט פונ דידאָזיקע האָפענונגען!

באַם איצטיקנ מאָמענט איז דער פראָצענט הענדלער אינ דער יידישער באפעלקערונג דערגאנגענ צומ נול; די פרווונ פונ די ספעקוליאנטנ אונ איבערקויפער ארונטערצורײַסנ דעמ סאָוועטישנ האנדל, באקומענ אונ זיי וועלנ באקומענ א הארבנ ווידערשטאנד: אינ קאמפ קעגנ דער ספעקוליאציע, ווי קעגנ אנדערע ארויסטרעטונגענ פונעמ קלאסנ־סוינע, וועט אָנטייל נעמענ צוגלײַכ מיט זײַנ כאווער, דעמ ווײַסרוס, אוקרײַנער א. אנד., אויכ דער יידישער ארבעטער, אָנגעשטעלטער, קוסטאר. ווײַל בלויז אינעמ אינטערנאציאָנאלנ קאמפ פאר דער גענעראלער ליניע פונ דער לענינישער פארטיי איז מעגלעכ איבעראנדערשנ דאָס שטעטל, אלס א רונג אינ דער גאנצער נאציאָנאלער פאָליטיק—בלויז מיט דעמ וועג זײַנענ מעגלעכ ווײַטערדיקע זיגנ.

אונטער דער אָנפירונג פונ לענינס בעסטנ נאָכפאָלגער אונ טעאָרעטיקער פונ דער פארטיי, באזונדערס אינ געביט פונ דער נאציאָנאלער פראגע, דעמ כ' סטאלינ, האָבנ מיר געקענט, קעמפנדיק מיט דערפאָלג קעגנ דעמ קלאסנ־סוינע אונ קעגנ דעמ אָפּאָרטוניזמ אפ צוויי פראָנטנ,—לייזנ אינ גרונט צומ 15־טנ יאָרטאָג פונ אָקטיאבער די היסטאָרישע אופגאבע—די אופגאבע איבערצומאכנ די ארבעטנדיקע פונ די שטעטלעכ אונ אײַנצושליסנ זיי אינ די רייענ פונ די באוווסטזיניקע בויער פונ סאָציאליזמ, די אופגאבע צוצופירנ הארט צומ סאָציאליזמ דעמ איבערוועגנדיקע טייל פונ די געוועזענע שטעטלדיקע פאופערנ.

---

י. שניידער

# די עקאָנאָמישע לאגע פונ מיַרעוו-וויַסרוסלאַנד צומ 15-טנ יאָרטאָג פונ דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע.

דאָס לאַנד פונ די סאָוועטנ באגעגנט דעמ 15־טנ יאָרטאָג פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע מיט גרויסע דערפאָלגנ אפנ פראָנט פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג. דער 15־טער יאָר פונ אָקטיאבער קומט פאָר אינ אזא ציַיט, ווענ עס ווערט פארענדיקט מיט דערפאָלג דער ערשטער פינפיאָר, אונ מע גרייט זיכ צומ צווייטנ פינפיאָר, וואָס דארפ פארניכטנ אַלע וואָרצלענ, וואָס געבוירנ דעמ קאפיטאַליזמ אונ דארפ אויסבויענ די אָנקלאסאָווע געזעלשאפט.

ו.ס.ס.ר. האָט מיט דער הילפ פונ דעמ גאנצנ פראָלעטאריאט פונ פ.ס.ס.ר. זיכ פארוואנדלט פונ א צארישער קאָלאָניע, פונ א לאַנד פונ פינצטערניש־אנאלפאבעטיזמ—אינ א אינדוסטריעל־קאָלווירטיש־לאַנד, אינ א לאַנד פונ דורכויסיקער איוורעדיקיַיט.

אינ דערזעלבער ציַיט גייט דאָס עקאָנאָמישע לעבנ אינ דער צווייטער העלפט פונ וויַיסרוסלאַנד—אינ מיַרעוו־וויַיסרוסלאַנד, וואָס געפינט זיכ אונטער דער וויַיס־פוילישער אָקופאציע, צו פולשטענדיקנ באנקראָט. די ירידע פונ דער אינדוסטריע, די דעגראדאציע פונ דער לאַנדווירטשאפט, זיַינענ פריִער פאר אַלצ א רעזולטאט פונ דעמ עקאָנאָמישנ קריזיס אינ פוילנ אונ פונ דער הערשאפט פונ די פוילישע אָקופאנטנ אינ מיַרעוו־וויַיסרוסלאַנד. אויב מיר זאָלנ א קוק טאָנ אפ באזונדערע אינדוסטריע־צוויַיגנ אינ פוילנ אונ אינ מיַרעוו־וויַיסרוסלאַנד ווענ מיר זענ, אז דער קריזיס רויִנירט די אינדוסטריע אינ מיַרעוו־וויַיסרוסלאַנד אינ א ברייטערנ מאסשטאב, ווי אינ פוילנ. דיזעלבע דערשיַינונג זעענ מיר אינ דער לאַנדווירטשאפט. די פוילישע אָקופאנטנ טאָרמאָזירנ די אנטוויקלונג פונ די פראָדוציר־קרעפטנ אינ מיַרעוו־וויַיסרוסלאַנד, נאָכמער, די פוילישע אָקופאנטנ פארניכטנ די נאטורעלע ריַיכטימער פונ לאַנד (בעלאָוועזשער וואַלד א. אנד.). די גרויסע איַיזנבאנ־ווארשטאטנ פונ ווילנע זיַינענ אריבערגעפירט געוואָרנ אינ לאפע (לעבנ ביאַליסטאָק).

מיַרעוו־וויַיסרוסלאַנד איז א פלאצדארמ פונ מיליטערישנ אָנפאַל אפ פ.ס.ס.ר. אינ מיַרעוו־וויַיסרוסלאַנד קענענ מיר זענ „נייַע בויונגענ"—דאָס זיַינענ טפיסעס, סטראטעגישע וועגנ אונ פלעצער פאר אעראָפלאַנענ. אָט דאָס איז די „בויונג" פונ די פוילישע אָקופאנטנ אינ מיַרעוו־וויַיסרוסלאַנד.

אפ אָס דער באזע פארשטארקנ זיכ אַלצ מערער די קלאסנ־ווידערשפרוכנ. עס וואקסט דער קלאסנקאמפ, וואָס ריַסט אונטער די יעסוידעס פונ דער פאשיסטישער דיקטאטור.

די קאָמפארטיי פונ פוילנ, פונ מיַרעוו־וויַסרוסלאנד און מיַרעוו־אוקריַינע שטרענגט אָנ אַלע קרעפטנ, מאָביליזירט די ברייטע מאסנ פונעמ ארבעטער־קלאס און פונעמ ארבעטנ־דיקנ פויערטומ צו אנטשיידנדיקע שלאכטנ פאר דער מאכט, פארנ אָקטיאבער אינ פוילנ אינ מיַרעוו־וויַסרוסלאנד און מיַרעוו־אוקריַינע.

## 1. די וויַטערדיקע פארטיפערונג פונעמ קריזיס אינ פוילנ

קעדיי צו פארשטיינ דעמ עקאָנאָמישנ קריזיס אינ מיַרעוו־וויַסרוסלאנד, דארפ מענ אינקורצנ דערמאָנענ וועגנ דער עקאָנאָמישער לאגע אינ פוילנ גופע.

דאָס 1932 י. איז פאר פוילנ א יאָר פונ פארטיפערטנ קריזיס, עס מערנ זיכ די באנ־קראָטנ, עס פארמאכנ זיכ פאבריקנ, עס פארקלענערט זיכ דער פארזיי־שעטעכ א. א. ח. לויט די פארעפנטלעכטע מאטעריאַלנ פונ מעלוכישנ סטאטיסטישנ אמט זעענ מיר, אז אינ 1922 י. זיַינענ געווענ 15 באנקראָט־פאלנ, פאר די לעצטע יאָרנ פארגרעסערט זיכ אַלצ די צאָל באנקראָטנ: אינ 1924 י.—108, 1925—519, 1926—303, 1927—204, 1928—288, 1929—516, 1930—829, 1931—754. צוזאמענ מיט דער צאָל באנקראָטנ פארגרעסערט זיכ אויכ די צאָל פונ די פראָטעסטירטע וועקסלענ, וועלכע האָבנ אינ יול כוידעש ד. י. באטראָפנ 289 טויזנט שטיק אפ א סומע פונ 63,6 מיליאָנ זלאָטעס. עס וואקסט אַלצ מערער די צאָל פארמאכטע פאבריקנ. לויט די אָנגאבנ פונ די „וויאדאָמאָשטשי סטאטיס־טישנע" פונ 5־טנ יול 1932 י. זיַינענ אינ מיַי 1929 י. געווענ 4602 ארבעטנדיקע אונטערנע־מונגענ און 461 אונטערנעמונגענ, וואָס האָבנ ניט געארבעט, די צאָל אונטערנעמונגענ, וואָס ארבעטנ ניט, איז אינ קומענדיקנ יאָר אויסגעוואָקסנ ביז 748, און אינ 1931 י., אינ דעמ־זעלבנ פעריאָד דערגרייכט די צאָל ביז 1046. און אינ 1932 י. האָבנ מיר שוינ אינ פוילנ 3804 ארבעטנדיקע אונטערנעמונגענ און 1603 ניט קיינ ארבעטנדיקע.

לויט באזונדערע אינדוסטריע־צוויַיגנ האָבנ מיר פאָלגנדיקע צאָל ארבעטנדיקע און ניט ארבעטנדיקע אונטערנעמונגענ: מינעראַלנ אינדוסטריע—459 אונטערנעמונגענ ארבעטנ און 391 ארבעטנ ניט; מעטאלורגישע—633 ארבעטנ און 166 ארבעטנ ניט; כעמישע—234 און 26, טעקסטיל־אינדוסטריע—664 און 225, פאפיר־אינדוסטריע—102 און 14, לעדער—82 און 28, האָלצ־באארבעטנדיקע—262 און 204; פאָליגראפישע—196 און 14.

עס שטייענ: צעמענט־זאוואָדנ—8, ציגל־זאוואָדנ—258, גלאָז־זאוואָדנ—49, פארצעליַי־פאבריקנ—3, אונטערנעמונגענ פונ מעטאלורגישער אינדוסטריע—101, מאשינבוי־זאוואָדנ—61, עלעקטראָ־טעכנישע—4, נאפט־ראפיניר—7, שפינ־פאבריקנ—154, פאפיר—8, גארבארניעס—25, זעג־מילנ—241; פאבריקנ פונ געבייגטע מעבל—4, ברויזנ—6, מילנ—34, פאבריקנ פונ מע־כאנישער שוכווארג—13. (לויט די פארעפנטלעכטע מאטעריאַלנ אינ „דזיענניק ווילענסקי" 20־טנ יול 1932 י.).

מע דארפ נאָכ דערמאָנענ, אז די פאבריקנ, וועלכע ארבעטנ, האָבנ פארקירצט זייער פראָדוקציע ביזנ מינימומ. פאָלגנדיקע טאבעלע באוויַזט, וויאזוי די גרונט־צוויַיגנ פונ דער אינדוסטריע זיַינענ פארקירצט געוואָרנ פונ יאָר צו יאָר:

מעטאל־פּראָדוקציע (אין טאָנען—דורכשניטלעכ פאר א כוידעש).

| יאָר | כוידעש | טשוהון | שטאָל | וואלצ | צינק |
|---|---|---|---|---|---|
| 1913 | — | 86000 | 138400 | 104300 | 46600 |
| 1928 | — | 56984 | 119757 | 87075 | — |
| 1931 | 10 | 23984 | 67710 | 52673 | — |
| 1931 | 12 | 18221 | 36915 | 26965 | 8500 |
| 1932 | 1 | 11751 | 29965 | 19759 | — |

אויב מע זאָל אָנעמענ די גאנצע פּראָדוקציע פונ 1913 י. פאר 100, וועלנ מיר אין יאנוואר 1932 י. האָבנ: וואלצ—13,66%, שטאָל—24,65%, טשוהונ—13,08%.

דיזעלבע לאגע איז אויכ מיט דעמ קוילנ־ארויסבאקומ. אינ 1913 י., האָט מענ ארויס־באקומענ 3414 טויזנט טאָנ קוילנ, אינ 1928 י.—3390 טויזנט טאָנ. אפ וויַטער האָבנ מיר אזוינע ציפערנ: אינ דעקאבער 1931 י.—3179 טויזנט טאָנ, יאנוואר 1932 י.—2708 טויזנט טאָנ אונ אינ יול 1932 י.—2127 טויזנט טאָנ.

ניט בעסער איז די לאגע אויכ אינ אנדערע אינדוסטריע־צוויַגנ: אינ דער נאפט־אינדוסטריע (דורכשניטלעכ פאר א כוידעש)—92800 טאָנ אינ 1913 י, 52600 טאָנ—אינ 1931 י. אונ אינ יול 1932 י.—48400 טאָנ.

אינ דער טעקסטיל־אינדוסטריע האָבנ אינ 1928 י. געארבעט 1868 פאבריקנ מיט 163853 ארבעטער אונ אינ 1931 י.—524 פאבריקנ מיט 97123 ארבעטער.

טארטאקנ (זעג־מילנ): אינ 1927 י.—524 מיט 36911 ארבעטער
„ 1931 י.—329 „ 13494 „

די פּראָדוקציע פונ דידאָזיקע פאבריקנ קענענ ניט אָפּגעזעצט ווערנ ניט אפנ אינערלעכנ מארק, ניט אפ די אויסערלעכע מערק. קיינ אינערלעכער מארק איז אינגאנצנ ניטאָ, צוליב דער גרויסער פאראָרעמונג פונ דער באפעלקערונג, צוליב דער ארבעטלאָזיקייַט אינ שטאָט אונ אינ דאָרפ. דערצו זייַנענ נאָכ די פּרייַזנ, וועלכע עס האָבנ איַינגעשטעלט די טרעסטנ־זייער הייכע. פאָלגנדיקע ציפערנ באוויַזנ וועגנ דער פארשמעלערונג פונ דעמ אינערלעכנ מארק אינ פוילנ. אינ 1929 י. האָט מענ אינ פוילנ אויסגעבראכט 27 מיליאָנ טאָנ קוילנ. דידאָזיקע ציפער האָט זיכ פארקלענערט אינ 1931 י. ביז 19 מיליאָנ טאָנ. צעמענט איז אינ 1928 י. אויסגעבראכט געוואָרנ 990 טויזנט טאָנ אונ אינ 1931 י. קוימ 514 טויזנט טאָנ. צוקער איז אינ 1929 י. אויסגעארבעט געוואָרנ 631 טויזנט טאָנ, אינ 1931—320 טויזנט טאָנ. דידאָזיקע ציפער פארקלענערט זיכ נאָכ אינ דעמזעלבנ יאָר. אויב אינ 1929 י. איז דורכ־שניטלעכ פארנ כוידעש אויסגעארבעט געוואָרנ 30 טויזנט טאָנ אונ אינ 1931 י.—26,7 טויזנט טאָנ, איז אינ אפּרעל אונ אינ מיַי פונ דעמ יאָר אויסגעארבעט געוואָרנ בלויז צו 23,4 טויזנט טאָנ.

טאבאק איז אינ 1931 י. אויסגעבראכט געוואָרנ אפ 636 מיליאָנ זלאָטעס קעגנ די 707 מיליאָנ אינ 1929 י. שוועבעלעכ איז אינ 1930 י. פארקויפט געוואָרנ 13088 קאסטנס (צו

5000 קעסטלעך) כוידעשלעך, אין 1932 י.—איז פארקויפט געוואָרן 7756 קאסטנס—א פארקלענערונג אפ 41%. דאָ דארף מען דערמאָנען, אז אין 1931 י. איז דער פרײַז פון א קעסטעלע שוועבעלעך, אדאנק דער שוועבעלעך־האלוואָע און דעם נײַעם אָפּמאך מיט קרייגערן, פארגרעסערט געוואָרן פון 7 גראָשן ביז 10—אָדער אפ 43% פראָצ.

די עקאָנאָמישע לאגע אין פוילן פארערגערט זיך נאָכמער, ווײַל דער קריזיס אין דער אינדוסטריע איז ענג פארבונדן און איבערגעפלאָכטן מיטן אגראר־ און פינאנציעלן קריזיס. וועגן דעם אגראר־קריזיס וועלן מיר ריידן שפעטער, איצט וועלן מיר זיך אינקורצן אָפּשטעלן אפ דער פינאנציעלער לאגע אין פוילן. אדאנק דעם קריזיס, אדאנק דער פאראָרעמערונג פון דער באפעלקערונג האָבן זיך פארקלענערט די דעפּאָזיטן אין די בענק. עס האָבן זיך פארקלענערט די האכנאָסע־שטײַערן, עס האָט זיך פארקלענערט דער גאָלד־רעזערוו אין מעלוכישן באנק.

מיר וועלן ברענגען אייניקע ציפערן, וואָס זײַנען פארעפנטלעכט געוואָרן אין דער פאשיסטישער צײַטונג „דזענניק ווילענסקי“. פון דידאָזיקע מאטעריאלן זעען מיר, אז די מעלוכע־האכנאָסעס אין מײַ 1932 י. האָבן באטראָפן א סומע פון 175 מיליאָן זלאָטעס, קעגן די 200 מיליאָן זלאָטעס אין מײַ 1931 י. אפ אזא אויפן האָבן זיך די האכנאָסעס פארקלענערט אפ 21 מיליאָן זלאָטעס אָדער אפ 12,5%, און פאר די 2 כאדאָשים—אפּרעל און מײַ האָבן מיר געהאט—340 און 409 מיליאָן. די האכנאָסעס זײַנען פארקלענערט געוואָרן אפ 69 מיליאָן, אָדער אפ 14,5%.

די דירעקטע שטײַערן האָבן אין מײַ כוידעש ד. י. געבראכט 49,8 מיליאָן זלאָטעס, קעגן די 53,3 אין מײַ 1931 י. די האכנאָסעס זײַנען דאָ פארקלענערט געוואָרן אפ 17,5%. די אומדירעקטע האכנאָסעס זײַנען געפאלן אפ 13%. די האכנאָסעס פון גרענעץ־אָפּצאָלונגען זײַנען געפאלן פון 15,6 ביז 11,7 מיליאָן, אָדער אפ 24%. נאָך ערגער איז מיט די שטעמפּל־צאָלונגען, וואָס האָבן געגעבן מיט 3,8 מיליאָן זלאָטעס ווייניקער, אָדער ארום 32% ווייניקער פון דעם, וואָס איז געווען אָנגעמערקט. דער אײַנקונפט פון דעם צענפראָצענטיקן אויסערגעוויינלעכן שטײַער איז פארקלענערט געוואָרן אפ 39% און דער שטײַער פון די מאיאָנטקעס—אפילע ביז 77%. די האכנאָסעס פון די מעלוכישע אונטערנעמונגען זײַנען געפאלן פון 9,3 ביז 4,3 מיליאָן, אָדער אפ 54%.

אויך האָבן זיך פארקלענערט די דעפּאָזיטן. דער פינאנץ־קאָמיסאריאט פון פוילן האָט אָפּגעדרוקט א באריכט וועגן דער לאגע פון די דעפּאָזיטן אין 59 בענק און אין 15 גרויסע בענק אין 1931 י. אין ערשטן קווארטל פון 1931 י. איז פון די בענק ארויסגענומען געוואָרן 43 מיליאָן זלאָטעס, אין צווייטן—127 מיליאָן, אין 3־טן—110 און אין 4־טן—77 מיליאָן. צוזאמען איז פון די בענק אוועקגעשווומען פאר א יאָר צײַט 357 מיליאָן זלאָטעס.

די אויבנדערמאָנטע פאשיסטישע צײַטונג „דזענניק ווילענסקי“ פארן 3־טן יול שרײַבט: „הײַאָר פארקלענערן זיך די דעפּאָזיטן פון די בענק, און דאָס צווינגט די בענק פארקירצן זייער טעטיקײַט, צונויפּוויקלען די שוואכע אָפּטיילונגען אין דער פראָווינצ“.

פאר די לעצטע 2 יאָר האָט זיך די סומע פון די דעפּאָזיטן אין די בענק פארקירצט אפ 50% און גלײַכצײַטיק מיט דעם ווערט אויך פארקלענערט דער גאָלד־רעזערוו אין מעלוכישן באנק. דער גאָלד־רעזערוו אין פוילישן באנק האָט זיך אין יון כוידעש ד. י. פארקלענערט אפ 70,6 מיליאָן זלאָטעס. צום סאָף יון האָט דער גאָלד־רעזערוו באטראָפן 484,3 מיליאָן, און צום סאָף יול איז ער ווידער געפאלן ביז 480,1 מיליאָן.

דער גאָלד־רעזערוו פון פוילישן באנק פארקלענערט זיך צוליב דעם, ווײַל די אויס־לענדישע וואליוטע גייט אוועק פון די בענק און צוליב דער אלגעמיינער פארקירצונג פון דעם פוילישן עקספּאָרט.

אָט זײַנען אָפיציעלע אָנגאבן וועגן דעם פוילישן עקספּאָרט אין 1932 י.—פארעפנטלעכט אין די „וויאדאָמאָסשטשי סטאטיסטיטשנע“.

די פארקלענערונג פון עקספּאָרט אין פוילן אין 1932 י.

| יאָרן | | עקספּאָרט אין מיליאָן זלאָטעס. |
|---|---|---|
| 1931 י. | דורכשניטלעך פאר א כוידעש | 156,6 |
| 1932 י. | יאנוואר | 93,3 |
| „ | פעווראל | 97,6 |
| „ | מארט | 96,3 |
| „ | אפּרעל | 96,2 |
| „ | מײַ | 78,1 |

אין פארלויף פון מײַ כוידעש 1932 י. האָט זיך דער עקספּאָרט פארקלענערט ביז 78062 טויזנט זלאָטעס, פאראיאָרן אין דעמזעלבן כוידעש האָט ער באטראָפן 168713 זלאָ־טעס. א פארקלענערונג אף 53,3%.

די אלגעמיינע ביודזשעט־האכנאָסע האָט אין יול כוידעש 1932 י. באטראָפן 171900 טויזנט זלאָטעס, און די אויסגאבן—188800 טויזנט זלאָטעס, א דעפיציט פון 16900 טויזנט זלאָטעס. די פאשיסטישע רעגירונג סטארעט זיך מיט אלע מעגלעכקײַטן אונטערהאלטן דעם פאריטעט פון דער זלאָטע און ניט צו דערלאָזן צו א אינפליאציע. דער גרונט־מיטל, מיט וואָס די רעגירונג וויל אונטערהאלטן דעם פאריטעט פון זלאָטע, איז פארקירצן דעם ארבעטלוין פון די מעלוכישע אָנגעשטעלטע, פארקירצן ביז נול די הילף פאר די ארבעטלאָזע, פארקירצן די אינוועסטיציעס א. א. וו.

## 2. דער אונטערגאנג פון דער אינדוסטריע אין מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד

דערדראָזיקער עקאָנאָמישער קריזיס, וואָס פארטיפערט זיך אין פוילן, איז אין מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד אין פיל מאָל שארפער אדאנק דער רויבערישער פאָליטיק פון דעם פוילישן אימפעריאליזם. 13 יאָר אָקופּאנטישע פאָליטיק האָט עקאָנאָמיש צורוּיִנירט פיל אונטערנע־מונגען פון דער אינדוסטריע און געבראכט צו א דעגראדאציע אין דער לאנדווירטשאפט. אין אלע אינדוסטריע־צווײַגן זעען מיר דעם פּראָצעס פון אונטערגאנג.

די פאשיסטן גופע קענען ניט פארבאהאלטן די יערידע פון דער אינדוסטריע אין מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד. אין זײַן באריכט שרײַבט די ווילנער האנדל־אינדוסטריעלע קאמער פאָלגנדיקעס:

„קימאט אין אלע צווײַגן כאזערט זיך איבער דאָסזעלבע: עס פארקלענערט זיך די צאָל ארבעטער, נאָכמער פארקלענערט זיך דער ארויסלאָז פון פּראָדוקציע. אייניקע צווײַגן, ווי צ. ב., גארבערײַ דארף קימאט פולשטענדיק ליקווידירט ווערן, אנדערע: פאבריקן פון ספּירט־אויסארבעטונגען, ברויזן האָבן פארקלענערט זייער פּראָדוקציע. די אינדוסטריע־צווײַגן, וועלכע האָבן זיך געקענט אײַנהאלטן, זײַנען אומבאדײַטנדיקע.

אלס רעזולטאט פונ דער קאָלאָניאלער פאָליטיק פונ דער פּוילישער רעגירונג בענעגייע מײַרעװ־װײַסרוסלאנד זײַנענ אייניקע גרעסערע מעטאל־זאװאָדנ, א ריי גרויסע טאָקער־ אונ שליאָסער־רעמאָנט־װארשטאטנ, שוינ אינגאנצנ ליקװידירט געװאָרנ, אָדער זיי זײַנענ ארי־בערגעפירט געװאָרנ אינ קרוינ־פּוילנ, אָדער זיי האָבנ פארקירצט די צאָל ארבעטער ביז א מינימום.

פונ די 18 גרויסע מעטאל־אונטערנעמונגענ, װאָס זײַנענ געװענ אינ װילנע אינ 1913 י. אונ װו עס האָבנ געארבעט, װי עס גיבנ איבער די פּאשיסטנ גופע, 1248 ארבעטער (די פאבריק פונ די ברויז־מאשינעס—200 ארבעטער, די פאבריק פונ אויסשטאטונג פאר דער טאבעק־פּראָדוקציע „בר. ראקאָװיצקי"—100 ארבעטער, די פאבריק פונ די זעגנ—70 אר־בעטער, טשװעקעס־פאבריק אינ לאנדװאראָװע פונ די „בר. פרומקינ"—150 ארבעטער, „פאָגעסא" אינ נײַ־װילייקע—300 ארבעטער א. א.)—איז נאָכ דער 13־יאָריקער הערשונג פונ די אָקופּאנטנ ניט געבליבנ קימאט גאָרנישט.

אינ דער געװעזענער גראָדנער גובערניע איז פונ די 9 מעטאל־זאװאָדנ מיט די 959 ארבעטער, אינ דעמ—7 טשוהונ־גיסערײַ־זאװאָדנ, װאָס זײַנענ געװענ אינ 1909 י.—געבליבנ אינ 1928 י. בלויז 3 מיט 163 ארבעטער.

באזונדערס שלעכט פאר דער מעטאל־אינדוסטריע איז געװענ דער לעצטער 1931 װירטשאפט־יאָר. אינ דעמ יאָר זײַנענ אינ װילנע ליקװידירט געװאָרנ 17 שלאָסער־ אונ 4 טעכנישע אונטערנעמונגענ, דער גיסערײַ־זאװאָד אינ װאָלקאָװיסק אונ צוליב דער אָפּ־װעזנהײַט פונ באשטעלונגענ האָט אָפּגעשטעלט זײַנ ארבעט דער גרויסער װארשטאט אפ רעמאָנטירנ אװטאָמאָבילנ אינ ביאליסטאָק, און טויזנטער ארבעטער זײַנענ ארויסגעװאָרפנ געװאָרנ אפנ גאס, צו הונגער־טויט.

פונקט אזא פּראָצעס קומט פאָר אויכ אינ דער טעקסטיל־אינדוסטריע, װאָס איז אינ מײַרעװ־װײַסרוסלאנד קאָנצענטרירט געװענ אינ ביאליסטאָקער געגנט. אויב אינ אָנהייב 1924 י. האָבנ אינ ביאליסטאָקער געגנט געארבעט אינ דעמ אינדוסטריע־געביט 8350 אר־בעטער, האָבנ אינ 1926 י. געארבעט 3522 ארבעטער; אינ 1928 י.—3705 ארבעטער; אינ 1929 י.—2885—44,1% פונ דער פארמילכאָמע־צײַט. אינ די שפּעטערדיקע יאָרנ װערט די טעקסטיל־אינדוסטריע פארקירצט נאָכ מערער אונ אינ יאנװאר 1932 י. האָבנ אפ די טעקסטיל־פאבריקנ פונ ביאליסטאָק געארבעט, װי עס גיט איבער די ביאליסטאָקער צײַטונג „אונדזער לעבנ"—אינגאנצנ 400 ארבעטער. דאָס איז שײַעכ צו די גרויסע פאבריקנ. ניט קיינ בעסערע לאגע איז אויכ אינ די קוסטארישע װארשטאטנ.

נאָכ אינ 1929 י. זײַנענ אינ ביאליסטאָק געװענ 280 קוסטארישע װארשטאטנ, װעלכע האָבנ געהאט 520 װעב־װארשטאטנ אונ אפ זיי האָבנ געארבעט, צוזאמענ מיט די באלע־באטימ—520 מענטשנ. איבערהויפּט האָבנ דאָ געארבעט די געזינדנ פונ די באלעבאטימ גופע, אָדער לויט קאָנטראקטאציע־באדינגונגענ מיטנ באלעבאָס, װעלכער האָט בא זיכ גע־האט עטלעכע אזיינע װארשטאטנ, אָט װאָס עס שרײַבט װעגנ זייער לאגע די ביאליסטאָ־קער פּרעסע: „די קוסטארישע װארשטאטנ. װעלכע האָבנ געארבעט בא די פאבריקנ, שטייענ איצט אינגאנצנ אָנ ארבעט. די פּראָדוקציע גייט איצט אויסשליסלעכ אפנ אינערלעכנ מארק, װאָס באטרעפט אינגאנצנ 10%—20% פונ דער פּראָדוקציע־מעגלעכקײַט פונ דער ביאלי־סטאָקער טעקסטיל־פּראָדוקציע. װי מיר זעענ, װערנ 80%—90% פונ דער פּראָדוציר־פייִקײַט אינגאנצנ ניט אויסגענוצט".

די בורזשואזע עקאָנאָמיסטן האָבן ווינטער אין 1931 י. געשריבן, אז אין פרילינג 1932 י. וועט די לאגע פון דער אינדוסטריע פארבעסערט ווערן אין צוזאמענהאנג מיטן בויונג־סעזאָן. אָבער מיר זעען א פארקערטע דערשיינונג.

אין 1932 י, איז די בויונג אין די שטעט און דערפער קימאט אינגאנצן אָפגעשטאָרבן. אן אויסנאם איז די מיליטערישע בויונג. עס זיינען אויסגעבויט געוואָרן מיליטערישע פאָסטנס לעבן ווילנע, קאזארמעס פאר די סאָלדאטן, וואכהייזער, קאזינאָ פאר אָפיצערן־וועגן און אנדערע מיליטערישע אָביעקטן.

צוליב דער פארגליווערטקייט פון דער ציווילער בויונג, איז א גאנצע ריי פראָפעסיעס, וואָס זיינען פארבונדן מיט דער בויונג, ליקווידירט געוואָרן (בויער, סטאָליארעס, סלעסאַרעס, טשעסלער, א. ז. וו.).

די פארגליווערטקייט אין דער בויונג קלאפט אין דער ערשטער ריי אָפ דער מינעראַל־אינדוסטריע. אין 1929 י. איז אויסגעארבעט געוואָרן 58 מיליאָן ציגל, אין 1930 י.—בלויז 37 מיליאָן. און די פראָדוציר־פייִקייט פון די ציגל־זאוואָדן אין מיירעוו־ווייסרוסלאנד באַטרעפט 174 מיליאָן נאָר אין צוויי סמענעס.

איצט וועלן מיר זען, וויאזוי עס ווערט פארקירצט די ציגל־פראָדוקציע. אין די גראָדנער ציגל־זאוואָדן זיינען אין 1930 י. אויסגעארבעט געוואָרן 20 מיליאָן ציגל. פארקויפט געוואָרן איז אינגאנצן 4 מיליאָן. די צאָל ארבעטער, וואָס זיינען געווען פארנומען אין די ציגל־זאוואָדן, האָט זיך פארקלענערט פון 2241 אין 1928 י. ביז 1228 אין 1929 י. און ביז 313—אין 1930 י.

דאָסזעלבע אויך אין באצוג צו די צעמענט־זאוואָדן. בלויז אין ווילנער גובערניע איז ביז דער מילכאָמע געווען 161 זאוואָדן מיט 2160 ארבעטער. אין 1929 י. זיינען געבליבן 21 אונטערנעמונגען, אף וועלכע עס האָבן געארבעט אינגאנצן 200 ארבעטער. איצט לאָמיר א קוק טאָן וויאזוי עס ווערט אויסגענוצט די פראָדוציר־פייִקייט אף די טארטאקן אין מיירעוו־ווייסרוסלאנד, דאָס וועט אונדז געבן א פולן בילד פון דער פארפוילטער קאפּיטאליסטישער ווירטשאפט.

| וואָיעוואָדסטוועס | פראָדוציר־פייִקייט | פאַקטישע פראָדוקציע אין 1930 י.[1] | פראָצענט פון אויסנוצן די פראָדוציר־פייִקייט |
|---|---|---|---|
| ווילנער . . . . . . . . | 656000 | 112100 | 18,6% |
| ביאליסטאָקער . . . . . . | 609000 | 144580 | 23,7% |
| פּאָלעסער . . . . . . . | 692000 | 187603 | 27,1% |
| נאָוואָגרודקער . . . . . . | 492600 | 131221 | 28,6% |
| איבער גאנץ מיירעוו־ווייסרוסלאנד | 2449000 | 575514 | 23,5% |

[1]) קוביש מעטער.

צוגלײַך מיטן פארמאכן די גרויסע פאבריקן ווערן ליקווידירט די קליינע פאבריקן, די קוסטארישע און האנדל־אונטערנעמונגען א.א.וו.

מיר וועלן ברענגען א טאבעלע פון די אויסגעקויפטע געווערב־פאטענטן פון דער 6־טער און 7־טער קאטעגאָריע (האנטווערקער) אין ווילנע און אין ווילנער געגנט פאר די 1925—1931 יאָרן, וואָס איז פארעפנטלעכט געוואָרן אין דער פאשיסטישער צײַטונג „סלאָוואָ" פון 16־טן סעפטיאבער 1932 י.

| יאָר | אין די פאָוויאטן פון ווילנער געגנט | אין ווילנע (שטאָט) |
|---|---|---|
| 1925 | 4093 | 3770 |
| 1928 | 3192 | 4585 |
| 1929 | 2846 | 2403 |
| 1930 | 1924 | 1673 |
| 1931 | 678 | 929 |

פון דער טאבעלע זעען מיר, אז פון יאָר צו יאָר פארקלענערט זיך אלץ די צאָל אויסגעקויפטע פאטענטן. בלויז פארן 1931 י. זײַנען אין ווילנע גופא ליקווידירט געוואָרן 484 האנדל־אונטערנעמונגען און 248 קוסטארישע ווארשטאטן. אין דער צאָל זײַנען געווען: 126 שפּײַז־קראָמען, 13 מילך־קראָמען, 4 קאָנדיטערײַען, 39 פאפיר־קראָמען, 18 רעסטאָראנען און גאָרקיכן, 7 קאפע־הײַזער, 3 אפטייק־מאגאזינען, 18 גאלאנטעריי־קראָמען, 11 לעדער־קראָמען, 7 טעקסטיל־קראָמען, 13 מעל־קראָמען און 86 אנדערע. ווארשטאטן האָבן זיך אין 1931 י. פארמאכט: 60 שוך־ווארשטאטן, 24 שנײַדער־ווארשטאטן, 5 סטאָליער־ווארשטאטן, 17 שלאָסער־ווארשטאטן, 14 בלעך־ווארשטאטן, 6 הוט־ווארשטאטן, 4 טעכנישע אונטערנעמונגען און 73 אנדערע ווארשטאטן. אויסערדעם זײַנען פארמאכט געוואָרן 18 אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען.

אין 1932 י. גייט די ליקווידירונג פון די געווערב־ און האנדל־אונטערנעמונגען נאָך שטארקער. מיר וועלן ברענגען ציפערן וועגן דער ליקווידאציע פון אונטערנעמונגען אין אווגוסט און סעפטיאבער לויט די מאטעריאלן, וואָס זײַנען פארעפנטלעכט געוואָרן אין דער פאשיסטישער צײַטונג „דזעננִיק ווילענסקי":

„אפן גרונט פון די אָנגאבן זײַנען אין פארגאנגענעם אווגוסט כוידעש אין ווילנע ליקווידירט געוואָרן 72 קראָמען, וועלכע האָבן געהאנדלט מיט געברויך־סכוירעס און אנדערע, ווי צ. ב., מילך, לעדער, אײַזן, געהילץ, גאלאנטעריי א. א. וו. אויסערדעם זײַנען ליקווידירט געוואָרן 11 אונטערנעמונגען און ווארשטאטן. אין פארלויף פון סעפטיאבער האָט זיך אין ווילנע פארגרעסערט די צאָל ליקווידירטע האנדל־ און האנטווערקער־אונטערנעמונגען.— עס זײַנען ליקווידירט געוואָרן 6 האנטווערקער־ און 27 האנדל־אונטערנעמונגען".

די אויבנדערמאָנטע צײַטונג שרײַבט פארנ 30־טנ סענטיאַבער 1932 י. וועגנ דידאָזיקע ציפער פאָלגנדיקעס:

„קאָמפּעטענטע קרײַזנ האלטנ, אז דידאָזיקע צאָל וועט אינ הארבסט נאָכמער אויס־וואקסנ צוליב דעמ, וואָס עס וועלנ זיכ פארמאכנ די אונטערנעמונגענ, וועלכע האָבנ גע־ארבעט זומער־צײַט, ווי די אונטערנעמונגענ פונ זעלצער־וואסער, פרוכטנ א. א. וו.“.

אפ אזא אויפנ זײַנענ די פאשיסטנ אלײנ געצוווּנגענ צו אנערקענענ, אז קײנ פער־ספעקטיוונ אפ א פארבעסערונג זײַנענ ניטאָ און אז דער קריזיס וועט זיכ פארברײטערנ אויכ אפ ווײַטער. צוזאמענ מיט דער פארקלענערונג פונעמ פראָדוקציע־ארויסלאָז האָט זיכ פארגרעסערט, פארשטײט זיכ, די צאָל ארבעטלאָזע. לויט אָפיציעלע מעלוכישע אָנגאבנ זײַנענ געווענ ארבעטלאָזע:

| | 1928 י. | 1929 י. | 1930 י. | 1931 י. |
|---|---|---|---|---|
| אינ אבסאָליוטע ציפערנ . | 125552 | 129450 | 226660 | 290131 |
| „ פראָצענטנ . . . . | 100 | 109 | 180 | 239 |

דאָס איז לויט די אָפיציעלע רעגירונג־ידיעות, אָבער דידאָזיקע ציפערנ זײַנענ ווײַט פונ דער פאקטישער לאגע. פיל הונדערטער טויזנטער ארבעטלאָזע, וועלכע האָבנ געארבעט אינ די ווארשטאטנ מיט ווײניקער פונ 5 ארבעטער, גײענ ניט ארײַנ אינ דערדאָזיקער צאָל. אויכ גײענ ניט ארײַנ אינ דער צאָל לויט דער פאשיסטישער סטאטיסטיק די לאנדווירט־שאפטלעכע ארבעטער.

אינ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד זעענ מיר אפ אלצ דעמ צײכנ פונעמ פוילישנ אָקופּאנט. אויכ אינ דער פראגע וועגנ ארבעטלאָזיקײַט איז דאָ קענטיק דער אָקופּאנט. די ארבעטלאָזיקײט אינ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד איז אינ פיל מאָל גרעסער ווי אינ קרוינ־פוילנ. אפ 100 ארבעטנ־דיקע איז געווענ פאָלגנדיקע צאָל ארבעטלאָזע:

| | | |
|---|---|---|
| אינ פוילנ, אינ פעווראל 1930 י. — 36 | אינ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד — 64 | |
| „ „ „ אָקטיאַבער „ — 28 | „ „ „ | — 50 |
| „ „ „ דעקאבער „ — 45 | „ „ „ | — 76 |

קײנ קאָמענטארנ צו דידאָזיקע ציפערנ דארפ מענ ניט, זײ רײדנ קלאָר וועגנ דער אָקופּאנטישער פּאָליטיק פונ פוילישנ פאשיזמ.

## 3. די דעגראדאציע פונ דער לאנדווירטשאפט אינ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד

דער קריזיס פונ דער אינדוסטריע איז פארבונדנ און איבערגעפלאָכטנ מיטנ אגראר־קריזיס. די אגראר־פּאָליטיק פונ דער פוילישער רעגירונג, וואָס ווערט געפירט אינ די אינ־טערעסנ פונ די פריצימ און באלעגופימ, דערפירט די מערהײַט פויערימ פונ פוילנ, מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד און מײַרעוו־אוקרײַנע צו פולשטענדיקער רויִנירונג. אינ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד גײט די דעגראדאציע פונ דער לאנדווירטשאפט מיט גרעסערע טעמפּנ, ווי אינ פוילנ. דער פארזײ־שעטעכ ווערט פונ יאָר צו יאָר פארקירצט. אויב אינ ווילנער וואָיעוואָדסטווע האָט דער פארזײ־שעטעכ אונטער קאָרנ באטראָפנ אינ 1927 י. 385,2 טויזנט העקטאר, באטרעפט ער אינ 1931 י. אינגאנצנ 309 טויזנט העקטאר. גלײַכצײַטיק פאלט די גערעטעניש. אויב אינ 1928 יאָר איז פונ אײנ העקטאר אראָפּגענומענ געוואָרנ 5,8 קווינטאל, איז אינ 1931 י. אראָפּגענומענ געוואָרנ אינגאנצנ 4,8 קווינטאל.

מע דארף נאָך אונטערשטרייכן, אז פאר דער מילכאָמע, אין 1912 י., האָט די גערעטעניש פון קאָרן באטראָפן 70 קווינטאל פון איין העקטאר, קארטאָפל האָט מען פון איין העקטאר אראָפגענומען אין ביאליסטאָקער וואָיעוואָדסטווע אין 1927 י. 130 קווינטאל, אין 1928 י.—102 און אין 1930 י.—בלויז 79 קווינטאל. אין פּאָלעסער וואָיעוואָדסטווע האָבן מיר פאָלגנדיקע פארקלענערונג: 88, 85, 78. די אלגעמיינע גערעטעניש אין 1931 י. אין מיזרעך־ווייסרוסלאנד האָט באטראָפן ניט מער פון 50% פון דער דורכשניטלעכע גערעטעניש פאר די פריקע יאָרן.

ביזן מינימום האָט זיך אויך פארקלענערט דער געברויך פון דער קינסטלעכער באַמיסטיקונג.

מיט האסטיקע טעמפּן ווערט צעברעקלט די לאנדווירטשאפט און צוזאמען דערמיט גייט די פּאופּעריזאציע פון די גרונט־מאסן פון דער פּויערישער באפעלקערונג. א גרויסער פּראָצענט פון די מיטל־פּויערישע ווירטשאפטן ווערט פארוואנדלט אין אָרעמע ווירטשאפטן. די אָרעמע ווירטשאפטן ווערן אינגאנצן צערויִנירט. די פאשיסטישע צייטונג „קוריער ווילענסקי" גיט אין אן ארטיקל „די פּראָבלעם פון דאָרף" פאָלגנדיקע ידיעות וועגן דער צעברעקלונג פון דער לאנדווירטשאפט אין מיזרעך־ווייסרוסלאנד.

אין ברעסלאווער פּאָוויאט זיינען אין 1930 י. געווען 8974 ווירטשאפטן, מיט א שטעטל פון 1 ביז 5 העקטאר. אין 1931 י. זיינען אין דעמזעלבן פּאָוויאט פאראן שוין 9914 אזעלכע ווירטשאפטן (קימאט אפ 1000 מערער).

אין אָשמענער פּאָוויאט זיינען אין 1930 י. געווען 7997 ווירטשאפטן מיט א שטעטל פון 1 ביז 5 העקטאר און העכער פון 5 העקטאר — 8628 און אין 1931 י. זיינען געווען 8535 ווירטשאפטן מיט א שטעטל פון 1 ביז 5 העקטאר.

דערדאָזיקער פּראָצעס וועט פאָרגעזעצט ווערן אויך אפ ווייטער, ווייל עס פארשארפט זיך די אָקופּאנטישע פּאָליטיק, עס פארגרעסערט זיך די רויבעריי פון דער אָרעם־פּויערישער ערד דורך דער קאמאסאציע, דורך ליקווידירן די סערוויטוטן א. א. וו.

די דאָזיקע קאטאסטראָפאלע לאגע פון דאָרף אין מיזרעך־ווייסרוסלאנד פארשארפט זיך נאָך מערער אדאנק דעם שטייערן־פּאָליטיק פון די פּוילישע אָקופּאנטן. פון יאָר צו יאָר וואקסן די שטייערן. דער ערד־שטייער, וואָס האָט א שייכעס מערער פון אלץ צו די פּויערישע מאסן, איז אין מיזרעך־ווייסרוסלאנד פאר די לעצטע יאָרן אויסגעוואקסן אין 2 מאָל. לאָמיר פארגלייכן דעם וווּקס פון די ערד־שטייערן אין מיזרעך־ווייסרוסלאנד אין 1929 און אין 1930 י.

זלאָטעס אפ א מענטשן

| שטייערן־קאמער | 1929 י. | 1930 י. |
|---|---|---|
| ווילנער . . . . | 45,46 | 46,65 |
| פּאָלעסער . . . . | 34,73 | 55,77 |

די פאשיסטישע שטייערן־פּאָליטיק איז געבויט אזוי, אז וואָס אָרעמער עס איז די ווירטשאפט, צאָלט זי פּראָפּאָרציאָנעל מער שטייערן. אָט צ. ב. האָבן די פּויערים אין דיסנער פּאָוויאט געצאָלט די שטייערן אין פאָלגנדיקער אָרדענונג:

א ווירטשאפט פון 15 הא צאָלט 150 זלאָטעס, וואָס באטרעפט אפ 1 הא—10 זלאָטעס
„ „ 8 „ „ 100 „ „ „ אפ 1 הא—12,5 „
„ „ 1,5 „ „ 50 „ „ „ אפ 1 הא—33 „

ווי מיר זעען צאָלט אַן אָרעמע ווירטשאַפט פון 1,5 העקטאַר מיט 23 זלאָטעס אַפ אַ העקטאַר, מער ווי אַ פאַרמעגלעכע ווירטשאַפט, וואָס פאַרנעמט 15 העקטאַר. די שטײַערן וואַקסן פון יאָר צו יאָר און פאַלן אַפ די פּלײצעס פונעם אַרבעטנדיקן פויער.

די פויערים זאָגן זיך אָפּ מאַסנווײַז צו צאָלן די שטײַערן. דער לאָזונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטײ „קײן אײן גראָשן שטײַערן דער רעגירונג פון הונגער, טעראָר און מילכאָמע“ איז אונטערגעכאַפּט געוואָרן דורך די ברײטע פויערים־מאַסן און פּאַקטיש זאָגן זײ זיך אָפּ פון צאָלן שטײַערן. די אָקופּאַנטישע סעקוועסטראַטערס בײַ דער הילף פון דער פּאָליצײ און שטראָף עקספּעדיציעס נעמען צו מיט גוואַלד די לעצטע בעהײמע פאַר שטײַערן. בלויז 10־20 פּראָצ. פויערים צאָלן שטײַערן פרײַוויליק. דער גרעסטער טײל פון די שטײַערן רײַסן אַרויס די אָקופּאַנטן דורך אַרופלײגן אַרעסטן אַפן פאַרמעגן און אַפ די שטוביקע זאַכן פון די פויערים.

אין 30־1931 י. (צום 1־טן מאַרט 1931 י.) זײַנען אַרופגעלײגט געוואָרן אַרעסטן אַפן פאַרמעגן פון 131.172 פּערזאָן, בלויז אין מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד. אין דעם יאָר זײַנען געווען 135.422 פאַלן פון זאַמלען מיט גוואַלד די שטײַערן. די געריכט־אויספילער—די סעקוועסטראַטערס האָבן צונויפגעקליבן 3282 טויזנט זלאָטעס שטײַערן, אין דעם זײַנען פאַרקויפט געוואָרן פון ליציטאַציעס די ווירטשאַפטן אין 4238 פאַלן. „די טעמפּן“ פונעם וווּקס פון די ליציטאַציעס פונעם לאַנדווירטשאַפטלעכן פאַרמעגן וואַקסן און וואַקסן. אַפילע די פּריצישע צײַטונג „סלאָוואָ“ באַשרײַבט די לאַגע פון דעם פויערטום אַפן פאָלגנדיקן אויפן:

„דער סעקוועסטראַטער איז געוואָרן דער טאָג־טעגלעכער גאַסט אין פויערס הויז. רעגנס אַ זאַווײע,— אַ הונט וועט פון בײַדל דעם נאָז ניט אַרויסרוקן, אָבער דער סעקוועסטראַטער ווײס ניט פון קײן מידקײַט און קלאַפּט פון שטוב צו שטוב, ער פאַרגעסט ניט וועגן קײנעם. דעם לעצטן גילדן קוועטשט ער אַרויס. און אויב ס'איז ניטאָ, שרײַבט ער אָפּ, קעדײ אָפּמאָרגן ווידער אומקערן זיך מיט אַ נײַעם טראַנספּאָרט פון שטײַערן־נאָקאַזן, און דער פויער האָט פאַר זיך קײן שום אויסוועג ניט, ווײַל פונוואַנען וועט ער נעמען געלט, אַז קײן זײַטיקע פאַרדינסטן זײַנען ניטאָ. אַפילע אין די וועלדער הערט מען ניט אַ קלאַפּ פון אַ האַק, אין די שטעט איז פאַראַן געווען אײגענע אַרבעטלאָזע. פאַרקויפן? אָבער וואָס און ווען. אַ פערד אַ גוטן צו דער אַרבעט—פאַר 10 זלאָטעס, אַ מעלקעדיקע בעהײמע—פאַר 50 זלאָטעס און אָפּטמאָל אויך ביליקער, וואָס מיט 2 יאָר צוריק האָט ער, אײַנקויפנדיק עס, פאַרשולדיקט זיך אַפ 300—500 זלאָטעס. פאַרן קלײנעם פויער הײסט עס פאַרקויפן אַלצ און פאַר גאָרנישט.

... און דער קריזיס האָט ניט אויסגעמיטן, נאָר ער פליט אום איבער די פעלדער, וואָס ווײַטער, אַלץ שטאַרקער. דער פויער ציט אײַן אַלץ ענגער דעם פּאַס, אָבער ענדלעך האָט שוין אין פּאַס ניט געשטײַעט קײן לעכלעך, ס'האָט ניט געשטײַעט קײן אָרט אַז מאַכן נײַע לעכלעך“ („סלאָוואָ“, פעוראַל—1932 יאָר).

אָט וויאַזוי די פאַשיסטן אַלײן זײַנען געצוווּנגען צו שרײַבן וועגן די פויערים פון מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד.

מע דאַרף אונטערשטרײַכן נאָך וועגן אײן פאַקט, וועלכער פאַרשאַרפט די לאַגע פונעם פויערטום אין מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד — דאָס איז די פּרײַזן־פּאָליטיק. די פאַשיסטישע רעגירונג פירט דורך די פּרײַזן־פּאָליטיק אַפ לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן אַזוי, אַז זי גיט

די פריצימ „פרעמיעס“, ווענ זיי פירנ ארויס די פראָדוקטנ קיינ אויסלאנד, און אפנ אי־נערלעכנ מארק זייַנענ די פרייַזנ זייער נידעריקע. פאָלגנדיקע טאבעלע באווייַזט דעמ פראָ־צעס פונ אראָפּזעצנ די פרייַזנ אפ לאנדווירטשאפטלעכע פראָדוקטנ:

הורט־פרייַזנ פונ 100 קילאָגראמ פראָדוקטנ אינ פוילנ:

| יאָר און כוידעש | האָרנ־פי בעהייטעס און יאלאָייע בע־היימעס אינ פויזנ | פי פונ דער 4־טער קאטעגאָריע אינ פויזנ | 100 ליטער מילכ | פוטער פונ 1־טנ סאָרט אינ ווארשע | קאָרנ־קלייַענ אינ ווארשע | קאַרטאָפל |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1926-27. . . . . . | 120,77 | 211,55 | 38,09 | 623,00 | 25,99 | 7,48 |
| 1927-28. . . . . . | 137,38 | 202,74 | 38,72 | 428,00 | 28,39 | 7,12 |
| 1928-29. . . . . . | 135,37 | 209,23 | 41,66 | 668,00 | 24,63 | 6,71 |
| 1929-30. . . . . . | 115,72 | 222,77 | 34,79 | 570,00 | 12,77 | 3,72 |
| 1930-31. . . . . . | 88,95 | 131,96 | 28,75 | 477,00 | 14,31 | 4.87 |
| 1931, אָקט. . . . . . | 67,41 | 105,31 | 23,00 | 395,00 | 19,89 | 3,11 |
| נאָיאבער . . . . . . | 66,50 | 95.13 | 26.00 | 419,00 | 17,35 | 3,22 |
| דעקאבער. . . . . . | 51,01 | 89,85 | 25,00 | 430,00 | 19,27 | 3,51 |
| 1932 יאנוו. . . . . | 49,05 | 82,94 | 21,00 | 346,00 | 14.09 | 3,49 |
| פעוראל . . . . . . | 15,47 | 77,00 | 22,00 | 440.00 | 14,00 | 3,58 |
| מארס. . . . . . . | 47,18 | 80,25 | 22,00 | 415,00 | 14,57 | 3,76 |

(„ראָלניק עקאָנאָמיסטאַ“ נומ. 19, 1932 י. ז. 464).

דערדאָזיקער קאָלאָסאלער פראָצעס פונ אראָפּזעצנ די פרייַזנ האָט דערפירט די אָרעמ־מיטל־פויערישע ווירטשאפט צו פולשטענדיקער רויִנירונג. דער פויער, וועלכער איז גע־צווינגענ צו פארקויפנ די לעצטע בעהיימע אָדער דעמ כאזער אפ אָפּגעבנ א כויוו דעמ באלעגוּם,— דעמ וואָכערניק, אָדער קויפנ פראָדוקטנ אפ ווינטער, באקומט דערפאר פאקטיש קאָפּיקעס. מע דארפ נאָכ אונטערשטרייַכנ, אז די ארבעטנדיקע פויערימ פארקויפנ זייערע פראָדוקטנ אינ הארבסט, ווענ די פרייַזנ זייַנענ זייער נידעריקע און אינ פרילינג דארפנ זיי אלייִנ קויפנ ברויט. דער פאשיסט זשעליגאָווסקי איז געצוווּנגענ צו קאָנסטאטירנ אינ דער צייַטונג „סלאָוואָ“:

„צי דענ פארקויפט דער דאָרפ ברויט? ער איז עס געצוווּנגענ צו טאָנ און ער טוט עס אינ הארבסט, ווענ די פרייַזנ זייַנענ באזונדערס נידעריקע, ווייַל דאנ נייטיקט ער זיכ באַ־זונדערס אינ געלט אפ אָפּצאָלנ אלערליי כויוועס. געוויינלעכ הייבט מענ אָנ קויפנ ברויט שוינ פונ פייסעכ־צייַט און צוליב דעמ איז מענ געצוווּנגענ פארקויפנ דאָס פיי“.

די פאשיסטישע פרייַזנ־פּאָליטיק אפ די אינדוסטריעלע סכוירעס ווערט געפירט אינ די אינטערעסנ פונ די פאבריקאנטנ, טרעסטנ און קארטעלנ. ניט געקוקט אפנ קריזיס, ווערנ

די פרײַזן ניט קלענער. אפ אזא אויפן באקומט זיך א גרויסע שער צווישן די פרײַזן אפ אינדוסטריעלע סכוירעס און אפ לאנדווירטשאפטלעכע פראָדוקטן. דידאָזיקע פרײַזן-פּאָליטיק קלאפּט איבערהויפּט אפּן אָרעמע און מיטעלן פּויערטום.

קעדיי דאָס צו דערווײַזן, וועלן מיר ברענגען די אָנגאבן וועגן דעם, וויפל טווע אָדער כאזער-פעטס דארף דער פּויער אָפּגעבן אפ קויפן אינדוסטריעלע סכוירעס.

| ס כ ו י ר ע ס | פאר דער מילכאָמע (אין קילאָגראם) | | 1925/1926 (אין קילאָגר.) | | 1931 י. (אין קילאָגר.) | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | קאָרן | כאזער־פלייש | קאָרן | כאזער־פלייש | קאָרן | כאזער־פלייש |
| פאר אן אקער . . . . . | 135 | 23,1 | 164 | 23,0 | 221 | 46,6 |
| פאר 10 קילאָגר. סופערפאָספאט. | 36 | 6,4 | 41 | 5,9 | 59 | 8,1 |
| פאר א פּאָר קאמאשן . . . | 79 | 13,4 | 161 | 22,9 | 321 | 44,6 |
| פאר 10 שפּולנגארן . . . | 17 | 2,9 | 37 | 5,3 | 61 | 8,4 |
| 10 קילאָגר. צוקער . . . . | 46 | 7,3 | 61 | 8,7 | 117 | 16,2 |
| 10 קילאָגר. זייף . . . . | 51 | 8,7 | 95 | 13,6 | 146 | 20,2 |
| 10 ליטער נאַפט . . . . . | 16 | 2,7 | 26 | 3,7 | 59 | 8,1 |
| 10 קילאָגר. זאלץ . . . . . | 6 | 1,0 | 17 | 2,4 | 26 | 3,6 |
| 1 קילאָגר. טאבעק. . . . . | 115 | 19,7 | 228 | 32,0 | 543 | 75,2 |

(„ראָבאָטניק“ פון 21-טן פעווראל 1932 י.)

דידאָזיקע שער באווײַזט, ווי „גוט“ עס לעבט זיך דעם פּויערטום אונטער דער מאכט פון דעם פּוילישן פאשיזם. ווי מיר זעען דארף דער פּויער אין 1931 י. אָפּגעבן פאר איין ליטער נאַפט קימאט א האלבן פוד ברויט, פאר א קילאָגראם זאלץ — א פונט כאזער-פלייש, פאר א פּאָר שיך—קימאט 3 פוד כאזער-פלייש. אָבער דערדאָזיקער אונטערשייד צווישן די פרײַזן אפ די לאנדווירטשאפטלעכע פּראָדוקטן און אינדוסטריעלע סכוירעס איז נאָך א גרעסערער אין דער אָקופּירטער מײַרעוו-ווײַסרוסלאנד.

די הערשונג פון די פּוילישע אָקופּאנטן אין מײַרעוו-ווײַסרוסלאנד האָט דערפירט די אָרעם-מיטל-פּויערישע ווירטשאפטן צו פולשטענדיקער צערוינירונג. א טייל פּויערים איז דערפירט געוואָרן צו אזא לאגע, אז זיי באגייען זעלבסטמאָרד.

די פּוילישע צײַטונגען זײַנען טאָנטעגלעך פול מיט ידיעס וועגן זעלבסטמאָרדן פון פּויערים, וואָס קומט פאָר צוליב דער שלעכטער מאטעריעלער לאגע. אָט זײַנען אייניקע פאקטן פון מײַרעוו-ווײַסרוסלאנד:

„אין דאָרף מיטיורי, קאָזלאָווער גמינע, האָט זיך אויפגעהאנגען ווערזשינסקאיא. די סיבע — מאטעריעלע נויט. מיט עטלעכע טעג צוריק האָט מען געמאכט א ליציטאציע פון איר פארמעגן פאר כויוועס“ („קוריער ווילענסקי“, נום. 18, 1932 י.).

„אינ בראָסלאװער פּאָװיאַט האָט דער פֿאַראָרעמטער פּויער א. אלעקסײַעװ, אַנ אײַנװינער פונ דאָרפ קאָלסנ, פּאָגאָרסקער גמינע, איבערגעשניטנ אפ די הענט די אָדערנ אונ דערנאָכ ארײַנגעזעצט זיכ א מעסער אינ הארצנ.

אינ דאָרפ פראנקי, פּאָסטאַלער גמינע, האָט דער פּויער יאקוב כאָדיק געמאכט זיכ עטלעכע װוּנדנ אינ בויכ מיט א מעסער אונ דערנאָכ אופּגעהאנגענ זיכ. די סיבע פונ זעלבסטמאָרד—די שװערע מאטעריעלע לאַגע.

דער פּויער פונ דאָרפ ליטװא, מאָלאָדעטשנער גמינע, װלאַדימיר ראָמאנאָװיטש, װאָס איז צערוּינירט געװאָרנ צוליב די שטײַערנ, איז באגאנגענ זעלבסטמאָרד" („קוריער װילענסקי", 5־טנ פעװראל 1932 י.).

אָט צו װאָס פאר א לאַגע עס האָט געבראכט די ארבעטנדיקע פּויערים די הערשונג פונ די פּוילישע אָקופּאַנטנ.

די ברײטע פּויערים־מאסנ פונ מערעװ־װײַסרוסלאַנד פירנ אונטער דער אָנפירונג פונ דער קאָמוניסטישער פּארטײ א קאמפּ קעגנ די פּוילישע אָקופּאַנטנ פאר זײער סאָציאַלער אונ נאציאָנאַלער באפרײַונג. זײער סינע צו די פּוילישע אָקופּאַנטנ, װײַזנ ארויס די פּויערישע מאסנ אינ טאָגטעגלעכנ קאמפּ קעגנ דער פאשיסטישער אגראַר־פּאָליטיק, קעגנ דער נאציאָנאַלער אונטערדריקונג אינ דער פאָרם פונ מאסאָװע שלאכט־ארויסטרעטונגענ, פונ אונטערצינדנ פּולװארקעס, פריצישע הויפנ, פונ אָנפאלנ אפ דער פּאָליצײ, הארגענענ די פאַרהאסטע אָקופּאַנטישע טשינאָװניקעס א. א. װ.

דער קלאסנקאמפּ פארשארפט זיכ אלצ מער אונ װאַקסט אלצ מער סײַ אינ גאַנצ פּוילנ סײַ אינ מערעװ־װײַסרוסלאַנד. יעדער עקאָנאָמישער שטרײַק װערט איבערגעפלאָכטנ מיט פּאָליטישע לאָזונגענ קעגנ פאשיזם. דער העלדישער צװײַכאדאָשימדיקער קאמפּ פונ די ביאליסטאָקער טעקסטילער, דער קאמפּ פונ די פּויערישע מאסנ אינ באָסטאשינ, די פארטיזאנישע שלאכטנ פונ די פּויערים אינ קאמענעצ־קאשירסק א. א. װ.—דאָס אלצ באװײַזט אונדז, אז דער קאמפּ קעגנ די פּוילישע אָקופּאַנטנ נעמט אָנ אזעלכע שארפע פאָרמענ, אז מיר שטײענ פאר אַנ אויסברוכ פונ רעװאָליוציאָנערנ קריזיס.

די קאָמוניסטישע פּארטײ, ניט געקוקט אפנ פאשיסטישנ טעראָר, ניט געקוקט אפנ װאלד פונ טליעס, פארברײטערט אלצ מערער איר אײַנפלוס צװישנ די ארבעטער אונ דעם ארבעטנדיקנ פּויערטום. אינ די רײענ פונ דער קאָמוניסטישער פּארטײ גײענ אויכ אריבער די פּראָלעטאריער, װעלכע זײַנענ געװענ אינ די רײענ פונ די סאָציאַל־פאשיסטישע פּארטײענ. דידאָזיקע סאָציאַל־דעמאָקראטישע ארבעטער זעענ אינ זײער טאָגטעגלעכנ קאמפּ, אז נאָר די קאָמוניסטישע פּארטײ פירט װירקלעכ א קאמפּ פאר דער סאָציאַלער אונ נאציאָנאַלער באפרײַונג פונ די ארבעטנדיקע מאסנ פונ דער װײַספּוילישער אָקופּאַציע.

א גרויסנ אָרט אינ דער טאָגטעגלעכער ארבעט פונ דער קאָמוניסטישער פּארטײ פונ מערעװ־װײַסרוסלאַנד פארנעמט דאָס פּראָפּאַגאַנדירנ די דערגרײכונגענ אפנ פראָנט פונ דער סאָציאַליסטישער בױונג פונ װ.ס.ס.ר. אונ פ.ס.ס.ר.

אינ יעדער קאמפּאַניע, װעלכע עס פירט דורכ די קאָמוניסטישע פּארטײ פונ מערעװ־װײַסרוסלאַנד, אינ יעדער אומלעגאַלער צײַטונג, װערט ברײט אופגעקלערט, װאָס די אָקטיאַבער־רעװאָליוציע האָט געגעבנ די ארבעטער.

אינ דער רעזאָליוציע פונ 5־טנ פּלענום פונ דער קאָמוניסטישער פּארטײ אינ מערעװ־װײַסרוסלאַנד װערט געזאָגט: „מע דארפ אפ יעדנ טריט פונ אונדזער ארבעט אינ דאָרפ

פּאָפּוליאריזירנ די סאָציאַליסטישע בויונג פונ ו.ס.ס.ר. אונ פ.ס.ס.ר., באזונדערס די דער־גרייכונגענ אינ געביט פונ קאָלעקטיוויזירנ די לאנדווירטשאפט, פארגלייכנדיק זיי מיט דער לאגע פונ דעם ארבעטנדיקנ פויערטום אינ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד אונ פוילנ.

אונדזער פארטיי דארפ אנטשיידנ אונטערשטרײַכנ אונ אָנווײַזנ די ברייטע פויע־רישע מאסנ, אז קעריי באפרײַענ זיכ פונ דער עקספּלואטאציע פונ די קאפּיטאליסטנ אונ פריצים, איז נייטיק אָפּנעמענ בא די פריצים די ערד, איבערגעבנ זי אָנ אויסקויפ די פויערים אונ די לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטער, אראָפּוואַרפנ די פאשיסטישע דיקטאטור אונ שאפנ אנ ארבעטער־פויערישע רעגירונג. די פארטיי דארפ אויפקלערנ, אז אָפּנעמענ־דיק די ערד בא די פריצים, וועלנ זיי אליינ לייזנ די פראגע וועגנ די פאָרמענ פונ באנוצנ זיכ מיט דער ערד. די קאָלעקטיוויזאציע, וואָס באזירט זיכ אפנ פרײַוויליקייט־פרינציפּ, פאר־ניכטעט אינגאנצנ יעטווידער עקספּלואטאציע אינ דאָרפ, פירט ארויס דאָס פויערטום פונ הונגער אונ נויט אונ גיט אומבאגרענעצטע מעגלעכקייטנ פארנ וווקס פונ זייער וווילשטאנד אונ קולטור אפנ גרונט פונ אָנווענדנ אלע דערגרייכונגענ פונ דער נײַסטער טעכניק אינ די קאָלעקטיוויזירטע ווירטשאפטנ".

15 יאָר אָקטיאבער־רעוואָלוציע, די קאָלאָסאלע דערגרייכונגענ אפנ פראָנט פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג—דאָס איז די פאָנ, אונטער וועלכער די ברייטע מאסנ פונ פראָלע־טאריאט אונ ארבעטנדיקנ פויערטום אינ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד וועלנ אונטער דער אָנפירונג פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי דערגיינ צו זייער סאָציאַלער אונ נאציאָנאלער באפרײַונג, צום אָקטיאבער.

מ. דובראָוויצקי

# דער וווּקס פונ ייִדישנ בוכ אינ ווײַסרוסלאַנד

## עס וואַקסט די בוכ־פּראָדוקציע

ווײַסרוסלאַנד האָט ביז דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע לאַכלוטנ ניט אַרויסגעגעבנ קיינ ייִדישע ביכער. עטלעכע קליינע, גראָשנדיקע בלעטלעכ... פונ אָט דעמ איז באַשטאַנענ די פאַרלאַג־אַרבעט אינ ווײַסרוסלאַנד ביז דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע.

די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע האָט געעפנט די ברייטסטע מעגלעכקײַטנ פאַר די אַרבעטנדיקע פונ אַלע נאַציאָנאַליטעטנ פונ דעמ געוועזענעמ צאַרישנ רוסלאַנד; — עס ווערט געשאַפנ אַ גרויסע קולטור—נאַציאָנאַל לויט דער פאָרמ אונ פּראָלעטאַריש לויטנ אינהאַלט. די קאָנסעקווענטע דורכפירונג פונ דער לענינישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, וואָס האָט געשאַפנ די ברייטסטע מעגלעכקײַטנ אַפ באַהעפטנ צו דער סאָציאַליסטישער בויונג די ברייטסטע מאַסנ ייִדישע אַרבעטנדיקע אונ אָרעמקײַט, האָט געעפנט גראַנדיעזע מעגלעכקײַטנ פאַר דער קולטור־בויונג אינ ייִדיש.

מיר וועלנ ברענגענ אַ קליינע ציפערנ־טאַבעלע וועגנ וווּקס פונעמ ייִדישנ בוכ פאַר די יאָרנ 1930, 1931 אונ 1932 בלויז אינ מ. פ. ו. (דערבײַ האָבנ מיר נאָכ דעמ פאַרלאַג „עמעס“, ייִדסעקטער פונ נאַצמינדמעלוכע־פאַרלאַג אינ או. ס. ס. ר., ייִדסעקטער פונ „לימ“ אינ או. ס. ס. ר. א. אנד.).

| יאָר | נעמענ פונ ביכער | דרוקבויגנס | צאָל איינצלנע עקז. ביכער | צאָל געדרוקטע פּאַפּיר־בויגנס |
|---|---|---|---|---|
| 1930 . . . . | 66 | 489 | 310,000 | 2.677,000 |
| 1931 . . . . | 119 | 815 | 445.000 | 3.460.000 |
| 1932 . . . : (פאַר 10 כאַדאָשימ) | 118 | 585 | 371.000 | 1.987,000 |

וועגנ וואָס רעדט דידאָזיקע ציפערנ־טאַבעלע? זי רעדט וועגנ דעמ, אַז מיר האָבנ אַ קעסיידערדיקנ וווּקס פונ דער בוכ־פּראָדוקציע אינ ייִדיש. מיר זײַנענ אויסגעוואַקסנ פונ 66 נעמענ פונ ביכער אינ 1930 יאָר ביז 119 אינ 1931 יאָר אונ 118 פאַר 10 כאַדאָשימ פונעמ 1932 יאָר. ביזנ סאָפ 1932 יאָר דאַרפנ מיר לויטנ (שוינ אַ פאַרקירצטנ פּלאַנ) אַרויסגעבנ 160 נעמענ פונ ביכער, 858 דרוקבויגנס.

מע דאַרף דערבײַ אָפּמערקן, אַז אינעם 1932 יאָר האָבן מיר אַ באַדײַטנדיקן דורכרײַס אָפּן געביט פון פאַרלאַג־אַרבעט, וואָס עס דערקלערט זיך פריִער פון אַלץ מיט די שוואַכע טעמפּן פונעם פאַרלאַג גופא, וואָס האָט אין מאַרט־אַפּרעל ניט געגעבן דער דרוקערײַ די נײטיקע צאָל ביכער צו דער אַרבעט, ווי אויך מיט דער פּאָליגראַפישער באַזע, וואָס קאָן נאָך אין איר איצטיקן צושטאַנד ניט אויספילן די נײטיקע אַרבעט.

און דעריבער ווערן אָנגענומען אַ רײ מיטלען אָפּ פאַרברײטערן די פּאָליגראַפישע באַזע, פאַרשטאַרקן זי מיט קאַדרען זעצער־אַרבעטער, אויפלעבן די אַרבעט פונעם פאַרלאַג גופא, קעדײ אויספילן דעם פאַרגרעסערטן פּלאַן אָפּן נאָענטן 1933 יאָר.

אָפּן 1933 יאָר איז אָנגעמערקט אַרויסגעבן יידישע ליטעראַטור: 330 נעמען פון ביכער, 1020 דרוקבויגנס, אין אַ טיראַזש פון 1.530.000 עקז. ביכער אָפּ 5 מיליאָן פּאַפּיר־בויגנס.

פאַרשטײט זיך, אַז אַזאַ פאַרגרעסערטער פּלאַן פון פאַרלאַג־אַרבעט פאָדערט נײַע טעמפּן פון אַרבעט, פאָדערט איבערבויען די אַרבעט פונעם פאַרלאַג, זיך ניט פאַרלאָזן אָפּ זעלבסט־פלוס, פאַנאַנדערוויקלען אַן אַרבעט מיט די אויטער־קאַדרען, זײַן אַן אָרגאַניזאַטאָר אָפּ דעם געביט. דאָס פאָדערט אויך פאַרשטאַרקן די פּאָליגראַפישע באַזע, צוגרײטן נײַע קאַדרען זעצער־אַרבעטער א. א. וו.

## באַזאָרגן די סאָוושול מיט אידעאָלאָגיש־אויסגעהאַלטענע לערנביכער

דאָס אײַנפירן די אַלגעמײנע אָבליגאַטאָרישע בילדונג אָפּ דער באַזע פון אַ זיבניאָריקער שול, דאָס דערקלערן סאָוועטן־ווײַסרוסלאַנד צום XV יאָרטאָג פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע אַלס אַ לאַנד פון דורכויסיקער איווערדיקײַט, שטעלט אויפן פאַרן פאַרלאַג ביכלאַל, דאָסזעלבע פאַר זײַן יידישער סעקציע, קאָלאָסאַלע אויפגאַבעס—געבן דער פּאָליטעכנישער שול צודערצײַט אַן אידעאָלאָגיש־אויסגעהאַלטענעם לערנבוך, אַ גאַנצע סעריע הילפּביכער איז אַן אויסערגעווײנטלעך־וויכטיקע אויפגאַבע.

ביז הײַנט האָבן מיר יאָר־נאָכ־יאָר דראָענדיקע דורכרײַסן אָפּ דעם געביט. ס'איז שוין נאָיאַבער כוידעש און נאָך ביז הײַנט האָט אונדזער יידשול ניט באַקומען די נײטיקע לערנביכער. ביז הײַנט זײַנען דערשינען 14 לערנביכער, פון וועלכע בלויז 10 זײַנען פאַר דער זיבניאָריקער שול. אין משך פון נאָיאַבער וועלן מיר האָבן 3 לערנביכער, אין משך פון דעקאַבער — נאָך 5 לערנביכער. אין אַלגעמײן וועט אונדזער שול הײַיאָר ניט האָבן די נײטיקע לערנביכער.

וואָס זײַנען די סיבעס פון דעמדאָזיקן דורכרײַס? אין דער ערשטער רײ דאָס, וואָס ביז איצט פלעגט די אַרבעט אָפּ אַרויסגעבן לערנביכער געפירט ווערן סעזאָנווײַז און ניט אַ קײַלעכדיקן יאָר, וואָס צו שפּעט איז דורכגעפירט געוואָרן די קאַמפּאַניע אָפּ שליסן אָפּמאַכן מיט די אויטערן, וואָס די פלענער פון אַרויסגעבן לערנביכער פלעגן ניט דערפירט ווערן צו דער מאַסע שול־טוער, וואָס נאָך ביז הײַנט האָבן מיר אַ ניטגענוגנדיקן קאַדער לערער־אויטערן פון לערנביכער. אָן ספק, אַז דערצו האָט געשטערט אין אַ גאָר באַדײַטנדיקער מאָס די שוואַכע טעמפּן פון דער דרוקערײַ, די אָפּוועזנהײַט פון דער נײטיקער צאָל אויטער־קאַדרען.

די אויספירן זײַנען קלאָרע. לערנביכער מוזן געגרײט און אַרויסגעגעבן ווערן אין משך פון אַ קײַלעכדיקן יאָר, מע קאָן שוין שטעלן די פראַגע וועגן אַרויסגעבן

אײניקע לערנביכער אפ צוויי יאָר. מע דארפ אָנעמענ מיטלענ, אז ניט שפּעטער פונ יאַנוואר זאָל שוינ די דרוקערײַ זײַנ אָנגעלאָדנ מיט דער ארבעט פונ די לערנביכער אפנ 1933־34 לערניאָר.

מע מוז סאָפּקאָלסאָפּ אײַנשטעלנ א קאָנטאקט, דעריידנ זיכ מיט די איבעריקע פארלאגנ, וואָס גיבנ ארויס ביכער אינ ייִדיש, וועגנ א צוזאמענארבעט אפ דעמ געביט. לויט דעמ דערווײַליקנ פּלאנ וועלנ מיר אפנ 1933־34 לערניאָר דארפנ ארויסגעבנ 19 לערנביכער פארנ I קאָנצענטער, 9 ביכער פארנ II קאָנצענטער אונ אײניקע לערנביכער פארנ III קאָנצענטער פונ שול, פאר ארבפאקנ, טעכניקומס.

א דערגרייכונג איז אָנ שומ ספּק די ביבליאָטעקל „ליטעראטור פאר דער שול", וואָס מיר האָבנ אָנגעהייבנ ארויסצוגעבנ. אויסער די 9 דערשינענע הילפביכער פונ אָט דער סעריע, גרייטנ מיר צומ דרוק: בערגעלסאָנ אינ שול, פּערעצ אינ שול, ווײַסנבערג אינ שול אונ א גאנצע ריי אנדערע הילפביכער, ווי פּאָעזיע פונ די אמעריקאנישע ייִדישע רעוואָלוציאָנערע דיכטער, בירעבידזשאנ פאר דער שול, א ריי ווערק פונ רעוואָלוציאָנערע שרײַבער פונ אויסלאנד, אײניקע קלאסישע ווערק (שעקספּיר א. אנד).

עס ווערנ ארויסגעגעבנ, ווײַט ניט אינ א גענוגנדיקער מאָס, קינדער־ליטעראטור אונ ביז גאָר ווייניק פאר קינדער פונעמ פּאָרשול־עלטער. אָט דערדאָזיקער געביט פּאָדערט די מאקסימאלע פארשטארקונג אונ פארברייטערונג.

## א וווּקס פונ דער קינסטלערישער ייִדישער ליטעראטור

דער אויסגעוואקסענער קולטור־ניוואָ פונ די מאסנ ארבעטער אונ ארבעטנדיקע פונ סאָוועטנפארבאנד פּאָדערט פארשטארקנ דאָס ארויסגעבנ קינסטלערישע ליטעראטור (סײַ אָריגינעלע, סײַ איבערזעצונגענ פונ רוסיש, ווײַסרוסיש). אפ דעמ געביט האָט דער מעלוכע־פארלאג פארנ 1932 יאָר אָפּגעטאָנ א באדײַטנדיקע ארבעט. פאר די ערשטע 10 כאדאָשימ פונעמ 1932 י. האָבנ מיר ארויסגעגעבנ קינסטלערישע ייִדישע אָריגינעלע ליטעראטור 19 ביכער אפ 78 דרוקבויגנ מיט אנ אלגעמײנעמ טיראזש פונ 46 טויזנט עקזעמפּליארנ, פונ רוסיש—2 ביכער, פונ ווײַסרוסיש—5 ביכער, פונ פּויליש—1, פונ דײַטש—2. בעסאכאקל 29 ביכער.

מיר האָבנ אויכ ארויסגעגעבנ אײניקע זאמלונגענ פונ די ארבעטער־שלאָגלער אינ דער ליטעראטור, אונ מערקנ אָנ אפ ווײַטער פּאָרזעצנ די ארבעט אינ דערדאָזיקער ריכטונג. מיר האָבנ ארויסגעגעבנ א ליטעראריש־קינסטלערישנ זאמלבוכ „רויטע ארמיי" א.א.וו. אפנ 1933 יאָר מערקנ מיר אָנ א פארגרעסערטנ פארלעגערישנ פּלאנ פונ קינסטלערישער ליטעראטור, ווי אגעוו, גייט אויכ ארײַנ א ריי איבערזעצונגענ פונ דער קלאסישער ליטעראטור „יולי צעזאר", „האמלעט"—שעקספּיר, „שווארצ אונ ווײַס"—סטענדאל א. אנד.).

דער מעלוכע־פארלאג (ייִדסעקציע) האָט געשלאָסנ א ריי אָפּמאכנ אפ פּיעסנ, לידער, פּאָעמעס, דערציילונגענ, אָטשערקנ א.א.וו. אָט דאָס גיט א גאראנטיע, אז מיר וועלנ אפ איבעראיאָר באדײַטנדיק פארגרעסערנ דאָס ארויסגעבנ קינסטלערישע ליטעראטור. מיר מערקנ אויכ אָנ ארויסגעבנ א ריי ביכער פונ ליטערארישער קריטיק, ווי דונעצ — „פּאר מאנגיטבויענ", בראָנשטיינ—א מאָנאָגראפיע וועגנ דער ווײַסרוסישער פּאָעזיע, א ריי מאָנאָגראפיעס וועגנ ייִדישע אונ ווײַסרוסישע סאָוועטישע שרײַבער.

מיר פארברייטערנ אויכ די איבערזעצונגענ פונ ווײַסרוסיש אונ די ווערק פונ די פּראָלעטארישע רעוואָלוציאָנערע שרײַבער אינ אויסלאנד (דײַטשלאנד, פּוילנ א. א. וו.).

## מערער מאַסאָווע ליטעראַטור

שוין אינעם 1932 יאָר איז באַדײַטנדיק אויסגעוואַקסן דאָס אויסגעבן פּאָליטמאַסאָווע ליטעראַטור: בראָשורן צוהילפ די פּאָליטיש-ווירטשאַפטלעכע אויפגאַבן פון דער פּאַרטיי און סאָוועטנמאַכט, לאַנדווירטשאַפטלעכע ליטעראַטור, איבער פראַגן פון דער צווישנפעלקערלעכער אַרבעטער-באַוועגונג. מיר האָבן ביז הײַנט (זאַר גענויע 3 קוו. פון 1932 י.) אויסגעגעבן: פּאַרטיי-ליטעראַטור—16 נעמען, צווישנפעלקערלעכע אַרבעטער-באַוועגונג—10, ווירטשאַפטלעכ-פּאָליטישע קאַמפּאַניעס—8, לאַנדווירטשאַפטלעכע—16, מיליטערישע—4, אַנדערע—12. בעסאַכאַקל 66 נעמען.

אָבער עס איז קלאָר, אַז נאָכ ביז הײַנט האָבן מיר זיכ ניט אָפּגערופן אַפ אַלע ווירטשאַפטלעכ-פּאָליטישע קאַמפּאַניעס, ווי וועגן רעוואָליוציאָנערער געזעצלעכקײַט, הײליקײַט פונעם סאָציאַליסטישן אייגנטום א.א.וו.

מיר האָבן אויכ אַ געוויסן דורכרײַס אַפן געביט פון אויסגעבן מאַרקסיסטיש-לעניניש ליטעראַטור. ביז הײַנט האָבן מיר זייער ווייניק אויפגעטאָן אַפ דעמדאָזיקן געביט. איצט גרייטן מיר צום דרוק: לענין—וועגן „בונד" און נאַציפראַגע, לענין—וועגן ליטעראַטור, לענין—מאַרקס, ענגעלס, מאַרקסיזם, פ. ענגעלס—די ראָל פון אַרבעט אין פאַרמענטשלעכן די מאַלפּע, מאַרקס—די קריטיק פון דער גאָטישער פּראָגראַם, אייניקע סטאַלינס ביכער א. א. וו.

מיר גרייטן אויכ אַ כרעסטאָמאַטיע וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע אין 2 טיילן (לויט לענינען, סטאַלינען און פּאַרטיי-באַשטימונגען), אייניקע לערנביכער פאַר דער פּאַרטיי-קאָמיוגישער בילדונג.

מיר נעמען אָן מיטלען אַפ צו פאַרשטאַרקן דאָס אויסגעבן מיליטער-ליטעראַטור, ווײַל אין דער הינזיכט באַפרידיקן מיר ווײַט ניט די נאָכפראַגן, דאָסזעלבע אַ ריי אַנדערע ביכער, ווי אַנטירעליגיעזע, געווערד-ליטעראַטור א. א. וו.

מאַקסימום אויפמערקזאַמקײַט דאַרפ מען שענקען דעם ביכער-האַנדל, דאָס רעקלאַמירן דעם בוכ, ווײַל ביז הײַנט האָבן מיר אין דער הינזיכט אַ שוואַכן אָרט.

## אויספילן די באַשלוסן פון יול-פּלענום

דער פאַרייניקטער מאַרט-פּלענום פון צ.ק. און צ.ק.ק. ק.פּ.(ב)וו. האָט אָפּגעמערקט אין זײַן רעזאָליוציע, אַז נאָכ ביז הײַנט ווערן „ניט באַפרידיקנדיק אויסגעפילט די באַשטימונגען פונעם צ.ק. אַל.ק.פּ.(ב). און צ.ק. ק.פּ.(ב)וו. איבער די פראַגן פון פאַרלאַג-אַרבעט. ניט געקוקט אַפן שנעלן וווּקס פון דער ביכער-פּראָדוקציע סײַ אַפ דער ווײַסרוסישער שפּראַכ, סײַ אַפ די שפּראַכן פון די נאַציאָנאַלע מינדערהײַטן, האַלט דער פּלענום פון צ. ק. און צ.ק.ק. קפּ(ב)וו., אַז דידאָזיקע פּראָדוקציע באַפרידיקט נאָכ לאַכלוטן ניט דעם אויסגעוואַקסענעם נאָכפרעג, וואָס איז פאַראַן מיצאַד די אַרבעטנדיקע מאַסן. די קוואַליטעט פונעם בוכ פאַרבלײַבט נאָכ אַלץ אַ נידעריקע".

דידאָזיקע דירעקטיוון פונעם מאַרט-פּלענום האָבן פאַרן מעלוכע-פאַרלאַג פון ווײַסרוסלאַנד אַוועקגעשטעלט קאָלאָסאַלע אויפגאַבעס. זיי האָבן פאַרשאַרפט די פראַגע וועגן פאַרגרעסערן די צאָל אויסגעגעבענע ביכער און באַזונדערס גרינטלעכ פאַרבעסערן די קוואַליטעט פון דער בוכ-פּראָדוקציע.

מע דארף זאָגן, אז נאָך ביז הײַנט זײַנען דידאָזיקע פארטיי־דירעקטיוון ניט אויסגעפילט געוואָרן. פאר די ערשטע דרײַ קווארטאלן פונעם 1932 יאָר איז דער יאָר־פלאן איבערן גאנצן פארלאג אויסגעפילט געוואָרן אפ 50 פראָצענט. עס זײַנען, עמעס, פאראן שוין געוויסע דערגרייכונגען אין דער טעמאטיק פון דער ביכער־פראָדוקציע, די טעמאטיק ווערט קעסיידער פארברייטערט, הייבט אלץ ווײַטער אָן ארומצוכאפן מער פארשיידנארטיקע טעמעס פון דער סאָצבויונג. אָבער דערבײַ פארבלײַבט נאָך ביז איצט די קוואליטעט פונעם בוך א נידעריקע, א ניטבאפרידיקנדיקע.

אפן געביט פון פארלאג־ארבעט האָט דער פלענום אוועקגעשטעלט אלס צענטראלע אויפגאבע: „באדײַטנדיק פארבעסערן די קוואליטעט פון דער פארלאג־ארבעט און פאָדערט מער פאָליטישע וואכזאמקײַט צום אינהאלט פון די ארויסגעגעבענע ביכער, פארברייטערן דאָס ארויסגעבן פאָליטיש־אויסגעהאלטענע ליטעראטור פאר די נאציאָנאלע מינדערהײַטן, וואָס עס פאָדערט פונעם פארלאג צוקלײַבן אידעאָלאָגיש־אויסגעהאלטענע אויטער־קאדרען“.

אזויארום שטייט די אויפגאבע פארן גאנצן מ.פ.וו., ווי פאר דער ייִדסעקציע, אין טעשעך פון דער נאָענטסטער צײַט אָנעמען מיטלען אפ באדײַטנדיק פארגרעסערן דעם ארויסלאָז פון ביכער, קעדיי באפרידיקן די אויסגעוואקסענע קולטורעלע באדארפעגישן פון די ארבעטער און ארבעטנדיקע מאסן, קעדיי פולקום באפרידיקן דעם נאָכפרעג אפן בוך.

כ. דונעץ

# אפן שוועל פון 16־טן אָקטיאבער־יאָר.

(נאָטיצן וועגן דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור).

1

„פון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, פון דער אימפּעריאַליסטישער וועלט האָט די
ערשטע באָלשעוויסטישע רעוואָליוציע ארויסגעריסן די ערשטע הונדערט
מיליאָן מענטשן אפ דער וועלט" (לענין). דידאָזיקע ערשטע הונדערט מיליאָן האָבן גע־
נומען מיט די אייגענע הענט בויען א נייַע סאָציאַליסטישע עקאָנאָמיק און קולטור. פאר
דידאָזיקע הונדערט מיליאָן זיינען אין אָקטיאבער 1917 אָפּגעעפנט געוואָרן אלע שעפערי־
שע מעגלעכקייטן. „די סאָוועטישע אָרדענונג איז דער מאקסימום דעמאָקראַטיזם פאר די
ארבעטער און פויערים און גלייכצייטיק באדייט ער אן אייַנרייס מיטן בורזשואזן
דעמאָקראַטיזם און די אנטשטייונג פון א נייעם, אלוועלטלעך־היסטאָרישן טיפּ פון דעמאָ־
קראַט־יע: סאקע פראָלעטארישער דעמאָקראַטיזם. אָדער די דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט"
(לענין).

אין די שלאכטן פאר אָקטיאבער איז געבוירן געוואָרן אָט די נייַע פּראָלעטארישע דע־
מאָקראַטיע, וואָס האָט, באקעמפנדיק דעם בורזשואזן „דעמאָקראַטיזם", אָרגאניזירט די שעפע־
רישע קויכעס פון די ארבעטער און ארבעטנדיקע אין אלע געביטן פון מאטעריעלער און
גייסטיקער קולטור. דידאָזיקע שעפערישקייט איז אונטער דער אָנפירונג פון דער לענינישער
פארטיי אויך רעאליזירט געוואָרן אפן געביט פון ליטעראַטור און קונסט.

די קאנאָנען האָבן נאָך געדונערט און דאָס ליד פון ארבעטער־קלאס האָט שוין הייך
געקלונגען אינעם אלגעמיינעם כאָר פון די באפרייטע שטימען. אין אָקטיאבער 1917 י. איז
נאציאָנאליזירט געוואָרן דער גאנצער קלאפּער־געצייג פון דער „זעקסטער מעדינע". די
פּרעסע, דער געדרוקטער וואָרט, איז אין זיין מאטעריעלן אויסדרוק און אין זיין גאנצן
גראנדיעזן פארמעגן אריבערגעגאנגען אין רעשוס פון ארבעטער־קלאס. דאָס הייסט ניט
אז פון דער ערשטער מינוט אָן איז אָט דער פארמעגן אויסשעפּנדיק געוואָרן אויסגענוצט
פון דעם פּראָלעטאריאט. דאָס הייסט אָבער, אז די שעפערישע קרעפטן פונעם ארבעטער־
קלאס אפ דעם געביט האָבן באקומען די באזע און דעם פּאָרצוג, וואָס איז געווען נייטיק
קעדיי אויך דאָ צוטרעטן פארווירקלעכן די אויפגאבן, וואָס עס האָט ארויסגעשטעלט די
דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט.

עס איז שוין פעסטגעשטעלט, אז ווי אין דער אלגעמיינער, אזוי אין דער יידישע לי־
טעראַטור, איז פון די ערשטע טריט פון אָקטיאבער אויפגעקומען די נייַע סאָוועטישע און
פּראָלעטארישע ליטעראַטור, אין קאמף קעגן דער בורזשואזיע און איר קולטור און קונסט

אינ קיִעוו אונ מינסק, וויטעבסק אונ מאָסקווע—צו יענער צײַט נאָכ ניט אזא קאָמפּאַקטער צענטער פונ ייִדישע מאסנ—אונ אינ א רײ אנדערע שטעט—האָבנ זיכ גענומענ אויספורעמענ ייִדישע ליטעראַרישע קרעפטנ פונ נײַעמ אָקטיאבערשנ דאָר. א געוויסער טײל פונ די אלטע שרײַבער זײַנענ דאנ געלאָפנ קײנ אויסלאנד, אָדער זײַנענ געזעסנ אינ די רעדאקציעס אונ פארלאגנ פונ „בונד", אונ „ס.ס." אונ אנדערע פונ זײער גלײַכנ. דער בעסערע טײל אינטעליגענצ איז אוועק מיט די קאָמוניסטנ, עס איז צוגעקומענ א פּראָלעטארישער נײַער קאדער. אזוי האָט זיכ אָנגעהײבנ אויסבילדנ די נײַע ייִדישע סאָוועטישע ליטעראטור, וואָס האָט אלס יעסאָד פונ איר שעפערישער באגײַסטערונג געשטעלט דעמ גורל פונ דער ארבעטער־רעוואָליוציע.

איצט איז שוינ דאָס אויבנגעזאָגטע דערוויזנ געוואָרנ אפ פאקטישנ מאטעריִאל פונ דער ייִדישער ליטעראטור־באוועגונג אינ סאָוועטנפארבאנד (זע י. בראָנשטײנס אונ ב. אָרשאנסקיס ארבעטנ).

מיט וואָס האָט זיכ אויסגעצײכנט דער ערשטער פעריִאָד פונ בירגערקריג אינ דער ייִדישער ליטעראטור? דערמיט, וואָס עס איז שוינ דעמלט אויפגעשטאנענ דער פּראָלעטארישער, רעוואָליוציִאָנערער שרײַבער — דער אנטיפּאָד פונ דער בורזשואזער אונ מענשעוויסטישער ביאליק־אײנהאָרנ־ליטעראטור, דערמיט, וואָס עס איז באגײַסטערט באזונגענ געוואָרנ די אָקטיאבער־איבערקערעניש. דעמלט קומט אָשער שווארצמאנ באזינגענ די „שורעס מוירדימ מיט ביקס אינ האנט מיט ווארעמ בלוט אינ הארצנ, פונ הײַזער אָרעמע, פונ שטיקנדע ווארשטאטנ"... די אָקטיאבער־איבערקערעניש האָט געשטורעמט די אלטע קונסט אונ ארויסגערופנ רעוואָליוציִאָנערנ דראנג בא די מער־ראדיקאלע פונ די פארעסטעטיזירטע דיכטער. „מיר צעקריגטע שוינ מיט טאטעס, מיר פארברענענ אלטע שמאטעס", אונ דער אויספיר דערפונ—„איכ דארפ זײַנ אונ דארפ געהערנ צו דעמ שטורעמ פונ צעשטערנ, צו די האמערנ די פולע אפ צו בויענ נײַע" (קוויטקאָ).

אזוי האָט געריסנ מיטנ נעכטנ דער לינקער אינטעליגענט. די קלײנבירגערלעכע עלעמענטנ פונעמ דעקלאַסירטנ שיכט, אָפּגעריסנ פונ א גענוג קלאָרער פּערספּעקטיוו, נאָר מיטגעצויגנ מיט דער רעוואָליוציע, האָבנ אָנגענומענ דעמ הײַנט ווי אנ אָפּלײקענונג פונ דעמ נעכטנ אונ פונעמ מאָרגנ, ווי א מינ עפּיקורײִשנ מאניפעסט: „איכ זאגנ זיכ מיט דיר פארגײענדיקע צײַט... אונ דו ווער ביסט, מײַנ צוקונפט... כ'בינ דײַנער, „נישטיקער אצינד", בלינדו!" (מארקיש „שוועלנ"). עס קומענ דאנ צומ אויסדרוק די טענער פונ די וואקלונגענ צו דער ארבעטער־רעוואָליוציע אינ דער קלײנבירגערלעכער האָרעפּאשנער באפעלקערונג—די מעמושטעטע מאסנ־בילדער פונ קולבאקס „שטאָט", וואָס בא זײער נעפלהאפטקײט אונ שרעק פאר שטאָט, הילכנ זײ דאָכ אָפּ מיט עכאָס פונ פּראָלעטאריאטס רעוואָליוציִאָנערנ דראנג.

באזונדערס כאראקטעריסטיש איז ווי געזאָגט, דאָס, וואָס שוינ אָט דער ערשטער פעריִאָד עפנט אָפּ די קוואלנ פונ אקטיווע שאפנ בא די פּראָלעטארישע גילדינס אונ אבארבאנעלס, עס הײבנ זיכ אָנ דרוקנ די שרײַבער, וואָס טרעטנ ארויס מיט זײערע ווערק אינ דער „קאָמוניסטישער וועלט".

די „פארשפעטיקונג"־טעאָריע איז, דאנ געפרײדיקט געוואָרנ אינ די „אײגנס"־שולכלעכ. אנדערע קינסטלער, געקומענע פונ דער בורזשואזיע אונ דורכ איר באַײַנפלוסטע, שטײענדיק אפנ שוועל פונ א נײַער רעוואָליוציִאָנערער קולטור, האָבנ זיכ גענײגט צו דערדאָזיקער טעאָריע פונ פארשפעטיקונג: די קונסט, האָבנ זײ געפרווט אײַנרײדנ, קענ ניט נאָכלויפנ דעמ האסטיקנ לעבנ, ביפראט דעמ לעבנ פונ דער רעוואָליוציע; זי, די קונסט, דארפ

קומען, זי וועט אויסמאָלן מיט בוילעטקײַט די לעבעדיקע מענטשן און זאכן דאן, ווען עס וועט זיך אײַנ אָפּזעצן און קלאָר ווערן. די נעפּלדיקײַט פון די געשעעענישן און זאכן וועלכע איז געווען אין די אויגן פון אָט די קינסטלער, האָט מען געוואָלט פארוואנדלען אין א געזעצ, אין א נאטור־זאכ פארן פּראָלעטאריאט, פארן נײַעם רעוואָליוציאָנערן קינסטלער... אזוי האָט מען געוואָלט באשאפן א אידייִשע באזע פאר אן אינעווייניקסטן קאָבלענצ.

אין אָט דעם ערשטן פעריאָד, פירט שוין א קאמפּ: די נײַע רעוואָליוציאָנערע ליריק געבויט אפ די טראדיציעס פון ווינטשעווסקי—עדלשטאט—באָושאָווער—און אפ די אײַנפלוסן פון דער נײַער רוסישער רעוואָליוציאָנערער ליטעראטור (פּראָלעטקולטישע שרײַבער, מאיא־קאָווסקען א. אנד.)—אָט דאָס רעוואָליוציאָנער־נײַע פירט א קאמפּ מיט דער אינטים־היימישער, „אלט־ייִדישער", אָפּגעשלאָסענער, „גייעריש"־מיסטישער, פאָרמאליסטיש־געקינצלטער ליטעראטור־דיכטונג. די יונגע נײַע פּראָלעטארישע ליטעראטור זוכט דעם וועג צו אײַנשליסן די דיכטונג אין דער רעוואָליוציע, זי פארנעמט זיך מיט רעאבעליטירן און קולטיווירן דאָס רעוואָליוציאָנערע אין דער פאר־אָקטיאברישער ליטעראטור, זי דעמאָנסטרירט מיט אויסנאבעס פון באָושאָווער, זי גרייט זיך צו שלאכטן. ניט געקוקט אפ פּראָלעטקולטישע „קראנקײַטן פון קינדהײַט" ווײַזט זי שוין ארויט א גרויסע פּאָטענציעלע קראפט, באקומט זי שוין א ברייטן רעזאָנאנס אין די מאסן. שפּעטער אביסל, שוין ערעוו נעפּ, קומען אופ די „כוואַליעס", עס קומט דער אָנזאָג פון צעוויקלטן קאמפּ פאר א מאסן־ליטעראטור...

דער פעריאָד פון בירגערקריג האָט געגעבן ערנסטע לעקציעס. פּראָנט־שלאכטן, צוזאמענשטויסן מיט ווײַסע באנדעס, פּאָגראָמען—אין אָט דעם פײַער זײַנען אויסגעפּרוווט געוואָרן די נײַע קאָמוניסטישע אידייען. ווער עס האָט זיך א וואקל געטאָן אונטערן דראנג פון די געשעענישן צום נאציאָנאליזם, צו בורזשואז־דעמאָקראטישע אילוזיעס, צו בענקעניש נאָכ רײַכער זאטקײַט... אָבער די נײַע קאדרען זײַנען שוין געגאנגען בארג־ארויפ צו באגרײַפן די מעכטיקײַט פון דער רעוואָליוציע, צו אײַנשליסן זיך אין איר און נעמען באזינגען איר גרויסע קראפט:

חיי ראסייע, קייסיקע און מיסטיקע,
ס'האָבן ניט פארשארט דיכ
וועלט־פארשטריבטע בעזימער.
ניט פארשארט דיכ, נאָר די הארטע ריטעלעכ
אויסגעריבן אין צעזייט אפ דיר בייזווילנריק...
ניט דיכ בײַקומען, ניט פארטיליקט דיכ".

(קושנעראָוו)

דאָס ליד פון שטאָלצער רעוואָליוציאָנערער דערהייבנקײַט איז אויסגעוואקסן אפ דעם הייוונ פון אקטיווער באהעפטונג צו די אָקטיאבער־שלאכטן.

2.

פון אונטערן קויט און שמוצ איז אופגעקומען א נײַ לאנד, אן אָפּגעשווענקטע אין די פרישע וואסערן פונעם אָקטיאבער־שטראָם, געקרייצט אין די הייסע שלאכטן, געהייליקט אין די בלוטן פון די בעסטע זין. עס האָט זיך געענדיקט דער פאס בירגער־מילכאָמעס...

עס איז אונטערגעפירט געוואָרנ א סאכאקל פונ גרויסע קאמפנ. אויכ די ליטעראטור האָט גענומענ מאכנ סאכאקלענ.

די יידישע ליטעראטור ווײַזט ארויס א גרויסע נײגונג צו באזיניקנ דעם בירגערקריג־פעריאָד. די ערשטע יאָרנ פונ אופשטעלונג־פעריאָד גיבנ א גרויסע בירגערקריג־ליטעראטור. איבערנ גאנצנ פראָנט גײט אנ אנאליז פונ דעם דורכגעמאכטנ קאמפ.

דער נעפ, וואָס איז פונ דער פארטײ דערקלערט געוואָרנ ווי א גענעראלער וועג צום אויסבויענ דעם סאָציאליזם, האָט געבילדעט די באזע פארנ ווײַטערדיקנ וווקס פונ דער נײַער כאָוועטישער ליטעראטור אונ קונסט, אינ דעמ — פונ דער נאציאָנאלער, וואָס איז לויט איר אינהאלט סאָציאליסטיש. דאָס לאנד, וואָס איז געווענ כאָרעוו, איז צוגעטראָטנ פארהײלנ די ווונדנ. די יידישע ארבעטער אונ ארבעטנדיקע מאסנ, די יידישע ארבעטנדיקע קלײנבירגערלעכע שיכטנ, האָבנ איצט, נאָכ די צײַטנ פונ רוינירנדיקער צארישער פאָליטיק, אימפעריאליסטישער מילכאָמע אונ ווײַסגווארדײישער פאָגראָמענ־קײט, צוגעטראָטנ האנט בא האנט מיטנ גאנצנ ארבעטער־קלאס אופשטעלנ די עקאָנאָמיק. דער גרעסטער טײל פונ די אלטע אונ „אײגנס“־שרײַבער, וועלכע האָט זיכ געהאָרעוועט אפ ציאָניסטיש־בונדישע אידעאלנ, איז אָדער געווענ קעגנעריש, אָדער האָט ניט באמערקט דעמראָויקנ גאנג פאָרויס, זי איז געווענ געשטימט שאָוויניסטיש־באגרענעצט, פעסימיסטיש דערשלאָגנ. דידאָזיקע שרײַבער האָבנ ניט געזענ די פארפעסטיקטע פאָזיציעס פונ פראָלעטארישער דיקטאטור, זײערע אויגנ זײַנענ געווענ געווענדעט צו די פאָגראָם־בײסאלמענס. יענע, ווידער, פונ דער לינק־ראדיקאלער אינטעליגענצ, וואָס האָבנ ניט געקענט זיכ אײַנפאסנ אינ די פרידלעכע ראמענ פונ דער נעפ־„פערעדישקע“, האָט דער נײַער עטאפ ביכלאל אויסגעזענ ווי א גראָער, עפעקטלאָזער, פארנעפלטער, אומעטיקער וועג.

פעסימיזמ, בענקעניש נאָכ יארדנ־וואסער, יעסעניאַדע — דאָס אלצ האָט א דריק געטאָנ אפ דעמ בורזשואזנ אונ ניט שטאנדהאפטיקנ קלײנבירגערלעכ — באײַנפלוסטנ טײל יידישע סאָוועטישע שרײַבער. עס האָבנ „געשקראָבעט מײַזעלעכ“, דער נאציאָנאליזמ האָט אָנגעהײבנ שארפ ארויסשטעלנ זײַנע אויערנ. מע האָט אינ דידאָזיקע קרײַזנ אָנגעהײבנ אקטיווער קולטיווירנ טאלעסקאָטנדיקע קונסט. אלס פאָזיציע פאר אָט די קלײנבירגערלעכע אונ בורזשואזע ארויסווײַזונגענ האָט געדינט דער זשורנאל „שטראָם“. געזאנגענ צום יידישנ „שטאמ“, לידער פונ „גלײַכגילט“, „אזקאָרע“־געיאָמער, ניסטערישע פארמיסטיצירטע סימבאָלישע שטאמלערײַ — דאָס איז געווענ דער גרונט־סטיל פונ „שטראָם“.

ווי ווערט דעמלט אפנ ערשטנ עטאפ פונ נעפ, בײַסנ אופשטעלונג־פעריאָד, אָפגעשאצט דער בירגערקריג אונ ביכלאל די רעוואָליוציע? די אָפשאצונג איז גאָר א פארשײדענע אינ די באזונדערע קלאסנ־פלאנגענ פונ דער ליטעראטור. פונ רעכטס פרווט מענ זיכ פארמיסטיצירנ די רעוואָליוציע, באשאפנ א טומאנ, אויסוועבנ אפ דער קאנווע פונ רעוואָליוציע די גאנצע געשטאלטנ־רײ פונ די „גײערס“, „נעוויִמ“, „שײדימ“. די בורזשואז־געפענטעטע שרײַבער באהאלטנ זיכ „אונטערנ קאָלדרע“ אונ ווילנ איבערווארטנ דעמ שטורעמ. אָבער גלײַכצײַטיק קומט מיט באגײַסטערטע באהעפטונג־טענער באזינגענ דעמ פעריאָד פונ בירגערקריג אונ ביכלאל די אָקטיאבער־איבערקערעניש דער נײַער רעוואָליוציאָנערער, פראָלעטארישער אונ קאָמוניסטישער שרײַבער, דער, פאר וועלכנ די אָקטיאבער־רעוואָליוציע איז ניט קײנ איניעג פאר טרויעריקע נאציאָנאליסטישע טראכטעניש אונ נעווײַשע מיסטיפיקאציעס, דער, פאר וועלכנ די אָקטיאבער־רעוואָליוציע איז ניטבלויז

א ראדיקאַל־לינקע באשטעטיקונג פונ אייגענער איכ־עקזיסטענצ („הײַנט בינ איכ אויכ א שטיקל קלינגענדיקער קופער״—האָפשטיינ), נאָר א באפרײַערישע באוועגונג פונ גרויסע מאסנ — פונ דעמ ארבעטער־קלאס אונ זײַנע האָרעפאשנע פארבינדעטע, וואָס קומענ צו דער מאכט.

די אלטע בורזשואזע אונ קלײַנבירגערלעכע שרײַבער, האָבנ דורכ דער פריזמע פונ זייער אלטער וועלט־אָנשויונג, אָדער פונ זייער אייגענעמ איכ געפרווט באטראכטנ דעמ בירגערקריג. האָבנ זיכ באקומענ שעדלעכע, אָדער פארקריפלטע אונ אינ בעסטנ פאל ריינ־ראציאָנאליסטישע, אבסטראקטע, אויסגעדענקטע, דעקלאראטיווע מאניפעסטנ, אָנ הויט אונ פלייש. בא די נ ײַ ע שרײַבער האָט די באזיניקונג פונ רעוואָליוציע באקומענ א קאָנקרעטנ אויסזענ. אונ סײַ די טעמאטיק פונ בירגערקריג, וואָס האָט מיט אזא קראפט זיכ ארויס־געוויזנ שוינ אינ אופשטעלונג־פעריאָד, אזוי די טעמאטיק פונ דעמ אקטועלנ טאָג — פונ דער אויפבויונג־ארבעט אינ לאנד, האָט באקומענ דעמ שארפנ שטעמפל פונ דער רעאלער קאָנקרעטקײַט, צוזאמענ מיט אָנסאָפעקדיקער אונ אומגעוואקלטער באהעפטקײַט צו דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. ווענ די אלטע שרײַבער האָבנ אפ יענעמ עטאפ זיכ מיסיאכער געוועגנ צו אויסקינצלענ זייערע נעפײַשע פיגורנ, ווענ די קלײַנבירגערלעכ־צערייצטע גרופנ האָבנ זיכ באטראכט ווי היימלאָזע אינעמ לאנד פונ רעוואָליוציע, ווענ אנדערע פונ זיי האָבנ אינ דער רעוואָליוציע דערזענ בלויז ייִדישע פאָגראָמענ, ווענ אייניקע זייערע האָבנ פאָרגעזעצט די וועלט באטראכטנ דורכ די ברילנ פונ זייער אייגענעמ איכ, ווענ די מיטלויפערישע גרופנ האָבנ נאָכ געמאכט געוויסע וואקלדיקע שריט צו באגרײַפנ די רעוואָליוציע, זעענדיק זי דורכנ נעפל פונ געיארשנטע קלײַנבירגערלעכע אילוזיעס, — האָט די נײַע פראָלעטארישע ליטעראטור צופראלט די טירנ פאר דער נײַער לעבעדיקער רעוואָליוציאָנערער ווירקלעכקײַט.

אפצעלאָכעס די אָנהענגער פונ דער „פארשפעטיקונג״־טעאָריע אונ די „אינטימע רע־וואָליוציאָנערנ״, אינ קאמפ מיט דעמ אלצ, איז די עכטע רעוואָליוציאָנערע אונ פראָלעטא־רישע ליטעראטור אזוי פארקניפט געוואָרנ מיט דער עפאָכע, אז זי האָט ניט בלויז ליריש באזונגענ רעוואָליוציע סטאמ, נאָר זי האָט די בירגערקריג־עפאָכע גענומענ אלס אידייִש־קינסטלערישנ אָביעקט, באזונגענ קאָנקרעט דידאָזיקע עפאָכע. די ייִדישע רעוואָליוציאָ־נערע שרײַבער האָבנ סײַ אינ לויפ פונ בירגערקריג (אינ א קלענערער מאָס), סײַ נאָכ דעמ, ווי די שטורעמס האָבנ אָפגעשטורעמט (אינ אסאכ א גרעסערער. קרעפטיקערער מאָס), געשענקט פלאמיקע שורעס דעמ בירגערקריג: דאָ זײַנענ ניט צופעליק אינ דער ערשטער ריי ארויס די שרײַבער פונ דער „צווייטער פאלאנגע״, דער „ייִנגערער״ דאָר,—די פאָדערשטע פראָלעטארישע גרופע, וואָס איז אמווייניקסטנ געשטאנענ אונטער דער ווירקונג פונ עסטעטיש־פאָרמאליסטישער שול. עס האָט אינ פײַנ־לירישע דורכגעוואָ־רעמטע שורעס דערציילט דער קאָמוניסט פעפער וועגנ די גראָע שינעלנ, וואָס האָבנ פאר־טיידיקט די רעוואָליוציע. כאריק האָט אונדז אינ די בילדער פונ „מינסקער בלאָטעס״ אופגע־דעקט אינ רעוואָליוציאָנערנ ליכט דעמ פאָרהאנג פונ דער האָרעפאשנער שטוב אונ היינ־טערגאס, וואָס איז אינ בונד מיטנ ארבעטער אוועק פארענדיקנ מיט דער אלטער עקספלו־אטאטארישער וועלט. גאָרינער האָט גענומענ דערציילנ וועגנ דער מילכאָמע אונ בירגערקריג אונ געזוכט א נײַעמ זינ אינ אָט די שרעק־ אונ טויט־בילדער, וואָס קומענ אלס רעזולטאט פונ קאפיטאליסטישער קלאסנ־פאָליטיק, כאָטש דערדאָזיקער זינ איז נאָכ באמ שרײַבער ניט

דורכגעלייכטן געווען מיט באָלשעוויזם—עס איז נאָך אַפּ אים געלעגן אַ שטעמפּל פון הו־מאַניזם—פּאַציפיזם. אַזוי האָבן וועגן בירגערקריג גערעדט די, וואָס האָבן באַגריפן אַז:

„אין טעג אַזוינע יונגע,
אין טעג פון פראָסטן וווּנדער,
אין יעדער שפּאַן אַפּ אונדזער גרויסער ערד —
נאָר מיר, נאָר אונדז, נאָר באָרוועס־גרויע קינדער
דאָס נעכטיקע
צעשיסן איז באַשערט".
(פעפער „יאַטן").

אַזוי ליריש מעכטיק האָט געקלונגען דאָס אַזעסדיק־פרײדיק־דרייסטע ליד פון דעם אָקטיאַבערישן סאַנקיולאָטן־דאָר אין אונדזער ייִדישער סאָוועטישער ליד, ווען זי האָט אין יענעם פּעריאָד באַזונגען די גרויסע העראָישע צײַט פון בירגערקריג; אַזוי האָט זיך אין דיכטערישע קריסטאַלן אויסגעפורעמט דער אָקטיאַבער־ענטוזיאַזם, דער שטאַרקער פּראָלע־טאַרישער מוט, דער געזאַנג פון די „הייסע קאָמסאָמאָלצעס", דער געפיל פון קלאַסן־גערעכטיקייט און רעוואָליוציאָנערן דראַנג פאָרויס.

אין דעם אופשטעלונג־פּעריאָד אַנטוויקלט זיך דער קאַמף פאַר דער פּראָלעטאַרישער שאַפונג פון אונדזער ליטעראַטור און עס ווערט שוין קלאָר דער שפּעריש־קינסטלע־רישער דערפאָלג פון יענער ליניע, וואָס האָט אין איר גרונט אַוועקגעלייגט די שטרע־בונגען פון דעם רעוואָליוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט. עס האַלט אָפּ אַלץ מערער זיגן די ליניע פונעם רעוואָליוציאָנערן אַקטואַליזירטן שאַפן, פונעם אײַנשליסן זיך אין די רייען פון סאָ־ציאַליזם,—קעגן דער „שטראָם"־סימבאָליק, קעגן נאַציאָנאַליסטישער עלעגיע. „דאָס ליד פון מײַן גלײַכגילט" און „אַזקאָרע", „כאַדאָשים און טעג" און „רוסלאַנד", באַהעמע מאָ־טיוון און יעסענישע קלאָגערײַען—קעגן דעם האָט דערפאָלגרײַך אַנטוויקלט זײַן קאַמף יענער שטראָם אין אונדזער ליטעראַטור, וואָס האָט גענומען דאָס קאָנקרעט־רעוואָליוציאָ־נערע אַלס אידיי פון דער שאַפונג, וועלכע האָט געגעבן די ראָמאַנטיק פון בירגערקריג, די היספּײַלעס און דערמוטיקונג פון דער סאָציאַליסטישער בויונג, די שילדערונג פון דער סאָוועטישער נאַצפּאָליטיק, אופרײַסנדיק די רעשטן פון נאַציאָנאַליסטישער שטימונג.

צווישן די ערשטע אין דער קריגערישער פאַלאַנגע זײַנען אינעם פּעריאָד נאָכן בירגערקריג אַרויס די דיכטער פעפער, כאַריק, קושנירעאָוו—זיי האָבן אַ טיפן שטעמפּל אַוועקגעלייגט אַפּ דער ליטעראַטור פון דער עפּאָכע. זיי האָבן אַפּ דיכטערישע וועגן געפירט דעם קאַמף פאַר דער רעוואָליוציאָנערער טעמע, פאַר דער רעוואָליוציאָנערער, אָקטיאַבערישער עמאָ־ציאָנעלקייט פון דער דיכטונג. די יאָרן 1924/25 גיבן אַזעלכע ווערק, ווי „וועגן זיך און אַזוינע ווי איך", „מינסקער בלאָטעס", „קינדער פון איין פאָלק"; דאָס איז די צײַט פונעם „יונגוואַלדס" אופבלי, דעמלט אַקוראַט ווערט געמאַכט אַ סאָף צום „שטראָם" און עס קומט דער זאַמלבוך „אָקטיאַבער", אויך די מער־ראַדיקאַלע, אין באַציִונג צום „שטראָם", גרופּירונג „נײַערד"; עס אַנטשטייט דאַן די ערשטע קעמערל פון פּראָלעטאַרישער קאָנסאָלי־דאַציע—די ייִדסעקציע „מאַפּפּ"; עס אַרבעט שוין דאַן די מינסקער גרופּע „יונגער אַרבע־טער", וועלכע לאָזט אַרויס די זאַמלונג „קעפּ"—אַ זאַמלונג, וואָס מאַניפעסטירט אַ ייִדישע ליטעראַטור אין דער סאָוועטישער ווײַסרוסלאַנד, געבויט דורך די קאָמוניסטן און יונגע אַרבעטער, וואָס קומען באַזינגען אין רויט־ראָמאַנטישע פאַרבן די אָקטיאַבער־רע־וואָליוציע אין די שלאַכטן פאַרן אָקטיאַבער אַפּ יענער זײַט גרענעצ...

אָט די אַלע פאַקטערן זײַנען ניט צופעליק צענויפגעפאַלן. מיר האָבן דאַן דורכגע־

מאַכט די ערשטע גרויסע דערפאָלגן פון אופשטעלן די באַלעבאַטישקייט, לאָזן אין גאַנג די פאַבריקן און זאַוואָדן, אופלעבן די רוינירטע לאַנדווירטשאַפט. עס איז שוין דער פּעריאָד פון עפּעקטפולער אַרבעט צווישן די יידישע האָרעפּאַשנע שיכטן. ניט מאָרעש־ווירע איז דער „סטיל“ פון דעם דעמלטיקן פּעריאָד, נאָר שטורעמדיקער גאַנג פאָרויס. און אויב די „שטראָמיסטן“ האָבן געטרויערט אין אַצווטס און „גלײַכגילטס“, אויב די נאַציאָנאַליסטישע אָקזיזיוירטן אירגגלגיע הגז צגייגז געשײַגן „רוסלאַנד, מיר שטאַרבן אין דײַנע גאַסן“, האָט אָבער די אָפּטימיסטיש־מונטערע, דורך רעוואָליוציע געבוירענע דיכטערישע שורע פאַרמאָגט רעוואָליוציאָנערן דראַנג ניט נאָר אָפּ צו „אָנעמען“ רעוואָליוציע און זי באַזינגען, נאָר אָפּ צו אײַנשליסן זיך אין איר, אופרײַסנדיק די נאַציאָנאַליסטישע פונדאַמענטן, די אַלטע טראַדיציע, פון וועלכע זי איז אַליין אין באַזונדערע מאָמענטן אָפּ דער ערשטער שטופּע געווען באַײַנפלוסט. פּעפּערס „וועגן זיך און אַזוינע ווי איך“ איז אַן אויסדריק פון באַגײַסטערונג מיט דער רעוואָליוציע, פון אָרגאַנישער אײַנגעשלאָסנקייט אין דער רעוואָליוציע און גלײַכצײַטיק—דאָס איז נאַטירלעך—אַ דיכטערישער באַניפּעסט קעגן בורזשואַז־נאַציאָנאַליסטישע טראַדיציעס, קעגן דעם „אַלט־יידישן“ סטיל, אַר דער „פּראָסטקייט פון טריט“, קעגן די אויסגעכאַלעכטע „בלויע הימלען“, פאַר דער סאָוועטישער דורכן פּראָלעטאַריאַט דערוואָרבענער „פרישער און וויצענער ערד“. אין ינסקער בלאָטעס“ איז פאַקטיש כאַריק אַרויסגעטראָטן קעגן דער עפּיטאָפּיע־ליטעראַט׳ פון „קופּע“ און „טריסטיא“, וואָס איר סטימול איז געווען אויסגאַנגלאָזער באַגרענעצטער בליק אָפּ דער פּאָגראָמירטער שטעטל. אין „מינסקער בלאָטעס“ איז געוויזן געוואָרן דער העראָיזם פון יידישע אַרבעטנדיקע, אײַנגעשלאָסענע אין די „סוויונט קעפּ“ פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָליוציע, עס איז דאָ ווי געזאָגט געוואָרן: ניט אונטערגאַנג איז דער צייכן פון אונדזער צײַט, נאָר פאַרקערט—דער גרויסער זיגרײַכער שלאַכט קעגן דער אַלטער בורזשואַזער וועלט, די גרויסע פרייד פון זיגערישן טרעטן „מיט שטיוול אָפּ גאַרדינען“. דעם נאַציאָנאַליסטישן שטראָם און דעם אייגענעם איבערבאַהערשטן „אוקאָרע“־געמיט האָט קושנירעוו אַנטקעגנגעשטעלט זײַנע „קינדער פון איין פאָלק“—אַ הימן דער אינטערנאַציאָנאַליסטישער רעוואָליוציע, וואָס אין אירע פלאַמען ווערן איבערגעשמאָלצן מענטשן־מאַסן, וואָס זי באַהעפט אין איין גרויסן קאָלעקטיוו אַלע אַרבעטנדיקע פון באַזונדערע נאַציאָנאַליטעטן. אין אײַנקלאַנג מיט אָט די עפּאָכע־ווערק זײַנען די מונטערע רעוואָליוציאָנערע אַרויסטרעטונגען פון די טאַלאַנטפולע, צו יענער צײַט אָנפאַנגער: ראַבין, טײַפ. קאַמענעצקי, גאָלדמאַן, זעלדין און נאָך און נאָך;—די אַרבעטער־טעמאַטיק בײַ ראָסינען („כערל בעקער“) א. אנר.

איז דאָס געווען אַ פּעריאָד פון אַצווטס? ווי פאַר וועמען... אָבער בעשומויפן ניט פאַר די נײַער טאַלאַנטפולער פלאַנגע פּראָלעטאַרישע שרײַבער! דאָס איז אַ צײַט פון שטורעם און דראַנג. בלויז טראָצקי און זײַנע אָנהענגער, בלויז פײַנט פון באָלשעוויזם און אָפּנײַגלער האָבן געקענט אויסמאָלן יענעם פּעריאָד פון נעפּ, ווי אַ פּעריאָד פון בלויז צוריקצאָרש. און ניט בלויז אידייש־דיכטעריש ווערט דאָ געגעבן דער ערשטער אַנטשיידענער שלאַכט דער אַלטער „אייגנס“־„שטראָם“,־„לירִיק“ ליטעראַטור, נאָר אויך פאָרמעלטעכניש ווערט פאַרגעזעצט די רעוואָליוציע. דערדאָזיקער פּעריאָד איז שוין דער אָנהייב פון גרויסער פאָרמעלער געוואַגטקייט, פון דאָס, וואָס מיר רופן איצט אָן מיטן באַגריף נאָוואַטאָרישקייט—באַנײַערישער טעטיקייט אין דער וואָרט־קונסט. און אַנדערש האָט עס ניט געקענט זײַן באַם גרויסן אָנוווקס פון נײַעם אָקטיאַבערישן אינהאַלט אין דער יידישער ליטעראַטור!

עס ווערנ געבראָכנ אַלטע קאַנאָנענ סײַ אינ דעמ געבוי פונ דער שורע אינ פּערז, אַזוי אינ דער ריטמיק אונ אָרקעסטרירונג, אַזוי אויכ אינ דער געמיטלעכער גאַמע—אינ דעמ גאַנצנ קאָמפּלעקס עמאָציעס. עס שטייט שוינ אופ דער קאַמפּ צווישנ רויטנ ראָמאַנ־טיזמ, וואָס באַזינגט דעמ העראָיזמ פונ בירגערקריג אונ האָרעפּאַשנער העלדישקײַט אונ רײַסט אופ די „בלויע כאַלוימעס" פונ די צאַרטע עסטעטנ. עס ווערט געגעבנ אַ שלאַכט דער ניסטערישער „אָצקוויצעצ"־שפּראַכ, וועלכע איז אַזוי געצערטלט געוואָרנ אינ דעמ „שטראָמ"; אָנשטאָט איר ווערט אַרויסגעבראַכט די „לײַביקע", „פּראָסטע" שפּראַכ—די שפּראַכ פונעמ אַרבעטער, דאָס וואָרט פונ האָרעפּאַשניק; די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור מעלדעט דעמ קאַמפּ קעגנ אויסגעצאַצקעטנ טויטנ וואָרט אונ פאַרפונדרעוועט דעמאָזיקנ קאַמפּ מיט ווערק, צוטריטלעכע פאַר די גרויסע מאַסנ. עס ווערט געשלאָגנ דער רעאַקציאָ־נערער סימבאָלישער ראָמאַנטיזמ, אָנשטאָט אימ טרעט אַרויס אינ די ערשטע רייענ דער רעאַ־ליסטישער בילד, דער רעאַליסטישער דיכטונג־געמעל. די הייכע רעוואָליוציאָנערע אָקטאַווע דערקלערט אַ קאַמפּ דעמ שטילנ פאַרטרויערטנ געזאַנג. עס איז גענוג פאַרגלײַכנ אַ נומער „שטראָמ" אונ דעמ זאַמלבוכ „אָקטיאַבער", קעדיי זענ דעמאָזיקנ אָנגריפ פונ רעוואָליר־ציאָנערער פאָרמ־קולטור אפ די קאָנסערוואַטיווע, בורזשואַזע רעשטנ.

דער „שטראָמ" איז פאַרשטאָפּט געוואָרנ, דער קרעפּטיקער שטראָמ פונ רעוואָליוציאָ־נערער סאָוועטישקײַט כוואַליעט אַלצ שטאַרקער אונ צעשווענקט אַלצ מער די עלעגיש־פּאַניקאָרישע באַריקאַדע, רײַסט מיט די „איינזאַמע זילבערנע וועגנ" (רעזניק) אונ באַהעפט זי צו [illegible] סאַריש־רעוואָליוציאָנערע זאַמל־ביכער „אָקטיאַבער" אונ „נײַערד" האָבנ איינער מער, דער צווייטער ווייניקער, מיט זייער אויספורעמונג אָנגעזאָגט די נײַע רוישיקע עפּאָכע פונ פאַרשטאַרקטנ אָנגריפ אפ די רעשטנ פונ בורזשואַז־נאַציאָנאַליסטישע טעאָריעס אונ אופטוענ אינעמ קונסט־געביט.

דער אָנהייב פונ נעפּ, ווי דער איצטיקער לעצטער עטאַפּ, האָט טאַקע דײַטלעכ געוויזנ, אַז אינ דער ליטעראַטור איז ניטאָ קיינ האַרמאָניע, קײַנ נאַציאָנאַל־איינהײַטלעכע „דורכ־ויסיקײַט". די באַזונדערע דורכפאַלנ פונ אַ ריי אונזערע ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער אינ יענעמ פּעריאָד, דריקנ טאַקע אויס אַנ אָפּבילדונג פונ בורזשואַזנ אונ קליינבירגערלעכנ אײַנפלוס (שוינ אָפּגערעדט־וועגנ עכט־בורזשואַזע, נאַצדעמישע אָדער סמענאָוועכישע אַרויס־טריטנ). זיי רופנ זיכ איבער מיט טראָצקיסטישע אײַנפלוסנ, וואָס האָבנ אינ יענעמ פּעריאָד געפרווט זיכ אַנטקעגנשטעלנ דער גענעראַלער ליניע פונ פּאַרטיי. דער דאָזיקער נײַער עטאַפּ קענ נימ אָפּגעשאַצט ווערנ לויט זײַנ פּראָזע־פּראָדוקציע, אַפילו ניט לויט זײַנע גלענצנדיקע דיכטערישע ווערק, אויב עס וועט אינ דער ערשטער ריי ניט אונטערגעשטראָכנ ווערנ דער שלאַכט, וואָס איז דורכ דער נײַער רעוואָליוציאָנערער אונ פּראָלעטאַרישער פּאָלאַנגע געגעבנ געוואָרנ אונטער דער אָנפירונג פונ דער פּאַרטיי, דעמ פרעמדנ, בור־זשואַזנ אונ נאַציאָנאַליסטישנ פראָנט איבער דער גאַנצער ליניע פונ אינהאַלט אונ פאָרמ אינ דער ליטעראַטור.

אינ 1925 יאָר פאָרט דורכ לעוויק דעמ סאָוועטנפאַרבאַנד אונ באַמערקט אָט דעמאָזיקנ קאַמפּ, די דיפערענציאַציע, אימ ווערט דערפונ אומעטיק, עס פעלנ זײַנע האָפנונגענ וועגנ שמידנ די „גאָלדענע קייט", וועגנ „באַהעפטנ די גרענעצנ". ער פרווט אַרויסגעבנ

זײַנ פערזענלעכנ „פיבער“ פארנ „פיבער“ אונ „ציטער“ פונ דער סאָוועטישער געזעלשאפטלעכקײַט, ער שרײַבט אינ זײַנ „אפנ ראנד פונ אָנהייב“:

„א ווײַסע זילבערנע לעוואָנע הענגט איבערנ הימל פונ דער נײַער יידישער פאָעזיע אינ ראטנרוסלאנד.
א ווינטערדיקער הימל. קאלט.
שטייט דער ליבער איזי כאריק אונטערנ ווײַסנ הימל אונ האָט מוירע אומצוקוקנ זיכ אפ הינטער.
ער—דער אָנהייב.
זײַנע אקסלענ נעמענ צוקנ, אונ די קני פיבערנ, זײַנע אויגנ בעטנ זיכ: גאוולאָנים, ווער האָט עס אפ מיר ארופגעלייגט אָט די שרעקלעכע מאסע?“

לייוויק האָט געשראָקנ, אָבער קיינער האָט דערפונ ניט באקומענ קײַנ „פיבער אינ די קני“. כאריק אונ אלע אונדזערע פראָלעטארישע אונ רעוואָליוציאָנערע שרײַבער האָבנ גענומענ בויענ די פראָלעטארישע ליטעראטור אינ קאמפ מיט די לייוויקס אונ זייערע מיטפילנדיקע בא אונדז אינעווייניק.

אגעוו: די גאסט־רײַזעס פונ די יידישע שרײַבער פונ אויסלאנד—דאָס איז א פאס פונ קאמפ, טאקטיק, סטראטעגיע אויסשפיר־פאָליטיק. עס זײַנענ געפאָרנ לייוויק אונ זינגער, רייזינ, ש. אש אונ אנד. עס זײַנענ געפאָרנ רעדאקטערנ, זשורנאליסטנ, קולטורטוער, עס זײַנענ געפאָרנ אלע. זיי האָבנ אויסגעשפירט דעם סאָוועטנפארבאנד, געזוכט קאָנטאקט, געזוכט ווי ניט איז באווירקנ די נײַע, סאָציאַליסטישע יידישע קולטור. די פראָלעטארישע, אונ קאָמוניסטישע געזעלשאפטלעכקײַט אינ פסס״ר האָט ניכטער צוגעקוקט דעמדאָזיקנ פראָצעס, ניט געשוינט דעם „רעספעקט“ פונ געקרוינטע „נאציאָנאלע גדוילים“, זיי דעמאסקירט אונ „געדעקט“.

די נאציאָנאל־דעמאָקראטישע, פאשיסטיש־אָרטאָדאָקסישע אונ ביכלאל בורזשואזע שרײַבער פונ צווישנ די געסט האָבנ זיכ נאָכדעם דעמאסקירט מיט זייער אָפענער אונ פארשטעלטער ארבעט קעגנ דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע. דאָס איז געווענ א לעקציע פאר די סאָוועטישע שרײַבער אונ האָט מיטגעהאָלפנ אויסהאמערנ דעם פראָלעטארישנ קלאסנכוש, פעט אָנצייכענענ די דיפערענציר־ליניע, פארשטארקנ דעם קאמפ קעגנ קאָלייִסראָעלדיקײַט.

3.

אויב מיר זאָלנ נעמענ די יידישע ליטעראטור פונ דעם ערעוו פונעם פינפיאָר, פונ די ערשטע יאָרנ סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע, וועלנ מיר זענ, אז ווי אינ דער רוסישער ליטעראטור, ווו גלאדקאָווס „צעמענט“ אונ ענלעכע ווערק, ווײַזנ די נײַע פראָבלעמעס, וואָס ווערנ די אקס פאר דער פראָלעטארישער ליטעראטור, אזוי הייבט אָנ אינ דער יידישער ליטעראטור זיכ אלץ בוילעטער אויסטײלנ די פראָבלעמ פונ סאָציאַליסטישער בויונג. דידאָזיקע פראָבלעמ ווערט ניט א זאכ פונ אבסטראקטנ לויבגעזאנג צום „פרידלעכנ שאפונג־גײַסט“ פונעם פסס״ר, נאָר א קאָנקרעטע אקס פאר דיכטערישער שילדערונג, פאר אידייִשנ וווּקס פונ דער ליטעראטור. כאריקס „ברויט“ איז דער אויסדריק פונ יענע קאָנקרעטע רעזולטאטנ, וועלכע די סאָוועטישע בויונג האָט געבראכט די יידישע ארבעטנדיקע

אונ אָרעמע, עס איז דער ענטפער אפ דער מאָרעשכווירעדיקייט איבער שטעטלס פערספעקטיוולאָזיקייט, עס איז דער אָנהייב צו דערזעג אינ גאנצער גרייס די נאצפּאָליטיק ווי א רונג אינ דער סאָציאַליסטישער בויונג. פעפערס „בלייַענדיקע מיסטנ" באווייַזנ אתדו ווי די פראָלעטארישע דיכטונג האָט דורכ אירע סאמע בעסטע פאָרשטייער דערזענ דאָס שטעטל אינ ארומרינגלונג פונ „שטאָל אונ שטיינ".

דערדאָזיקער אָפּשניט־צייט 1925/28 צייכנט זיכ אויכ אויס דערמיט, וואָס עס קומענ אונטער די „שווערע רעזערוונ". די פּראָזע ווערט שוינ ניט א שטאמלדיקע, אירע קאדרענ ווערנ גרעסער. גאָדינער, דאניעל, דאָלגאָפּאָלסקי, אָרשאנסקי זייַנענ שוינ ניט די איינציקע. עס קומענ אסאכ נייַע ווערק, נייַע נעמענ.

אויכ די טעמאטיק פונ בירגערקריג בלייַבט נאָכ אלץ אינ צענטער פונ גאָדינערס „דער מענטש מיטנ ביקס" אונ דאניעלס „אפנ שוועל", אָדער בערגעלסאָנס „אינ שטורעם־טעג" אונ „מידאס האדינ", דאָסגלייַכנ — יאָפעס אונ גילדינס דערציילונגענ, א טעמאטיק א וויכטיקע — קומענ שוינ א גאנצע „כאליאסטרע" שרייַבער מיט אזעלכע ווערק, וואָס זייער אקס ווערט — דער פּראָצעס פונ סאָציאַליסטישער בויונג.

אָרלאנד דרוקט זייַנע „הרעבליעס", וואָס בא דער גאנצער ראָמאנטישער באפארבונג אונ בלייכקייט פונ די קלאסנ־ליניעס, גיט עס א בילד פונ איבערגאנדערשנ סאָציאַליסטיש די שטעטל אפנ גרונט פונ אינדוסטריאַליזאציע, ער גיט זייַנ ערשטנ בוכ „בירעבידזשאנ" אלבערטאָנ — א ווערק, וואָס באווייַזט איינעם פונ די וועגנ, אפ וועלכע עס בויענ זיכ איבער סאָציאַליסטיש טיילנ פונ דער ייִדישער ארבעטנדיקער באפעלקערונג. עס קומענ אבטשוק מיט „הערשל שאמייַ" אונ גילדינ מיט „אפ נייַע רעלסנ" — דערציילונגענ, וואָס באווייַזנ אונדז די פּראָצעסנ פונ איבערגאנדערשנ די פסיכיק פונ האָרעפּאשנעם קליינבירגער אפנ יעסאָד פונ סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע. דיזעלבע מאָטיוונ זייַנענ פיקסירט אינ פערסאָווס „קאָרנבגרויט".

די צענטראלע אידיי פונ אָט די אלע ווערק אפ דער טעמע סאָציאַליסטישע בויונג איז — דערלייזונג פונ דער נאצפּראגע אפנ באָדנ פונ אינדוסטריאַליזאציע, דערלייזונג פונ דער שטעטל־פּראָבלעם. דאָס איז די אָפּלייקענונג פונ דעם פאָרוואורף „מיר שטארבנ אינ אייַערע גאסנ".

אינ אלגעמיינ גענומענ האָט די ייִדישע ליטעראטור געגעבנ א ריי אָריגינעלע ווערק אפ דער טעמע פונ גלאדקאָווס „צעמענט" — וועגנ דער אופשטעלונג פונ דער אינדוסטריע. דאנ האָבנ מיר מוישע טייַטשס בוכ „דער טויט פונ כ' וווליע", וועלכער גיט ניט גאָר געלונגענע דידאָזיקע טעמע פונ אופשטעלונג. די אופשטעלונג האָט זיכ בא אונדזערע שרייַבער אידענציפּיצירט אינ א גרויסער מאָס מיט דער שטעטל־פּראָבלעם אונ מיט דער איבערוואנדערונג, אָדער מיט דעם ווייַטערדיקנ רינג — מיט דער גרויסער נייַער בויונג („דנעפּרבוי"). עס איז פונדעסטוועגנ ניט געווענ באוויזנ דער ערשטער רונג, אויב מע קענ אזוי זאָגנ: די אופשטעלונג פונ זאוואָד אונ פונ דער לאנדווירטשאפט.

אינ אָט דעם פעריאָד ווערט די צאָל פּראָבלעמעס, וואָס ווערנ געשטעלט אינ דער ליטעראטור פארברייטערט אינ א באדייַטנדיקער מאָס. כוץ די שוינ דערמאָנטע פּראָבלעמעס פונ בירגערקריג אונ סאָצבויונג; באקומענ מיר ווערק, וואָס גיבנ אפנ פאָנ פונ בירגערקריג די צעפאלונג פונעם מענשעוויזם — א באדייַטנדיקע פּראָבלעם, א וויכטיקסטער מאָמענט אינ אונדזער ליטעראטור, א פאקטער, וואָס באווייַזט די רעוואָליוציאָנערע פאָרשריטנ אינ אונדזערע שרייַבער־קאדרענ אונ זייער נאָענטקייט צו דער קאָמוניסטישער פּארטיי: אינ

דער צײַט באקומענ מיר קושניראָווס „לעקערט", ראבינס „שוועסטערקינדער" (אינ בוכ־
פאָרמ ארויס עטוואָס שפּעטער), דאָלגאָפּאָלסקעס „בא געעפנטע טויערנ", געוויסערמאכנ־
מארקישעס „ברידער". דיראָזיקע ווערק זײַנענ ניט אידענטיש לויט זייער קינסטלעריש־
אידייִשער הייכ, נאָר זיי אלע פאררייניקט די צענטראלע אידיי — אופדעקנ דעמ כאָכ פונ
מענשעוויזמ, באווײַזנ די סיבעס פונ די באָלשעוויסטישע זיגנ אינ קאמפ מיט די קעגנע־
רישע פארטייענ, צעקלאפנ די אידעאליזאציע פונ „בונד". עס קענ אפ א האָר ניט פארגעסנ
ווערנ יענער פילבאדײַטנדיקער פאקט, וואָס בא דער גרויסער אקטיוויזאציע פונ נאציאָנא־
ליסטיש־שאָוויניסטישנ עלעמענט, האָט די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראטור פארכאָפּט אינ
זיכ די קראפט פונ דעמאסקירנ נאציאָנאליזמ אונ מאכנ ערשטע שריט צו באָלשעוויסטיש
אופקלערנ דעמ ערשטנ עטאפ פונ רעוואָליוציע, צעברעכנ די אידעאליזאציע פונ
נאציאָנאל־מענשעוויזמ. אונ וויפל אידייִשע שוואכקײַטנ אונ גרײַזנ מיר זאָלנ ניט
אָפּצייכענענ אינ די אָנגערופענע ווערק, איז דאָכ באדײַטנדיק פארשארפט אינ זיי דער שפּיז
פונעמ קינסטלער קעגנ די סאָציאַל־פארעטער פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע.

ווי עס האָט באוויזנ די „שטראָמ" ליטעראטור אונ באזונדערס א גאנצע ריי ווערק אונ
ארויסטרעטונגענ פונ די אלטע אונ בורזשואז־נאציאָנאליסטיש־באײַנפלוסטע שרײַבער בײַס
דעמ אופשטעלונג־פעריאָד אינ אָנהייב פונ רעקאָנסטרוקציע איז דערדאָזיקער פעריאָד פאר
אָט די גרופנ געווענ א פעריאָד פונ צוריק־האלטונג, רעצידיווג אונ וואקלונגענ. די קאָנ־
סערוואטיווע גרופע האָט געוואקסנ אפ אירע פעלערנ. אינ די מער פּראָגרעסיווע פונ אָט די
קרײַזנ איז שטארקער געוואָרנ דער איבערברוכ צו מיטלופערײַ, אָבער רעצידיווג האָבנ
ניט אופגעהערט — דער דרוק פונ די קלאסנ־פרעמדע ווירקונגענ האָט זיכ געלאָזט פילנ.
א ריי ארויסטרעטונגענ פונ האָפשטיינ, קוויטקאָ, מארקיש, האלקינ, אקסעלראָד, אי.
קיפּניס, דער ניסטער, רעזניק, נויעכ לוריע, אויסלענדער, פינינבערג, דאָברושינ א. אנד.
האָבנ אנטפּלעקט נאציאָנאליזמ, בורזשואזנ פאָרמאליזמ, באָהעמע, א. ד. ג. עס איז נייטיק
געווענ די גרויסע דערציִערישע קראפט אונ דער אנטשפּרעכנדיקער ווידערשטאנד פונ
דער פארטיי אזעלכע ווירקונגענ, קעריי ווענדנ די גרונט־גרופנ פונ דערדאָזיקער אינ־
טעליגענצ צו מיטמאכנ דעמ וועג פונ רעוואָליוציע אונ אײַנשליסנ זיכ אינ דער בויונג
פונ סאָציאַליזמ.

דיראָזיקע שרײַבער האָבנ באדארפט גרינטלעכ איבערשאצנ בורזשואזע נאָכווייענישנ,
נאציאָנאליסטישע אידייענ. דערמיט דערקלערט זיכ, וואָס דער אופשטעלונג־פעריאָד איז
פאר דער מערהײַט פונ אָט דער גרופע געווענ א פעריאָד ניט אזוי פונ שעפערישקײַט, ווי
פונ פארסאכאקלענ, פונ אופזאמלענ דאָס אָנגעשריבענע, דורכטראכטנ אינ פאראלגעמיינערנ
פלאנ דעמ דורכגעמאכטנ וועג אונ פונ דער צווייטער זײַט — זיכ נעמענ אָריענטירנ אינ דער
רעוואָליוציאָנערער פּראקטיק, באגרײַפנ דעמ בילד פונ סאָציאַליסטיש־ער בויונג. ווענ מענ
זאָל נעמענ די דערשינענע ווערק פונ יענע שרײַבער, וואָס זײַנענ אינ יענעמ פעריאָד
געווענ מיטלופער פונ דער רעוואָליוציע אונ זײַנענ שפּעטער אלצ געגאנגענ העכער
אינ זייער סאָוועטישקײַט, וועלנ מיר זענ, אז אינ אָט די ווערק רײַסט זיכ גאנצ אָפט
דורכ בורזשואזער רעשט, אָבער גלײַכצײַטיק איז שוינ פאראנ א סאָוועט־שע געשפּרענקלטקײַט,
זײַנענ שוינ דאָ פאראנ אָנהייבנ פונ אריבערוואקסנ אינ א נײַער, סאָוועטישער קוואליטעט.
לאָמיר שוינ דאָ זאָגנ אינ קלאמערנ, אז אינ באזונדערע פאלנ האָבנ מיר דיראָזיקע נײַע
עלעמענטנ ניט באמערקט אינ דער געהעריקער מאָס, באגייענדיק צוליב דעמ פעלערנ. אזוי,
צומ בײַשפּיל, איז געווענ בײַ מיר האָבנ ריכטיק קריטיקירט שוינ אפ א שפּעטערדיק

ראפּ האלקינס שעדלעכע לידער: מיר האָבנ ניט אונטערגעשטראָכנ די געוויסע עלעמענטנ פונ סאָוועטישקייט אינ דער קריטיקירטער זאמלונג.

.4

אזא צעצווייגטע טעמאטיק, די גרויסע צאָל פּראָבלעמעס, דער אידייִשער וווּקס פונ דער פּראָלעטארישער ליטעראטור—דאָס איז געווענ א רעזולטאט פונ פארשארפטנ קלאסנקאמפּ די אָנגערופענע הויפּט־ווערק זייַנענ א רעזולטאט פונ רעאליזירנ די אויפגאבנ, וואָס די פּארטיי האָט אפ יענעמ פעריִאָד געשטעלט פאר דער ליטעראטור. די פּארטיי האָט דאנ געשטעלט די אויפגאבע צו קאָנסאָלידירנ די פּראָלעטארישע שרייַבער־קאדרענ, באקעמפנ די בורזשואזע עלעמענטנ אינ דער ליטעראטור אונ קונסט, באקעמפנ סמענאָוועכישע „מיטלויפער“, שאפנ א קונסט פאר די מיליאָנענ ארבעטער אונ ארבעטנדיקע.

דאָס איז דער פעריִאָד, ווענ עס וואקסט שטארק אויס די פּאָזיטיווע באדייַטונג אונ ראָלע פונ דער „ראפּפּ“־באוועגונג. אינ דער אָ צייַט ווערנ אויכ פארפעסטיקט די ייִדישע סעקציעס פונ „וואפּפּ“, „בעלאַפּפּ“, „מאפּפּ“. די ארויסגאבע פונ זאמלבוכ „אָקטיאבער“ איז צונויפגעפאלנ מיט אָרגאניזירנ די ייִדסעקציע „מאפּפּ“; דערדאָזיקער פעריִאָד פונ גרויסער פּראָלעטארישער שעפערישער אָנזאמלונג איז טאקע אויכ צונויפגעפאלנ מיט דער פארפעסטיקונג פונ די אָנגערופענע ייִדסעקציעס. דער קאמפּ פאר פּראָלעטארישער ליטעראטור איז געפירט געוואָרנ איבערנ גאנצנ פראָנט. עס איז פארשטארקט געוואָרנ דער אָנגריפ אפ די בורזשואז־פּאָרמאליסטישע, נאצמענשעוויסטישע אונ אָפּאָרטוניסטישע טעאָריעס אונ קאָנצעפּציעס אינ דער ייִדישער ליטעראטור. פונ זאמלבוכ „אָקטיאבער“, דורכ די ניי־געשאפענע ליטעראריש־קינסטלערישע זשורנאלנ, באזונדערס דורכ „שטערנ“ אינ (שפּעטער) „פּראָליט“, דורכ דער גרויסער מאסנ־ארבעט פונ די ייִדסעקציעס, ציט זיכ דער רויטער שניר פונ קאמפּ פאר דער לענינישער וועלט־אָנשויונג, קעגנ די פרעמדע טעאָריעס אונ רעצידיווג. דער קאמפּ פאר „פּראָסטע רייד“ האָט געהאט א קאָלאָסאלע באדייַטונג, ווייַל אינ אימ איז פארשפּיצט געוואָרנ די אויפמערקזאמקייט אפ צוויי פראָנטנ: סיי קעגנ דעמ עסטעטיש־פּאָרמאליסטישנ צאצקענ, קעגנ דער שפּראכ פונ „אָצקויצעצ“, אזוי קעגנ דעמ פּרימיטיוונ באנעמ פונ דעמ „פּראָסטנ וואָרט“, ווי אנ איניענ פונ פּאָשעטער לעקסישער רעפאָרמ. דאָס איז געווענ א קאמפּ פאר דער ליטעראטור פונ מיליאָנענ. דער איניענ קריטיקע האָט אונדזער ליטעראטור באוויזנ, אז דער מינ ארויסטרעטונגענ (די „באַרימטע“ שארושנ), זייַנענ אָביעקטיוו געווענ געווענדעט קעגנ דער פּארטיי־אָנפירונג אינ דער ליטעראטור. דער קאמפּ קעגנ דער טראָצקיסטישער בוי־אָרגאניזאציע, וועלכער איז מיט דערפאָלג געפירט געוואָרנ באזונדערס פונ די אוקראַיינישע כאווירימ, האָט אויפגעדעקט אונ געגעבנ אנ אָנשוילעכע לעקציע פונעמ ליטעראטור־געביט, וויאזוי די רעכטע אונ „לינקע“ גייענ זיכ שטענדיק צונויפ אינ קאמפּ קעגנ דער ליניע פונ פּארטיי, אזוי א גאנצע רייי אנדערע דערשייַנונגענ, וואָס האָבנ אָפּגעשפּיגלט דעמ קלאסנקאמפּ בייַמ יענעמ פעריִאָד אינ לאנד אונ אפילע אויכ אינ אויסלאנד (די לייוויק־רייזינישע פּארטעטרישע קאמפּאניע נאָכ זייער באזוכנ דעמ סאָוועטנפארבאנד).

דאָס איז געווענ א פעריִאָד, אינ וועלכנ עס האָט זיכ אָנגעהייבנ ברייט צעוויקלענ די קריטיק אונ זעלבסטקריטיק אינ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור אונ האָט אוועקגעלייגט א סאָפּ צומ סטיל פונ „איינייִנציקער“ אָנפירונג. צו קאטעגאָרישע באהויפּטונגענ, וואָס אונטערליגנ ניט קיינ שומ קריטיק. די מאסאָווע באוועגונג, דער צושטראָמ פונ אר־

בעסער אין די יִדסעקציעס און דער וווּקס פון פארטיי־יאָדער צווישן די שרײַבער, די ברייטערע געזעלשאפטלעך־פּאָליטישע ארבעט, די פארשטארקטע פארבינדונג פון די יִדישע שרײַבער מיט די שרײַבער־קאדרען פון די אנדערע נאציאָנאליטעטן, דער אידייִשער וווּקס פון די שרײַבער און דער צופלוס פון קריטיקער־קאדרען — דאָס אלץ אפן פאָן פון קאמף פאר דער פארטיי־ליניע אין ליטעראטור־געביט, האָט ארויסגערופן א פארשטארקטע קריטיק פון אלע פײַנטלעכע און אָפּאָרטוניסטישע סיסטעמעס און סיסטעמעלעך, האָט געעפנט דעם וועג פאר ברייטערער באָלשעוויסטישער קריטיק און זעלבסטקריטיק, צו ברייטערע שלאכטן ארום גרונט־פראגן פון דער ליטעראטור־אנטוויקלונג. אין די ווײַטערדיקע יאָרן, יאָרן פונעם פינפיאָר ווערט דערדאָזיקער קאמף נאָך העפטיקער און דערפאָלגרײַכער...

איצט זײַנען פאראן אסאך קלוגע, וואָס פרווון „אָרטאָדאָקסיש" ארויסשלײַדערן דאָס געווינס פון דער פארטיי, וואָס איז אין פארלויף פון א גאנצן פעריאָד געוואָרן רעאליזירט אין דער אָרגאניזאציאָנעלער פאָרם פון די פּראָלעטארישע ליטעראטור־ און קונסט־אסאָציאציעס, אונטער דער אָנפירונג פון דער פארטיי. אָט די כאכאָמים לאָזן מיר אָן א זײַט. עס איז א פאקט, אז מיט דער פארפעסטיקונג פון די יִדישע סעקציעס בא די „אפּפ'נ" הייבט זיך אוף א מער פארשטארקטער קאמף מיט די עלעמענטן פון רעכטן און „לינקן" אָפּאָרטוניזם אין דער ליטעראטור, מיט די נאציאָנאליסטיש־סמענאָוועכישע ארויסטריטן, מיט דער קאָל־יִסראָעלדיקײַט אין ליטעראטור, מיטן פאָרמאליזם, מיט די מעכאניציסטישע און מענשעוויזירנדיק־אידעאליסטישע עלעמענטן, מיט די פרווון צו דיסקרעדיטירן די פארטיי־אָנפירונג אין דער ליטעראטור. עס הייבט זיך אוף א כוואליע פון מאסן־ארבעט, וואָס די סעקציעס פירן אונטער דער אָנפירונג פון פארטיי און פעסטיקן דערמיט ביידע פלאנגען — די פארבינדונג פון מאסן־לייענער מיט דער ליטעראטור און די דערנעענטערונג פון די שרײַבער־קאדרען מיט דער אונטערנעמונג.

אזוי האָט זיך די יִדישע ליטעראטור, ווי א טייל פון דער גאנצער סאָוועטישער ליטעראטור, געגרייט צו ארײַנטרעטן אין דעם פעריאָד פונעם ערשטן פינפיאָר.

5

צו וועלכע רעזולטאטן איז די יִדישע סאָוועטישע ליטעראטור געקומען, צוזאמען מיט דער גאנצער ליטעראטור, אין רעזולטאט פון די זיגן, וואָס דאָס לאנד האָט אָפּגעהאלטן פארן פעריאָד פון פינפיאָר אונטער דער אָנפירונג פון פארטיי? די פארווירקלעכונג פונעם פינפיאָר האָט געבראכט גראנדיעזע זיגן אין דער דערלייזונג פון דער נאציאָנאלער פּאָליטיק. אדאנק דער סאָציאליסטישער רעקאָנסטרוקציע איז ליקווידירט געוואָרן די פאופּעריזאציע צווישן די יִדישע מאסן, באזונדערס פון שטעטל. עס איז אויסגעוואקסן די ארבעטערשאפט, עס זײַנען קאָאָפּערירט געוואָרן אין א גרויסער מאָס די באלמעלאָכישע מאסן, עס איז גרעסער געוואָרן די צאָל יִדישע קאָלווירטניקעס. צוזאמען מיטן גאנצן ארבעטנדיקן לאנד איז די יִדישע ארבעטערישע און ארבעטנדיקע מאסע ארײַנגעצויגן געוואָרן אין סאָצגעוועט און שלאָגלערײַ. דידאָזיקע פּראָצעסן, אפן יעסאָד פון די אלגעמיינע פּראָצעסן אין לאנד, וואָס האָבן פארורזאכט די דערלייזונג פון דער „יִדן־פראגע", האָבן באוואָפנט אונדזערע שרײַבער, האָבן זיי געגעבן לעקציעס פון דער סאָציאליסטישער בויונג און האָבן באשאפן דעם איבערוק צו סאָצבויונג בא די שרײַבער, וואָס האָבן פריִער ניט געזען דעם פּאָרצוג פון סאָציאליזם צוליב בורזשואזער אָדער קליינבירגערלעכער פארבלענדעניש.

מיט װאָס קען מען באַשטעטיקן, אַז די רעװאָליוציאָנערע פּראַקטיק פֿונעם אַרבעטער־קלאַס אין פּעריאָד פֿונעם פּינפּיאָר — דער פּראָצעס פֿון פּלאַנאָװער סאָציאַליסטישער רעקאָנ־סטרוקציע — איז געשטאַנען אין צענטער פֿון דער אױפֿמערקזאַמקײַט בײַ אונדזערע ייִדישע סאָװעטישע שרײַבער?

לאָמיר פּרוּװן סקיצירן כראָנאָלאָגיש און קװאַליטאַטיװ דעם װעג פֿון דער ייִדי־שער ליטעראַטור פֿאַר אָט דעם צײַט־אָפּשניט פֿונעם פּינפּיאָר. אָרלאַנדס בוך „הרעבליעס" איז געװען די ערשטע שװאַלב אין דער רעקאָנסטרוקציע־טעמאַטיק. אױפֿן פֿאָן פֿון רעקאָנ־סטרויִרן די לאַנדװירטשאַפֿט און די אינדוסטריע זעט דאָ אָרלאַנד די סאָציאַליסטישע איבערדערציִונג פֿון די ייִדישע אָרעמע פֿון שטעטל. אינעם בוך איז װי געזאָגט, קענטיק דער אײַנפֿלוס פֿון קאָנסערװאַטיװן ראָמאַנטיזם, אָבער די הױפּט־טענדענץ איז דאָס אױבנ־געזאָגטע — באַזײַטיקן די דערלײזונג פֿון דער נאַציאָנאַלער פּראַגע אין פּראָצעס פֿון סאָצבױונג.

מיר באַקומען נאָכדעם אַלבערטאָנס „בירעבידזשאַנער", — דיזעלבע פּראָבלעם, גענומען אין אַספּעקט פֿון באַװױנען נײַע שטאָכים פֿון סאָװעטנפֿאַרבאַנד, פֿון רעקאָנסטרויִרן די קלײנ־בירגערלעכע ייִדישע מאַסן אױפֿן יעסאָד פֿון סאָצבױונג.

פֿעפֿער קומט מיט „געפֿונענע פֿונקען" און װײַזט, װי די גרױסע בױונגען ענדערט דעם פּײזאַזש פֿון אונדזער לאַנד און בױט איבער אױף אַ העכערער סאָציאַליסטישער באַזע די מאַסן פֿון אוקראַיִנישן דאָרף און די ייִדישע מאַסן פֿון שטעטל. פֿעפֿער זעט װיאַזױ אין דאָס אינטערנאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער, װאָס הײסט דנעפּרבױ, איז אײַנגעװעבט דאָס נאַציאָ־נאַלע, — װי די לײזונג פֿון „דנעפּרבױ" ברענגט די דערלײזונג פֿון דער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם

כאַריק דרוקט אָפּ „מיט לײַב און לעבן" — אַ פּאָעמע, װעלכע רעדט װעגן שטעטלעך, װאָס שטעלן זיך בײַ סעליפֿאַקטערס. עס איז שױן ניטאָ דער פּאַניקיאָריש־פּעסימיסטישער גע־שרײ: „שטעטעלע, פֿאַרשװינד". עס איז צוגעקומען די פּערספּעקטיװ װעגן קולטור־װוּקס פֿון אונדזער לאַנד, װאָס קומט אין רעזולטאַט פֿון רעקאָנסטרוקציע — אַ רעקאָנסטרוקציע, װאָס מוז אײַנשליסן אױך די שטעטל און איר „אָנטאָן אין שטײן און שטאָל".

נאָכדעם קומען װײַטערדיקע װערק װעגן רעקאָנסטרוקציע מיטן בולעטן צײכן פֿון באַ־גרײַפֿן אונדזער סאָציאַליסטישע װירקלעכקײַט, װערק, אין װעלכע דער אָפּשטױס־פּונקט איז שױן ניט דאָס אַלטע שטעטל, נאָר די אָדער יענע גרונט־פּראָבלעם פֿונעם רעקאָנסטרוקציע־פּעריאָד. אַלבערטאָן גיט זײַן בוך „שאַכטעס". װוּ עס קעמפֿט אַפֿילע שטאַרק פֿאַרן ערשטן אָרט די פּראָבלעם פֿון איבערדערציִען די שטעטלדיקע יוגנט, אָבער װוּ דער דראַזיקער מאָמענט איז דאָך אונטערגעװאָרפֿן דער פּראָבלעם פֿון טעכנישער באַװאָפֿענונג. כאַריק גיט זײַן פּאָעמע „קײַלעכדיקע װאָכן", װוּ אין צענטער שטײט די פּראָבלעם װעגן ענערגע־טיק און מיט װעלכער עס װערט פֿאַרבונדן די גאַנצע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע איבער־בױונג פֿון אַ געװעזענער קאָלאָניע אין איצטיקער סאָװעטישער רעפּובליק, פֿון סאָװעטנ־װײַסרוסלאַנד מיט איר באַשטימטן קלאַסאָװן און נאַציאָנאַלן איבערגעפֿלעכט. עס קומט פֿעפֿער מיט זײַנע „פּלאַסטן" — אַ גרױסע פּאַרמעטעטעניש צו װײַזן דעם דאָנעצער באַסײן ניט בלױז אין אַלגעמײנע שטריכן און דורך לירישער שאַפֿונג, נאָר אינעם קאָנקרעטן באַװײַז פֿון די קאַמפֿן, אין — קאָנקרעטן באַהאַנדלען פֿראַגן פֿונעם אַרבעטער־לעבן, פֿון די פּראָצעסן אינעם אַרבעטערקלאַס, פֿון דער פּאַרטײ־אָנפֿירונג. װידער װערט דאָ די רע־קאָנסטרוקציע אַ הערשנדיקע פּראָבלעם און די שטעטלדיקע מאַסע איז אין אַ באַשטימטער פּראָפּאָרץ אײַנגעשלאָסן אין דער גרונט־סיסטעם. מיר באַקומען פּערסאָװ'ס בוך „קאָנטראַק־

טאציע", ווו ניט געקוקט אפ ערנסטע פעלערן ווערט דעם ערשטן מאָל אויפגעהייבן אין א צעוויקלטער פאָרם די פראָבלעם פון סאָוועטישן אפאראט און זײַן ראָלע אין דער רעקאָנסטרוקציע פונעם דאָרף, די פראָבלעם פון ארויסגערוקטן. עס ווערט אָפגעדרוקט ראבינס „בוזי דובינ", א בוך, וואָס קערט זיך עטוואָס אום צוריק, צו דער אופשטעלונג־עפּאָכע, קעדיי אפ איר פאָן באווײַזן די ראָל פון פארטיי אין קאמפ פאר א סאָציאליסטישער ווירטשאפט און דעם קאמפ מיט דער טראָצקיסטישער אָפּאָזיציע. די דיכטערנס כאנע לעווין און פיא־סיגאָרסקאיא שרײַבן אפ רעקאָנסטרוקציע־טעמעס. גאָדינער־ס „פיגורן אפן ראנד" שטעלן די פראגע וועגן איבערבוייונג פון דער פסיכיק בא די דעקלאסירטע און בא דער אינטעליגענץ אינעם רעקאָנסטרוקציע־פעריאָד. דיזעלבע פראָבלעם וועגן אינטעליגענץ רוקט ארויס כאָטש זייער הילפלאָז, אווראָם קאהאן אין זײַן בוך „אינטעליגענץ". עס שרײַבט זײַן נײַע ווערק „דנעפּרבוי" כאים גילדין—אויך אפ דער רעקאָנסטרוקציע־טעמע א.א.וו. א.ד.ג.

מיר באקומען א ריי ווערק וועגן דער סאָציאליסטישער רעקאָנסטרוקציע פונעם דאָרף. עליע גאָרדאָן גיט זײַן בוך „בוריאן", ווו עס איז ווי א וויכטיקע פראָבלעם ארויסגעשטעלט דער קאמפ קעגן באלעגופ אינעם ייִדישן דאָרף. עס דערשײַנט נאָטע לוריעס „דער סטעפּ רופט", וואָס מאָלט די איבערברוכן צו קאָלעקטיוויזאציע און דעם אָנגריפ אפן באלעגופ אין די אָרעמע און מיטעל־פויערישע שיכטן בײַסן פעריאָד פון דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאציע און ליקווידאציע פונעם באלעגופ.

באזונדערס סימפּטאָמאטיש איז דער פאקט, וואָס מיר האָבן שוין אין לויף פונעם פינפיאָר א ריי דערשײַנונגען, וועלכע באווײַזן, אז די מיטלויפער, וואָס בויען זיך שטארק איבער, טוען דאָס טיילווײַז אויך אפ דעם מאטעריאל פון רעקאָנסטרוקציע. זײַן ערשטן בוך אין סאָוועטנפארבאנד האָט קולבאק אָנגעשריבן „זעלמעניאנער"— ווו די הויפּט־אקס איז סאָציאליסטישע רעקאָנסטרוקציע פון דער מיטלבירגערלעכער האָרעפאשנער סוויווע. בא אלע רעשטן פון מיסטישן ראָמאנטיזם איז עס א בוך, אין וועלכן דער שרײַבער מאכט דעם ערשטן גרויסן שריט צו באפרײַען זיך פון זײַן אלטער פארגאנגענהײַט. מארקיש שרײַבט אָן זײַן בוך „ניט געדײַגעט", וואָס שטעלט די אופגאבע צו שילדערן די רעקאָנסטרוקציע פון ייִדישע האָרעפאשניקעס אין דער לאנדווירטשאפט און איז בא אלע נאציאָנאליסטישע אָפּוועגונגען א פּאָזיטיווע דערשײַנונג. קוויטקאָ שרײַבט זײַן בוך „טראקטער־צעך", ווו דער צענטער איז דער כארקאָווער טראקטאָר־זאוואָד. דאָברושין שרײַבט אָן זײַן פּיעסע „אפן 62־טן", וואָס ליגט אויך אפן שליאך צו פרוּוון דערזען ריכטיק, אין סאָוועטישן באנעם, די קלאסן־קאמפן אין דער ייִדישער סוויווע בײַסן פעריאָד פון דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאציע. אָרלאנד קומט ווידער מיט א טעמע וועגן נאצפּאָליטיק אפן יעסאָד פון רעקאָנסטרוקציע אין ראָמאן „אנלאָזעראס". א.א.וו. א.ר.ג. וואָס איז דאָס פאר א צייכן? דאָס איז דער צייכן פון איבערבויונג, פון שטעלן זיך אינגאנצן אפ דער פּלאטפאָרם פון סאָוועטנמאכט און סאָציאליסטישער בויונג ניט בלויז סוביעקטיוו, נאָר אויך אין דער פּראקטישער ארבעט, דורכן פארשארפטן אינטערעס צו *אקטועלע* פּראָבלעמעס פון סאָציאליסטישער בויונג.

פון די אָנגעצייכנטע שטריכן זעען מיר שוין א גאנץ־באשטימטע איבערגרופּירונג פון די קרייזן אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור, אן איבערגרופּירונג, בײַס וועלכער סײַ קוואנטיטאטיוו, סײַ קוואליטאטיוו רוקט זיך ארויס אין פאָדערגרונט דער קאדער פון די פּראָלעטארישע שרײַבער, בײַס וועלכער עס רוקן זיך איבער נענטער צום פּראָלעטאריאט אלץ מער די מיטלויפער, וואָס שטעלן זיך אין דינסט פונעם סאָציאליזם. דאָס באשטעטיקט גלענצנדיק דעם געראנק פון דער אפרעל־באשטימונג פון צ.ק. אל.ק.פ.(ב) וועגן

גראנדיעזן וווקס פון דער ליטעראטור אין פ.ס.ס.ר. אין דעם איז אויך שולדיק דער פאקטער, וועלכן מיר האָבן צום באדויערן ניט באמערקט: וואָס די קאדרעגן שרײַבער, וועלכע האָבן פריִער שווער זיך באוועגט, זײַנען אוועקגעגאנגען פאָרויס אין זייער מיטספילן דער סאָציאַליסטישער בויונג. מיר, די אָנפירנדיקע קאדרען פון די יידסעקציעס, האָבן עס ניט דערשאצט און ניט געמאכט דערפון באצײַטנס די געהעריקע אויספירן.

וועגן דער דערנענטערונג פון די געוועזענע מיטלויפער צו דער סאָציאַליסטישער בויונג רעדט סײַ דער שוין דערמאָנטער שטריך פון ארבעטן אף רעקאָנסטרוקציע-טעמאטיק, אזוי אויך דאָס דערשײַנען פון א ריי ווערק, כאָטש ניט געקוקט אף דעם, וואָס דירעקט זײַנען זיי ניט פארבונדן מיט דער רעקאָנסטרוקציע, זײַנען זיי אָבער דאָקומענטן פון איבערבוך, פון דערנענטערונג צו דער פארטיי, פון איבערשאצן און איבערבאהערשן בורזשואזע און קליינבירגערלעכע אײַנפלוסן און רעשטן, טאקע אפן פאָן פון סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע. דערצו קען מען ברענגען א ריי בײַשפילן אויסער די אויבנדערמאָנטע ווערק פון מארקיש, קולבאק, קוויטקאָ א. אנד. מע קען דערמאָנען פינינבערגס „די קריגן דויערן", האָפשטיינס א ריי לידער, האלקינס זאמלונג „אף א נײַעם פונדאמענט", אקסעלראָדס זאמלונג „לידער", דעם ניסטערס פרווו צו איבערבויען זיך דורכן אקטועלן „אָטשערק" א. אנד.

ווײַטער דארף מען זיך אָפּשטעלן און באטאָנען א ריי דערשינענע ווערק פארן פערציאָר פונעם ערשטן פינפיאָר, וועלכע זײַנען דירעקט גאָר געווענדעט אין דער געשיכטע. פארבינדן מוז מען זיי מיט דער איצטיקער רעוואָליוציאָנערער פראקטיק דערפאר, ווײַל אין סאך ריידן די דאָזיקע ווערק וועגן באגרײַפן געשיכטלעכע דערשײַנונגען פון א נײַער אונדזעריקער אידייִשער הייך, אזא אידייִשער הייך, צו וועלכער עס האָבן זיך אויפגעהייבן אונדזערע שרײַבער ביים דער רעקאָנסטרוקציע-עפּאָכע. אזא ווערק ווי, למשל, „דושים קופּערקאָפּ" איז סטימולירט געוואָרן דורכן „דריטן פעריאָד". גאָדינערס ווערק וועגן פוילונג פון קאפיטאליזם און וועגן דעם צווישנפעלקערלעכן גורל פון דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע האָט דורכרײַסן, נאָר א שריט פאָרויס איז עס. דאניעלס „יוליס" איז אויך א צייכן פון אויסברייטערן די פערספעקטיוו בא אונדזערע שרײַבער צו באנעמען אין אספעקט פון דער פארטיי-געשיכטע פאָריקע קאמפן, כאָטש „יוליס" איז עטוואָס פארצויגן מיט א נעפּל פון צעווייכנדיקן ראָמאנטיזם. כאשטשעוואצקעס פאָעמע „לעצטער שלאכט" קערט זיך אום צום בירגערקריג, צו שלאכטן פון פערעקאָפּ. ברעגמאנס ביכער „דורך קריג און רעוואָליוציע" גיבן אין דער יידישער ליטעראטור אזא טראקטירונג דער אימפעריאַליסטישער מילכאָמע, וועלכע ליגט אפן וועג צו באנעמען באָלשעוויסטיש דעמדאָזיקן עטאפ אין דער געשיכטע פון קלאסנקאמף. ד. בערגעלסאָנס נײַער גרויסער בוך „באם דניעפּר", ווײַזט אונדז די גרויסע פאָרשריט פונעם שרײַבער צו באגרײַפן אין שײַן פון פראָלעטאריאַט די קלאסן-פארהעלטענישן, וואָס האָבן עקזיסטירט אין דער יידישער סוויווע ביים דעם אָנוווקס פון רעוואָליוציאָנערן קאמף ערעוו דעם 1905 יאָר.

א. א. וו. א. ד. ג.

אָנוווקס פון קאָנקרעטער אקטועלער קלאסן-פראקטיק, פון דער הייבנקײַט און פאטאָס, פון אידייִשער רעוואָליוציאָנערער רײַפקײַט, פון גרעסערער פאראלגעמיינערונג, פון גרעסערע דערגרייכונגען אין דער פאָרמעלער מײַסטערשאפט — ברייטע קרײַזן פון דער סאָוועטישער ליטעראטור זײַנען מיטגעצויגן געוואָרן צו אָט די נײַע הויכן!

עס איז נייטיק אויכ פארצייכענענ די אויסברייטערונג אונ פארטיפונג פונ דער סאָוועטישער יִדישער ליטעראטור „אינ צײַט“ (וואָס עס גייט אויכ אונטער א אידייִשנ צייכנ) מיר האָבנ שוינ איצט א ריי ווערק, אינ וועלכע עס ווערט גענומענ א ברייטערער אָפּשניט פונ א עפּאָכע, ווערק, וואָס ווענדנ זיכ אינ דער געשיכטע, מאכנ רעטראָספּעקטיווע עקסקורסיעס, קעדיי איבערקוקנ, דורכשטודירנ דעם וועג צום אָקטיאבער אונ אפ דעם יעסאָד נאָכ טיפער אופדעקנ די גראנדיעזקײַט פונ דעם איצטיקנ פעריאָד פונ סאָציאליזם.

גלײַכצײַטיק גייט די פארברייטערונג פונ זשאנרענ, וואָס עס מאכט פארשיידנארטיקער אונ פולבלוטיקער די סטיל־גאמע פונ דער יִדישער סאָוועטישער ליטעראטור, בארײַכערט אירע פאָרמ־דערגרייכונגענ אפ דער נײַער אידייִשער אסנאָווע: דער ראָמאנ, דער הומאָריסטישער מאָנאָלאָג, די סקיצע, דער עטיוד („אָטשערק“), די נאָוועלע, דער שארזש, דער פאמפלעט, דער געגראמטער פאָליטישער פעליעטאָנ, די דראמאטורגישע פאָרמ, די אנטי־רעליגיִעזע פאָליטישע ליד, דער געגראמטער לאָזונג א.ד.גל.

דער פעריאָד פונ פארשארפטנ קלאסנקאמפ אונ פארשארפונג פונ קריזיס אינ די קאפּיטאליסטישע לענדער, פונ פיבערהאפטער אינטערווענצ־צוגרייטונג אפנ סאָוועטישנ פארבאנד, האָט פארשארפט די אופמערקזאמקײַט פונ אונדזערע שרײַבער צו דער רויטארמייִשער אונ צווישנפעלקערלעכער טעמאטיק. באזונדערס כאראקטעריסטיש איז, וואָס אפ דערדאָזיקער פּראָבלעם בויענ זיכ אידייִש איבער א ריי אונדזערע שרײַבער, צווישנ וועלכע עס איז דער סאמע טיפּישסטער ז. אקסעלראָד, וועלכנ די רויטארמייִשע שול האָט אנטשיידנ געשטויסנ צו אויסלעבנ מינאָרע יערידיש־קליינבירגערלעכע שטימונגענ אונ אָנשטאָט זיי אופגעוועקט ווארעמע באגײַסטערונג מיט סאָציאליסטישנ לעבנ־סטיל.

אינ קאמפ פאר דער סאָוועטישער ליטעראטור איז, ווי שוינ געזאָגט, אלצ קלאָרער געוואָרנ בא די בעסטע קינסטלער פונ דער עלטער אונ אידייִש־וואקלדיקער אינטעליגענצ די נייטיקײַט פונ איבערבאוואָפענונג אונ דערנענטערונג צו די אידייענ פונ סאָציאליזם. וועגנ דעם רעדט, כוצ אלצ, דער שטריכ פונ דירעקטער אונ אומדירעקטער א. ג. דיכטערישער זעלבסטקריטיק, וואָס איז צו זענ בא א גאנצער ריי קינסטלער—א זעלבסטקריטיק, וואָס באטײַט—איבערבאהערשונג אינ פּראָצעס פונ שאפנ פונ אלטע, ניטפּראָלעטארישע ווירקונגענ, דראנג צום פּראָלעטאריאט. דאָס איז א פאקט. נעמט „באם דניעפּער“ אונ איר וועט זענ, וויפל דיכטערישע זעלבסטקריטיק עס איז דאָרטנ דאָ, ווי דער שרײַבער ברעגעלסאָנ רײַסט מיט דעם בורזשואזנ קלאס, וואָס האָט אים באײַנפלוסט אונ געפּענטעט. דאָס איז ניט א „בריוו אינ רעדאקציע“, וואָס ווערט אנ אנדערש מאָל באגלייט מיט אויסווארטעניש „אפ בעסערע צײַטנ“,—דאָס איז איבערבאוואָפענונג! אָדער די דיכטעריש־זעלבסטקריטישע ארויסטרעטונג האלקינס, אינ דער צײַטונג „אָקטיאבער“, ווענ ער דעקט אופ אינ א לירישער פאָרמ דעם אינהאלט פונ זײַנ פאָריקער געגרײַוזטער שאפונג, אָדער די ארײַנפיר־ליד פונ אקסעלראָדס זאמלונג, אָדער קולבאקס „טשײַלד האראָלד“, ווו זעלבסטקריטיק איז די אקס פונ ווערק א.ד.גל; דאָס איז א רעזולטאט פונ שארפ זיכ א קער טאָנ צו דער סאָציאליסטישער בויונג. דאָס אלצ זאָגט וועגנ רעוואָלוציאָנערנ וווּקס פונ אונדזער ליטעראטור, וועגנ דעם רוק פאָרויס פונ א ריי שרײַבער, וואָס האָבנ אפ זייער פאָריקנ עטאפּ ניט געדינט דער רעוואָלוציע, אָדער געהאט וואקלונגענ אונ אָפּנייגנ אינ זייער ליטעראַרישער שאפונג.

אזוי גייט דער צווייאייניקער פּראָצעס פונ אָנוווּקס אינ דער יִדישער סאָוועטישער ליטעראטור. פונ איינ זײַט די פּראָלעטארישע קאדרענ, וואָס זײַנענ ניט געווענ באלעסטיקט מיט שווערער יערושע פונ דער בורזשואזער קולטור אונ האָבנ פונ אָנהייב אָנ פארבונדנ

זייער גורל מיט דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, קאדרענ, וועלכע וואקסנ אפ קאָנקרעטער סעמאטיק, וועלכע גייענ, זאָל זײַנ מיט באזונדערע בלויזנ, אָבער אינ אַלגעמיינ—מיטנ ריכטיקנ וועג פונ באהערשנ נײַע אידייִש־קינסטלערישע הייכנ, פונ ארײַנקוקנ גלײַכ אינ פּאָנעם ארײַנ דער רעוואָליוציע אונ באזינגענ איר הײַנט אונ מאָרגנ; אונ פונ דער צווייטער זײַט: איבערבאוואָפענונג פונ די קאדרענ פריִער שטארק באײַנפלוסטע דורכ בורזשואזע, נאציִאָנאַליסטישע אונ קלייגבירגערלעכע אידייענ, אנ איבערבאוואָפענונג, וואָס גייט דעריקער דורכ איבערשאצנ די אייגענע פארגאנגענהײַט, דעם דורכגעמאכטנ וועג, אונ אפ דעם גרונט אָפּגעפינענ די באהעפטונג־פעדים מיט דער סאָציִאַליסטישער בויונג, דעם צוגאנג צו דער דירעקטער טעמע פונ דער סאָציִאַליסטישער עפּאָכע. סײַ די ערשטע, סײַ די צווייטע זײַט פונ אָט דעם איינהײַטלעכנ פראָצעס, ריידנ וועגנ די דערפאָלגנ פונעם אָנגריפ פונ סאָציִאַליזם אפנ פראָנט פונ אידעאָלאָגיע אונ קונסט, זיי דערציילנ וועגנ וווּקס פונ דער פּראָלעטארישער ליטעראטור אונ וועגנ דעמ קער צו אונדז אינ די קאדרענ פונ דער אלטער אינ־טעליגענצ.

6

דערדאָזיקער פעריאָד פונעם פינפיאָר גיט א גרויסנ אופשטײַג פונ דער שעפערישער ארבעט פונ אונדזערע יונגע.

דידאָזיקע גרופּע יונגע האָט שוינ מיט רעאלנ קאפּיטאל פארדינט אריבערגעפירט צו ווערנ אינ דעם העכערנ שעפערישנ קלאס. ווענ מע זאָל א קוק טאָנ די פּראָדוקציע, איז לײַכט צו זענ, אז א גרופּע יונגע האָט גענומענ פאנאנדערארבעטנ—פארשטייט זיכ, מיט א פארשיידענעם ניוואָ פונ קינסטלעריש־אידייִשער קוואליטעט—א ריי וויכטיקסטע פּראָבלעמעס, אונ גלײַכצײַטיק איז פארשנעלערט געוואָרנ דער פּראָצעס פונ וווּקס בא יענע פונ אָט דעמ „דאָר", וועלכע האָבנ געליטנ פונ בורזשואזע אונ קלייגבירגערלעכע אײַנפלוסנ.

אָט איז, לעמאָשל, די פּראָבלעמ וועגנ איבערגעבורט פונ דער דעקלאסירטער אונ קלייגבירגערלעכער יוגנט באזונדערס אויסגעטיילט אונ אינ א גרעסערער מאָס באארבעט ווי באם עלטערנ דאָר, דאפקע בא די יונגע פ. סיטאָ אונ עליע קאהאנ. די פּראָבלעמ וועגנ דעם קאָלווירט אינ פעריאָד פונ „גרויסנ איבערברוכ" אונ נאָכ אימ איז אינ צענטער פונ שאפנ בא נאָטע לוריע, שעכטמאנ. אונ אויכ די איבערבויונג פונ מ. ליפשיצ גייט איבער דער ליניע פונ באגרײַפנ דעם פּראָצעס פונ קאָלווירטישער בויונג. מ. הארצמאנ גייט, נאָכ אלע זײַנע דורכרײַסנ, ווײַטער אינ דער טיפ, צו באגרײַפנ די רעוואָליוציע אונ צו רעאליסטיש באנעמענ די עפּאָכע פונ סאָציִאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע. אָליעווסקי ארבעט איבער דער רויטארמייִשער טעמע, וואָס איר, דערדאָזיקער טעמע, זײַנענ געווידמעט א ריי שעפערישע ארויסטרעטונגענ פונ אנדערע אונדזערע יונגע כאווירים. קאמעניעצקי איז געוואָרנ פּאָליטיש פארשארפט אונ זײַנ רעוואָליוציאָנערנ ראָמאנטיזמ רעאליזירט ער איצט אינ גרעסערע אקטועלע טעמעס. יודלסאָנ האָט געגעבנ די פּאָעמע „קאָמבינאט" אונ ארבעט איבער דער טעמע, „מילכאָמע אונ רעוואָליוציע", ווו ער שטרענגט זיכ אָנ געפינענ די דיאַלעקטישע צווישנבאציִונג פונ אָט די קאטעגאָריעס קלאסנ־שלאכטנ. מ. טייפ איז פאר דער לעצטער צײַט געקומענ מיט א גאנצער ריי סאטירישע פּאמפלעטנ, ווו ער פארנעמט זיכ מיט אײַגנארטיקע מיטלענ ארײַפּרײַסנ קאָלערליי מאסקעס פונ דעם קלאסנ־סוינע, אויכ מאלטינסקעס לעצטע אקטועלע לידער א.א.וו. דאָס אלצ באווײַזט א ריי נײַע שטריכנ, וואָס אונדזער „יונגע פאלאנגע" טראָגט ארײַנ אינ דער סאָוועטישער יידישער ליטעראטור.

די צווייטע העלפט פונעם פינפיאָר האָט אינ דער סאָוועטישער ליטעראַטור געגעבנ א נײַעם צושטראָם פונ קויכעס,—דעם רופ פונ ארבעטער־שלאָגלער. דאָס איז א וועלטענע דערשײַנונג, וואָס וואָרצלט טיפ אינ די אלגעמיינע באדינגונגענ פונ סאָציאַליסטישנ וווּקס אינ אונדזער לאנד. עס גייט ניט אינ דעם, וואָס איינצלנע ארבעטער זײַנענ געקומענ אינ דער ליטעראַטור־שאפונג. ארבעטער־שרײַבער זײַנענ אויכ פריִער געווענ. דעריקער איז, וואָס עס זײַנענ געקומענ מאסנ. דאָס איז מעגלעכ געוואָרנ בלויז אדאנק דעם אויסגעוואקסענעם ניוואָ פונ קולטור־רעוואָליוציע אינ לאנד. מעכאַליִנכנ, קרילנגרעבער, בויער שוסטער, שנײַדער, שווארצארבעטער זײַנענ געקומענ אינ דער קונסט־שאפונג.

דער ארבעטער־שלאָגלער איז שוינ צום הײַנטיקנ טאָג געוואָרנ ניט אנ עקזאָטישע פיגור „צום ליטעראַרישנ רומל", ווי אנדערע האָבנ עס אופגענומענ, נאָר א בארעכטיקטער אָנטיילנעמער אינ דער ארבעט, א שעפער.

די ארבעטער־שלאָגלער־באַוועגונג פאָדערט פארשטארקטע אָנפירונג אונ הילפ, אנ איגדיווידועלנ צוגאנג, פילבארקײַט, קאָנקרעטע אָנווײַזונגענ. פאראנ שוינ א ריי ארבעטער־שלאָגלער, וואָס פאָדערנ מע זאָל קומענ באשטימענ זייער אָרט אינ דער ליטעראַטור, מע זאָל וועגנ זיי ריידנ ניט אינ „קאָלהאנאָרים", נאָר באזונדער אונ דעטאל. צו די פאָדערשטע אינ דער ריי פונ די פײַקסטע ארבעטער־שלאָגלער געהערנ אועלכע, ווי דאָבינ, פאליאנקער, קאמינער, באליאסנע, גוטערכאנ אונ אנד.—אינ אוקראַיִנע; דעכטיאר, רווע רייזינ, קאָצאָוויטש, באָטווינִיק, שוועריק, ריווקינ אונ אנד.—אינ ווײַסרוסלאנד, א ריי כאַווירים אינ מאָסקווע—טעלעסינ אונ אנד.

די טאלאנטפולע ארבעטער־שלאָגלער ברענגענ אינ אונדזער ליטעראַטור די פרישע פראָדוקציר־טעמע, עס איז ניטאָ אינ זייערע ווערק די וויל־באַווּסטע אינטעליגענטישע נאָגעניש, עס איז דאָ דער באַוווּסטזײַנ פינ קלאסנ־ציל געווענריסקײַט, קלאסנ־דראנג, פונ סאָצגעוועטישנ ענטוזיאַזם. עס גיט א בליצ אופ א בילד, א פארגלײַכ, א וואָרט, וואָס דו האָסט אים נאָכ אינ דער ליטעראַטור ניט געזענ. די זאַכ איז דאָ, פארשטייט זיכ, ניט אינ דעם, וואָס די יונגע שלאָגלער האָבנ זיכ אויסגעלערנט „טעכנישע סוידעס". די זאַכ איז אינ דעם, וואָס די יונגע ארבעטער־שלאָגלער ברענגענ ארויס, אָפט אומבאַוווּסטזיניק אונ סטיכיש, די קינסטלערישע פאראלגעמיינערונג פונ דעם ארבעטערס רעוואָליוציאָנערער דערפארונג אפ יענער שפראַכ אונ אינ יענעמ בילדער־אויסדרוק, וואָס אנטשטייט אינ די מיליאָניקע מאסנ פונ ארבעטער סאָציאַליסטישע בויער. דידאָזיקע באַוועגונג האָט שוינ אינ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור זיכ אנטפלעקט מיט קינסטלערישער קראפט!

* * *

אזוי איז אָנגעוואקסנ יענע נײַע קוואליטעט, וואָס איר גרויסנ נײַעם אופשוווּנג האָט נאָכמער דערמוטיקט די אפרעל־באשטימונג פונ צ. ק. אל. ק. פ. (ב), וועלכע האָט ליקווידירט די „ראפפ־וואָפּפ"־אָרגאניזאציעס, וואָס זייערע ראמענ זײַנענ שוינ געוואָרנ שמאָל אונ האָבנ אָנגעהייבנ ווערנ א טאָרמאָז פאר דעם ווײַטערדיקנ וווּקס פונ דער סאָוועטישער ליטעראַטור־שאפונג. צו אָט דעם נײַעם עטאפ איז די גאנצע סאָוועטישע ליטעראַטור, אינ דעם די ייִדישע, געגאנגענ דורכ שארפע קלאסנ־קאמפנ. קעדיי באשטעטיקנ דאָס, איז גענוג צו דערמאָנענ א ריי ארויסטרעטונגענ מיטנ צייכנ פונ רעכטער געפאר (נויפעלוריעס „אונטערנ ראָר", האלקינס „רוסלאנד" אונ אנדערע ענלעכע לידער, אווראָם

קאַהאַנס „דער ווילנער גאָיענ האָט דערזען", שעכטמאַנס פֿאָריקער ביכל דערציילונגען, יערידע־שטימונגען אין אַ רײַ לידער פֿון דער יוגנט א. ד. גל.) און — פֿון דער צווייטער זײַט — לינקיסטישע, לאַקירנדיקע אַרויסטרעטונגען (מווישע טײַטשס בוך און אַנד.); נאַציאָנאַליסטישע און טראָצקיסטישע מאָמענטן בײַ פֿעלדמאַנען, רעכט־אָפּאָרטוניסטישע און נאַציאָנאַליסטישע האַנאָכעס בײַ ליטוואַקאָוון, נוסינאָוון, עפּשטיינען, עלעמענטן פֿון פֿלעכאַנאָווישע און דעבאָרינישע ווירקונגען בײַ בראָנשטיינען, מעכאַניציסטישע און לינקיסטישע טאָמענטן אין דער קריטישער אַרבעט פֿון דעם אווטער פֿון דידאָזיקע שורעס, וווּלגאַריזאַטערישע און סכאָלאַסטישע מאָמענטן בײַ וועוויאָרקען, לינקיסטישע מאָמענטן באַם כ' פֿעפֿער א.ד.גל. וויכטיק איז דאָ אונטערצושטרײַכן, אַז אינעם צעוויקלטן קאַמף קעגן די קלאַסן־פֿײַנטלעכע אַרויסווײַזונגען און קעגן די רעכטע און „לינקע" דערשײַנונגען, זײַנען אַרויסגעטראָטן ניט איינצלנע, נאָר עס זײַנען דערויף מאָבילידירט געוואָרן די מאַסן סאָוועטישע שרײַבער, וואָס זײַנען אַזויאַרום דערצויגן געוואָרן אין פּאַרטייִשן גײַסט. דאָ האָבן אַ באַדײַטנדיקע ראָלע געשפּילט די „אַפּפּ"־אָרגאַניזאַציעס, כאָטש גאַנץ אָפֿט איז דורך דידאָזיקע אָרגאַניזאַציעס, באַזונדערס פֿאַרן לעצטן פּעריאָד, פֿאַרקריפּלט געוואָרן די מאַסן־אַרבעט און עס האָט אַ באַדײַטנדיקע ראָל געשפּילט די גרופּירונג־פּאָליטיק.

7

וואָס פֿאַר אַן אָרט האָט זיך דערוואָרבן די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור־קריטיק אין משך פֿון אָנדערהאַלבן צענדליק יאָרן פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור?

וואָס האָבן מיר פֿאַרמאָגט אין די ערשטע יאָרן?

עס גייען אַרויס אין יענע ערשטע יאָרן בלויז אייניקע נאַציאָנאַליסטישע און פֿאָרמאַליסטישע ביכלעך. מע שרײַבט דעמלט נאַצמענשעוויסטישע אַפּאָלאָגעטישע אַרטיקלען וועגן דעם ניסטעריש־מיסטישן נוסעך. גלײַכצײַטיק זײַנען אין יענעם פּעריאָד צעוואָרפֿן איבער דער קאָמוניסטישער פּרעסע אַ רײַ פּרוּוון צו מאַרקסיסטיש אַנאַליזירן ליטעראַטור־דערשײַנונגען.

די פּאַרטיי האָט אָבער געבויט די קריטיק ביכלאַל און אויך די ייִדישע. פּונקט ווי די גאַנצע ליטעראַטור, אַזוי האָט די יונגע מאַרקסיסטיש־לענינישע קריטיק ניט געוואַרט. די יונגע ייִדישע מאַרקסיסטיש־לענינישע קריטיק איז געוואַקסן אין אוקראַיִנע, אין מאָסקווע און אין ווײַסרוסלאַנד, עס זײַנען געשאַפֿן געוואָרן ליטעראַריש־קריטישע צענטרען סײַ אין די אינסטיטוטן, אַזוי אין די זשורנאַלן און בײַ די טעגלעכע צײַטונגען פֿון די באַזונדערע רעפּובליקן.

דאָס אַלץ איז ריכטיק און מע טאָר ניט ניט דערשאַצן סײַ דעם וווּקס פֿון די קריכעס, סײַ דעם ווידערשטאַנד דעמדאָזיקן וווּקס מיצאַד די אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטן.

וואָס פֿאַר אַ פֿעלערן זײַנען געווען אין אונדזער קריטיק?

מיר האָבן אין אַ גרויסער מאָס פֿאַרמאָגט ברען, דראַנג, לײַדנשאַפֿט, פּייִקײַט פֿאַר פֿאָרמולירן פֿאָדערונגען, פֿילבאַרקײַט צו קלאַסנקאַמף, איבערגעגעבנקײַט דער פּאַרטיי, נעפֿיל פֿאַר מאַסאָווישקײַט, סיגע צו פֿרעמדע טעאָריעס — אָבער עס איז נאָך ניט געווען גענוג די מאַרקסיסטיש־לענינישע באַוואָפֿנטקײַט פֿון אַלע קאַדרען, עס זײַנען געווען פֿעלערהאַפֿטע טעאָרעטישע האַנאָכעס (זע אויבן), מיר האָבן אָפֿט דעם דערציִערישן געפֿיל פֿאַרביטן מיט אַדמיניסטרירונג. לאָמיר זאָגן אָפֿן: דער מאָנאָפּאָליזם פֿון אייניקע אין דער

ליטעראטור־קריטיק אונ אלע אנדערע „מיילעס“ פונ דעמ אָ מינ, האָבנ זיכ אינ באזונדערע פאלנ צונעקלעפט צו יענע קריטיקער, וועלכע זיינענ געגאנגענ מיט די בעסטע פארטייִשע קאוואָנעס דאָס ארונטערייסנ. עס איז באזונדערס שטארק געווענ דער עלעמענט פונ גרופּי־רונג אונ די „יארליק“־סיסטעמ. אָט דער שאָטנ, וואָס איז געפאלנ אפ דער גאנצער „ראפּפּישער“ באוועגונג פונ לעצטנ פעריִאָד ביז דער באשטימונג פונ צ.ק. אל.ק.פּ.(ב), איז געלעגנ אפ אונדזער קריטיק אונ האָט פארשווערט די ארבעט פונ דער קריטיק צו סיסטע־מאטיש אונ ריכטיק מיטהעלפנ די שרייבער, וואָס גייענ, אונטער דער אָנפירונג פונ פארטיי, זיכ באטייליקנ אינ סאָציִאליסטישער בויונג.

איבער אָט דעמ מינ קריטיק שלאָגט די באשטימונג פונ צ.ק. פונ 23־טנ אפּרעל. די באשטימונג פאָדערט פונ דער ליטעראטור־קריטיק ניט נאָר אויסלעבנ אָפּאָרטוניזמ אונ ביכלאל פאלשע וועגנ—זי פאָדערט אויכ פארענדיקנ מיט זעלבסטפארליבטקייט, קאָקעטירנ־דיקער פלאכקייט אונ „דעמבענער“ אָנפירונג.

צי האָט די קריטיק דערגרייכונגענ? יאָ, זי האָט, בא אלע אירע פעלערנ. דידאָזיקע דערגרייכונגענ גייענ אינ א גרויסנ טייל אפּנ כעזשבנ פונ דער „ראפּפּ“־קריטיק אינ אלע ליטעראטורנ אונ אויכ אינ דער יידישער. בא דער גאנצער אָנפלייצונג פונ „שטעקנ־פּאָליטיק“ איז דאָכ דידאָזיקע קריטיק געהאָדעוועט געוואָרנ אונטער דער אָנפירונג פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי אונ האָט זיכ פארהארטעוועט אינ קאמפּ מיט טראָצקיסטישע, רעכט־אָפּאָרטוניסטישע, עסטעטיש־פאָרמאליסטישע, ליטפראָנטיש־אָפּאָזיציִאָנעלע, פלעכאנאָוויש־דעבאָרינישע עלעמענטנ. דאווקע מיט איר האָט די פארטיי ניט איינמאָל זיכ פארנומענ, צו איר האָט די פארטיי ניט איינמאָל געשטעלט פאָדערונגענ, ווי צו אנ אויספאָרמירונג, וואָס עקזיסטירט אינ דעמ ליטעראטור־געביט, מיט דער אופגאבע צו דערציִענ פּראָלעטאַרישע קאדרענ אונ באקעמפנ בורזשואזע ווירקונגענ. דאָכ האָט אָבער אונדזער קריטיק ניט באוויזנ זיכ איבערבויענ מיט די געהעריקע טעמפּנ סיי פריִער, סיי נאָכ דער אפּרעל־באַשטימונג פונ צ.ק. אל.ק.פּ.(ב).

אינ דער אלפארבאנדישער ליטעראטור האָט די אפּרעל־באשטימונג פונ צ.ק. אל.ק.פּ.(ב) געטראָפנ אזא לאגע, אז עס זיינענ שטארק צעקלאָפּט די טראָצקיסטיש־פּערעוואליש־פּערעווערזעוויִשע אונ דעבאָרינישע טעאָריעס אונ טעאָריעלעכ. די באשטימונג האָט געטראָפנ אויכ אזא לאגע אינ דער יידישער סאָוועטישער ליטעראטור, מיט אייניקע קאָרעקטיוונ אונ צוגאָבנ אפּנ כעזשבנ פונ די „נאציִאָנאלע באזונדערקייטנ“ פונ אָט דער ליטעראטור. בא אונדז איז גלייכצייטיק מיטנ קאמפּ קעגנ די אויבנאָנגערופענע טעאָריעס געגאנגענ דער קאמפּ קעגנ די „באזונדערקייט“־טעאָריעס וועגנ דער יידישער ליטעראטור, ווי א ליטעראטור פונ קליינבירגער, וואָס קענ זיכ ניט איינשליסנ אינ שטראָמ פונ סאָציִאליזמ; דער קאמפּ קעגנ פאלשנ באנעמענ די נאציִאָנאלע פּראָבלעמ, א.ד.ג.—די אלע קאָנצעפּציעס, וואָס האָבנ געגעסט אינ אונדזער ליטעראטור, די אלע אנטפּלעקונגענ פינ נאציִאָנאליזמ אונ רעכטער געפאר, ווי אויכ אלע מינימ „לינקיסטישע“ אָפּנייגנ אונ קנייטשנ.

אונדזער קריטיק קענ פארצייכענענ, אז צומ 15־טנ יאָרטאָג פונ דער אָקטיאבער־רעוואָ־ליוציע האָט זי פארסאכאקלט א היפּשנ קאמפּ מיט די אנטי־לעניניסטישע טעאָריעס אונ האָט גענומענ באארבעטנ א ריי וויכטיקע אקטועלע ליטעראטור־פּראָבלעמעס. אונדזער קריטיק ארבעט אפּ דער פּראָבלעמ פונ פאָרמ אונ אינהאלט אפּ דער באזע פונ דעמ רייכנ טעאָרעטישנ אויצער פונ מארקס—לענינ—סטאלינ. עס ווערט שטארקער די קאָנקרעטע קריטיק. עס איז שוינ פאראנ א באשטימטע אָרגאניזירטע אונ פּלאנמעסיקע וויסנשאפטלעכע ארבעט, ווי

שרײַבער־אונ קריטיקער־קאדרענ ארבעטנ צוזאמענ. מיר האָבנ שוינ אָנגעהייבנ פאר דער באשאפונג פונ א געשיכטע איבער דער 15־יאָריקער אנטוויקלונג פונ דער ייִדישער ליטעראטור נאָכ אָקטיאבער. עס הייבט זיכ אָנ א וויסנשאפטלעכע ארבעט (מאָנאָגראפיעס) איבער דער שאפונג פונ באזונדערע באדײַטנדיקע ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער. עס זײַנענ שטארק אויסגעוואקסנ די יונגע קריטיקער אונ די ליטעראטור־וויסנשאפטלעכע קאדרענ—א באדײַטנדיקע דערגרייכונג, וואָס קענ ניט ניט דערשאצט ווערנ. אונ, ענדלעכ—וואָס מע דארפ ניט פארבײַגײנ—עס איז גרעסער געוואָרנ די אופמערקזאמקײַט פונ אונדזערע קריטיקער־קאדרענ צו דעם, וואָס עס קומט פאָר אינ דער ייִדישער ליטעראטור אפ יענער זײַט גרענעצ, גלײַכצײַטיק מיטנ וווקס פונ אינטערעס צו היסטאָרישע פראָבלעמעס. דאָס רעדט וועגנ אויסברייטערונג פונ האָריזאָנט, וועגנ פארשטאנד פאר פערספעקטיוו אונ געפיל פאר געשיכטע.

דער בילד פונ אונדזער קריטיק איז אָבער ניט אזא, אז מיר זאָלנ זיכ קענענ בארויִקנ. די קאָנסאָלידאציע איז דאָ נאָכ ניט דערגרייכט אונ עס זײַנענ נאָכ ניט אויסגעלעבט די פאלשע מיינונגענ, אז מע קענ דערגרייכנ קאָנסאָלידאציע דורכ קעגנזײַטיקער אמניסטיע, אז צוליבנ קאמפ קעגנ גרופנ־פּאָליטיק דארפ מענ קלוימערשט אָפּטרעטנ פונ פרינציפּנ. די קריטיק איז איצט דער אמערסטנ באדראָטער באצירק אינ דער ליטעראטור. אָבער אינ דעם אקטיוונ באלאנס פונ די 15 יאָר אָקטיאבער האָט אויכ די ייִדישע מארקסיסטיש־לענינישע קריטיק איר וואָרט געזאָגט. אונ דעריקער איז, וואָס זי איז, ווי אונדזער גאנצע ליטעראטור, רײַכ מיט פּאָטענצ, ווײַל ניט די געוויסע אָפּגעשטאנענקײַט אירע איז דער צייכנ, אונטער וועלכנ עס גייט די ייִדישע ליטעראטור־קריטיק אינ פ.ס.ס.ר., נאָר פארקערט: דער אָנסאָפּעקדיקער גרויסער וווקס פונ די קאדרענ. וועגנ דעם דערציילנ די פּאָרטפעלנ פונ די פארלאגנ אונ זשורנאלנ, די ארבעטנ פונ די וויסנשאפטלעכע אנשטאלטנ, באזונדערס די פּראָדוקציע אונ טעטיקײַט פונ דער ליטקאָמיסיע באמ ייִדסעקטער פונ דער ווײַסרוסישער וויסנשאפט־אקאדעמיע, די אָפּגעדרוקטע ביכער־קריטיק א.ד.גל.

8

אינ א גרויסער מאָס האָט אינ דער ייִדישער ליטעראטור, ווי אינ דער אלגעמיינער, מיטגעהאָלפנ דעם ארײַנטריט אינ דער נײַער עפּאָכע, וואָס איז געעפנט געוואָרנ מיט דער אפּרעל־באשטימונג פונ צ.ק. אל.ק.פּ.(ב) — די ארבעט אינ צוזאמענהאנג מיט כ׳ סטאלינס היסטאָרישנ בריוו אינ רעדאקציע „פּראָלעטארסקאיא רעוואָליוציא”.

ווי ווייניק עס איז ניט געווענ אונדזער ארבעט אינ צוזאמענהאנג מיט כ׳ סטאלינס היסטאָרישנ בריוו אינ רעדאקציע פונ „פּראָלעטארסקאיא רעוואָליוציא”, וועט דאָכ זײַנ ניט ריכטיק, אויב מע וועט זאָגנ, אז דערדאָזיקער דאָקומענט האָט געווירקט אינ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור אומבאדײַטנדיק. ניינ. דער בריוו פונ כ׳ סטאלינ האָט קאָלאָסאל מיטגעהאָלפנ דער זעלבסטקריטיק אונ דער דיִאלעקטיש־מאטעריִאליסטישער אנטוויקלונג פונ אונדזערע שרײַבער אונ קריטיקער, פונ אלע די, וועלכע דענקענ אונ ווילנ דענקענ אינ גײַסט פונ דער פּארטיי אונ פונ דער באָלשעוויסטישער זעלבסטקריטיק.

אינ צוזאמענהאנג מיט כ׳ סטאלינס בריוו אינ רעדאקציע „פּראָלעטארסקאיא רעוואָליוציא” האָבנ מיר געהאט א באשטימטע כוואליע פונ זעלבסטקריטישע ארויסטרעטונגענ אינ אונדזער פּרעסע אונ אפ פארזאמלונגענ. דער כ׳ ליטוואקאָוו איז דאנ ארויסגעטראָטנ מיט די 21 פּונקטנ וועגנ זײַנע אָפּאָרטוניסטישע האנאָכעס אונ אײַנשטעלונגענ אינ דער

ליטעראַטור־פּאָליטיק. עס זײַנען דאַנ צעהייקלט קריטיקירט געוואָרנ די פעלערנ אינ מײַנ ליטעראַריש־קריטישע אַרבעט אָפ אַ ספּעציעלנ אָוונט, אָרגאַניזירט דורכ דעמ יידסעקטער פונ דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע. עס זײַנען קריטיקירט געוואָרנ די פּלעכאַנאָווישע פעלערנ אינ כ׳ בראָנשטיינס בוכ „אַטאַקע”. אינ דעמ קיעווער יידישנ אינסטיטוט זײַנען דאַנ דורכגעגאַנגענ אַ ריי אָוונטנ, וואָס האָבנ געהאַט דעמ ציל צו דורכקוקנ, באַם שײַנ פונ כ׳ סטאַלינס בריוו, די פּאָליטישע פעלערנ אונ קאָנצעפּציעס אינ דער ליטעראַטור אונ קריטיק. אָפ אַ ריי שרײַבער־פאַרזאַמלונגענ (אינ מינסק אונ אַנד. שטעט) זײַנען אַנאַליזירט געוואָרנ קריטישע אונ קינסטלערישע ווערק, וואָס באַרירנ פּראָבלעמעס פונ דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג א.א.וו.

די אַפּרעל־באַשטימונג פונ צ.ק. אל.ק.פּ.(ב) האָט ווײַטער מיט נײַער קראַפט באַוואָפנט אונדזערע קינסטלער פאַר די נײַע אויפגאַבנ, וועלכע עס שטעלט אַרויס דער איצטיקער העכערער עטאַפּ פונ סאָציאַליסטישער בויונג, דער עטאַפּ, וועלכער כאַראַקטעריזירט זיכ מיט דעמ, וואָס דער סאָוועטנפאַרבאַנד האָט זיכ ענדגילטיק פאַרפעסטיקט אָפ סאָציאַליסטישע פּאָזיציעס, דעמלט, ווענ פּאַראַלעל ליידט דורכ די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעמ אַ גוואַלטיקנ קריזיס אונ איר צײַטווײַליקע סטאַביליזאַציע האָט זיכ פאַרענדיקט. וווּלגאַריזאַטאָרנ אונ אָפּאָרטוניסטנ פּרוּווּנ דעמאָזיקנ היסטאָרישנ דאָקומענט פונ פּאַרטיי אויסטײַטשנ, ווי אַ שמאָל־אָרגאַניזאַציאָנעלנ אַקט. אָבער די גרונט־מאַכנ סאָוועטישע שרײַבער, אינ דעמ די יידישע, האָבנ ריכטיק פאַרשטאַנענ די פאָדערונגענ פונ דער פּאַרטיי, וואָס זײַנענ אינ דער באַשטימונג געווענ פאָרמולירט.

דעמאָזיקנ ריכטיקנ באַגרײַפנ די באַשטימונג פונ צ.ק., ווי אַנ עטאַפּ־דאָקומענט, ווי אַ פּרינציפּיעלע דירעקטיוו, אונ ניט בלויז, ווי אַנ אָרגאַניזאַציאָנעלנ „פּסאַק־דינ”, האָבנ מיר געקענט זענ אינ אַ ריי אַרויסטרעטונגענ פונ יידישע סאָוועטישע שרײַבער באַ אונדז אינ דער פּרעסע אונ אָפ פאַרזאַמלונגענ. דאָס הייסט ניט, אַז עס איז פאַר אַלעמענ גלײַכ געווענ קלאָר, אַז מע דאַרפ מאַכנ אַ נײַעמ קער, אַז מע דאַרפ אַנטשיידנ צעברעכנ די נעגאַטיווע „ראַפּפּ”־טראַדיציעס אונ ניט טאָפּטשענ זיכ אָפ אַנ אָרט, פאַרלויבנדיק די רומפולע בלעטלעכ פונ דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור־באַוועגונג. ניט אַלע האָבנ דאָס פאַרשטאַנענ, אַסאַכ פונ די געוועזענע „אַפּפּאָוצעס” האָבנ געוויטיקט, אָדער געבליבנ שטיינ אינ פאַרלעגנהײַט. עס איז אַ פאַקט, אַז עס איז ניט געווענ די געהעריקע איניציאַטיוו צו באַשאַפנ די פאָרמענ פאַר דער דערפאָלגרײַכער אַנטוויקלונג פונ דער אַרבעט צווישנ די יידישע סאָוועטישע שרײַבער: אינ ווײַסרוסלאַנד איז נאָכנ באַשאַפנ פונ אָרגקאָמיטעט אויסגעטיילט געוואָרנ אַ ביוראָ פונ דער יידסעקציע, וועלכע האָט אַנטוויקלט אַ באַשטימטע אַרבעט, אינ מאָסקווע איז די ביוראָ באַשאַפנ געוואָרנ ערשט אינ נאָיאַבער כוידעש אונ אינ אוקראַיִנע איז נאָכ דאָס אויכ איצט ניט דורכגעפירט. דאָס האָט פונדעסטוועגנ ניט אָפּגעהאַלטנ אַנדערע געוועזענע „ראַפּפּאָוצעס” צו גלעטנ זיכ איבערנ בײַכל אונ זאָגנ, אַז באַ זיי איז אַלצ אינ אָרדענונג, מערניט, באַמ שאָכנ אינ שטוב שטייט ניט אַלצ אָפ אַנ אָרט... פאַקטיש איז די לאַגע אַזאַ, אַז עס איז ניט באַפרידיקנדיק געפירט געוואָרנ די איבערבויונג אונ עס איז נאָכ גאָר ווייניק געטאָנ געוואָרנ צו קאָנסאָלידירנ די סאָוועטישע שרײַבער אונ צו פאַרשטאַרקנ די אָנפירנדיקע ראָלע פונ די קאָמוניסטנ אונ די געאייניקטקײַט פונ די קאָמוניסטישע קרײַזעס אינ דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור.

פאַרוואָס האָבנ מיר אַזאַ לאַגע? דערפאַר, ווײַל ניט אומעטומ האָבנ מיר שוינ די פולקומע אַנטוואָפענונג פונ דער גרופּירונג־פּאָליטיק, די אַנטשפּרעכנדיקע קריטיק אונ זעלבסט־

קריטיק. עס זײַנענ פאראנ אפילע אזעלכע כאווײרים, וואָס נאָכ דער באשטימונג פונ צ.ק. אל.ק.פ.(ב), טראָגנ זײ זיכ ארומ מיט כאראָקטע־געפילנ, לעמײַ זײ האָבנ אינ אָרדענונג פונ זעלבסטקריטיק אָנערקענט די אָדער יענע פונ זײערע אָפּאָרטוניסטישע פעלערנ, פונקט ווי די אפרעל־באשטימונג פונ צ.ק. אל.ק.פ.(ב) וואָלט ניט געווענ דער שארפסטער געווער אינ קאמפ מיט אלע מינימ אָפּאָרטוניזמ, ווי זי וואָלט ניט געווענ די קלאָרסטע האסראָע ועגנ אנטוואָפענונג פונ אלע נעגאטיווע מעטאָדנ—פונ גרופנ־פּאָליטיק, סעקטאנטישקײַט, גרויסהאלטערײַ א.ד.גל.

מיר האָבנ נאָכ ניט אונטערגעפירט קײנ גענוגנדיקנ קריטישנ אונ זעלבסטקריטישנ סאכאקל פונ די פעלערנ, וואָס זײַנענ געווענ אינ אונדזער ארבעט. דערדראָזיקער לאסט, וועלכנ מע דארפ ארויסשלײַדערנ, דריקט נאָכ אָפּט אפ אונדז. אײנער פונ די גרונט־פעלערנ איז געווענ—„ראפּפּישע״ פארשלאָסנקײַט, דער מינ נעאָ־פּראָלעטקולטישקײַט, וועגנ וועלכנ עס האָט ריכטיק גערעדט דער כ׳ פאדײעוו. דאָס איז געווענ די געפאר צו בלײַבנ שטײנ מיטנ רוקנ צו די קאדרענ סאָוועטישע שרײַבער, וואָס שטרעבנ דינענ דער סאָציאַליסטישער בויונג, די געפאר פונ דעמ נײַעמ מינ פּראָלעטקולטיזמ, האָט זיכ קעגנגעשטעלט דער מעגלעכקײַט פאר אלטע שרײַבער צו אײַנשליסנ זיכ אינ סאָצבויונג. די „טעאָרעטישע״ פאר־אלגעמײנערונג פאר אזא פראקטיק איז געווענ דער לאָזונג „פארבינדעטער אָדער סוינע״. וו איז דיראָזיקע פאָרמולירונג צושטאנד געקומענ אינ דער ייִדישער ליטעראטור? אויב ניט טעאָרעטיש, האָט זי פראקטיש געהאט אנ אָרט. צו דעמ מינ פעלערנ קענ מענ צורעכענענ דעמ מינ פאָרמולירונגענ, ווענ אינ אונדזערער א רעזאָלוציע האָבנ מיר פארעכנט האלקינענ אלס „דיכטער פונ רעסטאווראציע״, ניט אָפּצײכענענדיק זײַנע סאָוועטישע טענדענצנ, אזויארומ נאָר אָפּשנײַדנדיק אימ דעמ וועג צו אונדז. דאָס באטײַט ניט, אז די ארויסטרעטונגענ קעגנ האלקינס אנטיסאָוועטישע לידער זײַנענ געווענ ניט ריכטיקע—פונקט ווי פעלערנ פונ דער „ראפּפּ״־באוועגונג ביכלאל דעקנ מיט זיכ ניט די אָנסאָפּעקדיקע פארדינסטנ פונ דערדראָזיקער באוועגונג, אזוי איז דער פעלער אינ דער האלקינ־דיסקוסיע ניט קײנ אָפּלײקענונג פונ דעמ פּאָזיטיווע אינהאלט אירנ. אָבער אזעלכע פעלערנ האָבנ געמוזט דינענ ווי א טאָרמאָז פונ אונדזער אנטוויקלונג, אונ עס איז דעריבער געווענ ריכטיק, ווענ מיר האָבנ נאָכ דער באשטימונג פונ צ.ק. אפ א ספּעציעלער פארזאמלונג, געווידמעט כ׳ האלקינס שאפנ, אופּ־געקלערט אינ א צעוויקלטער פאָרמ דעמדראָזיקנ פעלער אונדזערנ.

דאָס איז בלויז א מוסטער ועגנ אײנעמ פונ אונדזערע פעלערנ. דערמיט איז ענג פארבונדנ די קרײַזלדיקײַט אינ אונדזער באוועגונג. צי האָט עקזיסטירט אזא מינ קרײַזל־פּאָליטיק? יאָ, געוויס. מע וואָלט געקענט ברענגענ אסאכ בײַשפּילנ פונ פּרינציפּלאָזע ארויסטרעטונגענ, וועלכע באשטעטיקנ דעמדראָזיקנ פאקט. עס איז גענוג צו דערמאָנענ, וויאזוי בײַמ אונדזער דיסקוסיע וועגנ די אָפּאָרטוניסטישע פעלערנ פונ כ׳ ליטוואקאָוו זײַנענ אנטשטאנענ צראָדימ, זײַנענ אָרגאניזירט געוואָרנ „שטעט״ א.ד.ג. דערזעלבער פעלער איז געווענ אינ דער ארויסטרעטונג פונ זשורנאל „שטערנ״, ווענ ער האָט דערלאָזנ א פּאָליטיש־שעדלעכע אי־בערפלײַצונג וועגנ כ׳ ליטוואקאָוו, אָדער בײַמ כ׳ ליטוואקאָוו האָט דעמ קאמפ קעגנ זײַנע אָפּאָרטוניסטישע אײַנשטעלונגענ דערקלערט, ווי אנ ארויסטריט פונ א „קארליקאָווער ארטעל״.

צי קענ מענ זאָגנ, אז מיר האָבנ אינ דער ייִדישער ליטעראטור באצײַטנס אונ אנטשײדנ אָנגענומענ מיטלענ צו איבערבויענ זיכ? נײנ. ניט געקוקט אפ א געוויסער דערנעענטערונג צו די מיטלויפער אינ באזונדערע פאלנ, אפ א באשטימטנ קאמפ מיט וולגאריזאציע, אפ

א געוויסער מאסנ־ארבעט, איז אָבער די זאכ נית געגאנגענ לויט די אָנווײַזונגענ פונ דער פארטיי אונ פונ דער „פראוודא", באזונדערס אינ דער צײַט פונ דער דיסקוסיע צווישנ „ראפפ" אונ „קאָמסאָמאָלסקאיא פראוודא",—אָנווײַזונגענ, וואָס זײַנענ געגעבנ געוואָרנ דער „ראפפ"־באוועגונג נאָכ א צײַט פאר דער אפרעל־באשטימונג. ערעוו דער באשטימונג פונ צ.ק. האָבנ מיר אומעטום געזענ אקוראט דאָס פארקערטע—א באשטימטע אָפּשוואכונג פונ דער ארבעט פונ די יידסעקציעס, אנ אָפּשוואכונג, וואָס האָט זיכ באזונדערס געלאָזט פילנ, ווענ עס איז געבליבנ הענגענ אינדערלופטנ די פראגע וועגנ דעם אלפארבאנדישנ צוזאמענפאָר פונ יידישע שרײַבער—א זאכ, וואָס איז פאר אנדערע כאווירים געוואָרנ פּאָשעט אנ אידייע־פיקס, אנ איניענ, וואָס האָט בא זיי פארדעקט די שעפערישע ארבעט אונ די גאנצע אקטועלע פראקטיק...

מיר קענענ נית ריידנ וועגנ דעם, אז עס איז נאָכ דער אפרעל־באשטימונג שוינ דורכגעפירט געוואָרנ א באדײַטנדיקע ארבעט, כאָטש מע דארפ נית פארשמירנ דאָס, וואָס איז יאָ אָפּגעטאָנ געוואָרנ. עס איז פאָרגעקומענ אנ איבערבויונג פונ די ליטערארישע זשורנאלנ, וואָס אינ זייערע רעדקאָלעגיעס זײַנענ ארײַנ פראָלעטארישע אונ סאָוועטישע שרײַבער—די לעצטע זײַנענ קימאט אינגאנצנ פארנ לעצטנ פעריאָד נית געווענ אינ דער אָנפירונג פונ די זשורנאלנ. אינ די אָרגקאָמיטעטנ, מיטנ אויסנאַם פונ אוקרײַנע, זײַנענ ארײַנגעפירט געוואָרנ סאָוועטישע שרײַבער צוגלײַכ מיט פראָלעטארישע. דאָסזעלבע—אינ די יידביוראָענ פונ די סעקציעס. די צײַטונגענ האָבנ זיכ געשטעלט אפנ וועג פונ צוציענ די סאָוועטישע שרײַבער, ווידמענ זיי אָרט גלײַכצײַטיק מיט די פראָלעטארישע שרײַבער, אונטערשטרײַכנדיק מיט באזונדערער אופמערקזאמקײַט די דערגרייכונגענ פונ די סאָוועטישע שרײַבער (דידאָזיקע ארבעט האָט מענ שוינ אפילע געוואָלט באצייכענענ ווי ליבעראליזם־אזעלכע „פראָלעטארישע" היצקעפּ זײַנענ נאָכ דאָ אונ דאָרט פאראנג!). עס איז שטארקער געוואָרנ דער צופלוס פונ ווערק אינ די פארלאגנ, די שרײַבער ארבעטנ אינטענסיווער א. א. וו. א. ד. גל.

אָבער דאָס אלצ קענ אונדז נאָכ נית באפרידיקנ. מיר האָבנ נאָכ אלצ גענוג נעגאטיווע מאָמענטנ אינ דער איבערבויונג. עס איז נאָכ נית אויסגעלעבט אינגאנצנ די לינקיסטישע פראָלעט־גײַוועס, עס זײַנענ נאָכ דאָ „ראפּפּישע" רעצידיווג פונ גרופּירונג אונ סעקטאנטישקײַט, פונ רעפּובליקאנישער אָפּגעשלאָסנקײַט, ווו נית חו לעבט מענ נאָכ מיט דעם נעכטיקנ טאָג פונ דער באוועגונג אונ מע וויל נאָכ פארשפּרייטנ אפנ הײַנטיקנ טאָג די קראנקײַטנ פונ דעם דורכגעמאכטנ וועג. גלײַכצײַטיק זײַנענ דאָ עלעמענטנ פונ רעוואנש־שטימונגענ, וואָס גייענ פונ רעכטס: צוגאנגענ אזעלכע, וואָס ווילנ די באשטימונג פונ צ.ק. טײַטשנ, ווי אנ אמניסטיע פונ נית־פראָלעטארישער פארגאנגענהײַט, ווי א קוויטל אפ „פרײַהײַט פונ שאַפונג", אָנ קיינ שום קלאסנ־פאָדערונגענ, ווי א דאָקומענט, וואָס שטעלט דעם געוועזענעם מיטלויפער אינ פאָרערגרונט פונ דער ליטעראטור בלויז דערפאר, וואָס ער איז א געוועזענער מיטלויפער... דאָס אלצ זײַנענ נאָכווייענישנ פונ נית אויסגעלעבטע פאָרשטעלונגענ. דאָס זײַנענ רעשטנ, מיט וועלכע מע דארפ פירנ אנ אנטשיידענעם קאמפּ אפ 2 פראָנטנ. אָבער נית געקוקט אפ די נעגאטיווע דערשײַנונגענ, זעענ מיר, אז אויכ אינ דער יידישער סאָוועטישער ליטעראטור, ווי אינ דער גאנצער ליטעראטור פונ פ.ס.ס.ר., האָבנ מיר אינ די גרונט־קאדרענ דעם גרויסנ באגער צו דינענ דעם סאָציאליזם מיט קאָנקרעטער שאַפונג אונ ריכטיקער פּאָליטיש־געזעלשאפטלעכער ארבעט. מע דארפ האָפנ, אז מיר וועלנ

אין דער ייִדישער ליטעראטור אויך באַקעמפן אַלע שטערונגען אפן וועג צו פארווירקלעכן אין לעבן די אפרעל־באשטימונג פון צ.ק. אל.ק.פ.(ב).

אונדזער אופגאבע איז פארשטארקן די קריטיק און זעלבסטקריטיק, אופדעקן די פאָריקע פעלערן מ י ט נ צ י ל צ ו ב א ו ע ג נ ז י כ פ אָ ר ו י ס. עס זײַנען פאראן איצטער פרווון צו מוסירן און אופבלאָזן פריִערדיקע פעלערן בלויז צוליב דעם ציל פון קאָמפראָמעטירן, עס זײַנען דאָ טענדענצן צו פארשווײַגן און פארמײַדן אזעלכע פאקטן, וואָס באַווײַזן מיט קאָנקרעטער ארבעט, אז בא כאַווײרים און גרופן־טוער גייט אן איבערבויונג אין גײַסט פון דער באשטימונג פון צ.ק. אל.ק.פ.(ב). אנדערש ווי שעדלעך און פאלש קען מען ניט אָנרופן אזא צוגאנג. דעריקער איז איצט אין קאָנקרעטער ארבעט, אין א גרויסער מאסן־ארבעט, אין הילף און שטיצע די סאָוועטישע שרײַבער־קאדרען, אין באַזונדערס־וואַרעמער באציִונג צו דער יוגנט און צו די קאדרען ארבעטער־שלאָגלער, אין אופמערקזאמקײַט צו די ליטקרײַזן אף די אונטערנעמונגען.

די אפרעל־באשטימונג פון צ.ק. אל.ק.פ.(ב). ווענדעט אונדז צו איבערקוקן די פראגן וועגן די סטיל־פאָדערונגען, וואָס מיר שטעלן ארויס צו דער ליטעראטור, וועגן די לאָזונגען, וואָס מיר גיבן אין דעם געביט.

א י נ ד ע ר ט י ף! הויכע קוואליטעט, אָנגעשטרענגטע ארבעט אף דער טעכניק, אף פאָרם—אף דער באזע פון קאמף פאר לענינישן וועלט־באנעם! דאָס איז א גרונט־אופגאבע. דאָס לאנד פון סאָציאליזם פאָדערט פון אירע קינסטלער עס זאָל באוויזן ווערן עמעסדיק דער גאנצער בילד פון אונדזער גרויסער רעוואָליוציאָנערער צײַט. פאר סאָציאליסטישן רעאליזם—דאָס איז דער לאָזונג אין אונדזער איצטיקן קאמף פאר דעם שעפערישן מעטאָד. באווײַזן עמעסדיק די סאָציאליסטישע בויונג, באווײַזן זי בוילעט, פול, אלזײַטיק. עס ווערט דערמיט ניט לימיטירט די פאָרם, עס ווערט דערמיט ניט דורכגעיאָגט אין דעקרעטיוון סיידער דער רעוואָליוציאָנערער ראָמאנטיזם, פארשיידענע אנדערע שטרעמונגען, וואָס קענען זײַן פרוכטבאר באם לייזן רעוואָליוציאָנערע פראָבלעמעס. אָבער עס איז מיטן לאָזונג „סאָציאליסטישער רעאליזם״ געגעבן די אָריענטאציע פאר אונדזער ווײַטערדיקן וועג. און לויט אלע סימאָנים קענען מיר פאָרויסזען, אז די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראטור, וועלכע האָט א גרויסע צאָל שרײַבער, וואָס דער רעאליזם איז געלעגן אין גרונט פון זייער מעטאָד, ווי אויך אזעלכע, וואָס האָבן דעם רעוואָליוציאָנערן ראָמאנטיזם אויסגענוצט פאָזיטיוו באם באווײַזן אונדזער עפּאָכע—וועלן דערפאָלגרײַך קעמפן פאר דעם נײַעם לאָזונג אין דער ליטעראַרישער שאפונג.

9

די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראטור, וועלכע האָט נאָך פיל צו האָרעווען, קעדיי דערגרייכן די הייכן פון מאגניטבויען, קעדיי צו דערגרייכן די גרויסע פאָרם־רײַכקײַטן פון די קלאסיקער, געקייפלט אף לענינישער אידײַשקײַט, האָט שוין באוויזן בוילעט איר פאָרשריט קעגן די קליינבירגערלעכע און בורזשואזע אָטריאדן פון דער ייִדישער ליטעראטור אין אויסלאנד: אש, אפאטאָשו, זינגער, האָראָנטשיק,—דאָס זײַנען די שעפער פון דעם פאשיסטיש־מיסטישן, בונדישן און שונדישן ראָמאן־ווערק. וועגן וואָס דערציילט אונדז דער לעצטער פעריאָד פון זייער שאפן? עס איז ניטאָ קיין איין ווערק, וואָס זאָל ניט זײַן דורכגעפרעסן פון זעלבסטפאראזיטיזם און אידײַשער דעגראדאציע, פון פאָליטישער רעאקציע. לייוויק, רייזן און די אנדערע ד י כ ט ע ר אין אמעריקע, איינהאָרן—דער

בונדישער טפּילע־זינגער, אַרנ צייטלינ, מײלעכ ראַוויטש, די אַנדערע פונ די „ליט־בלעטער־ און שונד־אויסגאַבנ,—וואָס האָבנ זיי געוויזנ, אויסער אויסגעליידיקטקײַט, אידייִשע לומפּ־קײַט און פּאָליטישער רעאַקציע? צי האָבנ זיי עפּעס געזאָגט אינ דער פאָרמ־שאַפונג? ניט לאַנג האָבנ זיי באַוויינט דעמ טויט פונ מ. ל. האַלפּערינ, און דער געיאָמער איבערנ פאַר־שטאָרבענעמ איז געווענ א שפּיגל פונ זייער סאָציאַלנ טויט, פונ זייער נישטיקײַט, ווענ זיי האָבנ דערקלערט, אַז דער גרעסטער דיכטער איז געווענ האַלפּערינ, ער איז געשטאָרבנ און עס איז שוינ ניטאָ די „ייִדיש־ליטעראַרישע גדולע“.

כאַראַקירי!

עס קומט דאָרטנ אָבער דער נײַער קלאַס צומ וואָרט—עס קומט די קונסט פונעמ אַר־בעטער־קלאַס, צו וועלכנ עס באַהעפטנ זיכ די בעסטע פונ דער אַלטער אינטעליגענצ.

די סאַמע בעסטע שעפער פונעמ קינסטלערישנ וואָרט אינ ייִדיש אַפּ זייער זײַט זײַנענ איצט אינ אונדזער לאַגער, אינ לאַגער פונ רעוואָליוציאָנערנ פּראָלעטאַריאַט, אָדער גייענ נעענטער צו צו אונדז. דאָ דאַרפ מענ אינ דער ערשטער ריי דערמאָנענ די נעמענ פונ בערגעלסאָנ און נאַדיר, די גרויסע קינסטלער און פרײַנט־פאַרטיידיקער פונעמ פ.ס.ס.ר. קעגנ די סאָנימ אינ דעמ בורזשואַזנ אויסלאַנד. מיט אונדז איז דער מוסיקער, עכט־קאָ־מוניסטישער, ברייט־ברוסטיקער טאַלאַנט פונ זיסקינד ליעוו (אינ דײַטשלאַנד). צוזאַמענ מיט אונדז אַרבעטנ די גאַנצע פאַלאַנגע קעמפער פונ פענ: פּובליציסטנ, פעליעטאָניסטנ, עסיי־יִסטנ אינ א ריי קאַפּיטאַליסטישע לענדער: אינ אַמעריקע, אינ דײַטשלאַנד, פילצאָליקע אַנאָנימענ (צוליב קאָנספּיראַציע) אינ פּוילנ, ליטע, לעטלאַנד, רומעניע, פּאַלעסטינע. מיט אונדז איז די גאַנצע פּלעיאַדע פונ ניויאָרקער „פּראָלעטפּענ“, מיט אונדז זײַנענ די הערא־ישע רעוואָליוציאָנערע קינסטלער פונ פּוילנ, דאָס בעסטע פונ די ייִדישע קינסטלער אינ ליטע, לעטלאַנד, פּאַלעסטינע, פראַנקרײַכ, קובאַ, אַרגענטינע.

דיראָזיקע קאַדרענ אינ אויסלאַנד רופנ זיכ איבער מיט אונדז, פאַר זיי איז דער 15־טער אָקטיאַבער א יאָנטעוו פונ פאַרווירקלעכטע און פונ מאָרגנדיקע זיגנ. זיי שליסנ זייער פראָנט מיט אונדז.

אַזאַ קאָנסאָלידאַציע פונ רעוואָליוציאָנערע קויכעס! זי איז פאָרגעקומענ און ווערט אַלצ מער פאַרטיפט אַפנ גרונט פונ דעמ גרויסנ רעוואָליוציאָנערנ אופבררויז, וואָס אונדזער עפּאָכע רופט אַלצ מער אַרויס. עס וואַקסנ איצט אָנ אַנטשיידענע רעוואָליוציאָנערע שלאַכטנ אינ וועלט־מאַסשטאַב. דער 15־טער יובילײ פונ דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע פאַר־צייכנט די אויסבויונג פונ דעמ פונדאַמענט פונ דער סאָציאַליסטישער עקאָנאָמיק אינ פ.ס.ס.ר.־יי דעמ פאַקט, וואָס דאָס לאַנד אונדזערע האָט זיכ ענדגילטיק פאַרפעסטיקט אַפ סאָציאַליסטישע פּאָזיציעס; דער 15־טער יובילײ פונ דער ערשטער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע פאַלט צענויפ מיט יענעמ פּעריאָד, ווענ די רעלאַטיווע סטאַביליזאַציע פונעמ קאַפּיטאַליזמ האָט זיכ אויסגעלאָזנ, ווענ עס דערנעענטערט זיכ אַלצ מער דער סאָפ פונ אונדזער „פּערע־דישקע“ און עס וואַקסט אָנ דער נײַער טור פונ מילכאָמעס און אינטערווענציע־געדראַנג אַפנ סאָוועטנפאַרבאַנד, א נײַער טור פונ רעוואָליוציעס, ווײַל עס גייט א שנעלער אָנוווּקס פונ רעוואָליוציאָנערנ קריזיס. דער איבערגאַנג צו אונדז אינ ברייטנ מאַסשטאַב פונ דער רעוואָליוציאָנערער אינטעליגענצ איז אַנ אָפּשפּיגלונג אָט פונ דעמ פּראָצעס. דאָס איבער־לויפנ פונ זייער זײַט אינ לאַגער פונ פּראָלעטאַריאַט, וואָס מיר באַמערקנ איצט בא ייִדישע שרײַבער אינ אויסלאַנד (ראַבוי אינ אַמעריקע, שרײַבער־גרופּנ אינ פּוילנ), גייט אונטער־דאָזיקנ צייכנ פונ שטורעמ־אָנוווּקס אינ דער רעוואָליוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג.

אזא פאלאנגע פון סאָוועטישע קינסטלערישע שעפער, קאָנסאָלידירטע אפ דער פלאט־פאָרם פון אָקטיאבער־רעוואָליוציע! אזא פילפארביקע פארשיידנארטיקייט פון קונסט־פאָרמען, געשטעלט צום דינסט דעם ארבעטער־קלאס פון פ.ס.ס.ר.! מיטן צעטל ווערק פון דער ליטעראטור און דראמאטורגיע, מיט אויסגעפורעמטע ווערק פון אונדזערע טעאטערס, מיט דער גרויסער נעץ קולטור און קונסט־אושטאלטן, מיט דער מעכטיקער ארמיי פון קונסט־שעפער—מיט אָט דעם פארמעגן קענען מיר בעטעמעס שטאָלצירן! מע ספעקולירט נאָך אלץ אפ די מערק פון אייראָפּע און אמעריקע מיטן איניען אסימיליאציע. די לייוויקס, ניגערס, זשיטלאָווסקעס און סטרופּניצקעס, די לאקייען פון „בונד" און די בונדישע לאקייען, די טעלערלעקער פון „פאָרווערטס"—זיי אלע יאָמערן פאר דער וועלט: מען האָט פארניכטעט דעם „יידישן קיום" אין סאָוועטנפארבאנד, „דאָרטן", אין סאָוועטנפארבאנד, הייסט עס, איז אסימיליאציע, אומקום פון דער „יידישער נאציאָנאלער קולטור" און דאָסגלייכן.

טאָ זאָלן ריידן פאקטן:

בא אונדז—וווּקס פון בוך־אויסגאבעס, קאָלאָסאלע שטייגונג פון טיראזשן, בא זיי—באנקראָט פון יידישע פארלאגן; בא אונדז—וווּקס פון פרעסע־אָרגאנען—רעפּובליקאנישע, געגנטלעכע, ראַיאָנישע, פאבריקישע און קאָלווירטישע. בא זיי—רויִנירונג פון דער פרעסע, אידייִשע פוילונג, גוואלדטאט און דרוק איבער דעם רעוואָליוציאָנערן וואָרט; בא אונדז—גלענצנדיקע קונסט־מייסטערס, וואָס וואקסן און שטייגן אין זייער שאפונג, ווערן קרעפטיקער אין זייער געמיט און רעוואָליוציאָנערן דראנג; צווייטע און דריטע פאלאנגעס; נייע דוירעס שרייבער, ארטיסטן, מאָלער, קינסטלער: ארבעטער־קינסטלער, וואָס האָבן דורכגעמאכט און מאכן דורך א שול פון מארקסיסטיש־לענינישער בילדונג; א געשולטע קריגעריש־שעפערישע יונגע מארקסיסטיש־לענינישע קריטיק, וואָס וואקסט אין צאָל און קוואליטעט; פיל און פיל נייע צוזאָגנדיקע נעמען פון ארבעטער־שלאָגלער און יונגע שרייבער; דער סאָוועטישער קונסט־קאָלעקטיוו האָט איצט אין זיינע רייען פילע פון די, וואָס זיינען אין א באשטימטן פעריאָד געווען אָפּגעריסן פון אונדזער שאפונג, ניט באהעפט מיטן גורל פ״נ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע.

איז עס אסימיליאציע? וואָס איז אסימיליאציע: א יידישע זייטל אין א ראַיאָנישער צייטונג פון ווייסרוסלאנד אָדער אוקריינע, צי אַן ענגלישע זייט אין דעם ציִאָניסטיש־אָרטאָדאָקסישן אמעריקאנער „טאָג"? ווי צוואקיש עס זיינען די קראָקאָדילן־טרערן, וואָס זיי פארגיסן דאָרטן איבער דער „אסימיליאציע" אין סאָוועטנפארבאנד!

„יאָ, מיר „אסימילירן" זיך. נאָר מיר „אסימילירן" זיך אזוי, ווי דאָס וויל און פאָדערט די עמעסע, סאמע עכטע, קאָמוניסטיש־אל־ענטשלעכע קולטור; מיר „אסימילירן" זיך, וואָרעם מיר ווערן אלץ מער מיט שטארקערע פעדים געייניקט און געבונדן מיטן גורל פון צענדליקער פעלקער; מיר „אסימילירן" זיך, ווייל מיר ווערן אלץ מער דורכגעזאפט מיט אלפראָלעטארישע אינטערעסן, צו וועלכע מיר פאראייניקן אין פ. ס. ס. ר. אפילע די סאמע נידעריקע שיכטן פון דער יידישער האָרעפאשנער באפעלקערונג—פון די דעקלאסירטע; יאָ, מיר „אסימילירן" זיך, ווייל די פאָן פון לעניניזם, וואָס איז דער העכסטער אויסדרוק פון אינטערנאציאָנאליזם, ווערט הויך געטראָגן דורך די 160 מיליאָן, צווישן וועלכע עס שטייען די מיליאָנען יידישע ארבעטנדיקע; טאקע „אסימיליאציע", וואָרעם אונדזערע מאסן־שפראך און אונדזער מאסן־קולטור, וואָס בליט אוף און ווערט געשאפן אין די נאציאָנאלע פאָרמען, ווערט דורכגעזאפט מיט אלדאָס סאָציאליסטישע, וואָס איז פאראן אינעם לאנד און ווערט געשאפן אפ אלע שפראכן און קולטורן פון אונדזער פילנאציאָנאלן ארבעט־פאָלק; אונדזער

קולטור איז אנ „אסימיליאציע״-קולטור, ווײַל זי איז אינ איר גרונט א סאָציאַליסטישע אינ לעבנישנ באגריפ פונ וואָרט.

„דער פעריאָד פונ דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט אונ בויונג פונ סאָציאַליזמ אינ פ.ס.ס.ר. איז א פעריאָד פונ אופבלי פונ די נאציאָנאלע קולטורנ, סאָציאַליסטישע לויטנ אינהאלט אונ נאציאָנאלע לויט דער פאָרמ... מע דארפ לאָזנ די נאציאָנאלע קולטורנ זיכ אנטוויקלענ אונ צעוויקלענ, אנטפלעקנדיק אלע זייערע פאָטענצנ, קעדיי באשאפנ באדינגונגענ פאר צונויפגיסנ זיי אינ איינ אלגעמיינער קולטור מיט איינ אלגעמיינער שפראכ״ (סטאלינ).

אונדזער קונסט — איר הערט? — איז אנ אינטערנאציאָנאליסטיש-סאָציאַליסטישע, אנ „אסימילירנדיקע״ אונ בעשומויפנ ניט קיינ טשאָלנטיקע, ניט קיינ אכדוסדיקע, ניט קיינ נאצדעמאָקראטישע, זי איז א קונסט, וואָס וועט זיכ אויכ ווײַטער שלאָגנ ביז בלוט מיט די שאָוויניסטישע אונ פאשיסטישע קונסטמאכער, זי וועט רײַסנ די קרוינענ פונ דער שאָלעמ-אשישער נאציאָנאלער בוימלדיקײַט אונ בורזשואז-פאשיסטישער קנעכטישקײַט. אזא אונ נאָר אזא איז די קונסט פונ דעמ באָלשעוויסטישנ לאנד!

* * *

עס עפנט זיכ א נײַע בלאט אינ דער געשיכטע פונ קלאסנקאמפ: מיר שטייענ אפנ שוועל פונעמ צווייטנ פינפיאָר פונ סאָציאַליסטישער פלאנירטער בויונג. דער סאָוועטנפאר־באנד איז אויסגעוואקסנ מיט אזא שטײַגונג, אז זײַנע ליניעס צייכענענ זיכ הייכ-הייכ אונ ווערנ געזענ אינ די סאמע ווײַטסטעווינקלעכ פונ דער וועלט. אינ דערזעלביקער צײַט איז די קאפיטאליסטישע סיסטעמ צעטרייסלט, עס איז אָנגעקומענ דער סאָפ פונ סטאבילי־זאציע פונעמ קאפיטאליזמ. צוויי גרויסע קויכעס: איינער, דער קאפיטאליסטישער, דריקט אויס דעמ לעצטנ מאָביליזיר-מאָמענט פונ א קלאס, וואָס האָט דערזענ זײַנ טויט אונ זוכט אינ ווילדער צערייצונג אופהאלטנ פאר יעדנ פרײַז זײַנ עקזיסטענצ, דער צווייטער — דער קויעכ פונ ארבעטער-קלאס, וואָס ווערט אלצ מער פארפילפאכט. באקומט אלצ מער צופלוס פונ ענערגיע, חילנמוט אונ דראנג, ווײַל ער איז א קלאס א יונגער, וואָס גייט אײַנעמענ די גאנצע וועלט. צוויי קויכעס שטייענ אינ געראנגל. די בלעטער פונ דער געשיכטע, וואָס זײַנענ פארצייכנט געוואָרנ אינ לויפ פונ די 15 יאָר פראָלעטארישער דיקטאטור, זײַנענ אלע דורכגעגליט אינ פײַער פונ גרויסע שלאכטנ. די פאָרשטייענדיקע יאָרנ וועלנ אויכ זײַנ פלאמיקע, שטורעמדיקע, הייסע. מיר דארפנ פארטיידיקנ דעמ זעקסטל באפרײַטנ ערד-קוגל אונ קעמפנ פארנ וועלט-אָקטיאבער. מיר דארפנ פארניכטנ די רעשטנ פונ קאפיטאליסטישנ קלאס אינ אונדזער לאנד, בויענ אונ אויסבויענ דעמ סאָציאַליזמ, פארפעסטיקנ די קאָלווירטנ, פארטיידיקנ די אומבארירלעכקײַט פונ געזעלשאפטלעכנ אייגנ־טומ, מיר דארפנ זיכ שלאָגנ פאר אונדזער טעכנישער באוואָפענונג, פאר די ערד-טיפענישנ, פאר די יאמענ אונ פאר דער לופט, פאר סאָציאַליסטישנ איבערדערציִענ די מאסנ אונ באשאפנ די אָנקלאסאָווע געזעלשאפט אינ צווייטנ פינפיאָר. געשלעגנ זײַנענ דאָ אסאכ, אונ דער באָלשעוויזמ לערנט אונדז די גרויסע קונסט פונ קלאסנקאמפ. ניטאָ נאָכ אזא הערלעכע פאָנ ווי די לענינישע, ניטאָ אינ דער געשיכטע אזא שטאָל-פעסטער, אומופהער־לעכ-אָנגרײַפנדיקער קויעכ, ווי די רעוואָליוציאָנערע מאסנ-באוועגונג, אונטער דער לענינישער אָנפירונג, א באוועגונג וואָס איז באקרוינט געוואָרנ מיט אָקטיאבער-זיגנ, דניעפרבויענ אונ מאגניטבויענ, מאסנ-קאָלעקטיוויזאציע אונ פילערליי „ליקווידאציעס״, — ליקווידאציע פונ

אמעראַצעס, ליקװידאַציע פונ ארבעטלאָזיקײַט, ליקװידאַציע פונ באַלעגופ אינ פראָצעס פונ דורכױסיקער קאָלעקטיװיזאַציע. ניט געװענ נאָכ אזא הערלעכער, פילקאָלירנדיקער אונ גרױסאַרטיקער בילד פארנ קינסטלערס פענדזל, װי דער פעריאָד פונ זיגערישנ באָלשעװיזמ!

פיל האָט שױנ געטאָנ אונדזער ליטעראַטור אונ קונסט, אָבער צו די מאַגניטבױעג גײענ מיר נאָכ אונ װײַטער װעלנ צו אונדז װינקענ אלצ מערער רופנדיקע פײַערנ פונ נײַע אונ נײַע מאַגניטבױענ, אינ פ. ס. ס. ר.־מאַסשטאַב אונ אינ מאַסשטאַב פונ נײַע אופגעשטאַנענע לענדער, פונ סאָװעטישע קיטײַענ אונ דײַטשלאַנדס, פונ װעלט־מאַגניטבױענ, געבױרענע אינ שלאַכטנ, געבױרענע אינ גרױסער פרײד פונ אָקטיאַבער־באַפרײַונג, געבױרענע, קעדײ צו פארענדיקנ מיט אומגליק אונ פײַנ, קעדײ דורכ גרױסע שלאַכטנ קומענ צו דער סאָציאַליסטישער ערע—ליטנ מוסטער פונ דעמ ערשטנ סאָװעטישנ לאַנד. אונדזער סאָװעטישע ליטעראַטור װעט װײַטער שטײנ אפ איר פאָסטנ, װעט זיכ באַטײליקנ אינ דידאָזיקע שלאַכטנ אונ, װי א דיכטערישער פאָדערשטער רעװאָליוציע־טריבונ, שטענדיק פילנ דעמ פולס פונ רעװאָליוציע אונ גלײַכצײַטיק ארײַנקוקנ אינ דעמ רעװאָליוציאָנערנ מאָרגנ ארײַנ:

„אונ באַנעמענ אונ דערפילנ
דעמ געמורמל פונ נאָהאַנענ
אונ די ליבשאַפט, װעלכע שפילט שױנ
אפ די סטרונעס־מערידיאַנענ.
זי פארקלײַבט זיכ ניט אינ צימער,
זי פארטרױט זיכ ניט דער בענטשונג,
אונדזער ליבשאַפט—ביזנ הימל,
ביז דעמ קלאַס, װאָס רופט זיכ מענטשהײַט.
זי װישט אָפ פונ זיכ די שטױבנ,
קוקט דער אײביקײַט אינ פאָנעמ,
זע: די צוקונפט האָט פארהײבנ
איבער אונדז פארליבטע פאָנענ...“
(כאַריק).

אונטער די פאָנענ פונ באָלשעװיזמ—פאָרױס!

**א. דאמעסעק**

# דער נאַציאָנאַל-פֿאַשיזם אין דער יידישער ליטעראַטור פון פוילן

## די ליטעראַריש־פאַשיסטישע רעאַגירונג אַפּ דער ווירקלעכקייט.

די יאָרדישע בורזשואַזע און קליינבירגערלעכע ליטעראַטור האָט זיך אָפּט געווענדעט צו דער טעמאַטיק פון פאַרגאַנגענהייט מיטן ציל צו אַנטלויפן פון דער ווירקלעכקייט. אין דעם גופע איז שוין געווען פאַרקערפּערט די רעאַקציאָנערע שטרעבונג צו דעזאָריענטירן די לייענער־מאַסן אין די געשעענישן פון דער ווירקלעכקייט, אָרגאַניזירן זייער באַוווּסטזיין אין דער ריכטונג פון אידעאַליזאַציע פון דער פאַרגאַנגענהייט. דאָס איז געווען דער מעטאָד פון איגנאָרירן דעם הייַנט, וואָס דער יאָרדישער קלאַס האָט פאַרשפּילט, און קעגנשטעלן אים דעם אָוואַר, אין וועלכן דערדאָזיקער קלאַס איז געווען דער הערשנדיקער.

דער פאַשיזם, וואָס איז געקומען צו ראַטעווען דעם פוילנדיקן קאַפּיטאַליזם און פאַרזיכערן פאַר אים אַ קאַפּיטאַליסטישן אויסוועג פון קריזיס, האַלט ניט פון איגנאָרירן די ווירקלעכקייט. פאַרקערט, דער פאַשיזם באַרירט די אַלע פראַגן, וועגן וועלכע עס גייט דער קאַמפּ אין אונדזער קלאַסן־געזעלשאַפט, נאָר ער זעט צו געבן זיי די לייזונג, וואָס איז גינסטיק פאַרן קאַפּיטאַליזם.

„דער פאַשיזם איז ניט קיין פאַרשפּעטיקטער היסטאָרישער מאַפּל פון מיטלאַלטער,—האָט געזאָגט דער כ׳ מאַנויִלסקי אין זיין פאָרטראַג אַפּן 11־טן פּלענום פון קאָמינטערן,—ער איז אַ פּראָדוקט פון מאָנאָפּאָליסטישן קאַפּיטאַליזם, וואָס איז באַזירט אַפּ דער קאָנצענטראַציע און צענטראַליזאַציע פון קאַפּיטאַל בײַ דעם וווּקס פון טרעסטן און קאַרטעלן, וואָס פירט צו דער ווונדערלעכער צענטראַליזאַציע פון גאַנצן אַפּאַראַט אַפּ אונטערדריקן די מאַסן, איינשליסנדיק אין אים די פּאָליטישע פאַרטייען, דעם אַפּאַראַט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, רעפאָרמיסטישע פראָפאַריינען, קאָאָפּעראַטיוון א. א. וו.“

אין זיין אָפּענעם אָנגריף אַפּן אַרבעטער־קלאַס באַנוצט זיך דער פאַשיזם מיט די נייסטע אונטערדריקונג־מיטלען פון קאַפּיטאַליזם, סיי מיט די דערגרייכונגען פון דער טעכניק, סיי מיט די אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמען פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, צוציִענדיק צו דינסט די פאַרטעטרישע פאַרטייען, וועלכע באַנוצן זיך מיט דער אָפּאָזיציאָנעלער פראַזעאַלאָגיע אַפּ אָפּצונאַרן די אַרבעטנדיקע מאַסן און אָפּציִען זיי פון רעוואָליוציאָנערן קאַמפּ.

דעמדאָזיקנ וועג האָט אמבוילעטסטנ אָנגעצייכנט דער בלוטיקער פראקטיקער פונ פאשיזמ—מוסאָליני—אינ איינער פונ זײַנע פײַערלעכע „פראָגראמ״־רעדעס. מיטנ אייגנשאפטלעכנ פאר אימ ציניזמ האָט ער געמאָלדנ:

„מיר דערלויבנ זיכ דעמ ווילטיק צו זײַנ אריסטאָקראטנ אונ דעמאָקראטנ, קאָנסערוואטאָרנ אונ פראָגרעסיסטנ, רעאקציאָנערנ אונ רעוואָליוציאָנערנ, אזוינע וואָס אָנערקענענ די געזעצנ אונ וואָס לייקענענ אינ זיי,—אָפּהענגיק פונ די באדינגונגענ, צײַט, אָרט אונ סוויווע: מיט איינ וואָרט פונ דער געשיכטע, אינ וועלכער מיר זײַנענ געצוווּנגענ צו לעבנ אונ ארבעטנ״.

דער פוילישער פאשיזמ, וועלכער שטייט ניט אָפּ פונ זײַנ איטאליענישנ מוסטער אונ שטײַגט אריבער אינ זײַנ טאָגטעגלעכער פראקטיק די רעדיפּעס פונ דער צארישער אָכראנקע, באנוצט צוזאמענ מיט דער אָפענער אנטבלויזטער פאָרמ פונ בורזשואזער דיקטאטור אויכ א „לינקע״ טאקטיק אפ דעזאָריענטירנ די מאסנ. צוזאמענ מיט אזוינע „איבערציַיגונגמיטלענ״, ווי פעלד־געריכטנ, מיטלאלטערלעכע פּײַניקונגענ אינ די טפיסעס, מאסנ־טעראָר אונ פראָוואָקאציעס, דערלויבט זיכ דער פוילישער פאשיזמ אויכ דעמ „ווילטיק״ א שפילטאָג אפ „לינקע״ לאָזונגענ, וואָס זאָגנ צו קליימערשט באפרידיקנ די ארבעטער, ווי א שטייגער ארבעטער־קאָנטראָל איבער דער פראָדוקציע, ארביטראזש־קאָמיסיעס אפ דערלײדיקנ „פרידלעכ״ די קאָנפליקטנ צווישנ די ארבעטער אונ פאבריקאנטנ א. א. וו.

אזוי איז אינ דער פּאָליטיק. אפנ זעלבנ אופנ מאָביליזירט דעמ פאשיזמ פאר זײַנ אידעאָלאָגישער אופווירקונג די ליטעראטור אונ קונסט.

די פאשיסטישע אונ סאָציאַל־פאשיסטישע ליטעראטור אינ פוילנ איז איבערגעזעטיקט מיט „אקטועלער״ טעמאטיק, ווו עס ווערנ ארויסגעפירט אלס העלדנ—ארבעטער, רעוואָלירציאָנערנ, פארטיי־פירער, קאָמוניסטנ. דער שרײַבער־פּילסודטשיק קאדענ באנדראָווסקי, קאָמענדאנט פונ ווארשעווער „סטשעליעצ״ (מיליטעריש־פאשיסטישע יוגנט־אָרגאניזאציע), האָט אָנגעשריבנ א סעריע ווערק מיטנ נאָמענ „שווארצע פליגלענ״, וואָס באהאנדלענ דאָס לעבנ פונ די קוילנגרעבער אינ די דאָמבראָווער שאכטעס. נאָר אָט וויאזוי קאדענ באנדראָווסקי „לייזט״ די ארבעטער־פראגע: ער שילדערט ווי די ארבעטער ווערנ מוירעדיק עקספּלואטירט,—נאָר אינ דעמ,—קלערט ער אופ—איז בלויז שולדיק דער אויסלענדישער קאפּיטאל, וואָס האָט די מאָנאָפּאָל איבער די קוילנ־גרובנ; די ארבעטער נויטיקנ זיכ אינ הילפ—נאָר זיי שטעלנ פאָר מיט זיכ א צעשטויבטע מאסע, וואָס ווערט אויסגענוצט פונ די דעמאגאָגישע פארטיי־פירער. יעדע פארטיי האָט איר כעסאָרנ: פ.פ.ס. איז דעגענערירט (אזוי האָט ניט איינמאָל קריטיקירט די פ.פ.ס. פּילסודסקי אליינ), די קאָמוניסטנ (אונ דאָס איז זײַנ הויפּט־ציל ארונטערצורײַסנ דעמ צוטרוי צו דער קאָמפּארטיי) זײַנענ פאנטאזיאָרנ אונ זײַנענ ביכלאל ניט קיינ מאסנ־אָרגאניזאציע, לייזנ די ארבעטער־פראגע קענ נאָר א שטארקע (פאשיסטישע) רעגירונג.

מיר זעענ דאָ, ווי אזוי דער פאשיסטישער שרײַבער רוקט דאפקע ארויס אָנגעווייטיקטע פאקטנ פונ דער ארבעטער־ווירקלעכקײַט, דערגענצט זיי מיט א ריי פעלשונגענ אונ אינסינואציעס, קעדיי געבנ זײַנ פאשיסטישנ ענטפער אפ די פראגנ, אײַנקנעלנ מיטנ ארבעטערלײענער די פאשיסטישע קלאסנ־מאָראל, די פּילסודסקישע „לייזונג״ פונ דער ארבעטערפראָבלעמ.

די אַרבעטער־טעמאַטיק פאַרנעמט דאָ דעם אָרט פון דער „לינקער" פּראָוואָקאַציע און איז אַ מיטל פון קאַמף פון די פאַשיסטיש־ליטעראַרישע דינער קעגן אַרבעטער־קלאַס.

לויט דעם האָט זיך אויך איבערגעבויט די ייִדישע פאַשיזירטע ליטעראַטור.

שאָלעם אַש האָט אין זײַן דראַמע „קוילן" און אין דער טרילאָגיע „פאַרן מאַבול" אָנגעצייכנט די בורזשואַז־פאַשיסטישע ליניע אין דעם צוגאַנג צו קלאַסנקאַמף און צו דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע. מײַלעך ראַוויטש האָט אין „בלוט אַף דער פאָן" זיך פאַרמאָסטן צו געבן אַ בונדיש־סאָציאַל־פאַשיסטישן פּאַסקוויל אַפן בירגער־קריג און מיליטערישן קאָמוניזם—די ערשטע עטאַפּן פון דער גרויסער אָקטיאַבער־איבערקערעניש. אַרן צייטלין האָט אָקאָרשט אַרויסגעוואָרפן אַ נאַציאָנאַל־פאַשיסטישן מאַפּל „דזשייקאָב דזשייקאָבסאָן", וואָס דאַרף דינען גלײַכצײַטיק ווי אַן אַפּאָלאָגיע פון דער בורזשואַז־קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם און דיסקרעדיטירונג פון סאָוועטנפאַרבאַנד.

## נאַציאָנאַליזם פּליוס רעליגיע פּליוס פאַשיזם

זייער כאַראַקטעריסטיש איז די „רעוויזיע", וואָס עס האָט דורכגעמאַכט דער נאַציאָנאַליסטישער פליגל פון דער ייִדישער ליטעראַטור, וועלכער איז אַמערסטן געווען געבונדן מיט דער טעמאַטיק פון פאַרגאַנגענהײַט, מיט דער אידעאַליזאַציע פון אָוואַר, מיט סימוואָליזם און מיסטיק. די ייִדישע נאַציאָנאַל־פאַשיסטישע שרײַבער האָבן געפירט מיט אַ קורצער צײַט צוריק אַ „דיסקוסיע" מיט די עלטערע אַריסטאָקראַטיש־פעאָדאַלע שרײַבער, וואָס זײַנען פאַרגליווערט אין זייערע פּאַסיווע שאַפונג־מעטאָדן און ווילן ניט באַנעמען די „חינטן" פון דער נײַער צײַט. די „דיסקוסיע" האָט זיך געפירט צווישן ייִדישיזם און העברייִזם און צווישן דער ייִנגערער און עלטערער גענעראַציע אינעם ייִדישיזם גופא.

אין דעמזעלבן זאַמלבוך, וווּ עס איז אָפּגעדרוקט אַרן צייטלינס דראַמע „דזשייקאָב דזשייקאָבסאָן", איז פאַראַן אַ מין היסטאָריאָזאָפישע באַטראַכטונג, אָדער ווי דער מעכאַבער רופט עס אָן, „פּאָלעמישע שריפט" וועגן די גרונט־יעסוידעס פון ייִדישיזם און העברייִזם. דער מעכאַבער פון דעררעאָזיקער אַרבעט י. טרונק, וועלכער איז באַקאַנט מיט זײַנע רעאַקציאָנער־אידעאַליסטישע אָפּהאַנדלונגען וועגן די קלאַסיקער פון דער ייִדישער ליטעראַטור, באַמיט זיך צו אַרופּציִען אַפן ייִדישיזם אַ נײַעם דעקטוך, וואָס זאָל פאַרוואַלירן זײַן אָפּגעבליאַקעוועטן קאָמפּראָמעטירטן דעמאָקראַטיזם.

„דער העברייִסטיש־ציאָניסטישער נאַציאָנאַליזם,—שרײַבט טרונק,—וויל בעשום־אויפן ניט אײַנזען, אַז די אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער געשיכטע מוז גיין אין פּאַראַלעל צו דער געשיכטע פון דער מענטשהײַט. אויך ייִדן זײַנען נאָר מענטשן, בלוט און פלייש; די געזעצן פון לעבן, וואָס גילטן פאַר אַנדערע פעלקער—גילטן אויך פאַר ייִדן—מען קאָן ניט לעבן אין ווידערשפּרוך צום לעבן. נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקײַט איז נאָר אַן אייגן, אינדיווידועל זיך אויסלעבן—אין לעבן. לעבן־געפיל, אייגנאַרטיקײַט הייסט אָבער ניט: לעבן קעגן לעבן. אייגנאַרטיקײַט און קאַפּויערדיקײַט זײַנען ניט קיין סינאָנימע באַגריפן, שטייען ניט אין צוזאַמענהאַנג".

וואָס איז אויסן טרונק מיט זײַן סכאָלאַסטישן ווערטער־נעץ?—ער איז אויסן צו באַנײַען די אַלטע, צוגעגעסענע, שוין קנאַפּ־ווירקזאַמע „פּאָלעמיק" צווישן ייִדישיזם און העברייִזם אַף הײַנטיקן שטייגער. דאָ ווערט אָפּן דערקלערט, אַז ס'זײַנען ניטאָ קיין אידעאָלאָגישע מיינונג־פאַרשיידנהײַטן צווישן ייִדישיזם און העברייִזם. דער ייִדישיזם שליסט אײַן

אינ זײַנ פלאטפאָרם די גאנצע „נאציאָנאלע אייגנארטיקײַט“ פונ יִדישנ פאָלק. די „כעלוקעדייעס“ גייענ ניט װעגנ אינהאלט, נאָר װעגנ אָנװענדנ די הײַנטצײַטיקע מעטאָדנ, אנדערש דראָט א געפאר פאר דער גאנצער עקזיסטענצ פונ דער יִדיש־נאציאָנאליסטישער אידײע, װאָס פארלירט איר „צויבער“ בא די רעװאָליוציאָניזירנדיקע מאסנ.

װאָס עס זײַנענ די „הײַנטצײַטיקע מעטאָדנ“ פונ די יִדישיסטנ—לאָמיר הערנ איינעם פונ זײ, דעם סאמע ציניסטנ—ארנ צייטלינענ.

סאכאקל מיט א פאָר יאָר צוריק, אינ דעם ערשטנ זאמלבוכ פונ דער סעריע „אמאָל אינ א יױול“, האָט נאָכ ארנ צייטלינ רעקאָמענדירט זיכ אינ א ליד „אויטאָפּאָרטרעט“ אלס „קאבאָלעניק און צײַטונגסמאַנ צוגלײַכ“. ער האָט נאָכ געפליסטערט מיטנ באלשעם, מיט מאלאָכים, װאָס בלאָזנ אויס אפ שופרעס דעם „קעצ“. איצט טײַנעט ער צו זײַנ טאטנ הילעל צייטלינ, װעלכער פירט אויס די פאשיזירונג־ארבעט מיט די האלב־פעאָדאלע מיטלענ פונ א יִדישנ „כאדעק“ (פוילישע רעאקציאָנערע קריסטלעכ־דעמאָקראטישע פארטײ): „כ׳בינ דײַנ זונ, האָסט אפ דער װעלט מיכ געבראכט. פארגײט אינ מיר עמיצנס זונ? ביג איכ נאכט? אָדער איכ בינ א טיר פונ דיר צום װײַטער?“ (לידער אינ צװייטנ זאמלבוכ „אמאָל אינ א יױול“). דאָ װערט גערעדט מיט א לאָשנ פונ אומבאשטימטקײַט. עס הערנ זיכ פעסימיסטישע טענער, װאָס זײַנענ א רעזולטאט פונ דעם װאקסנדיקנ קריזיס פונ קאפיטאליזם אונ זײַנ פארניכטנדיקע װירקונג אפנ קלײנבירגערטום. זײַנ ארבעט אָבער אלס פאשיסטישער אגענט פירט ארנ צייטלינ מער האָפערדיק, זײַנ ליטעראַרישע אפּאָלאָגיע פונ קאפיטאל איז א מער מונטערע, פונ קאבאָלע און מיסטיק (זײַנע װערק „שאָטנס אפנ שנײ“, „מעטאטרונ“, „יאנקעפ פראנק“), פונ דער װעלט פונ שײדים, אפּאָקאליפּטישע גײַסטער און הימלישע געשטאלטנ איז ארנ צייטלינ אריבער אפ די גאָר „רעאלע“ רעלסנ פונ צײַטונג־ארבעט (מיטרעדאקטער פונ א טעגלעכער פאשיסטישער שונד־צײַטונג אינ יִדיש), ליטעראריש־פאשיסטישער פּאָליטיק, פּאָרזיצער פונ יִדישנ פענ־קלוב אינ װארשעװער ליטעראטנ־פארײנ) און זעלבשטענדיקער נאציאָנאל־פאשיסטישער שפּירערײַ.

װאָס עס זײַנענ די גרונט־פרינציפנ פונ דער ליטעראטור־פּאָליטיק פונ נאציאָנאל־פאשיזם,— האָט ארנ צייטלינ מיט א געװיסער צײַט צוריק דערקלערט אינ זײַנ „אָפענעם בריװ“ צו דעם העברײִשנ דיכטער ביאליק אפ די שפאלטנ פונ די נאציאָנאל־פאשיסטישע „ליטעראַרישע בלעטער“. ארנ צייטלינ איז ארויסגעטראָטנ מיט א טײַנע צו די העברײִסטנ, פארװאָס זײ זײַנענ פארגליװערט געװאָרנ אינ זײערע נאציאָנאליסטישע מעטאָדנ פונ ארבעט, פארװאָס זײ אָנערקענענ ניט דעם פאָרצוג פונ די נײַע ארבעט־מעטאָדנ פונ די יִדישיסטנ, ער שרײַבט:

„דער יִדישער װעלט־היסטאָרישער קאמפ איז ניט דער קאמפ פונ יושוא בינ נונ“. „דעם אמאָל דארפ מענ און מע מוז געדענקענ, דערקענענ, שטודירנ. דעם הײַנט אָבער מוז מענ לעבנ, און ניט צוליב דעם הײַנט גופע דארפ מענ לעבנ, נײַנ. װירקלעכקײַט איז אָפט א שטרויכל, אינ װירקלעכקײַט מעג מענ ניט גלויבנ, װירקלעכקײַט מעג מענ פײַנט האָבנ. אָבער פײַנט האָבנ זאָל מענ זי ניט אינ נאָמענ פונ געװענ, נאָר אינ נאָמענ פונ װעט־זײַנ, ניט אינ נאָמענ פונ נעכטנ, נאָר אינ נאָמענ פונ צוקונפט. ערשט דעמאָלט דערפילט מענ די שליכעס פונ דעם אײביק־װערנ“.

װאָס־זשע איז דאָס פאר א „שליכעס פונ אײביק־װערנ“, צוליב װאָס מע דארפ פײַנט האָבנ די װירקלעכקײַט? ארנ צייטלינ גיט דער שליכעס א קאָנקרעטנ נאציאָנאל־פאשיסטישנ

אינהאלט. די פעדים פונ דער געשיכטע זייַנען, געוויינלעכ, נ א צ י ָא נ א ל י ז ם אונ ר ע־
ל י ג י ע. אינ זיי ווערט אריַינגעטיַיטשט אפנ בורזשואזנ שטייגער „אוניווערסאליזם",
„וועלט־אידיי", „איבערפעלקישקייַט" אונ אלע אנדערע ליבעראל־גאלאָכישע נעשאָמע־זאכנ,
מיט וועלכע מע קאָנ נאָר פאנגענ אָפגעשטאנענע, אויסגעמאטערטע, אונטערדריקטע אונ
אומצופרידענע מענטשנ. די „אייביקע ווערטנ" פונ נאציאָנאליזם אונ רעליגיע ווערנ בא־
קרוינט מיט דער אקטועלקייַט פונ... פאשיזם.
ארנ צייטלינ גיט אפנ אָרט א רעיעסטער פונ ווערק אינ יידיש, וואָס אנטשפרעכנ דער־
דאָזיקער פראָגראם. אינ דער „גאָלדענער קייט" פונ דער יידישער נאציאָנאלער ליטע־
ראטור ביכלאל האָבנ בא אים דעם קאָוועד צו פארעכנט ווערנ אייניקע ווערק פונ פערעצנ
(די סאמע געדיכטסטע אינ נאציאָנאליסטישנ זינ—„פאָלקסטימלעכע געשיכטנ", „גאָלדענע
קייט", באנאכט אפנ אלטנ מארק"), דערנאָכ גייענ ווערק פונ שאָלעם אשנ, אפאטאָשו'נ,
לייוויקנ, לעיעלעסנ, ראוויטשנ, שנייערנ, טרונקנ אונ ניסטערנ. דעם העכסטנ מיטל פונ נא־
ציאָנאלער פולקומקייַט באקומענ אָבער נאָר צוויי ווערק — די פאשיסטישע טרילאָגיע „פארנ
מאבל" פונ שאָלעם אש אונ די סאָציאל־פאשיסטישע שונד־דראמע „בלוט אפ דער פאָנ"—פונ
מייַלעכ ראוויטש. דער „מאבל" ווערט אטעסטירט אלס א ווערק „מיט א גראנדיעזנ ע ט י ש־
י י ד י ש נ צוגאנג צו וועלט־פראָבלעמענ". „בלוט אפ דער פאָנ" ווערט טיטולירט מיט
א שטופע „אויבנ ניט נאָכ העכער"... ארנ צייטלינ פארכלינעט זיכ דאָ אזש מיט נאציאָנאל־
פאשיסטישער פאטעטיק אונ רופט אויס: „מייַלעכ ראוויטשעס „בלוט אפ דער פאָנ"—סאָציַ־
אליסטיש (!) אונ, אויב מע וויל, אפילע אנטי־נאציאָנאל, אונ דאָכ אזוי י י ד י ש־ע ט י ש
אונ יידיש־פאטעטיש אינ צוגאנג צו פראָבלעמענ פונ רעוואָליוציע, אינעם קוק אפ בלוט־
פארגיסונג"...
פונדאנענ איז פארשטענדלעכ דער נאציאָנאל־פאשיסטישער האס צו דערווירקלעכקייַט.
אפילע די קאפיטאליסטישע ווירקלעכקייַט פארמאָגט אזוינס, וואָס עס פארלייַדנ ניט די
ארנ צייטלינס, דאָס איז קלאסנקאמפ, וווּקס פונ רעוואָליוציאָנערע קויכעס, דערנאָפ—די
עקזיסטענצ פונ דער סאָוועטנ־מעלוכע, וואָס איז געקומענ מיטנ זיג פונ דער פראָלעטארי־
שער רעוואָליוציע. קעגנ אזא ווירקלעכקייַט רופט ארנ צייטלינ צו קעמפנ אינ נאָמענ פונ
דעם פאשיסטישנ „גאנײדנ".
„אייביקע" זייַנענ דעריבער לויט ארנ צייטלינענ יענע ווערק, וואָס דערוועקנ האס צו
דערדאָזיקער ווירקלעכקייַט, וואָס העלפנ דער מילכאָמע־צוגרייטונג קעגנ סאָוועטנפארבאנד.
כאראקטעריסטיש איז דערבייַ, וואָס סיַי די בורזשואז־פאשיסטישע ווערק אונ סיַי די סאָציַ־
אל־פאשיסטישע ווערנ באצייכנט, ווי אויסדריקער פונ „עטיש־יידישנ" אונ „יידיש־עטישנ"
אינהאלט. די פאשיסטישע שליכעס ווערט דערקלערט ווי א „נאציאָנאלע מיצווע", א גע־
טרייַע דער „יידישער עטיק", דער „נאציאָנאלער מיסיע" פונ יידישנ פאָלק.
נאציאָנאליזם אונ רעליגיע זייַנענ גרונטלעכע באשטאנד־טיילנ פונ דער פאשיסטישער
אידעאָלאָגיע. דער פאשיזם נוצט זיי אויס אפ פארשטארקנ די קלאסנ־הערשאפט פונ קאפי־
טאל. נ א צ י ָא נ א ל י ז ם דינט אים אפ פארווישנ די קלאסנ־גרענעצנ צווישנ ארבעט אונ
קאפיטאל אונ אפ פארבייַטנ דעם נאציאָנאל־רעוואָליוציאָנערנ באפרייַונג־קאמפ מיט פראזנ
וועגנ אלגעמיינע נאציאָנאלע אינטערעסנ. די פאשיסטישע מעלוכע ווערט ארויסגעשטעלט
דערבייַ אלס באשיצערנ פונ די אינטערעסנ פונ דער נאציע. מיט דער הילפ פונ ר ע ל י ג י ע
ווערט געפריידיקט צום אונטערוואַרפנ זיכ פרייַוויליק אפ א פרידלעכנ אויפנ די געזעצנ
פונ דער פאשיסטישער דיקטאטור.

עס איז דעריבער פארשטענדלעכ, פארוואָס די פאשיסטישע שרייַבער פלעכטנ אריַינ אינ זייערע ווערק דידאָזיקע עלעמענטנ, אונ מאכנ פונ דעם א געווער אינ קאמפ קעגנ דער רעוואָליוציע.

די פאשיזירנדיקע ייִדישע ליטעראטור אינ פוילנ שטייט אויכ דאָ ניט אָפּ. שאָלעמ אש׳ס „מאבל״ איז אינגאנצנ געבויט אפ דער „נאציִאָנאלער מיסיע״, וואָס דינט דעמ קאמפ קעגנ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. איינער פונ די הויפּט־העלדנ אינ דער טרילאָגיע, דער אדוואָקאט סאָלאָמאָנ אָסיפּאָוויטש גאלפּערינ, וועלכער דארפ פארקערפּערנ אינ זיכ דאָס „גוטע״ אונ „שלעכטע״ פונ דער ייִדישער בורזשואזער אריסטאָקראטיע, זאָגט, אז עס זיַינענ פאראנ נאָר צוויי נאציִעס מיט אייביקע וועלט־אידייענ, מיט א משיכישער נאציִאָנאלער מיסיע — דאָס זיַינענ די רוסנ אונ די ייִדנ. די גאנצע טרילאָגיע דארפ דערוויַיזנ, אז די שלעכטע זיַיטנ פונ צאריזם, וואָס האָט פארקריפּלט די אידייענ פונ דער „מאמעשקע רוסלאנד״ (מאטושקא ראָססיא) האָט געבראכט דעמ באָלשעוויזמ. אויכ דער ר ע ל י ג י ע ז ע ר פ אָ ד י מ בינדט זיכ מיט דערדאָזיקער נאציִאָנאלער אידיי. דאָס האָט אש אָפּנ געמאָלדנ אינ זיַינ אינטערוויו וועגנ דערשיַינענ פונ „מאבל״: „איכ פּערזענלעכ ווארפ פאָר דעמ באָלשעוויזמ, אז ער שפּילט די ראָלע פונ גאָט, וואָס איכ האלט פאר א כוצפע״.

מיילעכ ראוויטש אלס סאָציִאל־פאשיסט איז פאָרזיכטיקער מיט נאציִאָנאלע אונ רעליגיעזע עלעמענטנ. זיַינ אויפגאבע איז דאָכ דעריקער צו שפּילנ אפ סאָציִאלע סטרונעס. אינ „בלוט אפ דער פאָנ״ ווערט עס אויסגעדריקט אפ פאָלגנדיקנ אויפנ. דאָס איז אינ גרונט גענומענ די נאציִאָנאליסטישע היסטעריע, אז דאָס ייִדישע פאָלק איז געוועזנ שמירעכצ פאר די רעדער פונ דער רוסישער רעוואָליוציע (דער ייִדישער ספּעקוליאנט צומ „ווענטל״, די געשעענישנ „הינטער לעמבערג״). די נאציִאָנאליסטישע קווינטעסענצ איז אָבער אויסגעדריקט אינ דעמ הויפּט־העלד מאָטע שטשערב, א ייִדישער האָרעפּאשניק, וועלכע איז געגעבנ אינ געשטאלט פונ א לאמעדוואָווניק אונ א נאָווי, וואָס איז בארופנ ארויסצוטרעטנ מיט זיַינע מאָראליסטישע דראָשעס קעגנ דעמ „אינטערנאציִאָנאל פונ בלוט״.

אפילע אזא וווּלגאר־פאשיסטישער הויפּ־פּאָעט, ווי עס איז ש. נ. ל א נ ד י נ ס ק י (געוועזענער אָפיציעל־אנערקענטער דיכטער פונ „בונד״, געדרוקט א ריי לידער אינ די בונדישע אויסגאבנ), אויכ ער קענ זיכ ניט באגיינ אָנ „נאציִאָנאלנ פּאטאָס״. קעגנ „שמאד פונ באָלשעוויע״ רופט ער צו פאריייניקנ זיכ די נאציִעס, רעליגיעס אונ פארטייענ (פארשטייט זיכ, די סאָציִאל־פאשיסטישע „בונד״ אונ פּ.פּ.ס.), ער איז ציניש־אָפנהערציק אונ זאָגט ארויס דעמ סאָד צוליב וואָס דערדאָזיקער בונד איז נויטיק:

„פאר דיר איז א דענקמאָל דאָס גרינענ אונ בליִענ —
פונ אלערליי צוויַיגנ אינ פּוילישנ שטאמ —
דער קאָשטשאָל, די צערקווע, די קירכ, דאָס בעסמעדרעש —
דו האָסט זיי באשיצט פונ סאָוועטישנ כאמ״.

(ש. נ. לאנדינסקי. „לידער פונ ייִדישע זעלנער״).

דערקלערונגענ זיַינענ איבעריק: דערדאָזיקער „פּוילישער שטאמ״ אינ געשטאלט פונ פאשיזמ דארפ אויכ ראטעווענ דידאָזיקע „פארבינדעטע״ פונעמ זיג פונ דער רעוואָליוציע.

פארנ נאציִאָנאל־פאשיזמ איז נאציִאָנאליזמ אונ רעליגיע די הויפּט־באזע פונ דער פּראָפאשיסטישער אגיטאציע אונ פארטיידיקונג פונ דער קאפּיטאליסטישער סיסטעמ. נאציִאָנאליזמ פּליוס רעליגיע פּליוס פאשיזמ איז די פּראָגראמ פונ נאציִאָנאל־פאשיזמ. אפ דידאָזיקע גרונט־יעסוידעס איז געבויט צייטלינס נאציִאָנאל־פאשיסטישע דראמע „דושייקאָב דושייקאָבסאָנ״.

# דאָס נאציִאָנאל־פאשיסטישע מאפל „דזשייקאָב דזשייקאָבסאָנ".

דער קינסטלערישער ווערט פונ דערדאָזיקער דראמע קענ כאראקטעריזירט ווערנ מיט די ווערטער פונ ארנ צייטלינס א ליד אינ דעמזעלבנ זאמלבוכ („אמאָל אינ א יויוול")‚ ווו די דראמע איז געדרוקט: ער זאָגט:

„מיר דארפנ זײַנ געהוים אונ זיינע רעפּאָרטיאָרנ.
מיר מאכנ אונ מאכנ ליטעראטור,
מיר מאכנ די קולטור מיט דער מאקולאטור.
קונסט הײַנט, קונסט מאָרגנ, טאלאנט־שמאלאנט —
אונ עס שלאָפט אונדזער גאָט ווי אנ אלטער מוזיקאנט,
מיט אנ אָפּגעפליקטנ סמיטשיק אינ דער קאלטער האנט,
דער פארשטיינערטער האנט".

דאָס איז ניט בלויז אנ אײַנגעגעבענער פּאָרטרעט פאר ארנ צייטלינענ זעלבסט, דאָס איז גלײַכצײַטיק א טרעפלעכע כאראקטעריסטיק פונ דעמ יערידע־צושטאנד פונ דער פאַשיסטישער אונ סאָציִאל־פאשיסטישער ליטעראטור ביכלאל, באזונדערס פונ זייער ייִדישנ פליגל אינ פוילנ. די צעפוילונג פונ דער קאפיטאליסטישער קולטור דריקט זיכ דאָ אויס אינ דער קינסטלערישער אימפּאָטענצ אויספּאָרמירנ די „אידייענ", וואָס זיי פּראָפּאגאנדירנ. פאר אָט דער מעלאָכע נעמענ זיכ אינ גרעסטנ טייל די אמערסטנ—צעפוילטע, פארקויפטע אונ גראפאָמאנישע פענ־שמירער. ארנ צייטלינ כויזעקט אפנ כעזשבנ פונ זײַנע קאָלעגנ—„לאפיטוטנ־ליטעראטורנע", וואָס „פּראזוענענ" אונ „בלאזוענענ",—אָבער דאָס איז אָנגעמאָסטנ אויכ אפ דעמ מעכאבער פונ „דזשייקאָב דזשייקאָבסאָנ", אפ ארנ צייטלינענ גופע: ער איז א לאנג־יאָריקער מיטרעדאקטער פונ דער אָפנ־פארקויפטער פילסודסקיש־דעפענזיווישער שונד־צײַטונג „רויטער עקספּרעס" אינווארשע, וואָס דערלאנגט פאר דעמ אָפּגעשטאנענעמ לייענער טאָגטעגלעכ גאנצע צעבערס פּאָרנאָגראפישע שמוצ, מעסירעס אונ רעכילעס מיט דער פּאָליטישער אויסרעכענונג, אז דאָס זאָל דינענ ווי א מינ נארקאָטיק אונ שיקרעס פאר די ארבעטנדיקע מאסנ, קעדיי אָפּטייטנ זייער ווידערשטאנד־פייִקײַט קעגנ דער עקספּלואַטאציע אונ פאשיסטישער אונטערדריקונג.

איינער פונ די הויפּט־שטריכנ פונ דער נאציִאָנאל־פאשיסטישער ליטעראטור איז דאָס זשאָנגלירנ מיט אידייענ אונ פּראָבלעמענ, וואָס דארפ דינענ קליימערשט אלס באווײַז פונ די „בריִיטע האָריזאָנטנ" פונ זייערע שרײַבער, פאר דער „אָביעקטיווקײַט" אונ „ליבעראַלישקײַט", מיט וועלכער זיי באנעמענ די אָנגעווייטיקטע פראגנ פונ דער מענטשהײַט ביכלאל אונ דער נאציע ביפראט.

אינ „דזשייקאָב דזשייקאָבסאָנ" קריכט ארנ צייטלינ פאָשעט פונ דער הויט, קעדיי צו באַרירנ וואָס מער פראגנ אונ מאכנ דורכדעמ „וואָגיקער" דאָס ווערק. דאָ האָבנ מיר די די פראגנ פונ מילכאָמע אונ רעוואָליוציע, גוירל פונ דער וועלט־געשיכטע, קאפּיטאל אונ ארבעט, סאָוועטנפארבאנד, אידעאלע ווערטנ פונ מישפּאָכע, פאָטערלאנד, ציוויליזאציע א. א. דער ציל פונ ווערק איז צו קאָמפּראָמעטירנ דעמ קאָמוניזמ, ארונטערצײַסנ דעמ אווטאָריטעט פונ סאָוועטנפארבאנד אינ די אויגנ פונ אינטערנאציִאָנאלנ פּראָלעטאריאט אונ באזונדערס צו העלפנ פארשפּרייטנ די פּראָ־מילכאָמע שטימונגענ, וואָס עס זייט דער פאשיזמ.

די סיטואציע אינעמ ווערק וויקלט זיכ פאנאנדער אפ אזא אויפנ: אפ א שיפ, וואָס פירט עמיגראנטנ אינ די פאריייניקטע שטאטנ, ווערט אינמיטנ וועג איבערגעטמענ א ראדיאָגראמע וועגנ א מילכאָמע צווישנ ענגלאנד אונ סאָוועטנפארבאנד. דאָס איז א יעדיִע וועגנ

אַ צווייטן וועלט־קריג און אַן אַלוועלטלעכער מאָביליזאַציע. אַפֿן שיף געפֿינען זיך אַ גע־נעראַל, אַ סאָוועטישער דיפּלאָמאַט,—ביידע רופֿן באַגײַסטערט צו מילכאָמע. עס קומט פֿאָר אַ דיפֿערענצירונג אין דער „קלאַסן“־באַזע אַפֿן שיף. די אַרבעטער־מאַסע גייט נאָכן סאָוועטישן דיפּלאָמאַט. דער „לעצטער דיקטער“ (שלימאַזלאַנוס) ווערט איבערגעקויפֿט דורך דעם קאַפּיטאַליסטישן טייל. די הויפּט־פֿיגור איז דער יאַהודישער הויזן־קנעפּלעך־פֿאַבריקאַנט—דזשייקאָב דזשייקאָבסאָן, וועלכער דערשמעקט מיט זײַן „ייִדישן נאָז“ די ערנסטקײַט פֿון דער סיטואַציע און ברײַטעט אַרויס זײַנע „הויכע“ פֿילאָסאָפֿיעס,—די „שלאַכט־פּראָגראַם“ פֿון מעכאַבער. אין דעם קלאַסן־געראַנגל קומט אום די שיף. עס דערגייען אויך ידיִעס וועגן וועלט־אונטערגאַנג אין רעזולטאַט פֿון דער מילכאָמע. עס ראַטעוועט זיך בלויז דזשייקאָב דזשייקאָבסאָן, וועלכער געפֿינט זיך צוזאַמען מיט אַ פֿרוי אויפֿן וואַסער־געשטער אַפֿן טהאָם פֿון אַטלאַנטיק. דערנאָך אין גאַניידן, וווּ ער און זײַן פֿרוי זײַנען באַרופֿן צו אויפֿ־לעבן די מענטשלעכע וועלט. דזשייקאָב דזשייקאָבסאָן גייט אָבער ניט אײַן אַף דעם, ער נעמט זיך דאָס לעבן און אָדאָם ווערט באַשאַפֿן פֿון דער ריפּ פֿון דער פֿרוי.

דערדאָזיקער אומבאַהאָלפֿענער סיוזשעט איז דורכגעדרונגען מיט נאַציִאָנאַל־פֿאַשיסטישער אָנשטרענגונג צו דערווײַזן, אַז ז'אָס סאָציִאַליסטישע פֿאָטערלאַנד מוז אונטערגיין. דערצו באַנוצט דער מעכאַבער די טעאָריע פֿון נאַציִאָנאַל־רעליגיעזן פֿאַטאַליזם. די אויסגעמוטשעטע, משטיינס געזאָגט, פֿילאָסאָפֿיע איז אַזאַ: די געשיכטע כאַזערט זיך איבער, סאָוועטנפֿאַרבאַנד איז ניט דער וועג, אַף וועלכן עס וועלן גיין די פּראָלעטאַרישע מאַסן פֿון אַלע קאַפּיטאַ־ליסטישע לענדער. סאָוועטנפֿאַרבאַנד איז נאָר אַ פֿאַריבערגייענדיקער עטאַפּ ווי יעדע מעלוכע־אָרדענונג, וואָס איז געווען פֿאַר איר. די ענדערונגען און רעוואָליוציעס אין דער קלאַסן־געזעלשאַפֿט ביכלאַל קומען פֿאָר ניט לויט די געזעצן פֿון דער מאַטעריִאַליסטישער דיִאַלעק־טיק, נאָר לויטן אידעאַליסטישן צויבער־שטעקעלע פֿון גרויסע מענטשן. איבער אַלץ הענגט דער פֿאַטום פֿון ניט־אייביק זײַן. אַלע מוסטערן פֿון דער וועלט־אָרדענונג זײַנען אָבער שוין אויסגעשעפּט. הינטער דעם לעצטן פֿאַרהאַנג איז פֿאַראַן גאָט, וועלכער וועט דורך דעם פֿאָרשטייער פֿון ייִדישן פֿאָלק (דזשייקאָב־דזשייקאָבסאָן—דער קעניג פֿון הויזן־קנעפּלעך איז זײַן מאָשיִעך!) באַשטימען זײַן לעצטן ווילן...

די פּראָפּאַגאַנדע קעגן סאָוועטנפֿאַרבאַנד פֿירט איצט דער אַלוועלטלעכער אימפּעריִאַליזם אַף גאָר אַן אַנדער אויפֿן ווי געווען. און ווי קען זײַן אַנדערש? די איליוזיִעס, וואָס די בורזשואַזיע האָט אין אָנפֿאַנג פֿון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע געזייט, אַז אַף דעם זעקסטל פֿון דער ערד וועט די אַרבעטער־מאַכט לאַנג ניט דויערן, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר פֿאַלש און געשלאָגן דער בורזשואַזיע גופֿע. אירע ווײַטערדיקע נעוויִעס וועגן דורכפֿאַל פֿונעם פּינפּיאָר, וועגן הונגער און קריזיס אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד,—האָבן זיך פּונקט אַזוי ניט פֿאַרווירקלעכט. טראָצדעם עקזיסטירט סאָוועטנפֿאַרבאַנד ווי אַ רעוואָליוציִאָניזירנדיקער פֿאַקטער פֿאַר די אַרבעטער און האָרעפּאַשנע מאַסן פֿון דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, וועלכע ראַנגלט זיך אין קריזיס־קאָנוווּלסיעס. וואָס בלײַבט איבער דעם פּוילנדיקן אימפּעריאַליזם צו טאָן, אויב ניט צו שרעקן מיטן „רויטן געשפּענסט“, מיט די „אַנטשיי־דענע שלאַכטן, וואָס דער סאָוועטנפֿאַרבאַנד באַמיט זיך קלײַמערשט אַרויסצורופֿן?

דער נאַציִאָנאַל־פֿאַשיסט ארן צייטלין טוט דאָסזעלבע, ער האָט דערבײַ געפֿונען זײַן נאַציִאָנאַליסטיש־ייִדישן אײַנפֿאַל פֿון „איין קאָל כאָדאָש טאַכאַס האַשעמעש“ (ניטאָ קיין נײַס אונטער דער זון!) — ד. ה. די קומענדיקע מילכאָמע וועט לויט אים ווײַזן, אַז סאָוועט־נפֿאַרבאַנד... און די ראָד פֿון דער געשיכטע וועט ווידער גיין מיט איר גאַנג.

וואָרום אָט הערט ווי דער הויזן־קנעפּלער—מאָשיאַכ פילאָזאָפירט מיט זײַן פרוי אין באַ־ניידן וועגן די פּערספּעקטיוון פון דער וועלט־געשיכטע:

—„...א געפאלענע כאווע, א געפאלענער אָדאָם, און דער סאָף—מ'וועט אונדז ביידן ארויסיאָגן. אלץ ווי געווען, און דערנאָכ וועלן אונדז געבוירן ווערן א העוועל מיט א קאיִן, און דערנאָכ וועט קאיִן טייטן זײַן ברודער און דערנאָכ וועט קומען א מאבל, און דערנאָכ וועט זיך גאָט איבערבעטן און אזוי וועט זיך עס ציִען ביז... ביז מענטשן וועלן זיך פאַ־נאנדערקײַענען, און דאן וועט מען ווידער מאכן א ווערסאלער שאָלעם־טראקטאט, און ווידער א ווילסאָן, און נאָכאמאָל א לענין, און אָבערמאָל א... און דערנאָכ— ווידער וועלט־מילכאָמע, כעמישע וועלט־מילכאָמע, מיט גיפט־גאזן, גיפט־מאסקעס, טויט־שטראלן, און דער טײַוול ווייסט וואָס".

דאָ איז יעדעס וואָרט אויסגערעכנט עס זאָל שלאָגן אין פינטל. און דאָס פינטל איז, ווי געזאָגט: אראָפּ דער אָרעאָל פון די דערגרייכונגען פון דער אָקטיאבער־רעוואליוציע. דאָס איז ניט דער לעצטער עטאפּ. און אויב אזוי, טאָ זאָל לעבן די קליינבירגערלעכע פאסיווקײַט, די קלוגיטשקע אויסוואַרטעניש־טעאָריע פון יעדן פילּיסטער! און דעריקער: ניט פארכאפּן זיך מיט רעוואָליוציִעס, נידער מיטן פארשאָלטענעם קלאסנקאמפּ א. א. וו.

אזוי גיסט דער נאציִאָנאל־פאשיזם וואסער אף די מילן פון פאשיזם. ערן צייטלינען גייט אָבער אין קאָמפּראָמעטירן אינגאנצן דעם סאָוועטנפארבאנד. ער ווייס ניט ווי־אזוי ארײַנשטעקן א נאָז אין סאָוועטנפארבאנד גופע,—צו קאָמפּליצירט איז די ריזיקע סאָציִאליס־טישע בויונג ער זאָל קענען ווארפן אין איר זײַנע וואולגארע וויצענישן. ער באנוגנט זיך מיט די פלאכסטע פראָפּאגאנדע־מיטלען פון די ווייסגווארדיישע טעלעגראפן־אגענטורן. די בעוווּזענע אימפעריִאליסטישע מילכאָמע, האָט, לויט אים, בא אלעמען ארויסגערופן דעם אנטשיידנסטן פאציפיזם. פאר קיין פאל וואָלט מען די מאסן ניט געצווּנגען צו א נײַער מילכאָמע. דעם צויבער פאר איר שאפט... דער סאָוועטנפארבאנד.

נאָכדעם ווי דער גאנצער קאפיטאליסטישער יעראַרכיע אפן שיף (גענעראל, קאפיטאן, פּארקויפטער פאָעט) גיט זיך ניט איין צו נייגן די ארבעטער צו מילכאָמע, ווערט ארויס־גערופן דער סאָוועטישער דיפלאָמאט רוקאווישניקאָוו, וועלכער געפינט גלײַך די נייטיקע ווערטער אף באגײַסטערן די מאסן. ערן צייטלינס פארפאסט פארן סאָווידיפלאָמאט פאָלגנדיקע דיפלאָמאטישע דראָשע:

„רוקאווישניקאָוו. די צוועלפטע שאָ האָט געשלאָגן אפן זייגער פון דער געשיכטע, די צוועלפטע שאָ איז די רויטסטע שאָ—די שאָ פון נעקאָמע און די שאָ פון גערעכטיקײַט. ברידער, דער וועלט־קריג האָט צוויי געשטאלטן: איין געשטאלט א שווארצע, די צווייטע— א רויטע. מיט הארץ־קלאפונג האָבן מיר אָפּגעוואַרט די איצטיקע וועלט־היסטאָרישע מינוט (!) געקומען די צײַט פון רעכנשאפט—די לעצטע שלאכט קעגן דער הערשאפט פון קאפיטאל. קאפיטאל און ארבעט האָבן זיך אָנגעקוקט און האָבן באשלאָסן אָנצוהייבן דעם היסטאָרישן דועל (...).ביידע האָבן עס געוואָלט: ענגלאנד און מיר! און איצט—איצט, כאווײרים, זײַנען מיר בעקויעכ אָנצוהייבן א נײַעם, א צווייטן, א לעצטן וועלט־קריג (ווי געפעלט אײַך די אָנצוהערעניש וועגן רויטן געשפענסט!), קעדיי מיט פײַער און בלוט אויסצוקעמפן די וועלט פון גלײַכע און פרײַע!, און מיר רופן אײַך אין דער מילכאָמע—אײַך אלע, אלע, אלע!"

רוקאווישניקאָוו ווארפט אזוי האָלעוועשקעס—מילכאָמע־סטימולן, פארזיכערט דעם זיג פון דער סאָציִאלער רעוואָליוציע אין דער גאנצער וועלט. די רויטע רעטאָריק שאפט די

שטימונג פֿאַר דער מילחמה. די בורזשואַזיע, ווי עס שטעלט „קלוגעטשקע“ פֿאַנאַנדער זײַנע העלדן ארן צייטלין, רײַבט זיך די הענט אַרום מילחמה־פֿײַער, וואָס עס בלאָזט אויף דער סאָוועטישער דיפּלאָמאַט.

מיט דעם זײַנען מיר נאָך ניט פֿאַרטיק. ארן צייטלינס פֿאַרקערפּערט זײַנע פֿאַשיסטישע טענדענצן אין נאָך אַן אויסמעסטונג. דער מלאך־האַדומע (סאַנסינײַ) ווײַזט פֿאַרן ייִדישן מאָשיִעך (דזשייקאָבסאָן) די „קומענדיקע דורות“ אין געשטאַלט פֿון מאַריאָנעטקעס. פֿאַרשטייט זיך, אַז ארן צייטלין ווײַזט דאָ אַרויס „טיפּזיניק“ זײַנע גאַנצע „ענציקלאָפּעדישע“ קענטענישן (פֿון עפּראָסעס און דובנאָווס געשיכטע!). די הויפּט־פֿיגורן זײַנען דאָ די הערשער פֿון דער וועלט־געשיכטע (נעוווכאַדנעצאַר, יוליס צעזאַר, נאַפּאָלעאָן, ווילהעלם דער צווייטער, מוסאָליני), צווישן וועלכע עס ווערט אויך געוויזן לענין. די פּאַטאַליסטישע פֿילאָסאָפֿיע פֿונעם מעכאַבער זאָגן אַרויס די „אָביעקטיווע“ וויסנשאַפֿטלער ניוטאָן און איינשטיין.

ניוטאָן: „...איך גיי אַנטדעקן די אייביקע געזעצן פֿון דער נאַטור. ווען ס׳וועט קומען איינער מיטן נאָמען איינשטיין—וועט זיך אַרויסווײַזן, אַז אַלע געזעצן זײַנען אויסערן געזעצ“.

אײַנשטיין: „...איך זע שוין דעם, וואָס וועט קומען נאָך מיר און וועט אופֿווײַזן, ווי רעלאַטיוו עס איז מײַן טעאָריע פֿון רעלאַטיוויטעט. איך האָב אַלץ אויסגעפּאָרשט, ווייס איך, אַז קיינער ווייס גאָרנישט, איז מיר אומעטיק און איך גיי שפּילן פֿידל“.

די לעצטע מאַריאָנעטקע איז דער בראַווער סאָלדאַט שווייק. ארן צייטלין האָט אויסגעלערנט די שילדערונג־פּרינציפּן פֿון די פֿאַשיסטישע שרײַבער. זיי ווײַזן אַרויס „מיטגעפֿיל“ צו זייערע „אַרבעטער“־העלדן זיי, אַלס טאַמעוואַטע, אידייענלאָזע, וועלכע ווערן לײַכט אויסגענוצט דורך די דעמאַגאָגישע פּאַרטיי־פֿירער. מיט דעררדאָזיקער נאַציאָנאַל־פֿאַשיסטישער „האַרציקײַט“ צוגיסט זיך אויך ארן צייטלין אין דער שווייק־מאַריאָנעטקע. ער צייכנט אָן איר ראָלע אַפֿן פֿאָלגנדיקן אופֿן:

„איך בין דער בראַווער סאָלדאַט שווייק, איך בין דאָס אייביקע האַרמאַטן־פֿלייש, אַז מע רופֿט מיך—גיי איך. עס וועט זײַן וועלט־קריג, מײַן בלוט וועט פֿאַרגאָסן ווערן אומזיסט, דערנאָך וועט זײַן וועלט־קריג צום צווייטן מאָל, אַ וועלט־קריג מיט גאַזן, און מײַן בלוט וועט ווידער פֿאַרגאָסן ווערן, און ווידער אומזיסט, און דערנאָך וועט, נאַטירלעך, פֿאָרקומען דער פֿאָרויסבאַשטימטער וועלט־אונטערגאַנג. עפּשער האָט איר אַ פּאַפּיראָס?“

ווי עס איז צו זען, גיט דאָ דער נאַציאָנאַל־פֿאַשיזם קיין סאַך נײַס ניט צו. ער גאַווערט בלויז אַרויס דאָס, וואָס ער האָט געגנאַשט בײַ די פֿאַשיסטישע און סאָציאַל־פֿאַשיסטישע רעביים און קאָמבינירט עס מיט זײַנע אייגענער מייקעכץ. אין סאַכאַקל דאַרף עס געבן: די נאַציאָנאַל־רעליגיעזע אידיי פֿון פֿאָרויסבאַשטימטקײַט צוהילף דעם גוויסען קאַפּיטאַל, פּאַסקווילאַנטישע מאַקולאַטור קעגן סאָוועטנפֿאַרבאַנד, הילף די מילחמה־צוגרייטונגען קעגן לאַנד פֿון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

כאַראַקטעריסטיש איז אויך די פֿאָרם פֿון „דזשייקאָב דזשייקאָבסאָן“. דער מעכאַבער רופֿט עס אָן „אַ גראָטעסק־שפּיל אין 4 אַקטן“. דאָס דאַרף קלומערשט באַטײַטן, אַז אין גרונט פֿונעם ווערק איז געלייגט קריטיק פֿון די געגעבענע געשעענישן. נאָר דאָס איז בלויז אַ צווייטע מאַסקע אויף פֿאַרדעקן דעם נאַציאָנאַל־פֿאַשיסטישן אינהאַלט. דאָס איז ווידער ניט קיין אייגענע אופּטועכץ פֿון נאַציאָנאַל־פֿאַשיזם. די פֿאַשיסטישע שרײַבער טרעטן אַרויס גאַנץ אָפֿט מיט אַ געוויסער קריטיק פֿון דער בורזשואַזיע, דעקן אויף איינצלנע פֿאַקטן פֿון אַרבעטער־עקספּלואַטאַציע א. א. וו. דאָס איז נאָר אַ מיטל צו געווינען דעם צוטרוי

פון אַרבעטער־לייענער און אַרונטעררײַסן זײַן צוטרוי צו דער רעוואָליוציאָנערער אָרגאַניזאַציע. דאָס איז אַ „לינקע“ פּראָזעאָלאָגיע, מיט דער הילף פון וועלכער עס איז לײַכטער דורכ־פירן דעם פּראַט.

גראָטעסק איז די פאָרם פון פאַרשאַרפטער קריטיק, פון בוילעט מאַכן די אָנגעוויזענע פעלערן, פון פאַרשטאַרקטער איראָניע און אָפּשפּאָטונג. אָרן ציטלין באַנוצט די גראָטעסק־פאָרם, דאַפּקע קעדיי צו ניוועלירן די פאַקטן, שטעלן אַ גלײַכצייכן צווישן די היסטאָרישע פּראָצעסן, ווי ער וואָלט זאָגן: „קיין איין אָרדענונג קען ניט גענומען ווערן ערנסט, אַלע טויגן זיי אויפן פײַער, אַפילו די אַרבעטער־מאַכט אין סאָוועטנפאַרבאַנד“. דאָס איז דער געדאַנק, וואָס ער באַמיט זיך אָנבינדן די לייענער מיט דער הילף פון גראָטעסק. עס איז אומעגלעך איצט צו אַרויסטרעטן מיט ליב־געזאַנגען פאַרן אונטערגייענדיקן קאַפּיטאַל, דעריבער זשאָנגלירט ער דאָ מיט דער פאָרם פון קלוימערשטער קריטיק. זעלבסטפאַר־שטענדלעך, אַז די פײַלן פון גראָטעסק וואַרפט ער אויפן פּראָלעטאַרישן פאָטערלאַנד. דאָ איז די קריטיק—אַרכי־בורזשואַזער ציניזם, העכסטע שטופע פון וווּלגאַריטעט, אינדערציִיט, ווען אין באַצוג צו די קאַפּיטאַליסטישע פאָרשטייער קומט ער אָפּ מיט אַ מאַרשאַלעק־כוויִעקל, מיט גאָרניט־זאָגנדיקער ציינשטשירעניש און פאַקטישער אַפּאָלאָגעטיק.

אָט זײַנען אייניקע בײַשפּילן.

ווען עס באַקומט זיך אויפן שיף די ראַדיאָגראַמע וועגן דער נײַער מילכאָמע און דער סאָוו. דיפּל. רוקאַווישניקאָוו באַמיט זיך צו איבערצײַגן די אַרבעטער אין דער פּאָזיטיווער באַציִונג פון סאָוועטנפאַרבאַנד צו דער מילכאָמע, קומט פאָר אַזאַ דיאַלאָג:

אַרבעטער: וואַרפן די ביקסן! זאָל די רעפּובליק פון די ראַטן זיך צוריקציִען. די אַרבעטער און די אָרעמע פון אַלע לענדער זאָגן צום קאַפּיטאַל:

מילכאָמע ווילסטו? גוט, מיר אָבער ווילן ניט! איז עס ניט דאָס גרעסטע סאָציאַלע איבערקערעניש?

רוקאַווישניקאָוו: בלינד ביסטו, כאַווער, אַרבעטער־פּאַציפיזם איז אויך פון אונ־דזער שטאַנדפּונקט אַן אַבסורד.

שיף־קאַפּיטאַן: מײַנע ווערטער.

דאָסדאָזיקע וווּלגאַרע כיכיקען ווערט אונטערגעטראָגן ווי אַ זיג פון דער בורזשואַזער אידיי איבער דער פּראָלעטאַרישער.

און אָט איז קלוימערשט אַ גראָטעסק איבער דער מאַריאָנעטקע מוסאָליני:

עלפטע מאַריאָנעטקע: און מיר, סעניאָרן און סעניאָרינעס, ווען אָנטאָן שוואַרצע העמדלעך און ווערן פאַשיסטן. אַהאַ כ׳האָב מיך פאַרגעסן פאָרצושטעלן. איך בין, ווי איר שטויסט זיך אָן מיסטאָמע, בעניטאָ מוסאָליני.

דאָס איז אינגאַנצן, וואָס דער קאַבאַרעט־אַלפאָנס ציטלין ווייס צו דערציילן וועגן מוסאָליני.

דערפאַר איז די „גראָטעסק“ איבער דעם הויפּט־העלד דזשייקאָבסאָן שוין גאָר אידע־אַליזאַציע—אידעאַליזאַציע פון זײַן „ייִדישער נאָז“, וואָס דערשמעקט אַלץ, אידעאַליזאַציע פון זײַן יאַהודישן וווילגעבורט, וואָס פאַרייניקט אַ יעדיִע אין די... „שוואַרצע פּינטעלעכ“ און באַהאַוונטקײַט אין וועלט־זאַכן, און לעסאָף, אַפּאָלאָגיע פון זײַן „ייִדיש־עטישער“, קלערי־קאַל־נאַציאָנאַליסטישער און בורזשואַז־פאַשיסטישער הויפּט־אידיי, אַז די גאַנצע בייז פון דער איצטיקער וועלט, באַשטייט אין איר קלאַסן־צעטיילונג, אין דעם קלאַסנקאַמף און רעוואָ־ליוציִעס, וואָס רײַסן אָן איין מענטש אויפן צווייטן, רופן אַרויס די כײַע אינעם מענטשן...

ארנ צייטלינ ליגט ארײַנ דזשייקאָבסאָנען אינ מויל פאָלגנדיקע מאָראליסטישע שיינ־ריידרײַ (נאָכדעם ווי דער מאלעכ־האדומיע ווײַזט אים די געשטאלטנ־מאריאָנעטקעס פונ די קומענדיקע דוירעס):

— „אונ דו, גאָט, מײַנ הויכאכטונג! מײַנ הויכאכטונג, גאָט. איכ האָב שטענדיק פונ דיר געהאלטנ, איצט בינ איכ רויִק. ניינ, ניט דו ביסט דער אונטערנעמער! אויסגעשלאָסנ. האָסט זיכ באהאלטנ ערגעצ. אזא וועלט, א וועלט א נאָכמאכונג, א וועלט, וואָס כאזערט זיכ איבער, א וועלט פונ בלוט, ווידער בלוט, א וועלט פונ קריג, ווידער קריג, א וועלט פונ אונטערגאנג, ווידער אונטערגאנג, אָ וועלט אָנ טאכלעס, א וועלט ווי א פאלש וועקסל. א וועלט ווי גנייווע, א וועלט ווי אנ אופגעבראָכענע קאסע,—נ ע ו ו ע ר ־ מ ײַ נ ד, ניט דײַנ אונטערנעמונג איז עס גאָט! מ׳וועט מיכ ניט אײַנריידנ, דו וועסט אזוינס ניט טאָנ. ווּ ביסטו? איכ וויל דאָ אָנ דיר ניט זײַנ. איכ האָב מוירע צו זײַנ דאָ א מינוט לענגער. איכ האָב מוירע. איכ גיי צו דיר. ווּ ביסטו גאָט! מיר איז פינצטער“.

נאָכ דעמדאָזיקנ „ווידע“ הענגט זיכ דזשייקאָבסאָנ אופ אפנ בוים פונ לעבנ. אינ דעם איז גאָר ניטאָ פונ גראָטעסק. די באדכאָנעס, געפלאָכטנ מיט מאגידעס אָנשטאָט קריטיק, איז בארופנ צו מאכנ צו־נישט די ערנסטע מאָמענטנ אונ איבערהויפט אידעאליזירנ דאָס „פינטעלע ייִד“, די „ווײַטזועוודיקײַט“ פונ דזשייקאָבסאָנענ.

מארק טווענ פארענדיקט זײַנ ווערק וועגנ אָדאָם האָרישנ מיטנ טויט פונעם ערשטנ מענטשנ, דערבײַ לאָזט ער א טרער אפ זײַנ קייווער אונ זאָגט: „פאָרט אָנ אייגענער מענטש“. ארנ צייטלינ (זאָל מיר דער לייענער אנטשולדיקנ פארנ פארגלײַכ!) לאָזט הענגענ זײַנ אָדאָם אפנ „בוים פונ לעבנ“ מיט דער אָנצוהערעניש: קיינ בעסערער פונ אים איז ניטאָ! דזשיי־קאָב דזשייקאָבסאָנ, דער אמעריקאנער יאהודי, דער קעניג פונ הויזנ־קנעפלעכ, איז, הייסט עס, דער סימוואָל פונ דער ייִדישער פלוטאָקראטיע, איז דער מאָשיִעכ! געשטאָרבנ דזשיי־קאָבסאָנ, זאָל לעבנ דזשייקאָבסאָנ!...

*
* *

דער נאציִאָנאל־פאשיזם איז גענוג רירעוודיק. די ראָלנ זײַנענ פאנאנדערגעטיילט. דער דיכטער „שאפט“ אונ דער קריטיקער מאכט „פובליסטי“, פּאָפּוליאריזירט גלײַכ די שאפעכצ, העלפט עס צו פארשפרייטנ. אונ ווער אנדערש זאָל עס טאָנ, אויב ניט די „קרוינ“ פונ ייִדישנ נאציִאָנאל־פאשיזם—נ י ג ע ר אליינ. ער האָט גלײַכ דערשמעקט די וויכטיקײַט פונעם ווערק אונ צושיקט וועגנ דעם לויבנגעזאנג־בריוו אינ אלע צענטערס (צאָפנ־אמעריקע, לעטלאנד, פוילנ אונ מיסטאָמע אויכ ארגענטינע):

„עס איז א סאָציִאלע פאראָדיע,—שרײַבט ניגער,—מיט א גרויסנ פארנעם“, „פײַנקײַט“, „טיפע קלוגשאפט“, „די זאכ אינגאנצנ איז אויסגעצייכנט“, „פראָטימ, וועלכע גלאנצנ מיט זייער אינהאלטרײַכקײַט אונ זייער וויציקײַט, אונ וועלכע וואָלנ נאָכ בעסער קלינגענ, ווענ זיי וועלנ ארויס פונעם מויל פונ א גוטנ אקטיאָר“...

דאָס לעצטע איז, פארשטייט זיכ, דער איקער. דער נאציִאָנאל־פאשיזם וויל דינענ דעם פאשיזם מיט אלע מיטלענ, אינ דעם אויכ מיטנ טעאטער. אונדז איז ניט באקאנט, צי מע גרייט זיכ שוינ אינ ווארשע שפילנ מיט דעם „טרעיאטער“, מיר זײַנענ זיכער אינעם כויש פונעם ארבעטנדיקנ לייענער אונ צושויער, אז ער וועט ווײַכנ פונ דעם, ווי ער ווײַכט

פונ דער גאנצער פאשיסטישער אונ סאָציאַל־פאשיסטישער ליטעראטור, אונ וועט עס באקעמפנ.

לענינ זאָגט אינ איינ אָרט, אז די באדײַטונג פונ א קריזיס באשטייט אינ דעמ, וואָס עס ווערנ גלײַכ אופגעדעקט די „פאלשע מאנעוורענ פונ די סאָציאַל־שאָוויניסטנ, וועלכע ווילנ שפילנ אפנ קריזיס, ארויסטרעטנדיק מיט א „לינקער” פראזעאָלאָגיע”. די ארבעטער־מאסנ אינ פוילנ דערקענענ אויכ גלײַכ יעדנ נײַעמ „לינקנ” שאכ־צוג, וואָס עס ווענדנ אָנ די אגענטורנ פונ פאשיזמ אינעמ איצטיקנ קריזיס אונ ענטפערנ אפ דעמ מיט א העפטיק־ווידערשטאנד. דעמדראָזיקנ כוש ווײַזנ זיי ארויס אויכ בענעגייע דער ליטעראטור. דערזעלבער ארנ צייטלינ קלאָגט זיכ אינ איינעמ פונ די נומערנ „ליטעראַרישע בלעטער”:

„לייענער־פארליגנערטע, דעמאָראליזירטע אונ גײַסטיק־צעניזיקטע דורכ העצרישער מיטינג־קולטור אונ פארטייישער גאסנ־פויקערײַ,—מערנ זיכ בא אונדז אונ שפראָצנ, ווי מעשוגענע שוואָמענ, אונ לאָזנ ניט ארויסזענ דאָס אייגענע פארטראכטע געזיכט פונ יענעמ לייענער, וואָס איז מעסוגל צו ווערנ דאָס אויער פאר דער נעשאָמע־מוזיק פונ א צווייטנ”.

ביטערע צײַטנ פאר די ליטעראַרישע אגענטנ פונ פאשיזמ! זייער „נעשאָמע־מוזיק” געפינט זייער ווייניק צוהערער פונ דער ארבעטער־מאסע, וועלכע ווערט וואָס ווײַטער אלץ מער באוווסטזיניק אונ שטעלט ארויס צו דער קונסט דאפקע די פאָדערונגענ פונ „מיטינג־קולטור” אונ רעוואָליוציאָנערער פארטייישקײַט.

מ. ראפאלסקי

# דער טעאטער בא זיי און בא אונדז

דער „בארימטער נאציאָנאלער פּאָעט" כאַים נאכמענ ביאליק, וועמענ די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט ארויסגעשפּיגנ פונ סאָוועטנפארבאנד, פארענדיקט זײַנע טעג אינ דער „הײליקער שטאָט טעלאָוויוו".

באשיטנדיק זײַנ קאָפּ מיט אש, וויינט ער איבערנ גורל פונ „ייִדישנ פאָלק" אונ באַקלאָגט זיכ באמ קויסל־מאראָווי אפּנ גורל פונ די ייִדנ, וועלכע קומענ אומ פונ דער „באָלשעוויסטישער אינקוויזיציע".

אָט מיט וואָס פאר א בריוו דער „כאָשעווער" אויוורבאָטל, „פארזאָרגער" אונ „נאָווי" ווענדט זיכ צו „אלע, אלע, אלע":

„הער רעדאקטער"

איכ בעט אָפּדרוקנ אינ אײַער צײַטונג אינ אָריגינאל אונ אינ איבערזעצונג פאָלגנדיקעס:

די שרעקלעכע צאָרעס, וואָס האָבנ געטראָפנ אונדזערע ברידער אינ רוסלאנד שרײַענ צומ הימל. עס איז אָנגעקומענ א נײַע אינקוויזיציע, פיל גרויזאמער אונ ביטערער פונ דער שפּאנישער. עס איז א שווער אומפארצײַלעכ פארברעכנ פונ די, וואָס קאָנענ אליארמירנ אונ שווײַגנ. די בריוו, וואָס קומענ צו אונדז אָנ סאָגטעגלעכ פונ דעמ בלוטיקנ לאנד פונ אבסאָליוט זיכערע קוועלנ, צעברעכנ אפילע שטייַנערנע הערצער. צי וועט טאקע די ייִדישע פּרעסע שווײַגנ אינ אזא צײַט אונ וועט ניט אופרודערנ די וועלט? דאָסדאָזיקע שטילשווײַגנ וועט בלײַבנ ווי א צייכנ פונ שאנד אפּ די שטערנס פונ אונדזערע רעדאקטאָרנ אונ שרײַבער. מיר פאָדערנ קאַטעגאָריש צו געבנ א ברייטערנ אונ דויערנדיקנ פירסומ פאר די אלע בריוו אינ דער זאכ אונ זיי ווידמענ ארטיקלענ קעדיי אופּצוּוועקנ דאָס פאָלק אונ עפענענ אימ די אויגנ אפּ די אלע מיִעסע מײַסימ, וואָס ווערנ איצט אָפּגעטאָנ אונדזערע ברידער אינ רוסלאנד".

דידאָזיקע אויוורבאָטלדיקע פלאפּלערײַ האלט אונטער דער אמעריקאנער ייִדישער פּאָעט לייוויק; דידאָזיקע רייד פונ היצ האלט אונטער אויכ דער ליגנערישער „בונד", וועלכער דרוקט איבער אפּ די שפּאלטנ פונ זײַנ געלער פּרעסע אינ ווארשע לייוויקס ריידערײַענ וועגנ דעמ, אז דער „ארבעטער־קלאס איז דער טרעגער, דער אקטיוועסטער טרעגער פונ נאציאָנאלנ קיִעמ פונ זײַנ פאָלק", אז די קאָמוניסטנ זײַנענ געקומענ „צו א בייזער היסטאָרישער פארלייקענונג פונ אלע אונדזערע קולטור־ווערטנ, וואָס טראָגנ אינ זיכ א נאציאָנאלנ רעמעז—זײַנענ געקומענ פאקטיש צו דערוועלבער אסימיליאציע".

די בונדישע „פילאָסאָפן״ דערגענצן דאָ דעם ניי־געבאַקענעם נאָווי מיט אזעלכע אויסגעצייכנטע פערל פון „טיפּוזיניקן גערַאנק״:

„ביז עס וועט קומען דער טאָג, ווען פון אלע פעלקער וועט ווערן איין גלייכע קלאסנלאָזע מענטשהייט, זאָל דערווייל יעדעס פאָלק באזונדער טראָגן אין זיך דעם כאָלעם פון פארווירקלעכן כאָטש אין א קליינעם פאָרמאט דעם אידעאל וועגן גלייכהייט, אָפּשאַפונג פון עקספּלואטאציע, פון רייכקייט און אָרעמקייט.

אין דער יידישער געשיכטע איז אָט דער כאָלעם געכאָלעמט געוואָרן אפן שארפסטן אינטענסיווסטן אויפן מיט טויזנטער יאָרן צוריק פון די נעוויִים״.

„קליין בין איך גאָט און קאָן ניט באגרייפן די גרייס פון דיין קאָוועד״—האָט זיך אמאָל געקלאָגט דער יידישער רעליגיעז־מיסטישער פּאָעט מענאכעם אין איינע פון זיינע לידער. דער „רעוואָליוציאָנערער״ „בונד״ איז ניט ווייט אוועק פון מענאכעמס קרעכצ און בעטלט אויס בא זיין „האר״ מארשאל פּילסודסקי כאָטש פּיצעלעך גלייכהייט, נאָר דער מארשאל איז שטרענגער פון יעהאָווע און ענטפערט אפ זיינע געבעט־טרערן מיט גראָבע פעלדפעבעלישע קלעפּ.

וועגן וואָס אייגנטלעך שרייען זיי? דעם אונטערגאנג פון וועלכער נאציאָנאלער קולטור באוויינען זיי?

צום 15־טן יאָרטאָג פון אָקטיאבער ווערן אונטערגעפירט די סאכאקלען פון די דערפאָלגן אפ אלע פראָנטן פון אונדזער בויונג, און אין דעם אויך אפן פראָנט פון קולטור פון די באפרייטע נאציאָנאליטעטן. אין דעמדאָזיקן גרויסן טאָג איז פארלייגט געוואָרן דער פונדאמענט פאר דער פאנאנדערבליִונג פון אונדזער קולטור — א נאציאָנאלע לויט דער פאָרם און א סאָציאַליסטישע לויטן אינהאלט.

כאִים נאכמען ביאליק האָט צוזאמען מיט זיין אייגענער דרוקעריי פארלאָרן אין אָדעס דעם „אויבנאָנ״ אין מיזרעך־וואנט פון אָדעסער קאָרשול (דאָרט איז איצט א קולטור־הויז פון די יידישע ארבעטער), אָבער ער האָט באקומען ניט קיין קלענערן „אויבנאָנ״ אין דער שול פון ·טעלאָוויוו.

אפ וואָס וויינט ער?

און וואָס איז געוואָרן מיטן איינגויינציקן, קען מען זאָגן, העברייִשן טעאטער „האבימאָ״, וועלכער איז אין 1926 י. ארויסגעפאָרן פונעם „לאנד פון אינקוויזיציע״, פונעם פ.ס.ס.ר. און האָט איבעראשט אין איירָאָפּע און אמעריקע מיט זיינע קאָלאָסאלע קינסטלערישע דערגרייכונגען?

אין כאִים־נאכמען ביאליקס שטאָט, אינעם הייליקן טעלאָוויוו ציט די „האבימאָ״ א נעבעכדיקע עקזיסטענץ, איז געוואָרן א שלעכטער פּראָווינציעלער טעאטער, ווי עס זאָגן וועגן דעם איידעס די ארטיסטישע שפּערישע קרעפטן, וואָס האָבן אים פארלאָזן און זיך אומגעקערט אין פ.ס.ס.ר. דער גרינדער פון דעמדאָזיקן טעאטער, צעמעך, גייט אין אמעריקע „שטונדן״ פון דער העברייִשער שפּראך, און איינער פון די בעסטע אקטיאָרן—וואַרדי—מאכט קוים א לעבן אין ניויאָרק.

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט אין ניויאָרק עקזיסטירט א גאנצע ריי יידישע פארווײַלונג־טעאטערס און צווישן זיי שווארצס טעאטער, וועלכער האָט געמאכט פּרוּוון זיך אויסצוטיילן מיט זיין ערנסטקייט, וועלכער האָט פון צייט צו צייט געשטעלט פּיעסן פון אייראָפּייִשע דראמאטורגן, צוציִענדיק צו דער ארבעט די קולטורעלערע קינסטלער און קאָמפּאָזיטערס.

דער קריזיס האָט פריִער פאר אלצ א קלאפ געגעבנ איבער דעמדראַזיקנ טעאטער אונ ער האָט אופגעהערט עקזיסטירנ—די איבעריקע טעאטערס זײַנענ זיכ פאנאנדערגעפאלנ, אונ נאָר א קלײנע טײל ציט דאָ כאיונע פונ שפילנ אָפּערעטקעס.

די פרווונ פונעם ייִדישנ אקטיאָר זיגמונד טורקאָוו צו שאפנ אינ פוילנ אנ ערנסטנ ייִדישנ טעאטער, האָבנ זיכ קעסיידער ניט אײַנגעגעבנ, ביזוואנענ טורקאָוו האָט זיכ אינגאנצנ ניט אָפּגעזאָגט פונ דעמדראָזיקנ „כוצפעדיקנ" טרוים.

די ייִדישע אקטיאָרנ אינ פוילנ, אינ רומעניע, לעטלאנד אונ ליטע געפינענ זיכ אינעמ צושטאנד פונ הונגעריקע, ארויסגעשטויסענע, אינ אזא צושטאנד אינ וועלכנ זיי האָבנ זיכ געפונענ אינ דעמ פאר־רעוואָליוציאָנערנ צארישנ רוסלאנד. עס איז ניטאָ ניט אינ אמעריקע אונ ניט אינ אײראָפּע א וועלכער ניט איז באדײַטנדיקער ייִדישער טעאטער, וועגנ וועלכנ מע זאָל קענענ רײדנ, אפּ וועלכנ מע זאָל זיכ קענענ אָפּשטעלנ, אויסער דעמ פראָלעטארישנ „ארטעפ" א. אנד.

אָבער בא אונדז אינ פ.ס.ס.ר. ציילנ מיר אָנ צומ 15־טנ יאָרטאָג פונ דער אקטיאבער־רעוואָליוציע א גאנצע רײ מעלוכישע ייִדישע סטאציאָנארע טעאטערס, וואנדער־טעאטערס, כוצ טעאטערס פאר דער ארבעטער־יוגנט („טראמענ") אונ א גרויסע צאָל זעלבסטעטיקע ארבעטער־ אונ קאָלווירטישע קרײַזלעכ. מע דארפ אפּ אנ עמעס זײַנ מעשוגע, פארלירנ דעמ געוויסנ, אז מע זאָל, ניט געקוקט אפּ די בולטע פאקטנ רײדנ, וועגנ דער פארפאָלגונג פונ דער נאציאָנאלער קולטור אינ פ.ס.ס.ר., רײדנ וועגנ דעמ, אז „די קאָמוניסטנ זײַנעָנ געקומענ צו א בײזער היסטאָרישער פארלײקענונג פונ אלע אונדזערע (ייִדישע—מ. ר.) קולטור־ווערטנ" (לײוויק).

ווו דענ אנדערש, אויב ניט אינ פ.ס.ס.ר., אינעמ לאנד, וואָס ווערט אָנגעפירט פונ די באָלשעוויקעס, האָבנ די ייִדישע מעלוכע־טעאטערס צומ ערשטנ מאָל אינ דער געשיכטע פונ ייִדישנ טעאטער געשאפנ פונ די ווערק פונ די קלאסיקער—מענדעלע, שאָלעמ־אלײכעמ, פערעצ—ספעקטאקלענ פונ גרויסער קינסטלערישער אונ קולטורעלער ווערט?

וועגנ א וועלכער „פארלײקענונג פונ אלע אונדזערע קולטור־ווערטנ" רעדט לײוויק?

מע וואָלט זיכ געקענט אינגאנצנ ניט אָפּשטעלנ אפּ די פלוידערײַענ אונ פלאפלערײַענ פונ די נאציאָנאל־פאטריאָטנ, אָבער אפּנ פאָנ פונ דידאָזיקע פלוידערײַענ, וואָס זײַנענ א רעזולטאט פונ דער אײגענער אימפּאָטענצ אונ שוואכקײַט, וואקסנ נאָכמער אויס די דערגרײכונגענ פונ ייִדישנ טעאטער אינ פסס"ר.

עס איז כאראקטעריסטיש פאָלגנדיקער פאקט:

דער העברײיִשער טעאטער „האבימאָ" האָט אינ די ערשטע יאָרנ פונ זײַנ עמיגראציע זיכ געפרווט אײַנהיטנ, זיכ אײַנהאלטנ אפּ יענע קינסטלערישע הײכנ, וועלכע ער האָט דערגרײכט אינ פ.ס.ס.ר. דער טעאטער האָט אײַנגעלאדנ אפּ א שטעלונג אינ טעלאָוויוו דעמ רעזשיסאָר אלעקסײ דיקי, נאָר די פארזאָרגער פונ דער „נאציאָנאלער קולטור", די כאַיִמ־נאכמענ ביאליקס זײַנע אופגעבראכט געוואָרנ פונ דעמ, וואָס דער טעאטער האָט אײַנגעלאדנ א „גוי".

שוינ דערדאָזיקער פאקט איז גענוג מע זאָל זיכ פאָרשטעלנ וועגנ וואָס פאר א נאציאָנאלער קולטור עס גײט א רײד.

וועגנ א קולטור אנ אײַנגעשלאָסענער, אנ אָפּגעגרענעצטער מיט פיר ווענט, וועגנ א קולטור פונ כומעש אונ געמאָרע, וועגנ יענער קולטור אינ וועמעס נאָמענ אונ אונטער

וועמעס צודעק עס האָט זיכ אינ 1929 יאָר פאַנאַנדערגעשפּילט א בלוטיקע שכיטע צווישנ די אראַבער אונ יִידנ, א שלאַכט א צוגעגרייטע אונ אנ אונטערגעהעצטע דורכנ ענגלישנ קאַפּיטאַליזמ, וואָס איז אונטערגעכאַפּט געוואָרנ דורכ די קריגערישע ציִאָניסטנ אינדערשפּיצ מיטנ פאַרקויפטנ סיטי-העלד פונ מאַכנאָ-טיפּ—זשאַבאָטינסקענ.

אינ טעלאָוויוו טאָרנ ניט געוויזנ קיינ קלאַנג-פילמענ אפ דער יִידישער שפּראַכ, אפ דער פאָלק-שפּראַכ, ווײַל די כוצפּעדיקע יִידישע סאָציִאַל-פאַשיסטנ פאַרוואַרפנ דעמ עקראַנ מיט שטיינער.

אינ דער וואַרשעווער צײַטונג „מאָמענט" פאַרנ 8-טנ אפּרעל 1932 י. איז אָפּגעדרוקט אנ אַרטיקל. אינ וועלכנ דער אוטער שרײַבט:

„איר דערציילט אונדז א מײַסע פונ קרימ, בירעבידזשאַנ; איר דערציילט די כאַסאָדימ, וואָס מע טוט דער יִידישער שפּראַכ, דער יִידישער קולטור. געוויס זײַנענ עס גרויסע עקספּערימענטנ אונ מיר וואָלטנ אײַכ געמעגט זײַנ דאַנקבאַר, ווענ עס וואָלט געמאַכט געוואָרנ לישמאָ".

פאַרגיסנדיק אסאַכ טרערנ איבער דעמ גוירל פונ די וואַל-געפּאַסלטע, זעצט ער פאָר, דער גײַסט-פאַרזאָרגער:

„... ווענ מע לייגט ארײַנ אינ כיירעמ אלצ, וואָס איז יִידיש, אלצ, וואָס איז געווענ טויזנטער יאָרנ באַטראַכט פאַר יִידישקײַט, ווענ מע נעמט די יִידנ אונ מע פירט זיי ערגעצ אוועק אינ א מידבער, ווו מע מאַכט זיי פאַר פּאַסטעכער פונ כאַזיירמ... אויב די יִידישע געשיכטע הייבט זיכ אָנ מיט לאַרינ, איז די גאַנצע טירכע ניט קעדײַ".

פאַר דידאָזיקע צעיושעטע סאָנימ פונעמ יִידישנ פּראָלעטאַריאַט, איז די קאָלאָסאַלע אַרבעט, וואָס איז דורכגעמאַכט געוואָרנ פאַר די 15 יאָר אינ פּססר איבער דער יִידישער שפּראַכ, איבער דער יִידישער ליטעראַטור אינ טעאַטער—„אנ אומזיסטע טירכע". דידאָזיקע פאַרזאָרגער פונ די „קולטור-ווערטנ" זאָרגנ וועגנ אײַנהיטנ דאָס „יִידישע אינ אונדז".

די אָקטיאַבער-רעוואָליוציע האָט מיט אנ אײַזערנעמ בעזימ אויסגעקערט די פיל-דוירעסדיקע פאָרורטיילנ וועגנ א „טרייפנ" אונ „ניט ריינעמ כאַזער", די אָקטיאַבער-רעוואָליוציע האָט געשאַפנ א מעגלעכקײַט פאַר דער דעקלאַסירטער יִידישער אָרעמקײַט צו באַהעפטנ זיכ צו דער שעפערישער אַרבעט אפ דער ערד פונ קרימ, אפ דער רײַכער ערד פונ בירעבידזשאַנ. אָבער וואָס גייט זיי אָנ דידאָזיקע פאַשיסטישע שוואַרצמייעניקעס די ווירקלעכע פּראָלעטערישע קולטור פונ אַרבעט, ווענ עס גייט א רייד וועגנ אײַנהיטנ „דאָס יִידישע", ווענ עס גייט א רייד וועגנ די ניט-געוואַקלטע געזעצנ פונ מוישעס גלויבנ.

אסאַכ וועט פאַרטאַכאַקלט ווערנ דורכ די אַרבעטנדיקע פעלקער, דורכ די פריִער אונטערגעדריקטע נאַציעס, אינ דעמ אויכ דורכ די אַרבעטנדיקע יִידנ אינעמ טאָג פונ אונדזער גרויסנ יאָנטעוו וועגנ דעמ העראָיִזמ, וועגנ די דערגרייכונגענ פונעמ פּראָלעטאַריאַט אינ אונדזער גרויסנ ראַכוועסדיקנ פאַרבאַנד, אינ אלע זײַנע ווינקלענ.

צוגלײַכ מיט א גאַנצער ריי אַנדערע קולטור-אָרגאַניזאַציעס, וועלכע כאַראַקטעריזירנ דעמ שטורמישנ אויפבלי פונ דער יִידישער שפּראַכ, פונ דער יִידישער קונסט, יִידישער ליטעראַטור אונ טעאַטער אינ פּ.ס.ס.ר., לייקנט אויכ אָפּ דער יִידישער מעלוכע-טעאַטער פונ ווײַסרוסלאַנד אפ זײַנ דורכגעגאַנגענעמ וועג די לייגנערישקײַט פונ די אלע מאַכטלאָזע אונ

בייזע ארויסטריטנ פונ די ייִדישע סאָציאַל־פאשיסנ פונ זשאבאָטינסקעס אונ ביאַליקס לאַגער.

---

אונטערנ אָנגריפ פונ דער רויטער ארמיי זײַנענ די ווײַספּאָליאקנ ארויסגעשמיסנ געוואָרנ פונ מינסק אינ 1920 י. אָבער די באנדעס פונ בולאַק־באלאכאָוויטש אונ סאווינקאָוו האָבנ נאָכ לאַנג פאָרגעזעצט זייער ארבעט אפ די גרענעצנ פונ ווײַסרוסלאַנד.

דערפילנדיק דעם אומפארמײַדלעכנ סאָפ, האָט די כאַישע קאָנטר־רעוואָליוציע זיכ געײַלט אָנצוזעטיקנ מיט בלוט. באזונדערס האָבנ זיכ די פּאָגראָמשטשיקעס איזדעקעוועט איבער דער ייִדישער אָרעמקײַט פונ די ייִדישע שטעטלעכ.

דער פראָלעטאריאַט פונ ווײַסרוסלאַנד האָט אונטער דער אָנפירונג פונ דער פארטיי אומגעהערלעכ אָפּגעשלאָגנ די אָנפאלנ פונ די פּאָגראָמשטשיקעס, ביזוואַנענ ער האָט זיי נים פארטריבנ צו זייערע פרײַנט אונ באגײַסטערער אפ יענער זײַט גרענעץ.

אינ אויסערגעוויינלעכ־שווערע באדינגונגענ, צערויִנירט דורכ אינטערווענציעס, אינ קאמפ קעגנ דער קאָנטר־רעוואָליוציע אונ באנדיטיזם, האָט זיכ געבויט אונ געפעסטיקט די סאָוועטנמאכט אינ ווײַסרוסלאַנד.

דער ווײַסרוסישער פראָלעטאריאַט אונ דאָס ארבעטנדיקע פויערטום, וועלכע זײַנענ דורעס־לאַנג געווענ אונטערדריקט פונ צאריזם, האָבנ אופגעוואכט אונ פאנאנדערגעוויקלט א ברייזנדיקע טעטיקײַט אפ אלע בויונג־פראָנטנ, אונ אינ דעם אויכ אפנ קולטור־פראָנט.

קעמפנדיק קעגנ דעם גרויסמעלוכישנ שאָוויניזם, וועלכער האָט געשטעמפּלט די ווײַסרוסישע שפּראַכ אלס א „מוזשיצקע” אונ „לאַפּטיע־שפּראַכ”, קעמפנדיק קעגנ די נאצדעמענ, וועלכע האָבנ געפּרוּווט מאסקירנדיק זיכ מיט זייער „אייגנארטיקײַט” פארכאפּנ די איניציאַטיוו פונ דער קולטור־בויונג אינ זייערע הענט, האָט די פארטיי אונ די סאָוועטנמאכט פונ ווײַסרוסלאַנד געלייגט דעם פונדאמענט אונ געשאפנ א באזע פאר דער פאנאנדערבליִונג פונ דער ווײַסרוסישער קונסט, ליטעראטור אונ טעאַטער.

דער ייִדישער מעלוכע־טעאַטער פונ ווײַסרוסלאַנד איז געשאפנ געוואָרנ אייניצײַטיק מיט די ווײַסרוסישע מעלוכע־טעאַטערס. פונ זײַנ געבוירנ, פונעם טאָג פונ זײַנ סטודייִשער ארבעט, ד. ה. פונ 1922 י. האָט ער געארבעט, ווי א סטודיע אינ מאָסקווע צוזאמענ מיט דער ווײַסרוסישער סטודיע, וועלכע איז שפּעטער געוואָרנ דער צווייטער ווײַסרוסישער מעלוכע־טעאַטער. די געמיינזאמע ארבעט אונ צוזאמענוווינונג האָט געשאפנ א פאָרהאנאָכע פאר דער אינטערנאציאָנאַלער דערציִונג פונעם יונגנ דאָר אקטיאָרנ פונ ווײַסרוסלאַנד. דער שאָוויניזם פונ פארשיידענע שאטירונגענ, אָפּס ניט אָנ דערפאָלג, האָט אויסגעצויגנ זײַנע לאַנגע הענט אויכ אפ דעמדאָזיקנ יונגנ שעפערישנ אָרגאניזם. אונ ווענ די סטודיעס, ווערנדיק שוינ טעאַטערס, זײַנענ אָנגעקומענ אינ ווײַסרוסלאַנד, האָט זיכ פאר דער פראָלעטארישער געזעלשאפטלעכקײַט הארט געשטעלט די אופגאבע — העלפנ זייערע טעאַטערס אויסלעבנ א ריי פעלערנ אונ דעפעקטנ.

די אָפּגעריסנקײַט פונ זײַנ נאציאָנאַלער באזע, די אָפּגעריסנקײַט פונעם פראָלעטארישנ צושויער, די אקאדעמישקײַט פונ דער לערע, די איזאָלירטקײַט פונ דער לעבעדיקער, דירעקטער ווירקלעכקײַט, האָבנ ניט געקענט זיכ ניט אָפּשפּיגלענ אפ די ארבעט — מעטאָדנ אונ האָבנ געשאפנ א געוויסע איינגעשלאָסנקײַט, האָבנ ארײַנגעטראָגנ אינ דער ארבעט פונ די

סטודיעס עלעמענטנ פונ בוילעטנ „דינענ דער קונסט״, א גלײַכגילטיקײַט צו יענע אקטועלע פראָבלעמעס אונ פאָדערונגענ, וועלכע עס האָט געשטעלט די הײַנטצײַטיקײַט.

נאָר צוגלײַכ מיט דעמ איז די לערע אינ מאָסקווע, די באהעפטונג מיט די מאָסקווער טעאטערס, געווענ א גאראנטיע, אז די סטודיעס וועלנ באנעמענ אונ אוועקטראָגנ מיט זיכ יענע גרויסע טעאטראלע קולטור, מיט וועלכער מאָסקווע ווערט פונ דוירעס־לאנג כאראקטעריזירט אונ וועלכע האָט זיכ באזונדערס שטורמיש פאנאנדערגעבליט נאָכ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע.

אינדערצײַט, ווענ אפ יענער זײַט פונ אונדזערע גרענעצנ, האָבנ די „פאטריאָטנ פונ דער ייִדישער קולטור״ באקלאָגט דעמ גורל פונ אונדזערע ברידער „אינעמ לאנד פונ די בארבארנ״, ווענ אינ פוילנ, רומעניע אונ אינ אנדערע קאפּיטאליסטישע לענדער האָבנ זיכ פארמאכט אוג׳ עס זײַנענ פארפאָלגט געוואָרנ די ייִדישע שולנ, עס האָט געגויסעסט די ייִדישע ליטעראטור, פונ טאָג צו טאָג איז אָפּגעשטאָרבנ דער ייִדישער טעאטער, אינדערצײַט, ווענ דער נאציאָנאל־שאָוויניזמ האָט פאנאנדערגעפלאקערט א נאציאָנאלע סינע, אָנרייצנדיק איינ נאציאָנאליטעט אפ דער אנדערער, איז דאָ, אָנשטאָט דעמ פארשימלטנ קלעריקאלנ „כיידער״ געוואקסנ א נעצ ייִדישע שולנ, טעכניקומענ, פאקולטעטנ בא די אוניווערסיטעטנ, עס איז געוואקסנ די ליטעראטור, עס האָבנ זיכ געשאפנ טעאטערס.

אפנ רויטנ פלאצ, אינ די געוועזענע פאלאצנ פונ באריס גאָדונאָוו, אינ דער הייליקער קרוינ־שטאָט מאָסקווע, אינ דער געוועזענער ציטאדעל פונ צארישנ רוסלאנד, האָט די ייִדישע ארבעטנדיקע יוגנט געלייגט דעמ פונדאמענט פונ איר טעאטער.

וויאזוי די באָלשעוויקעס „לייקענענ אָפּ״ די קולטור־ווערטנ, איז אפילע צו זעג פונ דעמ, וואָס די יונגע סטודיע האָט דורכגעפירט איר ארבעט איבער פערעצנ („אינ פאַליש אפ דער קייט״), שאָלעמ־אליכעמענ („מענטשנ״ אונ א „יאָנטעוו אינ קאסרילעווקע״), שעקספירנ („שיילאָק״) אונ מאָליערנ (סקאפענ״).

וויאזוי די באָלשעוויקעס „זײַנענ געקומענ צו א בייזער היסטאָרישער פארלייקענונג פונ די קולטור־ווערטנ״, איז צו זענ פונ דעמ, וואָס שפּעטער האָט דער טעאטער געשטעלט „שעפסנ־קוואל״ פונ לאָפּע דע וועגאָ, אונ עס ווערט איצט געפירט אנ ארבעט אפ שטעלנ שאָלעמ־אליכעמס „גאָלדגרעבער״ אונ שעקספירס „די ווינדזאָרער שטיפעריקעס״.

אינ דער ווארשעווער צײַטונג „הײַנט״ פונ 11־טנ סענטיאבער 1932 י. אינעמ ארטיקל „אָנ אנ אויסוועג״, דערציילט דער אווטער וועגנ דער טרויעריקער לאגע פונ דער ייִדישער לערנ־יוגנט, וועלכע ווערט ארויסגעשטויסנ פונ די לערנ־אנשטאלטנ אינ פוילנ.

„וואָס טוט מענ פאָרט? ווּהינ גייט מענ?

אינגאנצנ אופהערנ לערנענ זיכ? וואָס זשע דענ זאָל זי מיט זיכ טאָנ, אז עמיגרירנ האָט זי ניט ווּהינ; אז פונ האנדל ווערט זי צוזאמענ מיטנ גאנצנ ייִדישנ קלאל ארויסגעשטויסנ; אז דער צוטריט צו פאכ־אויסבילדונג איז אויכ פאר איר פארמאכט; אז די פאבריקנ זײַנענ פאר איר געשלאָסנ; אז מע דערלאָזט איר ניט צו, ניט צו עפנטלעכנ דינסט, ניט צו מעלוכישע קאָמערציעלע אונטערנעמונגענ, אינדערצײַט, ווענ די פּריוואטע, פרײַע איניציאטיוו ווערט אלצ מער געהעמט אונ באשרענקט. וואָס בלײַבט איר, דער ייִדישער יוגנט, כוצ דעמ קלאמערנ זיכ אָנ די געציילטע אויסגערופענע פרײַע פראָפעסיעס. אָבער אויכ דאָ בלײַבט זי שטיינ פאר דעמ פינצטערנ מויער פונ אנטיסעמיטיזמ, הילפלאָז אונ ראטלאָז״.

לאָמיר דעמדאָזי ג יײעש־יאָמער קעגנשטעלנ יענע אָנגאבנ, וועלכע ווערנ געבראכט אינעם ניט־לאנג דערשינענעם בוכ פונ כ׳ דונעצ „אינ קאמפ אפ צוויי פראָנטנ״:

„פאר דעם פעריאָד פונ די לעצטע פיר יאָר—שרײַבט דער אווטער — זײַנענ צו־געקומענ בא 150 נײַע יידישע שולנ: עס איז איצט ניטאָ קיינ איינ באפעלקערטער פונקט מיט ייִדנ אינ ווײַסרוסלאנד, ווו עס זאָל ניט זײַנ קיינ שול, אײַנגעשלאָסנ אזעלכע קליינע דערפער, ווי נאפראסנאָווקע (30 מישפאָכעס), אײַנגעשלאָסנ א ריי גרעסערע יידישע אונ אינטערנאציאָנאלע קאָלווירטנ (אינ קאָלווירט „10 יאָר וו.ס.ס.ר.״—א 7־יאָריקע שול, אינ קאָלווירט „רויטער שטראל״, דאָרפ שאמקי,—א 4־יאָריקע שול, אינ קאָלווירט „נײַער לעבנ״, באָברויסקער קרײַז—א 4־יאָריקע שול א.א.וו. א.א.וו.).

אינעם ארטיקל „מיר זײַנענ אליינ שולדיק״, געדרוקט אינעם אָרגאנ פונ די ווארשעווער ציאָניסטנ „יידישע שטימע״ פונ 6־טנ מײַ 1932 י. איז געשריבנ:

„קיינער לייקנט ניט, אז רוסלאנד קעמפט קעגנ אנטיסעמיטיזם. אָבער יעדער ווייס גאנצ גוט, אז מיט דעם קעמפט סאָוועטנרוסלאנד פאר איר אייגענער עקזיסטענצ, ווײַל די אנטיסעמיטנ זײַנענ קאָנטער־רעוואָליוציאָנערנ. מע דארפ ניט פארגעסנ, אז דאָס, וואָס די רעגירונג קעמפט קעגנ אנטיסעמיטיזם—פארשטארקט ער זיכ טיפ אינ די הערצער פונ די רוסישע מאסנ״.

וואָס זשע איז דאָס? נאיווקײַט, וואָס גרענעצט זיכ מיט מעשוגאעס?

אינ פוילנ איז די מעלוכע־מאכט דער דורכפירער אונ פלאנצער פונעם אנטיסעמיטיזם—אונ אינ פ.ס.ס.ר. קעמפט די מאכט קעגנ אנטיסעמיטיזם.

פארוואָס־זשע ווערנ פארגאָסנ קראָקאָדיל־טרערנ?

אונ דער טאָכ איז איינער אונ דערזעלבער—די כאישע סינע צום פראָלעטאריאט אינ אלגעמיינ אונ באזונדערס צום יידישנ פראָלעטאריאט, וועלכער האָט מיט 15 יאָר צוריק ארויסגעטריבנ דידאָזיקע „נעוויִם אונ מאשגיכים פונ די ניט־געוואקלטע הײליקע יידישע טראדיציעס״, דידאָזיקע „אטאָוועכארטאָניקעס״, וועלכע „יעהאָווע האָט אויסגעקליבנ פונ אלע פעלקער״.

---

קעדיי צו כאראקטעריזירנ דעם צושטאנד פונ די יידישע טעאטערס אינ די קאפיטאלי־סטישע לענדער אונ באזונדערס אינ פוילנ איז גענוג צו ברענגענ אייניקע יעדיעס פונ דער יידישער אויסלענדישער פרעסע.

אינעם אָפטייל „טעאטער אונ קונסט״, פונעם ווארשעווער וואָכנשריפט „ליטעראַרישע בלעטער״ נום. 25 פונ 17־טנ יונ, 1932 י. לייענענ מיר:

„בײַס מיר שרײַבנ די שורעס עפנט זיכ ענדלעכ דער 15־טער לאנד־צוזאמענפאָר פונעם יידישנ ארטיסטנ־פאריינ אינ פוילנ. דער צוזאמענפאָר, וועלכער וועט זיכ ציענ 2 טעג, דארפ איצט אנטשיידנ דעם גורל פונ דעם יידישנ טעאטער, יידישנ ארטיסט אונ זײַנ אָרגאניזאציע. די צערודערונג איז זייער גרויס, האלעווײַ זאָל דער יידישער ארטיסט געפינענ קויעכ אונ פארשטאנד ארויס פונעם קלעם״.

ווי עס ווײַזט אויס האָט די ווענדונג צו גאָרניט געבראַכט, ווײַל אין איינעם פון די ווײַטערדיקע נומערן פון דעמזעלבן זשורנאַל איז אָפּגעדרוקט:

„ווידער ניט פרייליך אין דעם ייִדישן טעאטער אין וואַרשע. פון די 5 ייִדישע טעאטערס, איז איינער (פאָלק-טעאטער) פארמאַכט זינט א פאָר וואָכן, א צווייטער (עליזעום) יענע וואָך זיך פארמאַכט, און א דריטער (צענטראַל) האָט הײַנטיקן זונטיק זיך געשלאָסן. דערווײַל שפּילן צוויי טעאטערס, אין איינעם פון זיי, אין „סקאַלאַ", גייט א רעווי".

נאָר אפילו אזא לאגע דויערט אויך ניט לאנג. און דערזעלבער זשורנאַל לאָזט וויסן אין נומ. 29 פון 15-טן יולי:

„וואַרשע איז איצט פארבליבן אָן איין ייִדישן טעאטער. „סקאַלאַ" האָט די לעצטע פאָר טעג יאָ און ניט געשפּילט. אזוי זעט עס אויס אונדזער ייִדישע טעאטער-וועלט. פּלוצים—און אינגאַנצן אויס! עס איז עפּשער קיין אוולע ניט—א פאָר וואָכן ניט צו שפּילן. אָבער מיטאמאָל, אומגעריכט איבערײַסן,—דאָס איז א פּועל-יוצא פון דער אומנאָרמאַלער לאגע".

דאָס בילד וואָלט ניט געווען קיין פולע, די האָפנונגלאָזיקײַט פון דער לאגע וואָלט ניט געווען גענוג קלאָר און דײַטלעך, אויב מע זאָל ניט ברענגען נאָך אן אויסצוג פון זעלבן זשורנאַל, וועלכער האָט זיך, אפּאָנים, געשטעלט פאר א ציל פון נומער צו נומער מיט קלאָגערײַ, געוויינען און געשרייען פרווון ראַטעווען דעם ייִדישן טעאטער. שוין דעם 29-טן יולי און 5-טן אויגוסט 1932 י. אין די נומערן 31 און 32, ערעוו דעם ווינטער-סעזאָן, קערן זיך אום די „ליטעראַרישע בלעטער" צו דערזעלבער פראַגע:

„וואָס וועט זײַן מיט דעם קומענדיקן ייִדישן טעאטער-סעזאָן אין וואַרשע? ס'איז שוין צײַט, אז מע זאָל ערנסט און גרינטלעך צוגרייטן זיך צו דעם סעזאָן און ניט כאַפּ-לאַפּ, ערעוו דעם סעזאָן, אופכאַפּן א צופעליקע טרופּע און אָנהייבן שפּילן, וואָס ס'מאַכט זיך, אין ווו ס'מאַכט זיך. וואָס טוט די נײַע פארוואַלטונג פונעם ייִדישן ארטיסטן-פאַריין, וואָס נעמט זי פאָר, אז ס'זאָלן זיך אוועקשטעלן אין וואַרשע א 2-3 גוטע אַנסאַמבלען? מע דאַרף ווידעראַמאָל און נאָכאַמאָל דערמאָנען: וואַרשע מוז האָבן גוטע אַנסאַמבלען, אַנדערש טאָר מען ניט אָנהייבן שפּילן טעאטער". (נומ. 31).

„וואַרשע מוז האָבן נאָר א גוטן ייִדישן טעאטער מיט די בעסטע אַקטיאָרן, אויב ס'וויל קאָנקורירן (אונטערגעשטראָכן דורך מיר—מ. ר.) מיט די גוטע פּוילישע טעאטערס". (נומ. 32).

וואָס קען מען צו דעם צוגעבן, וואָס קען מען זאָגן וועגן זיי, ווען זיי אַליין ריידן וועגן זיך אזוי בוילעט.

---

עס איז כאַראַקטעריסטיש, אז קימאַט גלײַכצײַטיק אין אַמעריקע און פּוילן קומען פאָר קאָנפערענצן פון ייִדישע אַקטיאָרן. אַף דידאָזיקע קאָנפערענצן ווערן געמאַכט אַנטשיידענע פרווון צו ראַטעווען דעם טעאטער, געפינען אן אויסוועג פון דער לאגע.

אינעם אַרטיקל מיטן נאָמען „דאָס קראַנקע טעאַטער אַפ עוועניו“, אין נום. 8 פון ניו־יאָרקער זשורנאַל „ייִדיש“ פון 1־טן יונ 1932 י. ווערט באַשריבן אַזאַ קאָנפערענץ:

„עטלעכע טעג זײַנען זיי געזעסן באַם צוקאָפּנס פונעם קראַנקן ייִדישן טעאַטער. זיי (די אַקטיאָרן—מ. ר.)—אַליין די כוילאָים און אַליין די דאָקטוירים. אָבער מע האָט מוירע געהאַט צוצורירן זיך צו דער עמעסער ווונד. נאָך ערגער: מע איז פּאָשעט בלינד צום טאָך פון דער קראַנקײַט.

וואָס איז דער ענטפער, וואָס די ייִדישע אַקטיאָרן־יוניאָן האָט געגעבן אַפ אונדזער טעאַטער־קריזיס? ווייניקער טעאַטערס, קלענערע הויצאָעס און... אַ מין קריג־קאָמיסיע. וועט דאָס ראַטעווען? אַוואַדע. צופיל טעאַטערס אַפ דער עוועניו, אָבער לעצטן סעזאָן זײַנען דאָך ניט אַלע געווען אָפן. נאָר דרײַ טעאַטערס האָבן פונקציאָנירט און פייסעך־צײַט זײַנען געווען נאָר צוויי. האָט עס געהאָלפן? אַוואַדע. הייכע געהאַלטן, אָבער מיר ווייסן דאָך גוט, אַז שוין צוויי יאָר צאָלט מען ניט אין ייִדישן טעאַטער מער, ווי 60־70 פּראָצענט פון די סכירעס, און האַלעוואַי וואָלט מען דאָס באַקומען.

דאָס ייִדישע טעאַטער איז דערפאַר געקומען צום קראַך, ווײַל ס'איז אויסגעלייִדיקט געוואָרן, סע איז געבליבן אָן שאַפנדיקע קויכעס, סע האָט פאַרלאָרן אַפילע דעם שאָטן פון ווילן“.

דער אויספיר איז אַ ריכטיקער, נאָר די אורזאַכן זײַנען געבליבן אין שאָטן.

דער כאַאָס, דער קריזיס, די אַרבעטלאָזיקײַט—דאָס אַלץ ליגט זיך, ווי אַ שווערע לאַסט אָך אין אַ גרעסערער מאָס אַפ די ייִדישע מאַסן, אַפ די אָרטגעבירטיקע אַמעריקאַנער אַרבעטנדיקע מאַסן.

דער טעאַטער, וועלכער געפינט זיך אָן הילף, אָן אונטערשטיצונג, שטאַרבט אָפּ.

דער אווטער פון דעם ציטירטן אַרטיקל פאָדערט אַן ענטפער באַם אַרטיסטן־פאַריין פון ניו־יאָרק. און אַן ענטפער איז דאָ, ער איז פאַראַן אין פאַרבאַנד פון די סאָוועטישע סאָציִאַליסטישע רעפּובליקן, אין יעדער רעפּובליק פון פאַרבאַנד, אין יעדן ייִדישן מעלוכע־טעאַטער פון דער רעפּובליק און אויך אין דער אַרבעט און אין די דערגרייכונגען פונעם ייִדישן מעלוכע־טעאַטער פון ווײַסרוסלאַנד.

אונטערפירנדיק אַ סאַכאַקל צו די דערגרייכונגען פונעם ייִדישן מעלוכע־טעאַטער אין ווײַסרוסלאַנד צום 15־טן יאָרטאָג פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, איז נייטיק אונטערצושטרײַכן דעם אונטערשייד אינעם צוגאַנג צו דער נאַציאָנאַלער קולטור, וועלכער טיילט אונדז אָפּ פונעם לאַגער פון די נאַציאָנאַל־שאָוויניסטן. דער דאָזיקער אונטערשייד באַשטייט ניט נאָר אין דעם, וואָס מיר טוען אַפּן געגעבענעם עטאַפּ, ניט נאָר אין דער אָנשיכטונג, וואָס איז אַ רעזולטאַט פון דער פאַנאַנדערבליִונג פון אונדזער קולטור, נאָר אויך אין דעם, ווי־אַזוי מיר גייען צו צו דער נאַציאָנאַלער קולטור, וואָס איז אָנגעזאַמלט געוואָרן ביז אונדז, וואָס מיר נוצן אויס פון דער דאָזיקער קולטור און וואָס מיר וואַרפן אָפּ, ווי אַזעלכעס, וואָס שטערט אונדזער באַוועגן זיך פאָרויס.

אַפ קאָנקרעטע בײַשפּילן איז עס גרינגער פון אַלץ צו באַווײַזן, קאָנקרעטע בײַשפּילן באַווײַזן מיט אַ מאַקסימאַלער אָנשוילעכקײַט, ווי־אַזוי אונדזער אַרבעט, אונדזערע מעטאָדן, אונדזער אידייִשער צוגאַנג זײַנען אַ גאַראַנטיע פון וווּקס, אינדערצײַט, ווען דער קאָנסער־

וואַטיזם און די רעאַקציאָנערישקייט פון די נאַציאָנאַל־שאָוויניסטן, זייער קנעכטישער בוקן זיך פאַר די ניט־געוואַקלטע קאַנאָנען, שוין ניט ריידנדיק וועגן זייער „אידייִשער״ ריכטונג, האָדעווען אויס די נאַציאָנאַלע קונסט.

וואָס האָט זיך דערשלאָגן דער ייִדישער מעלוכע־טעאַטער פון ווײַסרוסלאַנד, ווענדנדיק זיך צו די קלאַסיקער אין ערשטן פעריאָד פון זײַן אַרבעט, און וואָס דערשלאָגט זיך דער טעאַטער, ווענדנדיק זיך איצט צו די קלאַסיקער? מאַכן די קולטור־ירושע פאַרן אייגנטום פון די מאַסן, בײַקומענדיק אין איר דאָס קלאַסן־פרעמדע און באַשטעטיקנדיק דאָס פּראָגרעסיווע, וואָס באַווײַזט פּאָרויס, וואָס רוקט פאַנאַנדער דאָס ענג־נאַציאָנאַלע און שאַפט אַ גרונט און אַ פונדאַמענט פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קולטור און קונסט — נאָר אַזוי, נאָר אין דער שײַן באַטראַכטן מיר די אַרבעט איבער די קלאַסיקער.

און אַז מיר האָבן זיך פון צײַט צו צײַט אויסגעגליטשט, האָבן מיר אָבער אַנערקענט און פאַריכט אונדזערע פעלערן.

„דער כיידער״, „מענטשן״, „אין פּאָליש אַף דער קייט״, „אַ יאָנטעוו אין קאַסרילעווקע״ און ענדלעך „דער טויבער״ פון ד. בערגעלסאָן — דאָס איז די קרומע, וואָס גייט אַרויף, דאָס איז דער קאַמף פאַר באַהערשן די נאַציאָנאַלע קולטור־ירושע.

„באָטווין״, „לעקערט״ — דאָס איז די נאַציאָנאַלע אָנשיכטונג פון אַ נײַער קוואַליטעט. סײַ מאָליער, סײַ לאָפּע־דע־וועגאָ און שעקספּיר זײַנען אַרבעטן, אין וועלכע דער טעאַטער האָט פאַרפאָלגט דעמזעלבן ציל: דורך דער אַלוועלטלעכער, קלאַסישער דראַמאַטורגיע, דורך דער קונסט, וואָס ליגט אין די שאַפונגען פון די גרויסע דראַמאַטורגן, דורך אָפּקלײַבן אין זיי יענעם אינהאַלט, יענע קערנער, וועלכע זײַנען די פּאָרויסזאָגער פון דער צוקונפט, אָפּזוכן וועגן צו דער נײַער קונסט, וואָס איז פרײַ פון די באַגרענעצטע נאַציאָנאַלע ראַמען, וואָס פירן די מענטשהייט דורך דעם קלאַסנקאַמף צו דער אָנקלאַסאָווער געזעלשאַפט. קעמפנדיק פאַר באַשטעטיקן אין אונדזער דראַמאַטורגיע און אין אונדזער טעאַטער דעם נײַעם העלד, האָבן מיר ניט באַטראַכט און באַטראַכטן ניט דידאָזיקע אַרבעט אָפּגעריסן, איזאָלירט פון דער פאַרגאַנגענהייט, נאָר מיר שטעלן זיך אָפּ אַף דערדאָזיקער פאַרגאַנגענהייט און מיר פאַרגעטערן ניט זײַן סוווערעניטעט, זײַן אומבאַוויגבאַרקייט.

די ביאַליקס און זייער כאַווריע ווייסן גאַנץ גוט, וואָס פאַר אַ געפאַר עס ליגט פאַר זיי, פאַר זייער עקזיסטענץ אין דער אַרבעט, וואָס מיר פירן דורך, און דערִיבער שרײַען זיי אַזוי היסטעריש וועגן „אונטערגאַנג פון דער נאַציאָנאַלער קולטור אין פ.ס.ס.ר.״.

וואָס קענען זיי קעגנשטעלן אין געביט פון ייִדישן טעאַטער דעם מאָסקווער ייִדישן מעלוכע־טעאַטער, דעם ייִדישן מעלוכע־טעאַטער פון ווײַסרוסלאַנד, דעם ייִדישן מעלוכע־טעאַטער פון אוקראַיִנע און אַנדערע ייִדישע טעאַטערס אין אונדזער פאַרבאַנד?

וואָס פאַר אַ גרעסערע דערגרייכונגען קענען זיי אָנווײַזן אין ייִדישן טעאַטער אין אַלגעמיין, אָנהייבנדיק פון זײַן אורשפּרונג, פון גאָלדפאַדנ־פעריאָד? ניט זיי מיט זייער קאָנסערוואַטיווער נאַציאָנאַלער קולטור, נאָר מיר מיט אונדזער לעניניסטן צוגאַנג צו דער נאַציאָנאַלער קולטור, באַוועגן זי (די קולטור) פאָרויס, שאַפן אַלץ נײַע און נײַע קולטור־ווערטן.

אין די טעג פונעם גרויסן יאָרטאָג ווילט זיך דערמאָנען.

1922 י. פעווראַל. גרויסע פרעסט. עס האָבן נאָר־וואָס פאַרשטומט די לעצטע שאָסן אַף אונדזערע שלאַכט־פראָנטן.

דער פריִקער מאָרגן־פראָסט צעטרײַבט די שאָטנס פון די קופּאָלן פון די מאָסקווער קלויסטערס. נאָכן שליטעלע, אין וועלכן עס איז אײַנגעשפּאַנט א פארפראָרענער אלטיטשקער, גייט נאָך א מאָדנע פראָצעסיע. דידאָזיקע פראָצעסיע זעט אויס, ווי שטארק־אָפּגעריסענע אמעריקאנער „לײַדיס" און „דזשענטעלמײַט". פארוואָס שפּרינגען אזוי אונטער דידאָזיקע „לײַדיס" און „דזשענטעלמײַט", פארוואָס קלאַפּן זיי אזוי שטארק און אָפּט איין די הענט, ווי קומט צו זיי אזעלכע יונגע, באגײַסטערטע שטימען, וואָס האָט זיי אזוי אופגערעגט און דערפרייט אין דעמדאָזיקן פרימאָרגן?

דאָס איז א קליינע גרופּע מינסקער יונגע יאטן און מיידלעך, קימאט נאָך קינדער, וועלכע האָבן זיך צונויפגעקליבן פון די ייִדישע טעכניקומען, פון די קינדערהײַזער, קינדער פון ארבעטער, אליין ארבעטער. זיי גייען מיט זייער אָרעמען סקארב פון אלעקסאנדראָווער וואָקזאל אראָפּ צו טווערסקאיא, צו די איווערסקער טויערן, זיי טוליען זיך איין אין די שמאטעס פון „דזשוינט". נאָר וואָס ארט זיי דער פראָסט, וואָס ארט זיי זייער קליידונג.

זיי זײַנען אין מאָסקווע. זיי זײַנען געקומען צופאָרן זיך לערנען די גרויסע קונסט פון א רעוואָליוציאָנערן אקטיאָר. זיי זײַנען די קינדער פון יענע, וועמעס פוס עס האָט ניט בעוואגט אין אמאָליקע צײַטן צו באטרעטן די „הייליקע מאָסקווע", זיי גייען צו די איווערסקער טויערן, צו די באָריס גאָדונאָווס פּאלאצן און קיינער וועט ניט אָפּשטעלן זייער גאנג, קיין זאך וועט זיי ניט שטערן.

עס מאכט ניט אויס, וואָס זיי זײַנען אינגאנצן אכט מענטשן. עס וועלן קומען נאָך. עס איז יונג דער אָקטיאבער. יונג זײַנען זיי. די ארבעטער־יוגנט פון אלע ווינקעלעך פונעם ראכוועסדיקן לאנד גייט אָפּן שטורעם. אסאך דארף זי באקעמפן. נאָר זי איז דאָך די ייִנגסטע. דאָס זײַנען קינדער פונעם יונגן קלאס, וואָס איז פול מיט קרעפטן און ענטוזיאזם.

פונעם פרימאָרגן־טומאן שווימט ארויס דער לעגענדארער קלויסטער „וואסילי בלאזשעני". אָט איז דער רויטער פּלאץ. דער קעפונג־אָרט. די קרעמל־ווענט. וויפל שרעקלעכע מײַסעס און לעגענדעס, וויפל פריידיקע, מוטיקע לידער עס זײַנען פארבונדן מיטן דאָזיקן פּלאץ.

די מינסקער כעווריע קען ניט אײַנשלאָפן אונטער די דרײַהונדערטיאָריקע ווענט פון גאָדונאָווס פּאלאצן.

עס האָט זיך אָנגעהייבן דער טאָג, דער פערטער פעווראל, דער געבורט־טאָג פונעם קומענדיקן ייִדישן מעלוכע־טעאטער פון ווײַסרוסלאנד.

דער שטיפערישער „ביידער" פלעכט זיך איבער מיטן לײַכטן „סקאַפּען". אין „ביידער" שפּילן די מינסקער זיך אליין, זיי שפּילן זייער יוגנט. יונג און שטיפעריש מאכן זיי צו גאָרניט די קלעריקאלע, רעליגיִעזע שול, דעם „רעבע"—דעם לערער פון דערדאָזיקער שול.

אין די אינטערמעדיעס פון „סקאַפּען" לאכן אויס די מינסקער די „שאבעס־קאָמעדיִאנטן", די צושטעלער פון פארווײַלונגען פאר די קרעמער און באלעבעסלעך.

אין „פּאָליש אפן דער קייט", „א יאָנטעוו אין קאסרילעווקע", „שיילאָק" לערנט מען דעם יונגן קאָלעקטיוו שאפן ספּעקטאקלען, גרויסע לײַוונטן, שטעלן און לייזן קאָמפּליצירטע פּראָבלעמעס.

אפן די דערגרייכונגען און דעפעקטן אין דידאָזיקע ארבעטן וואקסט די קולטור, וואקסט די פּאָליטישע און קינסטלערישע רײַפקײַט.

דידאָזיקע ארבעטן גרייטן צו די ווײַטערדיקע זיגן פון טעאטער אין „שפּאַנקוואל", „באָסוויג", „לעקערט", „טויבער" און א ריי אנדערע פּיעסן, וואָס שטעלן הארט די פראגן

פון אונדזער הײַנטצײַטיקײַט, פון אונדזער בויונג, פראגן פון אונדזער איבערדערציִונג און דערציִונג פונעם נײַעם מענטשן—דעם בויער פון סאָציאַליזם.

מאָסקווע, לענינגראַד, קיִעוו, כאַרקאָוו, אָדעס, סמאָלענסק, ניקאָלײַעוו, אומאַן, בערדי־טשעוו און אַלע שטעט פון ווײַסרוסלאַנד האָט דער טעאַטער באַדינט אין די יאָרן. פיל טויזנטער אַרבעטנדיקע ייִדן און ניט־ייִדן האָבן געקוקט די פאָרשטעלונגען פון ייִדישן מעלוכע־טעאַטער פון ווײַסרוסלאַנד.

---

צום 15־טן יאָרטאָג קומט דער ייִדישער מעלוכע־טעאַטער פון ווײַסרוסלאַנד מיט א גאַנ־צער רײ אַקטיאָרן, וואָס זײַנען אויסגעוואַקסן אַלס מײַסטערס פון דער בינע. אין אַקטיוו פונעם טעאַטער איז פאַראַן א גרופּע אָנערקענטע רעזשיסאָרן, וועלכע געפינען זיך אויף אָנפירנדיקער אַרבעט. באַם טעאַטער איז געשאַפן א סטודיע, אין וועלכער עס ווערן אויס־געשמידט נײַע אַקטיאָרישע קאַדרען. פונעם טעאַטער און אונטער דער אָנפירונג פון זײַנע טוער איז אויסגעוואַקסן און עס האָט זיך פאַרפעסטיקט דער ייִדישער וואַנדער־טעאַטער פון ווײַסרוסלאַנד.

אָט וויאַזוי, הערן ביאַליקס און זשאַבאָטינסקעס, עס האַלט די לאַגע מיטן ייִדישן טע־אַטער אינעם „לאַנד פון אינקוויזיציע“.

וואָס איז שײַך אײַערע טרערן און וועגדונגען צו „אַלע, אַלע, אַלע“, וואָס איז שײַך צו אײַערע פּלוידערײַען וועגן אַסימילאַציע, אײַערע געשרייען וועגן „די מײַסים, וואָס ווערן איצט אָפּגעטאָן אונדזערע ברידער אין רוסלאַנד, איז הייסט עס דען ניט, אַז איר גייט אַרויס פון אייגענעם האַס און שוואַכקײַט, הייסט עס דען ניט, אַז איר דאַרפט זיך צוזײַלן צום „קויסל מאַראָווי“, נעענטער צו די „אָוועס“?

---

י. בראָנשטײַנ

# אפ דער שפּראַכ פונ קונסט

(וועגנ כאַריקס „קײַלעכדיקע וואָכנ“)

I

כאַריקס „קײַלעכדיקע וואָכנ“ ענדיקנ זיכ מיט א ציטאַט פונ לענינענ: „סאָוועטנמאַכט פּליוס עלעקטרעפיקאַציע—הייסט קאָמוניזמ“.

פאַר א געוויסנ מינ קריטיקער (באַלאָנימ אפ א „לײַכט שטיקל ברויט“!) איז עס מאַמעש א קאָשערע מעציע: דער דיכטער גופע האָט דאָכ זיי אײַנגעשפּאָרט טירכע און פּובליציסטיש אונטערגעשטראָכנ דעמ „סאָציאָלאָגישנ עקוויוואַלענט“ פונ זײַנ ווערק—די גרונט־אידייע זײַנע!

האָבנ מיר, הייסט עס, דעמ „אידעאָלאָגישנ אַנאַליז“, ווי אינ קעשענע!

איצט דאַרפ קומענ, ווי עס פירט זיכ בא לײַטנ, די „פאָרמעלע זײַט“: אַז, בעכיינ, כאַריקס שפּראַכ איז א פּראָסטע, די בילדער זײַנע זײַנענ זאַפטיקע, די שורעס קלינגענדיקע און „וואָבטשע“ אַלע קאָמפּאָנענטנ „זײַנענ אפ זייערע פּלעצער“, ווי מע שרײַבט אינ געוויסע טעאַטער־רעצענזיעס.

וואָס בלײַבט נאָכ?

יאָ, עס בלײַבט נאָכ צו באַקענענ דעמ האָכגעשעצטנ לייענער מיטנ סיפּער־האַמײַסע, מיט דער פאַבולע. איז דאָס אויכ גאָר פונ די לײַכטע זאַכנ, מאַכמעס די פאַבול איז דאָכ אַזא „פּרימיטיווע“:

די פּאַרטיי האָט מאָביליזירט אַנ אַרבעטער, פיניע, אפ טאָרפ־אַרבעט. די אַרבעט גייט דאָרטנ ניט פויגלדיק. דער באַלעגופ שאַרט זיכ אַרײַנ צווישנ די אַרבעטער און פּרוּווט אפילע שעדיקנ (ער שנײַדט איבער דעמ קאַבעל). עס ענדיקט זיכ אָבער מיט א „גוטנ סאָפ“— דעמ קאַבעל פאַריכט מענ, דער דורכרײַס ווערט ליקווידירט און מע עפנט די עלעקטרישע סטאַנציע—סטאַלינסטאַנ.

נו, איז וואָס נאָכ?

סײַדנ, עפּשער אַרײַנשפּריצנ, ווידער אַמאָל ווי בא לײַטנ, א באַשטימטע דאָזע זעלבסט־קריטיק—איז דאָס אויכ ניט פונ די שווערע זאַכנ.

וואָרעמ,—אָפענע דיבורימ: פאַרטייִשקײַט איז פאַראַנ גענוג אינ „קײַלעכדיקע וואָכנ“? פאַרשטייט זיכ, אַז ניט גענוג (וויפל עס זאָל ניט זײַנ, שאַדט ניט א ביסעלע מער!).

דער קאָמיוג איז גענוג פאָרגעשטעלט?

ניינ, ניט גענוג פאָרגעשטעלט.

אינגאנצן ניט זיי פאָרגעשטעלט זײַנען די פּיאָנערן־אָרגאניזאציע, דער אָזעט, די קאפּוליער שפּאָר־קאסע, די געזעלשאפט אפ צו שטודירן די ארקטיק [1]) און נאָך אסאך זייער וויכטיקע אנשטאלטן.

איז מעמיילע קלאָר (און דאָ קומט דער סאָף פון דער „קריטיק"), אז דער כ' כאריק דארף זיך מער באוואָפענען מיטן מארקסיסטיש־לענינישן קלאסן־באוווסטזײַן, באזונדערס אפן איצטיקן עטאפּ, ווען ס'ווערן ליקווידירט די רעשטלעך פון קאפּיטאליזם א. א. וו. א. וו.

וואָס בלײַבט נאָך?

ענטפערן מיר: אלץ בלײַבט נאָך!

אלץ בלײַבט נאָך!

II

כאריקס „קײַלעכדיקע וואָכן" ענדיקן זיך מיט א ציטאט פון לענינען: „סאָוועטנמאכט פּליוס עלעקטרעפיקאציע איז קאָמוניזם".

ווילט איר וויסן, וויפל קינסטלעריש־שעפערישע קויכעס עס דארפן מאָביליזירט ווערן, קעדיי אָט דידאָזיקע פּאָליטישע פאָרמולע זאָל אופדעקן, אין קינסטלערישער ספּעציפיק, אפ דער שפּראך פון קונסט, איר קאָנקרעטן אינהאלט; ווילט איר וויסן, וואָס פאר א קאָלאָסאלע שוועריקײַטן עס שטייען פארן קינסטלער, וועלכער וויל קינסטלעריש פארקערפּערן, אין גײַסט פון מארקסיזם־לענינים. אָט די פּאָליטישע פאָרמול,—סאָ לייענט שורע נאָך שורע כאריקס „קײַלעכדיקע וואָכן".

„צווייטע וואכטע
דריטע וואכטע
גייט א מאכנע
נאָך א מאכנע.
אלע-אלע־אלע־אל
אלע גייען צום אוראל".

ס'איז דער פאָרהאנג דערווײַל נאָך ניט אופגעהייבן. איצט גייט—אפ דער זײַט פאָרהאנג—די פאָרשפּיל, די פּרעליודיע:

„אלע־אלע-אלע־אל
אלע גייען צום אוראל".

איבערן גאנצן לאנד, איבער דער גאנצער סאָוועטנפּלאנעטע, פון פּאָליוס ביז פּאָליוס, אין ליכט־מאגיסטראל, אין גליק־מאגיסטראל, לויט כאריקס אויסדרוק, שווינדלט דורך אָט־אָ דער צויבערגאנג „איבער לעצטן באריער".

דאָ איז נאָך ניט ארטיקולירט די שפּראך פון קאָנקרעטן פאקט, פון שטייגערדיקן שטריך, דאָ פעלט נאָך דער דעטאליזירטער פאָרטרעט. אזוי עקזאָטיש פאנטאסטיש (באזונדערס אין יידיש!) קלינגט דאָס געזאלצן־קרעפּטיק מאטראָסיש וואָרט „אוראל" די פּרעליודיע גייט—ניט אין שטייגערדיקן, רעאליסטישן, נאָר אין פאנטאסטישן.

[1]) לענרער פון ווײַטן צאָפן.

מײַסעדיק־פאטעטישן שניט, ווי עס פאסט פאר אָט־אָ די קאָסמישע פאָליוס־פאסשטאבן, וואָס כאריק וויקלט דאָ פאנאנדער:

„עס גייט אהער סוראכאני,
עס גייט אהער באלאכאני,
עס גייט אהער בינאגאדי,
ביבי־אייבאט און סאבונטשי״.

די אלע אויסטערליש־מײַסעדיקע—סוראכאני, באלאכאני, בינאגאדי—זיי הייבן אוף פון שורע צו שורע די ראָמאנטיש־פאטעטישע טעמפעראטור. דער מײַסעדיק־עפישער גאנג פון האיהאוואטא הילכט אָפּ בעפיירעש אין אָט דעם שווערן טראָט פון „ביבי־אייבאט און סאבונטשי״. איר דערמאָנט זיך אָן אן ענלעכן קימאט, עקזאָטישן, רעטשיטאטיוו:

„מיט די טײַכן, פון די פריירים
קומען אָן די פעלקער קריג־לײַט
קומען דעלאוואַרס און מאהאָקס
קומען טשאָקטאָן און קאָמאנטשן
קומען בלעקפירס און שאשאָנען״.

איצט איז שוין קלאָר די קינסטלערישע ציל־אײַנשטעלונג פון אָט דעם פאָרשפּיל. סאָוועטנמאכט פּליוס עלעקטרעפיקאציע — דאָס איז ניט בלויז טרוקענער כעזשבן פון שטײַבערדיקע טויזנטער, צענדליקער טויזנטער קילאָוואט פּליוס טויזנטער און צענדליקער טויזנטער וואָל־אויספּירקאָמען—עס איז פארן דיכטער קוידעמקאָל „שטענדיקײַט פון יאָנטעוו״, דער יאָנטעוו פון דער האָרעפּאשנער מענטשהײַט. קוידעמקאָל איז עס פארוירקלעכטער טרוים פון טויזנטער דורעס אונטעריאָכטע און פארהאָרעוועטע טרוימער. דערפון נעמט זיך אָט־אָ דער האיהאוואטא־טאָן, אָט דער פאנטאסטישער, ליכטיקער קאָנווייער, אָט־אָ דער ראָמאנטישער קארנאוואל. דערפון נעמט זיך בא אזא טיפּיש־ווײַסרוסישן (ייִדיש־ווײַסרוסישן) דיכטער, ווי כאריק, אָט די נייטווענדיקײַט א גלאנץ טאָן מיט ווײַטער, באקוועמער עקזאָטיק.

„עס גייט דער פערס מיט ציטרינג־הויט,
עס גייט דער טיורק געזונט, ווי ברויט״.

אָבער זעט, האנט בא האנט מיט זיי, אײַנגעפלאָכטן אינעם עקזאָטישן אוראל־גאנג, שפאנען אזוינע וואָכעדיק־באקאָנטע

„דער מײַסטער פון בערלין
און דער גארבער פון סמארגאָן
די גארבארעס,
די מאליארעס,
מאָטאָריסטן,
טראקטאָריסטן
און די שטרענגע מעטאליסטן
אלע־אלע קומען אָן״.

די אינטערנאציאָנאלע פילפארביקײַט פון אָט דעם פאטעטישן און פאנטאסטישן פעלקער־מארש ווערט גלענצנדיק קאָנקרעטיזירט און אינדיווידואליזירט אין די פארשיידענע נאציאָנאלע (נאציאָנאלע פאָרם!) „פלייציקע אמבאלן״, „מײַסטערס פון בערלין״, און ייִדישע „גארבער פון סמארגאָן״. די וואָכעדיקײַט פון „גארבארעס און מאליארעס״ (ניט

„גארבערס און מאליערס“, וואָס וואָלטן לעקסיש ניט אונטערגעשטראָכן אָט־אָ די רעאַליסטיש־שטייגערדיקע וואָכעדיקע פליציקייט פונעם ייִדישן ארבעטער און באַלמעלאָכע נאָר די סלאַוויש־ברייטע גארבארעס און מאליארעס!), די וואָכעדיקייט פון „גארבארעס און מאליארעס“ — כאַזערן מיר איבער, גענומען אפן פאָן פון מיַיסעדיק־עקזאָטישן „ביבי־אייבאט און סאבונטשי“, גיט שוין דאָ א גלאַנץ מיט יענער דיאַלעקטישער איינהייט פון פאַנטאַסטיק אוןווירקלעכקייט, וואָס כאַריק וויקלט פאנאנדער, ווי א ריכט־שנור אין זיַין גאַנצן ווערק. גלייַכצייַטיק ווערן אָט־אָ די היימיש־קליינשטעטלדיקע גארבארעס און מאליארעס גלענצנדיק אייַנגעפלאָכטן אין דער שטאָלענער ריי פון די מאָדערנע גרויס־שטאָטישע „מאָטאָריסטן און טראַקטאָריסטן“. סיַי לעקסיש, סיַי ריטמיש, באַקומען מיר א ראַפּיניַרטע, קינסטלערישע אינטערפּרעטאַציע פון אונדזער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, וואָס דריקט זיך אויס, קודעמקאָל, אין דעם, וואָס די שטרענגע מעטאַליסטן פירן נאָך זיך און דערציִען איבער די „גארבארעס און מאליארעס.

שוין דאָ אפילע, אין דער פּרעליודיע, ווו דער אַלסאָוועטישער אוראַל ווערט געגעבן פון פויגלשער הייך, ווי א פאַנטאַסטיש־פּאַטעטישע זעונג, שוין דאָ אפילע איז דאָס אַלגעמיינע ניט קיין מעטאַפיזישע אויסגעליידיקטע אַלגעמיינקייַט, נאָר א דיאַלעקטישע, וואָס אַנטהאַלט אין זיך און הייבט שוין אָן צו אַנטפּלעקן דאָס באַזונדערע און איינצלנע. כאַריק, איינער פון אונדזערע טאַלאַנטפולסטע קעמפער קעגן סכעמאַטיזם, ווייסט, אַז אָן אָט דאָס באַזונדערע און איינצלנע קאָן מען קיין מאָנומענטאַ־בויען פון קונסט ניט שאַפן. פארן ייִדישן סאָציאַליסטישן קינסטלער באַטיַיט עס קודעמקאָל, (אָבער ניט אויסשליסלעך, פאַרשטייט זיך), צו באַוויַיזן יענע פּראָצעסן, וואָס באַגלייטן די „גארבארעס און מאליארעס“ אפן זייער וועג צום סאָציאַליזם.

אַזוי טרעט ארויס פון דעם מיַיסעדיק־פאַנטאַסטישן קאַרנאַוואַל דער שטייגער־דיק־היימישער גארבער פון סמאַרגאָן: טאַקע אפן זעלבן אופן — ווי פון ראָמאַנטישן אָרקעסטער, וועלכער גייט בעראָש פון אוראַל, רייַסט זיך ארויס דאָס — כ׳וואָלט זאָגן — שטייגערדיק־ייִדישע פידעלע און די וויַיסרוסישע זשאַלייקע:

„האָט די פּירל אויך דאָס קעפּעלע פאַרהייבן:
פּיַין־פּיַין
האָט די פּירל זיס דאָס קעפּעלע פאַרביינגן
פּיַין־פּיַין“.

דורך דאָס אַלגעמיינע, מאַיעסטעטיש־מאַרשנדיקע, פון די „טרויבן — די טראָמבאָנען“ — רייַסט זיך דורך אָט דאָס היימיש־לירישע פידעלע, ווי אָן אָנזאָג: נאָר ניט פאַרפּויקן, נאָר ניט פאַרמאַרשעווען, נאָר ניט פאַרסכעמאַטעווען, אונטערן אויסריי־ פון „אינטערנאַציאָנאַליזם“, אונדזער אוראַל!

III

אַזוי גאָר? פּריידיקט איר ראָמאַנטיזם און פאַנטאַסטיק!

דערלאָזט איר, אַז כאַריק זאָל פאַרבלאָנדזשען אפן וועג פון עקזאָטיק און טרוימעריַיען? זוכט איר דעם שפּעפערישן מעטאָד פון דער פּראָלעטאַרישער פּאָעזיע אין האיהאוואסא און אין נאַציאָנאַל־סימוואָליזם (דאָס פידעלע אַלס סימוואָל!)?

שטעלט אײַך פאָר, אַז אָט די אַלע שרעק־יאַרליקן וואַרפן ניט אָן אַפ כאַריקן קיין שום פאַכעד. נאָך אין זײַנע דיכטערישע קינדער־יאָרן האָט ער ניט געהאַט מוירע צו מעסטן דעם ראָמאַנטישן „וועג ביזן הימל“.

וואָרעם טרוימען צו טרוימען איז ניט גלײַך, און מע דאַרפ פאַרשטיין, וואָס הייסט עס אײַנרײַס צווישן טרוים אוןווירקלעכקײַט. „מײַן טרוים,—שרײַבט לענין, פאַרופנדיק זיך אַפ פּיסאַרעוון,—קען אָדער איבעריאָגן דעם נאַטירלעכן גאַנג פון די געשעענישן, אָדער ער קען פאַרקריכן אינגאַנצן אָנאַזײַט, דאָרטן, ווו דער נאַטירלעכער גאַנג פון די געשעענישן קען קיינמאָל ניט אָנקומען. אינעם ערשטן פאַל ברענגט דער טרוים קיין שום שאָדן ניט, ער קען אפילע אונטערהאַלטן און פאַרשטאַרקן די ענערגיע פונעם האָרעפּאַשנעם מענטשן“.

איז אָט דאָס איז דער איקער: טרוים צו טרוים איז ניט גלײַך.

„אויב דער מענטש,—שרײַבט ווײַטער לענין,—וואָלט אינגאַנצן ניט געהאַט די פײַיִקײַט צו טרוימען אַפ אַזאַ אויפן, און ער וואָלט ניט געקענט פון צײַט צו צײַט פאַרלויפן דעם וועג און, אין אַ פאַרגאַנצט פאַרענדיקט בילד, באַטראַכטן מיט זײַן פאַנטאַזיע דאָסזעלבע ווערק, וואָס הייבט זיך ערשט אָן אויספאָרמירן אונטער זײַנע הענט,—דענסטמאָל קען מען בעשומויפן זיך ניט פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ טרײַב־סיבע וואָלט געצוווּנגען דעם מענטשן זיך נעמען פאַר אַ גרויסער און פאַרמאַטערנדיקער אַרבעט אין געביט פון ק ו נ ס ט, וויסנשאַפט, פּראַקטישן לעבן, און דערפירן עס ביזן סאָפ“.

אַלזאָ, אויך מאַרקסיסטן (נאָר מאַרקסיסטן!) האָבן דאָס „רעכט צו טרוימען“—דאָס איז דער טאָך פון אָט די אַלע געדאַנקען, וואָס לענין האָט אַרויסגעזאָגט אין קאַמפ קעגן די פאַרשיידענע קריכערישע עמפּיריקער פון אונדזער רוסישן אָפּאָרטוניזם. לענין שטרײַכט אונטער אין אַסאַך ערטער די באַדײַטנדיקע ראָלע פון דער שעפערישער פאַנטאַזיע ניט בלויז פאַרן קינסטלער. אַפן 11־טן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר האָט לענין, פּאָלעמיזירנדיק מיט שאַפּט לאַרינען, געזאָגט:

„כאָטש לאַרין וואָלט אין טויזנטער מאָל מערער געבראַכט נוצן דער רעפּובליק, ווײַל ער איז אַ מענטש זייער אַ פײַיִקער און באַזיצט אַ גרויסע פאַנטאַזיע. אָט די דאָזיקע פײַיִקײַט איז זייער ווערטפול. אומזיסט מיינט מען, אַז זי איז נייטיק בלויז דעם פּאָעט, דאָס איז אַ נארישער פאָרורטייל, אַפילע אין מאַטעמאַטיק איז זי נייטיק. אַפילע אַנטדעקן די דיפערענציִאַלע און אינטעגראַלע אויסרעכענונגען וואָלט אוממעגלעך געווען אָן פאַנטאַזיע. פאַנטאַזיע איז זייער אַ ווערטפולער איניען“.

נאָר מאַרקסיסטן האָבן דאָס רעכט אַפ פאַנטאַזיע, ווײַל זיי פאַרקריכן ניט אָנאַזײַט פון דעם „נאַטירלעכן גאַנג פון געשעענישן“, ווײַל זייער פאַנטאַסטיק גייט אויפ אַפ דעם פרוכטבאַרן באָדן פון דער רעאַלער ווירקלעכקײַט, ווײַל זייער פאַנטאַסטיק און אַבסטראַקציע איז טויזנט מאָל קאָנקרעטער פון אַלע שמאָל־עמפּירישע קאָנקרעטקײַטן, וואָס עס טראָגן אונדז אונטער די קלוימערשטע „הײַנטצײַטיקײַט־קינסטלער“. ווײַל נאָר זיי, די מאַרקסיסטן, זײַנען פײַיִק צו זען די דיִאַלעקטישע איינהײַט פונעם אַלגעמיינעם און איינצלנעם, פון דעם אַבסטראַקטן און קאָנקרעטן, פון רעאַלן און פאַנטאַסטישן, פון „מעכטיקײַט פון מוסקולן און הערצער פון פּאָעטן“, פון „שיינער פּלאַנעטע“ און „פוילע ברענעס אַפ דער טײַך אָרעסע“, פון „ראָמאַנטיש־עקזאָטישן „סאַבונטשי“ און סמאַרגאָנער „גאַרבאַרעס“.

כאריקס פאנטאסטיש־פאטעטישע, אבסטראקט־ראָמאנטישע פרעליודיע פונ „קײַלעכדיקע וואָכנ״—דאָס פאָרשפּיל־ליד פונ אווראל—איז אנ ארויסרופ, אָט די אלע, וואָס מײנענ אויסצובויענ אונדזער גרויסע קונסט דורכ עמפּירישע געגראמטע כראָניק, די אלע, וואָס ווילנ מיגעסטאמ באשולדיקנ כאריקנ אונ זײַנע נאָכגײער (ער האָט שוינ זײַנע שילער!) אינ עקזאָטיק, אינ ראָמאנטישער פאנטאסטיק אונ ווילנ האָבנ צו אימ טײַנעס, אלעמײַ עס איז „ניט גענוג פארטײיִש״ די געשטאלט פונעמ „גרײַזנ קאָמיסאר״ אונ ס׳איז לאכלוטנ סאָציאַל ניט דיפערענצירט דער „פערס מיט צימרינג־הויט״...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די פאנטאסטישע אווראל־פרעליודיע גײט צו ענדע.

עס ווערנ שטיל די עקזאָטישע זורנעס אונ קאמאנטשעס.

נאָר דאָס פידעלע־געזאנג (פײַנ־פײַנ), איבערגעפלאָכטנ מיטנ אָפּקלאנג פונ ווײַסרוסישנ זשאלײקע־כליפּענ, ווערט ניט בארוט אונ שטארקט זיכ.

עס הײבט זיכ דער פאָרהאנג.

מאָכנ...

IV

מאָכ אונ אורואלט...

אינ דער ייִדישער, סאָוועטישער פּאָעזיע איז ניט לײַכט צו געפינענ אסאכ פּײזאזשנ פונ אנ ענלעכער מײַסטערשאפט אונ טיפ־אידײיִשער קלאסאָווער אָנגעזעטיקטקײַט.

„קוקט דורכ די האָריקע כמארעס די זונ,
קענ זי די ערד ניט פארטראָגנ,—
ס׳ווערט אזוי קײל אונ ניט הײמלעכ דערפונ,
נעמענ די כײַעס דאנ קלאָגנ.

זײ רעווענ, זײ ריטשענ אפ זײער געבײנ
מיט ווארעמע מײַלער זײ טאפנ...
הערנער-געפלעכט. צעעפנטע צײנ.
טומפּיקע שווערקײַט פונ לאפּעס.

פלעסקעט אינ וואסער דער זילבערנער העכט
פרײט זיכ דער גילדערנער שלײַענ.
אונ דאָרשטיקע יענער נאָכ בלוט אונ געפעכט
גײענ ארומ דאָ פארטײַעט...״

דאָס איז אײַכ ניט קײנ אימפּרעסיאָניסטישער טיול פונ ליכט אונ שאָטנ—עס איז ניט קײנ לאנדשאפט מיט קראָנקריגעלעכ פאר פאסטאָראלישע דאָרפ־מײדלעכ פונ מארקאָ־טיפ (פונ אָרליאנדס „הרעבליעס״).

„הערנער־געפלעכט, צעעפנטע צײנ!״

אזא פיזיאָלאָגישע אָנגעזעטיקטקײַט קענט איר טרעפנ בא עקספּרעסיאָניסטישע מאָלער אינ זײערע שטורמיש־צעכראסטעטע לאנדשאפטנ. אזא פיזיאָלאָגישע סטיכיי פונ „נאָזולעכער, וואָס שמעקנ אינ גלוסטונג״, פונ „זילבערנע העכט, וואָס פלעסקענ זיכ אינ וואסער״,—עס דערמאָנט אײַכ אָנ די בעסטע דיכטערישע שורעס באמ רוסישנ פּאָעט באגריצקי, וועלכער איז אזא מײַסטער אפ אָט־אָ דער פיזיאָלאָגישער אָנגעזעטיקטקײַט.

דאָ גילט בלויז איין געזעץ—דער געזעץ פון גלוסטונג און פון „האַרטע צעוואָקסענע נעגל״—דער גרויזאַמער געזעץ פון קאַמף פאַר עקזיסטענץ.

די פיזיאָלאָגישע אַנטבלויזטקייט—אָט די „טומפּיקע שווערקייט פון לאַפּעס״, אָט די „נאָזלעכער, וואָס שמעקן אין גלוסטונג״, אָט די „דאָרשטיקע יעגער, וואָס גייען אַרום פאַרטײַעט נאָך בלוט״—דאָס אַלץ ווירקט מיט דער קראַפט פון אַ שאַרפן קינסטלערישן קאָנטראַסט אויג אפ אויג מיט דער „שענסטער פון פלאַנעטן״, וואָס ווערט באַזונגען אין דער פּרעליודיע.

אָט, האָט איר אײַך די „שענסטע פון פלאַנעטן״, די לאַקריץ־זיסע „גאָטס וועלט״!

דער בורזשואַ ווערט אופגעציטערט, ווען מע באַווײַזט אים אָט דעם גרויזאַמען בעריישיס־לאַנדשאַפט, מאַכמעס זיך דערזעט ער דאָ, ווי אין אַ שפּיגל—זיך, זײַן גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע בלוט־און ברוד־קולטור!

דעריבער אָרגאַניזירט ער מאַלפן־פּראָצעסן, וואָס דאַרפן צוויעסדיק אָפּלייקענען דאַר־ווינס לערע וועגן דער פאַרגאַנגענהײַט פונעם מענטשן און פאַרדעקן מיט אַ אי־דעאַליסטישן שלייער אָט דאָס בלוט און ברוד פון קעגנוואַרט.

אָבער טאַקע דעריבער מאָלט כאַריק מיט אַזאַ בייז פרייד אָט־אָ דעם ביאָלאָגיש־אַנטבלויזטן אוראַלט־פּייזאַזש—אָט די „טומפּיקע שווערקײַט פון לאַפּעס״.

„צעעפנטע ציין, צעוואַקסענע נעגל, הונגער, געוווי און מעשוגע״—צי איז עס ניט דער פּאַסיקסטער פּייזאַזש פאַר אונדזער „שענסטער פון פלאַנעטעס״ אונטער דער קאַפּיטאַ־ליסטישער מעמשאָלע?

כאַריק זעצט טאַקע איבער, טייקעף אפן אָרט אָט די ביאָלאָגישע שפּראַך פון אוראַלט אפ דער סאָציאָלאָגישער שפּראַך פון הײַנטצײַטיקײַט. לייענט, לעמאָשל, אָט די שורעס:

„ליגט ערגעץ פאַרוואָרפן אַ שטרייענער דאָרף,
אין שיטערע שינדלעך—אַ שטעטל
די גאַנצענע וועלט איז באַוואָקסן מיט טאָרף
וועט קיינער ניט קענען שוין רעטן.
— — — — — — — — —

ווי חאַרעמע מאָכן דאָ הויערט דער שלאָף,
ווי אייביקע טאָרפן—דער דאַלעס
שטעטלעך פאַרמאָגן אַ טכוירענעם ראָוו
דערפלעך—אַ פלאַקסענעם גאַלעך״.

אָט דער אַריבערוואַקסן פון ביאָלאָגיע אין סאָציאָלאָגיע ווערט דורכגעפירט בא כאַריקן מיט אַ זעלטענעם קינסטלערישן טאַקט. דער ביאָלאָגישער „פישער, וואָס פאַרוואַרפט זײַן האַרבסטיקע נעץ״ און דער ביאָלאָגישער „דאָרשטיקער יעגער״; די „צעעפנטע ציין״ און די „האַרטע צעוואָקסענע נעגל״; דער „הערנער—געפלעכט״ און די „טומפּיקע שווערקײַט פון לאַפּעס״,—דאָס אַלץ ווײַזט זיך אַרויס בלויז פאַר אַ פּסעוודאָנים פונעם גראַף און סראָרע, פונעם „טכוירענעם ראָוו״ און „פלאַקסענעם גאַלעך״, וואָס גרייטן דאָ אין מעשעך פון דוירעס, אין „מאָכיקער נעץ״ פון צאַרישן רוסלאַנד זייערע האַרטע צעוואָקסענע נעגל און צעעפנטע ציין.

אַ שטרייענער דאָרף. אַ שיטער־שינדלדיק שטעטל. אַ גראַף מיט אַ סראָרע. אַ טכוירע־נער ראָוו און אַ פלאַקסענער גאַלעך.

אוראַלט?

יאָ, קימאַט: ווײַסרוסלאַנד אין קלעם פון צאַרישער, בורזשואַז־פּעאָדאַלער עקספּלואַטאַציע און קאָלאָניאַל־פּאָליטיק...

V

דאָ וועט איר שוין ניט אָפּקומען מיט „שטענדיקײַט פון יאָנטעוו" און מיט פאַנטאַסטישע אוראַלן.

ס'איז שווערע וואָך.

הערנער־געפלעכט און צעעפנטע צײַן.

און מאָכן. און דאַלעס. און דאַלעס און מאָכן...

דער יונגער בריגאַדיר און דער רויטער קאָמאַנדיר, וואָס שפּאַנען איצט איבער כאַריקס סאָוועטישער שענסטער פון פּלאַנעטן, אין זיגרײַכן סאָציאַליסטישן אוראַל, זײַנען פון הימל ניט אַראָפּגעפאַלן. פון „פאַרהריאַזנעטן ברוד" פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט הייבט זיך אויף דער ביניען פון כאַריקס ליכט־מאַגיסטראַל. אין שווערער סאָציאַליסטישער מי און אין פאַראַקשנטן קלאַסנקאַמף רייניקן מיר זיך אָפּ פון אָט דעם ברוד, האַקן מיר אָפּ די לעצטע באַלעגופישע האַרטע צעוואָקסענע נעגל. מיר ליקווידירן די רעשטלעך פון קאַפּיטאַליזם אין דער עקאָנאָמיק און אין באַוווסטזײַן.

און אין באַוווסטזײַן — דאָס דאַרף מען גוט פאַרגעדענקען!

דער גוויר און דער סראָרע זײַנען לאַנג שוין ליקווידירט אין אונדזער לאַנד. דער טכוירענער ראָוו און דער פלאַקסענער גאַלעך — דערזשיפּענ אויך זייערע לעצטע טעג. זייערע רעשטלעך אָבער פאַרפּעסטן נאָך אַדהאַיעם די לופט, שטעקן נאָך אין באַוווסטזײַן פון אָפּגעשטאַנענע שיכטן.

ליקווידירן די רעשטלעך — וואָס באַטײַט עס פאַרן קינסטלער? וואָס באַטײַט עס פאַר כאַריקן, וועלכער טרוימט וועגן א ליכטיקן קאָנווייער, וועגן שטענדיקײַט פון יאָנטעוו?

עס באַטײַט קוידעמקאָל קינסטלעריש גילױאָטינירן אָט די גאַנצע ברוד־ און בלוט־קולטור, וואָס בעראָש פון איר זײַנען אין מעשעך פון דוירעס געשטאַנען דער גוויר און דער סראָרע, דער ראָוו און דער גאַלעך.

אַזוי איז כאַריק געקומען צו דער פּראָבלעם פון פּאַראָדיע און פּאַמפלעט, וואָס פאַרנעמען א גרויסן אָרט אין זײַנע „קײַלעכדיקע וואָכן".

אין זײַן פּאָעמע „לײַב און לעבן" האָט כאַריק, ווי באַקאַנט, געמאַכט, זייער אינטערעסאַנטע פּרוּוון אין אָט דער ריכטונג. איצט זײַנען אָבער געשטאַנען פאַר אים אַסאַך ברייטערע און קאָמפּליצירטערע אויפגאַבן: קינסטלעריש דיסקרעדיטירן א קולטור — א דוירעס־דיקע ריאַקציאָנער־בורזשואַזע קולטור, געקניפּט אָפּ פּעאָדאַל־רעליגיעזע ריאַקציע.

און ניט בורזשואַזע קולטור „וואָבטשע" (ווי לעניג האָט ליב געהאַט אָפּלאַכן פון מעטאַפיזיקער־סכעמאַטיקער), נאָר ייִדישע בורזשואַזע קולטור, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין באַשטימטע היסטאָרישע באַדינגונגען, וואָס איז באַוואַקסן מיט באַשטימטע היסטאָרישע אידייען־אַסאָציאַציעס, שטייגער־טראַדיציעס, וואָס איז היפּש באַפלעקט מיט נאָך ניט אויסגעלעבטער פּעאָדאַל־רעליגיעזער קולטור, אָפּ א באַשטימטן טעריטאָריעלן פּאָן — אָפן פּאָן פון צאַרישן בורזשואַז־פּעאָדאַלן רוסלאַנד.

וואָרעם אָט דאָס איז דאָך טאַקע יענע „נאַציאָנאַלע פאָרם", וועגן וועלכער מע רעדט לעצטנס אַזוי אָפט, ניט באַזירנדיק זיך, צום באַדויערן, אָפּ קאָנקרעטן מאַטעריאַל.

פאר כאריקן, דעם ייִדישן פראָלעטארישן קינסטלער פון ווײַסרוסלאנד, האָט דאָס באטײַט — פראָפאנירן, אין דער ערשטער ריי, שענדן יענע קינסטלערישע קאנאָנען, וואָס זײַנען ביז איצט געווען אומבארירלעכע אין דער ייִדישער בורזשואזער און רעאקציאָנער־קליינבירגערלעכער ליטעראטור, און אזויארום, אף דער שפראך פון קונסט, פּאָליטיש גיליאָטינירן די ייִדישע בורזשואזע און פעאָדאל־רעליגיִעזע קולטור, אין איר קאָנקרעטער נאציאָנאלער אנטפלעקונג — א פארפלאָכטענע מיט דער ווײַסרוסישער בורזשואזער און פעאָדאל־רעליגיִעזער קולטור.

פארשטייט זיך, אז אזא אופגאבע ווערט ביז גאָר פאראנטוואָרטלעך. דאָ קען מען שוין ניט אָפּקומען מיט „מאכן פיסקעס״, מיט אנטירעליגיִעזע אנעקדאָטן, מיט ר־ר־עוואָליוציאָנערע אויסרופן. דאָ פאָדערט זיך א באַדײַטנדיקע קולטור און כוש פאר דיִאלעקטיק פון היסטאָרישע פראָצעסן, פאר דיִאלעקטיק פון קולטור־ירושע.

פאר כאריקן, וועלכער איז געקומען אין אונדזער ליטעראטור פון די שטעטלדיק־האָרעפאשנע מאסן און וועלכער האָט ביז לעצטנס מער פונקציִאָנירט אף יענעם פראָנס־טייל, ווו די פראָלעטארישע רעוואָליוציע פארענדיקט פארבײַגייענדיק אויסצורייניקן די פערד־שטאלן פון פאָר־קאפיטאליזם, — פאר כאריקן איז קוידעמקאָל געשטאנען די געפאר ארויסצורוקן אפן פאָדערגרונט גראָד יענע אופגאבע, וואָס די פראָלעטארישע רעוואָליוציע לייזט פארבײַגייענדיק, ווי לענין זאָגט, — דאָס הייסט, די אופגאבע צו אנטקרוינען די פעאָדאל־רעליגיִעזע קולטור, אָבער ניט די מאָדערנע־שטאָטישע, בורזשואזע און קליינבירגערלעכע ייִדישע קולטור. ביפראט נאָך, אז אין דער ייִדישער ליטעראטור האָט, צוליב א ריי היסטאָרישע סיבעס, פארנומען א גרויסן אָרט גראָד די נאציִאָנאליסטיש־סטיליזירטע פעאָדאל־רעליגיִעזע קולטור. די שאבעס־קוידעש־קולטור, די אש־אידיליע פון כעזקל גאָמבינערס פאָר־קאפיטאליסטישער מעמשאָלע, די שלאָס־ראָמאנטיק פון דער גרעפּישער הערשאפט (א מײַסע־נוירע מיט א דוקוס און מיט א צאדיק!) — אָט די זײַלן פון דער פעאָדאל־רעליגיִעזער קולטור האָבן, נאטירלעך, געמוזט קוידעמקאָל א צי טאָן צו זיך די אופמערקזאמקײַט פון אזא דיכטער, ווי כאריק.

און אזוי איז טאקע געשען: אינגאנצן קימאט פארבײַגייענדיק די בורזשואזע גרויס־שטאָטישע, מאָדערנע ייִדישע קולטור, האָט כאריק זיך א וואָרף געטאָן מיט זײַן גאנצער קינסטלערישער קראפט אף צו ליקווידירן די רעשטלעך פון דער פעאָדאל־רעליגיִעזער סאָכרישער קולטור אין דער ייִדישער סוויווע. דאָס האָט אים, אין א גרויסער מאָס, באַרויבט דערווײַל פון דער מעגלעכקײַט אויסצופילן די גרונט־אופגאבע זײַנע — אופרײַסן קינסטלעריש די מאָדערנע, די טעטיקע ייִדישע בורזשואזע און רעאקציאָנער־קליינבירגערלעכע קולטור — דאָס האָט אָבער גלײַכצײַטיק געגעבן אים מער „פרײַע הענט״ אף צו אָפּערירן מיט געשטאלטן, וואָס זײַנען אים ביז איצט געווען נעענטער — מיט געשטאלטן פון דער ייִדישער האלב־פעאָדאלער שטעטלדיקער קולטור.

## VI

דער פאראָדיע־זשאנר איז פון שטענדיק אָן געווען א שארפ געווער אין קאמפ פון קלאסן אפן קונסט־פראָנט. און כאָטש אויך אָפּגייענדיקע רעאקציאָנערע קלאסן האָבן ניט זעלטן באנוצט זיך מיט אָט דעם געווער אין קאמפ קעגן דער רעוואָליוציע, האָט אָבער בלויז די רעוואָליוציאָנערע פאראָדיע געגעבן די בעסטע מוסטערן פון אָט דעם זשאנר.

און דאָס איז גאנץ נאטירלעך: דער אָפּגייענדיקער רעאקציאָנערער קלאס, וואָס די

היסטאָרישע געזעצמעסיקייַט האָט אים פארורטיילט צו אונטערגאנג, האָט קיינמאָל ניט פארמאָגט יענעם טעמפעראמענט און מאָס פון דערקענטעניש, וואָס איז אזוי נייטיק אין דער פאראָדיע.

דער פאראָדירער מוז דאָך אופדעקן ביזן סאמע גרונט די וואָרצלען פון דעם פאראָדירטן אָביעקט. ער מוז שטיין מיט א קאָפּ העכער פארן פאראָדירטן אָביעקט, סײַ אידייִש, סײַ קינסטלעריש!

פארשטייט זיך, אז אין די ראמען פון פאראָדיע־זשאנר זײַנען פאראן פארשיידענע שטופן פון קוואליטעט, שטופן פון ברייט און טיף אין פאראָדירן.

גאנץ פארשפרייט זײַנען, ווי באקאנט, די היפערבאָלישע פאראָדיע, וואָס אבסורדירט דעם אָדער יענעם אויסערלעכן, מעכאנישן קונסט־מיטל פון פײַנטלעכן קלאסן־סטיל, אָדער יענע אויסערלעך־טעכנישע פאראָדיע, וואָס באגרענעצט זיך בלויז מיט ארײַנפירן א נײַעם קאָנטראסטירנדיקן מאטעריאל און וועלט־אָנשויונג אין פרעמדע ריטמיש־סינטאקסישע ראמען.

דער פארנעם פון קלאסאָווער פארשארפטקײַט אין אזא מין פאראָדיע איז אָבער דערמיט טאקע באגרענעצט, וואָס מיט אויסערלעך־טעכנישן פאראָדירן און היפערבאָלישן אבסורדירן דעם פרעמדן קלאס און זײַן סטיל, קאָן מען ניט בײַקומען פעסט אײַנגעוואָרצלטע, הויך־קינסטלערישע קאנאָנען.

מיט א פאָרמאליסטישן לאנצעט אָדער מיט פובליציסטישע שטראָף־רעמארקעס קען מען ניט צעקלאפן דעם סוינע.

כאריק, פאר וועמען עס האָט זיך געשטעלט אן אופגאבע דיסקרעדיטירן און אופרײַסן פעסט־אײַנגעוואָרצלטע, הויך־קינסטלערישע סטיל־קאנאָנען פון דער יִדישער פעאָדאל־בורזשואזער קולטור, האָט גאנץ וויל געוווסט, אז דאָ איז ניט גענוג א זידל צו טאָן, גלאט אויסלאכן, גלאט א „דזשאָבע סאָנ" דעם אָדער יענעם טעכנישן קונסט־מיטל. אופרײַסן אשס פעאָדאל־בורזשואזן, ריאקציאָנערן ראָמאנטיזם, לעמאָשל, אָדער פערעצעס ריאקציאָנער־ראָמאנטישן נעשאָמע־יעסיירע־קולט און ביכלאל יעדן מין יִדישיסטישן נאציאָנאל־דעמאָקראטישן פאָלקלאָריזם איז מעגלעך אין דער פולער מאָס ניט דורך אבסורדירן עס, נאָר דורך קינסטלערישן גוויווער זײַן עס.

כאריק האָט דעריבער זיך געלאָזט אפּ א ביז גאָר פאראנטוואָרטלעכן און ריזיקאלישן קינסטלערישן וועג: סטיליזירן די פײַנטלעכע סטיל־קאנאָנען מיט אזא קראפט, אז ער — כאריק — זאָל איבערשטײַגן אפילע צומאָל דעם פאראָדירטן אָביעקט, און טיקעפּ אפּן אָרט, דורך פלוצלונגדיקער קלאסן־אנטבלויזונג, דורך איין שנײַדנדיקן אקאָרד, ארויפרײַסן דעם אָקאָרשט דערהייבענעם סטיל־קאנאָן.

די שוועריקײַט פון אזא וועג באשטייט אין דעם, וואָס בלויז א גרויסער קינסטלער קען אים באטרעטן — א קינסטלער פון א הייכער קולטור, א קינסטלער, וואָס קען אויסגעצייכנט זײַן קעגנער (דעם פאראָדירטן אָביעקט), א קינסטלער, וועלכער פארמאָגט גרויסע מײַסטערשאפט, וואָס קאפיטולירט ניט פאר דער מײַסטערשאפט פון פאראָדירטן אָביעקט.

די ריזיקע באשטייט אין דעם, וואָס אין אזא פאל פון בוילעטן צונויפפאָרן אידעאליזירנדיקע סטיליזאציע מיט פאראָדיע (נאָכמאכונג מיט אָפּשטויסן זיך) [1] דארף דער קינסטלער

---

[1] דער עלעמענט פון אויסערלעכער סטיליזאציע איז אין א געוויסער מאָס פאראן אין יעדער פאראָדיע.

פאַרמאָגנ א גרויסע קלאַסאָווע שטאַנדהאַפטיקײַט אונ א קאָלאָסאַלנ קינסטלערישנ טאַקט, קעדײַ געפינענ די נייטיקע פראָפּאָרצ פונ אָט די צוויי קעגנזעצלעכע סטיכייעס.

ס'איז קעדײַ צו דערמאָנענ דאָ די הייכ־קוואַליפיצירטע פרוּווּנ פונ אנ ענלעכנ פּאַראָדיע־זשאַנר, וואָס דער מאָסקווער ייִדישער מעלוכע־טעאַטער האָט געמאַכט אפ זײַנ אָוונט פונ די „דרײַ פינטעלעכ". אפילע דער הייכ־קוואַליפיצירטער מאָסקווער מעלוכע־טעאַטער האָט זיכ אָבער דאָ, צוליב זײַנ קלאַסאָווער ניטשטאַנדהאַפטיקײַט אונ ניטגענוגנדיקנ קינסטלערישנ טאַקט, אויסגעגליטשט אונ אראָפּגעקײַקלט זיכ אינ די אָרעמס פונ נאַצדעמאָקראַטישער סטיליזאַציע (כסידישע סטיליזאַציע).

קימאַט די בעסטע קאַפּיטלענ פונ „קײַלעכדיקע וואָכנ" געהערנ צו אָט דעמ מינ קאָמפּליצירטער פּאַראָדיע, וועגנ וואָס מיר האָבנ אויבנ געשריבנ. עס פאַרנעמט א באַדײַטנדיקנ אָרט אינ ווערק (קימאַט דער גאַנצער ערשטער ציקל „מאָכנ", צוויי קאַפּיטלעכ פונ דעמ צווייטנ ציקל „וויינענדיקע ווייקנ זיכ" אונ פאַרשיידענע צעוואָרפענע פּאַראָדיע־קאַפּיטלענ אינ די איבעריקע ציקלענ).

## VII

„האָראַוו: שאַבעס איז העכסטע נעשאָמע יעסיירע
זײַדענער פלאַטער פונ ווײַסע מאַלאָכימ
אונ זונטיק — ער יושעט, ווי עס יושענ כאַזיירימ
בעפרעסנ, בעזויפנ אונ אָנגעמאַלאָכעט".

וואָס איז עס: פּאַראָדיע, צי ייִראַס־האַקאָוועדיקע סטיליזאַציע?

דער לאָשנקוידעשדיק־ייִכעסדיקער „האָראַוו" קאָנטראַסטירט מיט דער פּראָסטער ייִדישער שורע, אויג אפ אויג מיט דער „גוייִשער" זונטיק־קולטור, וואָס „יושעט, ווי עס יושענ כאַזיירימ", — רופט צו ייִראַס־האַקאָוועד, צו אָפּשײַ. דער „זײַדענער פלאַטער פונ ווײַסע מאַלאָכימ" איז באַהויכט מיט דוירעסדיקער קדושע. די קאָנטראַסטיש־אַקצענטירטע (דורכנ גראַמ) „ווײַסע מאַלאָכימ" אונ „אָנגעמאַלאָכעט" שטרײַכנ ווידעראַמאָל אונטער, מיטנ גלענצנדיקנ כוש פאַר לעקסיק, די דערהייבנקײַט פונ דער שאַבעסדיקער, יאָנטעוודיקער, נעשאָמע־יעסיירע־קולטור.

סאָ ווו איז דאָ די פּאַראָדיע?

מוישע לייב האַלפּערנ האָט דאָכ פונקט דאָסזעלבע געשריבנ:

„א קרעטשמע האָט ער זיכ — דאָרט כאַליעט ער אונ טרינקט,
א קלויסטער האָט ער זיכ — דאָרט מאָדלעט ער אונ שטינקט.
אונ מער באַדאַרפ ער ניט — דער כאַמ — דער שאָכנ מײַנער".

אָבער טאַקע דערפאַר האָט כאַריק ניט געטאָרט אָפּקומענ מיט א שוואַכער פּובליציסטישער שטראָפ־שורע: אָט דער מײַסטערהאַפט־קרעפטיקער, מיט שאָוויניסטישער סינע אָנגעזעטיקטער האַלפּערנישער שורע האָט באַדאַרפט ווערנ קעגנגעשטעלט אנ ענלעכע מ ײַ ס ט ע ר ־ ד י ש ע ק אָ נ ט ר ־ ק ר א פ ט. כאַריק האָט געהאַט דאָס פולע קינסטלערישע רעכט זיכ לאָזנ אינ אָט־אָ דעמ קינסטלערישנ דועל. אונ כאַריק זעצט פאָר זײַנ ראַפינירטנ סטיליסטישנ מאַנעוור:

„היי, היי, היי! טרינקענ מוז ער...
א ייִד איז ניט קיינ גוי טפוי!
שיקער איז ער טפוי!"

ווי איר זעט, הערט ניט אוף כאריק צו פעדאלירן אָט־אָ די סטיליזירטע פאטעטיק פונ דער ייִדישיסטישער—שאָוויניסטיש־פעאָדאלער קולטור, גלענצנדיק (ניט ערגער פאר מוישע־לײבן), אָפּערירנדיק מיט ייִדיש־רעליגיִעזנ פאָלקלאָר, אופהײבנדיק זײַנ שורע צו גרויסער מײַסטערשאפט.

צי וואָלט ניט אמאָל מוישע־לײב האלפּערנ גרײט געווענ אפּלאָדירנ דערפאר כאריקנ?

אָבער זעט,—עס שלענגלענ זיכ שוינ דורכ די אפּיקאָרסישע פארעטעריש־איראָנישע שורעס—אנטי מוישעלײבישע שורעס!

„אָווא! פונ דער ערד ביז די הײכנ
אוווא! פונ די הײכנ ביז דאָ".

דער איראָניש־שקאָצישער „אָווא" אונ „אוווא" הײבט אָנ דראָענ. כאריקס סארקאסטיש שמײכלע שימערט שוינ ארויס פונ אונטער אָט די קאנאָניזירטע שאבעס־קוידעשדיקע שורעס, אונ פּלוצלונג ווערט אופגעריסנ דער קאנאָנ, וועלכער האָט נאָר־וואָס אזוי פאטעטיש, ייִרעס־האקאָוועדיק זיכ געלאָזט פילנ:

„אונ סטײַעס מאלאָכימלעכ העלע
זינגענ פארצוקערטע לידער.
ס'טריפנ די הימלענ מיט זיסקײַט,
מיט אײדלקײַט, מיט סיראָדוי.
אונ ס'באהאלט זײַנע קרעמערישע שליסלעכ
דער ייִדישער גאָט־אדוינוי".

פארצוקערטע מאלאָכישע לידער, הימלישער סיראָדוי, קרעמערישע געטלעכע שליסלענ—דער קאנאָנ איז אופגעריסנ!

דער הײליקער שאבעס, וואָס קומט נאָכ א גנײוויִשער הענדלערישער עקספּלואטאָרישער וואָכ, איז אנטבלויזט!

„גנײוועס־געווײנ אונ פארדראָסנ
ווערנ מיט שאלוועס פארוועבט
רויִקער.
שאבעס־
שאבאָסנ
שפּרײט זיכ אפ ייִדישע קעפּ".

זעט, מיט וואָס ס'ארא בײז־פרײד פונ א פארשוועכער כאריק גראמט סיראָדוי מיט אדוינוי, אופרײַסנדיק פונ אינעווײניק דעם פײַנטלעכנ קלאס מיט זײַנ פאָלקלאָר, מיט זײַנ פאָעטיק, מיט זײַנ גאנצנ סטיל־געצײַג.

אונ ווידעראמאָל, אינ פלאנ פונ רינג־קאָמפּאָזיציע, קערט זיכ אום אינ סאָפ פונ קאפּיטל כאריק צום „כאמ", וואָס „יושעט, ווי ס'יושענ כאזײרים". אָבער איצט טרעט שוינ אָפנ ארויס כאריקס בײזער פאמפלעט אפ דער שאָוויניסטישער פעאָדאל־רעליגיִעזער ייִדישער קולטור:

„שיק אונדז צו כיִנבע אזויפיל אונ אזויפיל
זונטיק חעלנ גויִים שיקערנ אונ זויפנ...
זײ זײַנענ כאמוירים אועלכע אונ אזוינע
אונ מיר זײַנענ, לעהאוודל, הײליקע אונ רײנע"...

אזוי ווערן פאַמפּלעטיש אופגעדעקט די קלאַסן־פּרוזשינעס פֿון דער ראַבאָניש־סאָכרישער קנעסעס־ייִסראָעל, פֿון דעם ייִדישן אטאָוועכאַרטאָנער־קולט.

„הייליק איז ער,
האַנדלען מוז ער...
— — — — —

וווקסיק און ברייט איז די שטוב בא רעב כעזקל פֿון גאָמבין...
וווקסיק געבויט און פֿאַרלייגט אף א פֿעסטן פֿונדאַמענט
די טירן—פֿאַרהייבן. די שויבן—געשייַערט, די מעבל—אין סאַמעט.
שפּאַנט ער אַרום—אָט דער כעזקל מיט זעטיקער רו אף דער גאָמבע״.

אף א שלאַנקן אויפֿן גייט דאָ אריבער כאַריק צו זייַן פֿערטן קאַפּיטל און צו דער צווייטער געשטאַלט פֿון די „האַרטע צעוואָקסענע נעגל״—צום סויכער און סראָרע, וואָס באַקרוינען דעם טכוירענעם ראָוו און פֿלאַקסענעם גאַלעכ אין אָט דער „מאָכיקער נעצ״, וואָס הייסט פּעאָדאַל־בורזשואַזע צאַרישע ווייַסרוסלאַנד.

די האַרמאָניע פֿון טוירע און וועלטלעכקייַט—כסידיש־נעגידישע האַרמאָניע—דאָס איז איצט דער צווייטער באַריער, וואָס כאַריק דאַרף נעמען.

נעמען קינסטלעריש!

דאָס באַטייַט פֿאַר כאַריקן—דעם קינסטלער אופֿרייַסן קוידעמקאָל די דוירעסדיקע קאַנאָניזירטע קינסטלערישע געשטאַלטן פֿון כעזקל גאָמבינערס כסידיש־נעגידישער האַרמאָניע.

און ווידעראַמאָל קומט א גלענצנדיקע אידייִש־אָנגעזעטיקטע פֿאַמפּלעטישע פּאַראָדיע—א פּאַראָדיע אף אשס שטעטל־אידיליע.

מיט סטיליזירטן ברייטן עפּישן מעטר, מיט קאָלאָסאַלן כוש פֿאַר עפּאָכע און קלאַס, פֿאַר קלאַסן־רעקוויזיט, פֿאַר לעקסיק, וואָס איז זעלטן צו געפֿינען אין אונדזער פּאָעזיע לאָזט זיך ווידעראַמאָל כאַריק אפֿן זעלבן געפֿערלעכן, אָבער דערפֿאַר אזא פֿרוכטבאַרן וועג פֿון פּאַראָדיע, געפּאָרט מיט אידעאַליזירטער סטיליזאַציע.

אָט־אָ די פּלאַסטישע, כפּייציש בילדער, אָט די מייַסטערהאַפֿט־סטיליזירטע קלאַסן־לעקסיק, אָט די גאַנצע כסידיש־נעגידישע ברייטקייַט פֿון כעזקל גאָמבינערס מעמשאָלע, וואָלט זיך געוווּנטשן שאָלעם אש אפֿילע אין זייַן „שלוימע נאָגיד״:

„פֿון מייַרעו געקומען איצט מאַכט ער פּאַוואָליע האַוודאָלע
וועיִיטען לעכאָ מיטאָל האַשאָמאַיִם אומישמאַניי האָאָרעצ...
די שפּייַכלערס באַלאָרן מיט פֿלאַקסן, מיט ווייצן, מיט קאָרן
און ס׳כראָמטשקען דעם גאָלדענעם האָבער די פֿערד אין סטאָדאָלע.

עס וואַרטן די בהיימעס אף מעלקן אין וואַרעמע שטאַלן
און טרייסלען געראָטן מיט פֿולע און וואַרעמע אייַטער...״

ווידעראַמאָל גייט כאַריק אפֿן געפֿערלעכן ראַנד פֿון ראָמאַנטישער סטיליזאַציע, וואָס גיט אים אָבער דערפֿאַר די מעגלעכקייַט, איבער עטלעכע סטראָפֿעס, צו באַקומען אזא אומדערוואַרטן עפֿעקט, ווען די ראָמאַנטיק פֿון באַלאָדענע שפּייַכלער פּלאַצט פֿון איר אייגענער איבערגעזעטיקטקייַט:

„אייַ, גוט איז. אייַ, ווויל איז. איצט נעמט ער א ביסעלע מאַשקע.
לעכאַיִם, לעכאַיִם, און לעבן זאָל ווערן נאָך לייַכטער.

קומענ אלמאָנעס אונ ברענגענ געשײַערטע מעשענע לײַכטער
— נאָט אײַך, רעב כעזקל, ניטאָ שוינ קײנ בעסערער מאשקנ.

ברענגענ די שוסטער מאשקאָנעס אונ בעטנ אנטלײַענ אפ רימענ.
קומענ די שנײַדער אונ ברענגענ די קעפּלעך פונ זינגער־מאשינעס״.

דער עפעקט איז ווידעראמאָל אנ איבעראשנדיקער.

די אלמאָנעס מיט די מעשענע לײַכטער אלס מאשקאָנעס, די שנײַדער מיט די קעפּלעך פונ די זינגער־מאשינעס רײַסנ אופ, ווי א באָמבע, אינ דער כסידיש־נעגידישער עפּישקײַט פונ כעזקל גאָמבינערס מעלאווע־מאלקע.

איצט קענ שוינ כאריק אראָפּרײַסנ פונ זיך דעמ גרים פונ א סטיליזאטער.

איצט קענ שוינ כאריק פונ קוימ מערקבארער איראָניע אריבערגײנ צו אָפענעמ סאָציאלנ פאמפלעט, צו פאטעטישנ אראָפּרײַסנ די מאסקעס:

״הײ, ײדנ, הײ גוימ, קאבצאָנימ, דאלפאָנימ, עוויוניִמ,
נאָט אײַך אונ טרינקט פאר מײַנ קאָווער א שטארקנ לעכאיִמ!
וואָס וואָלט איר געטאָנ, ווענ איך וואָלט אײַך ניט וועלנ אנטלײַענ?
איר וואָלט, ווי די קלאָווימ, צעפּײגערט,—איר אלע אזעלכע אזוינע״.

כעזקל גאָמבינער רעדט אָפענע דיבורימ!

כעזקל גאָמבינער דעקט אופ דעמ קלאסנ־טאָך פונ זײַנ בארימטער מעלאווע־מאלקע!

״האָבנ זײ צעזעצט זיך אלע בא די טישנ
אונ האָבנ זיך גענומענ פאר די פלײשנ אונ די פישנ.
אײַ, טשירי־בימ־באָמ,
אײַ, טשירי־באָמ!״

אָפּגעפרעסענע אונ אָנגעזויפטע אפנ כעזשבנ פונ אלמאָנעס אונ קאבצאָנימ, צעיושעטע, ווי עס ״יושענ די כאזײוימ״, וואלגערנ זיך די כעזקל גאָמבינערס אונ זײערע קלײקווידעש־דיקע וואָפנ־טרעגער אינ זײער אײגענעמ מײקעכצ. מיט זײ וואלגערט זיך זײער בארימטע צניִעסדיקע ״יהדות־קולטור״, זײער ״טשירי־בימ־באָמ״־פאָלקלאָר אונ זײער נאציִאָנאלע ליטעראַרישע קאפעליע ״פידל־פלײט, צימבל־באס, פידל־פלײט אונ פײַפיאָל״.

ווער וועט נאָך דעמ אלעמענ פאָרזעצנ רײדנ וועגנ ״מערידע־כאראקטער״, אָדער ״פארבונדנקײַט מיט די פאָלק־מאסנ״ פונ כסידישנ טשירי־בימ־באָמ?

כאריק קענ גלענצנדיק דעמ גאנצנ פאָלקלאָריסטישנ קלאפער־געצײַג פונ דער ײִדישער פעאָדאל־רעליגיִעזער קולטור אונ אירע רעאקציאָנערע סטיליזאטערנ. צומאָל אפילע איז ער צו פארשווענדעריש, וואריִרנדיק איבער דער מאָס (אונ דאָס שאדט ערטערווײַז דער קינסטלערישער קאָנדעסירטקײַט) אָט־אָ די אלע פארשײדענע טשירי־בימ־באָמס, האגאמ, ער אנטפּלעקט דערבײַ גרויסע פּאָעטישע מײַסטערשאפט.

א מוסטער פונ אזא פּאָעטישער מײַסטערשאפט שטעלט פאָר מיט זיך דער קאפּיטל 5 פונ דעמזעלבנ ציקל.

אויסנוצנדיק די מאָדערנע טעכנישע דערגרײכונגענ פונ דער רוסישער קאָנסטרוקטיוויסטישער פּאָעזיע אינ געביט פונ איר רײַכער פאָנעטיק אונ ווילקלאַנג, פארוואנדלט כאריק אָט דעמ גאנצנ קאפּיטל מאמעש אינ א מוזיקאלישער סימפאָניע. ס׳וואָלט אָבער מער ניט געווענ, ווי פאָרמאליסטישע קאָנסטרוקטיוויסטישע קונצנמאכערײַ (מיט וואָס, לעמאָשל,

עס זינדיקט אָפּט אפילע דער רוסישער פּאָעט סעלווינסקי), ווענ אויכ אינ דעם געביט וואָלט כאריק ניט אנטבלויזט זײַנע קלאסאָווע פאראָרישע קאוואָנעס.

די קנעסעס־ייִסראָעל מיט איר טשירי־בים־באָם־קולטור איז דאָכ וויַט ניט אזוי אָפּגע־שײדט פונ די „כאמוירים", ווי זי וויל עס פאָרשטעלנ. עס איז דאָכ איינ מישפּאָכע—איינ מישפּאָכע פונ ראָוו אונ גאלעכ, פּאָרעצ אונ סויכער, וואָס „ביידע שטינקענ זיי"—איינ מישפּאָכע פונ איינ פּעאָדאל־רעליגיִעזער ווירקלעכקײַט.

כאריק ווייס גאנצ גוט די איינהײַט פונ די שאבעסדיקע „פּעדעמלעכ בלויע" אונ פונ די זונטיקדיקע „רויטע קוטאסנ"—די איינהײַט פונ אלע מינים שאָוויניזם אונ קלעריקאליזם—דעריבער פירט ער פונ די ערשטע סטראָפעס זײַנע א גלײַכצײַטיקנ פאראָדיע־אָנגריפ אפ ביידע קולטורנ אונ זייערע סטיליזאטערס—אפ די ייִדישע אונ אפ די ניט־ייִדישע בורזשואז־פּעאָדאלע רעליגיִעזע קולטורנ. די ייִדישע מעלאווע־מאלקע־זמירעס אונ דער קריסטלעכער ערעוו־זונטיקדיקער קלויסטער־גלאָק גיסנ זיכ צונויפ אינ איינ שאָוויניסטיש־רעליגיִעזער סימפאָניע. דער „באָם" פונ כסידיש־נעגידישנ מעלאווע־מאלקעדיקנ טשירי־בים־באָם וואקסט אריבער פאָנעטיש אינעם קלויסטער־געקלאנג—„באָם־באָם":

„איַ, טשירי־באָם
איַ, טשירי־באָם
באָם.
באָם!
קלינגב־לינב־בא־לעכ
גלויבט־לויבט א־אלע
גלעקער—קלינגענ
גלעקער קלאָנג
גלאָק,
גלאָק!
מאָרגנ—כאָגע
מאָרגנ—כאָגע
כאָג
כאָג!"

אינ דער פאָלקלאָריסטיש־סטיליזירטער ייִדישיסטישער פּאָעזיע איז פאראנ א ליד, ווו עס ווערט מוזיקאליש, א פ נ ז ע ל ב נ א ו י פ נ, אונטערגעשטראָכנ די רעאקציאָנער־ראָמאנ־טישע אידיליע פונ ייִדישער מעלאווע־מאלקע־זמירעס אונ קלויסטערדיקנ, ערעוו־זונטיקדיקנ נאכט־געבעט.

„קלינגענ גלעקער, קלינגענ גלאָקנ
גלינ־גלאָנ
זאָגט דער זיידע, מאכט דער זאָקנ
בים־באָם
זינקענ שטראלנ, פארבנ פאלנ
פלים־פלאָם
זאָגט די באָבע—שיינע־ראָבע
נאָט פונ אווראָם".

אפ וויפל מיר געדענקט זיכ, איז אָט דאָס לידל אפילע געווענ פארשפרייט אינ אונדזערע סאָוועטישע שולנ אינ די ערשטע נאָכ־אָקטיאבערדיקע יאָרנ, ווענ די האשפּאָע פונ דער ייִדישיסטישער „באָבע שיינע־דאָבע" אפ אונדזער שול־וועזנ איז געווענ נאָכ גאנצ שטארק.

כאַריק האָט מיט גרויסער מײַסטערשאַפט אַראָפּגעריסנ אָט־אָ די נאַציאָנאַליסטיש־ייִדישיסטישע אידיליע מיטנ זעלבנ געווער פונ אַנ אײַגנאַרטיקער מוזיקאַלישער פּאַראָדיע.

עס וואָלט דעריבער געווענ בעפּייִרעש לײַכטזיניק אופּצוּוואַרפנ כאַריקנ, וועלכער האָט אַנטפּלעקט אַזאַ קאָלאָסאַלע קלאַנגענ־רײַכקײַט אינ זײַנ „קײַלעכדיקע וואָכנ", פאָרמאַליסטישע געצאַצקלטקײַט דאָרט, ווו יעדער מינדסטער טעכנישער קונסט־מיטל זײַנער איז אָנגעזעטיקט מיט קלאַסאָווער פאַרשאַרפטקײַט.

באַהערשנ פאָנעטיש די שורע איז איינע פונ יענע באַדינגונגענ פאַר דער פּאָעזיע, וואָס אָנ דעמ קענ זי ניט עקזיסטירנ, אויב זי וויל זײַנ אַ הויכ־קוואַליפיצירטע,—אָבער פונ ווענ אָנ איז עס פאָנעטיק געוואָרנ אַנ אויסער־קלאַסאָווע דערשײַנונג?

בעשאַס כאַריק, לעמאָשל, נוצט אויס צוויי מאָל אינ איינעמ אונ דעמזעלבנ קאַפּיטל 5 דעמ פאָנעטישנ עלעמענט אַלס קאָמפּאָזיציע־מיטל, אַלס איבערגאַנג פונ איינ געשטאַלט צומ צווייטנ (דער איבערגאַנג פונ כסידישנ טשירי־בימ־באָמ אינ קלויסטערדיקנ באָמ־באָמ אונ פונ קלויסטערדיקנ דינ־דינ צומ „הילכיקנ דזינ" פונ פריצישנ שליטנ־גלעקל), שטרײַכט ער אונטער אַנ איבעריקנ מאָל, אַז ער איז ניט קיינ קלינגער לעשעמ קלינגענ פונעמ טיפּ פאָרמאַליסטישע „שפּראַכ־מוזיקער".

## VIII

מיר האָבנ שוינ אויבנ, פאַרבײַגייענדיק, באַרירט די פראַגע וועגנ קלאַסנ־כאַראַקטער פונעמ פּאַראָדירטנ אָביעקט אינ כאַריקס „קײַלעכדיקע וואָכנ". כאַריק מאָביליזירט זײַנ גאַנצע קינסטלערישע קראַפט קעגנ יענעמ אָפּשניט פונ אונדזער רעוואָליוציע־פראָנט, וואָס די פּראָלעטאַרישע רעוואָליוציע ליקווידירט פאַרבײַגייענדיק—קעגנ די רעשטלעכ פונ בורזשואַז־פעאָדאַלער רעאַקציע. די מאָדערנע ייִדישע אונ ניט־ייִדישע בורזשואַזע ווירקלעכקײַט מיט איר גאַנצנ פאַשיסטישנ אונ סאָציאַל־פאַשיסטישנ קלאַפּער־געצײַג, מיט איר קונסט, וויסנ־שאַפט אונ שטייגער ווערט אינ אַ גרויסער מאָס אויסגעמיטנ. דערמיט אַליינ האָט שוינ כאַריק — כאָוער איכ איבער נאָכאַמאָל — אינ אַ געווויסער מאָס פאַרשמעלערט דעמ פאַרנעמ פונ זײַנ ווערק. צי דענ איז די מאָדערנע „קולטור" פונ פאַשיסטישנ שאָלעמ אַש אָדער לייוויק, יאַנקעלע לעשטשינסקי אָדער זשאַבאָטינסקי, ערליכ אָדער ביאַליק ווייניקער אַקטועל, איידער די קולטור פונ כעזקל גאָמבינער אונ זײַנ גראַפ?

דאָס איז אָנ שומ ספאָפעק איינער פונ די הויפּט־פעלערנ פונ כאַריקס „קײַלעכדיקע וואָכנ", וועגנ וואָס עס וועט אונדז נאָכ אויסקומענ שפּעטער צו ריידנ. צי קענ מענ אָבער אָפּקומענ מיט אַזאַ אורטייל, אויב ניט נעמענ אינ אַכט דעמ קאָנקרעטנ וועג, מיט וועלכנ דער אָדער יענער קינסטלער אונדזערער גייט צו דער גרויסער סאָציאַליסטישער קונסט, די היסטאָרישע באַדינגונגענ, אינ וועלכע עס גייט דער אָנוווּקס פונ פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, וואָס איז סאָציאַליסטיש לויטנ אינהאַלט אונ נאַציאָנאַל לויט דער פאָרמ?

אינ דער ייִדישער סוויווע ביכלאַל, אונ באַזונדערס אָפּנ פראָנט פונ אינדוסטריעל־אָפּגע־שטאַנענעמ ווײַסרוסלאַנד, איז די לעצטע יאָרנ זייער אַקטועל געווענ אָט דער קאַמפּ קעגנ די רעשטלעכ פונ בורזשואַז־פעאָדאַלער קולטור. דער קאַמפּ קעגנ די רעשטלעכ פונ קאַפּיטאַליזמ אינ די באַדינגונגענ ניט בלויז פונ דער ייִדישער, נאָר אויכ פונ דער ווײַסרוסישער סוויווע (אונ לעצטנס אויכ אינ די באַדינגונגענ פונ פאַשיסטישנ קולט פונ מיטלאַלטער,

וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט אינ מײַרעוו־אײראָפּע), צווינגט אונדז ניט זעלטנ צו באקעמפנ האלב־פעאָדאלע, ראָמאנטיש־רעאקציאָנערע טעאָריעס וועגנ „אמאָליקע גוטע צײַטנ“, טעאָריעס, אינ וועלכע סײַ דער קאָנטר־רעוואָליוציאָנערער פאשיסטישער נאציאָנאליסט פונ היטלערס באנדע, סײַ דער ווײַסרוסישער נאציאָנאל־דעמאָקראט, אזוי אויכ דער יידישער, וויקלענ אײַנ זייער מאָדערנע בורזשואז־רעסטאווראטאָרישע אידייענ.

אָט פארוואָס כאריקס פאמפלעטנ, געווענדעטע קעגנ אָט דער פעאָדאל־בורזשואזער קריוויטשי־קולטור [1], אינ איר יידישנ אונ ווײַסרוסישנ נוסעכ, ווירקנ מיט קאָלאָסאלער קראפט פונ ה ײַ נ ט צ ײַ ט י ק ײַ ט אפ אונדזערע אודיטאָריעס.

אָט פארוואָס כאריקס לידער וועגנ „טײַכ אָרעסע“, וועגנ גראפ, וואָס פאָרט אפ פאָלעוואניע, וועגנ פארפײַניקטנ קאָניוכ, וועגנ כעזקל גאָמבינערס, וואָס ווארטנ אפנ גראפ באם קלאָזעט, זײַנענ ארײַנ אינ אונדזער ארסענאל, ווי א שארפ געווער אינ ל ו י פ נ ד י ק נ קלאסנקאמפ אינ ווײַסרוסלאנד אונ זיי טאָרנ ניט באטראכט ווערנ, ווי „פארשפעטיקטע“ ליטערארישע דערשײַנונגענ.

אונ אָט פארוואָס כאריק ווענדעט דאָ אָנ זײַנ אלטנ קינסטלערישנ מאנעוור: פאָרזעצנדיק די ראָמאנטישע סטיליזאציע פונ כעזקל גאָמבינערס כסידיש־נעגידישער מעמשאָלע, געקויפלט אפ ראָמאנטישע סטיליזאציע פונ גראפישער שלאָס־קולטור,—רײַסט זיי כאריק פלוצלונג אופ מיט זײַנ אויסגעפרוווטער פאמפלעטישער פאראָדיע. דער „הילכיקער דזינ“ פונ גרעפישנ שליטנ־גלעקל רײַסט זיך ארײַנ אינעם טשירי־בים־באָם פונ דער כסידיש־נעגידישער מעלאווע־מאלקע. כעזקל—דער זונ פונ „אויסדערוויילטנ פאָלק“ איז דאָכ ניט מער, ווי א פאנ כאצקעל, א מאָשקע, ווענ ער דארפ אויסנעמענ באם פאָרעצ. דער הייליקער טשירי־בים־באָם ווערט איבערגעריסנ אינמיטנ. איבערגעריסנ אינמיטנ ווערט די זאטע נעגידישע טפילע פונ „וועיִטנ־לעכאָ“. כעזקל לאָזט זיך אינ וועג צום פאָרעצ. אונ ווידעראמאָל גיט כאריק א קרעפטיקע קינסטלערישע סטיליזאציע, וואָס קאָנ בעפיירעש אָנגענומענ ווערנ פאר „קאָשער געלט“. ערשט אינ א פאָר סטראָפעס ארום ווערט כעזקלס ברייטלעכער ארויספאָר פאמפלעטיש אופגעריסנ: „יעכעזקל האנאָגיד, האמפורסאָם האגוויר“ ווארט אינ ציטערניש אפנ פאָרעצ... בא זײַנ קלאָזעט, דערמומלענ „בעלאכאש“ דעמ וועיִטנ־לעכאָ“...

גלײַכצײַטיק רעכנט זיך אָפּ דער קינסטלער מיט דער קאנאָניזירטער ראָמאנטיק פונ דער פארצײַטיקער דוקוס־קולטור. דער קאפיטל „ווײַנענדיקע ווייקנ זיכ“ הייבט זיך אָנ מיט א ווײַסרוסישנ קויטיק־כליופיקנ פייזאזש:

„קויטיק־כליופיק, קויטיק־כליופיק כלאמ, שלעפּ, כליפ
ווירער טראקטנ טאָפּעט־טופעט־רעדער סקריפּ
כאלופּעס־כאטקעלעכ צעהאָרפּנ, שטריי, קינ, פּסנ,
זינקענ בענגנדנ אינ טאָרפּנ,
וואָס
וועט
זײַנ?“

אינ טאָכ איז דאָ פאר אונדז דער אויבנדערמאָנטער אוראלט־פייזאזש, ווו עס הערשט „טומפּע שווערקײַט פונ לאפּעס“—דאָ אָבער באקומט דער אוראלט־פייזאזש זײַנ ע ט נ אָ ג ר א פ י ש ע נ א צ י אָ נ א ל ע ק אָ נ ק ר ע ט ק ײַ ט.

---

[1]) קריוויטשי—א פארצײַטיקער סלאווישער שייוועט.

דער אוראַלט־מאָכ—דאָס איז דער ספּאַגנוס—דער „לעבעדיקער טויטער מאָכ“ פון ווײַסרוסישע פאַרבלאָטיקט־וויסטע געגנטן; די „גאַנצענע געגנט ליגט פאַרהראַוניעט אין ברוד“—דאָס איז די חילדע וויסטעניש פון ווײַסרוסישע „זינקענדיקע וויאָרסטן“, מיט אירע ווײנענדיקע ביבערס. דער „הונגער־געוווי“—דאָס איז דער ווייע־ווויען פון דער ווײַסרוסישער דוירעסדיק־דאַלעסדיקער „וואַרעמער זשאַלייקע“.

„אַזאַ קאַליעלע דאָ, אַזאַ פאַרטײַעטקײַט
דער געגנט טרייסלט זיך אונטער די פיס
און ס׳ליגט אַ פריערל באַ טוכלע שײַטערן
אַ פולער טולופל מיט רעוומאַטיזם“.

אזוי ווערן געעפנט די קלאַמערן, אין וועלכע עס איז געווען אײַנגעשלאָסן אינעם ערשטן קאַפיטל דער אַבסטראַקט־ביאָלאָגישער אוראַלט־פּײזאַזש. ער וואַקסט איצט דעריבער באַזונדערס שטאַרק אויס אין אַ פאַרגאַנצטן סאָציאַלן סימוואָל.

די ביאָלאָגישע „טומפּיקע שווערקײַט פון לאַפּעס“ ווערט סאָציאַל קאָמענטירט און קאָנקרעטיזירט אינעם טאָפּען פון גרעפישע פערד, ווען דער יונגער גראַף—דער הערשער פון אָט דער ווילדער וויסטעניש „קומט צופאָרן ווען מיט אַ כאַליאַסטרע הינט אַף פּאָלעוואַניע“.

„אין אַ מירמלנעם שלאָס
אַ גינגאָלדענער דיל
אַף דעם גילדערנעם דיל
קלאָר־קרישטאָלענע בענק,
אין דעם מירמלנעם שלאָס
אַף דעם גילדערנעם דיל
אַף קרישטאָלענע בענק,
איין כוירעש אין יאָר
קומט דער גראַף און פּראַוועט דאָ יאָנטעוו“.

אזוי—אין פאָלק־נוסעך פון מײַסעס ווענג אַ גוטן גראַף און זײַן שיינער גראַפישער טאָכטער, הייבט אָן כאַריק זײַן עפּיש־ראָמאַנטישן געזאַנג וועגן יונגן פּאָרעץ, וועגן זײַנע „קלעומאָרים און טענץ אין גילדערנע קרענץ“, קעדיי טייקעף טאַקע, לויטן פּריערדיקן פאַראָדיע־נוסעך—פאַרשטערן אָט דעם גאַנצן יאָנטעוו מיטן איראָנישן „גענוג, עס סי סקוטש־נע־ע־ע“.

אָבער אָט דער איראָנישער „סקוטשנע“ איז ניט גענוג פאַר כאַריקן—ער מוז אופדעקן פאַרן לייענער די „האַרטע, צעוואַקסענע נעגל“ פון אָט דעם ראָמאַנטיש־מײַסעדיקן יונגן גראַף—דאַן קומט די באַלאַדע וועגן גראַף, וואָס האָט אזוי סאַקאָנעס־נעפּאָשעס ליב געהאַט זײַן קאָניוכ (נאָכ מערער געליבט, ווי דעם פערד אין גאָלדענע עפּל), אַז ער האָט אים, צוליב קאַפּריז, אַרײַנגעוואָרפן אין די זומפּיקע בלאָטעס.

איז אָט וועגן וועלכער „מאָכיקער נעצ“ עס רעדט זיך!

פאַרפײַניקט אונטער די האַרטע צעוואַקסענע נעגל פון פּעאָדאַל־בורזשואַזן ווײַסרוסלאַנד וויקט זיך אין אָט דער מאָכיקער נעצ און ווערט פאַרזייגט מיט אַ וואַרעמען כליפּ דער קאָלעקטיווער, פאַרפײַניקטער ווײַסרוסישער קאָניוכ—דער „פּיען—דער בעלאַרוס“, דער „פּוילער טולופל מיט רעוומאַטיזם“.

אין מעשעכ פון דוירעס האָבן זאַטע בורזשואַזע און רעאַקציאָנערע קליינבירגערלעכע קינסטלער ראָמאַנטיש עקספּלואַטירט אָט דעם וואָלפישן וויען און אָט דעם וואַרעמען כליפּ

פונ דער וויַסרוסישער זשאלייקע. ס'האָט געהייסנ—נאציִאָנאלע קולטור, נאציִאָנאלע אייגנ־ארט איז עס! ס'זיַינענ פארהיילִיקט געוואָרנ די וויינענדיקע ביבערס אונ די טולופלעכ מיט רעוומאטיזמ—מע האָט געסמאקעוועט פונ דער דאלעסדיקער קריוויטשי־קולטור אונ פונעמ „גוטנ גראפ".

קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע נאציִאָנאל־דעמאָקראטנ האָבנ ערשט ניט לאנג אינ אונדזער לאנד געפרווּוט פאָרזעצנ אָט די בלוטיק־ברודיקע סטיליזאציע, אפעלירנדיק שוינ ניט צומ מ ײַ ס ע ד י ק נ יונגנ גראפ, נאָר צומ לעבעדיקנ, ווירקלעכנ „יונגנ גראפ", וואָס דינט אינ דעמ געהעריקנ אָפטייל פונ פוילישנ גענעראל־שטאב אונ פארפיַיניקט אינ די זומפנ פונ מיַירעוו־וויַסרוסלאנד אויסגעהונגערטע, אינ קאָלטענעמ פארקלעפטע, פויערימ.

דעריבער קלינגט אזוי אקטועל־פארשארפט אָט דער גאנצער קאפיטל „וויינענדיקע ווייקנ זיכ". דעריבער קלינגט אזוי פאמפלעטיש כאריקס פאראָדירנ דעמ נאצ־דעמאָקראטישנ פאָלקלאָר־פייזאזש „בא די פוילע ברעגעס אפ דער טיַיכ ארעסע".

כאריק ווענדט אָנ זיַינ גאנצע קינסטלערישע קראפט, קעדיי דורכ דער געהעריקער פאָלקלאָר־אינטאָנאציע, ריַיכע אינסטרומענטירונג, קאנאָניזירטנ רעפריינ אונ זאפטיקער, מיט פיל סלאוויאניזמענ, פאָלק־שפראכ געבנ דעמ דירעקטנ אָטעמ פונ א וויַסרוסיש פאָלק־ליד, אָבער מיט יענער אידייִשער אָנזעטיקונג, וואָס ריַיסט אראָפ דעמ נאצדעמאָקראטישנ שלייער פונ זיסער נאציִאָנאליסטישער עטנאָ־גראפיע!

„אז אָרעמ די כוראָבע
אונ כמאריק די פאָגאָדע
בא די פוילע ברעגעס אפ דער טיַיכ ארעסע
איז ווער וועט אונדז דאָ קאָרמענעג
אונ ווער וועט אונדז דאָ אָנפויענ
בא די פוילע ברעגעס אפ דער טיַיכ ארעסע".

ווער וועט אונדז דאָ קאָרמענענ? ס'איז א פראגע, פונ וועלכער קיינ שומ נאצדעמאָקראט וועט זיכ ניט קענענ ארויסדרייענ, וויפל ער זאָל איצט ניט וועלנ סטיליזירנ, ראָמאנטיזירנ בורזשואז־פעאָדאלע „אמאָליקע גוטע ציַיטנ".

ווער וועט אונדז דאָ קאָרמענענ?

אפ דעמ גיט כאריק דעמ ענטפער, וואָס די זיגריַיכע אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט שוינ מיט 15 יאָר צוריק געגעבנ: סאָוועטנמאכט פליוס עלעקטרעפיקאציע איז קאָמוניזמ! אינ סאָוועטנ־מאכט פליוס עלעקטרעפיקאציע וועט ליקווידירט ווערנ אָט די „מאָכיקע נעצ" צוזאמענ מיט זייערע הערשער—דעמ גראפ אונ דעמ סויכער, דעמ טכוירענעמ ראָוו אונ פלאקסענעמ גאלעכ.

די ערד „פארגאָסענע מיט קאראָסטע" וועט עפענענ פארנ ארבעט־מענטש אירע אויצרעס. די געגנטנ, וואָס „זינקענ אינ טאָרפנ" וועלנ דיזעלבע טאָרפנ, פארוואנדלענ אינ מעכטיקנ רעזערוווּאר פאר א ליכט־ אונ גליק־מאגיסטראל. עס וועט נעמענ א סאָפ צומ גראפס פאָלעוואניע אונ צו כעזקל גאָמבינערס ברייטע מעלאווע־מאלקעס אונ דער פארפיַי־ניקטער קאָניוכ וועט ווערנ דער באלעבאָס פונ לאנד.

(סאָפ אינ קומענדיקנ נומער).

י. דאָבּרושין

# אקסעלראָדס וועג

(קריטישע פארצייכענונגען).

## 1

„ווי אייניקע דיכטער, וואָס זײַנען ארײַן אין דער ליטעראטור אין די ערשטע אָקטיאבער־יאָרן, האָט אויך זעליק אקסעלראָד דורכגעמאכט לעכאטכילע דעם עטאפּ פון אינדיווידואליסטישן צווייפל און פארלאָרנקײַט, וואָס האָט געשטאמט און געשטימט מיט דער פארווירטקײַט און וואקלעניש פון יענע קלײנבירגערלעכע שיכטן, מיט וועלכע דידאָזיקע דיכטער זײַנען געווען פארבונדן. ווי די יעניקע דיכטער האָט אויך זעליק אקסעלראָד, דער יינגסטער פון דער יעניקער פאלאנגע, געמאכט פון אָנהייב אָן א צוריק־טריט פון דער רעוואָליוציע, אָפּגערוקט זיך און פארוקט זיך אין די יעכידישע איבערלעבונגען פון א אָפּגעשיידטן אומבאהאָלפענעם איינעם.

דערבײַ איז אקסעלראָד פארבונדן מיטן דעקלאַסירטן געבראָכענעם קלײנבירגערטום, האָט ער ניט געהאט די פּ א ר ה י ס ע בירגערלעכע און קלײבירגע־לעכע נאציאָנאלע און סאָציאַלע אויסגעשפּראָכענע שטרעבונגען פון אייניקע דיכטער. אקסעלראָד איז פּאָרזיכטיק אינדיווידואליסטיש מיט א נייגונג צו בונטארישקײַט צו ווידערשפעניקן, אָבער שוין סטאם אין דער וועלט ארײַן אין נאָמען פון מעטושטעשע, ניט קלאָרע, ניט דײַטלעכ אויסגעפאָרמירטע פארלאנגען.

מײַן קאָפּ מײַן קינדערשן, ווי אלע גרויסע
נעוואָרפן האָב איך אין ראש פון לאנד. (בוך „לידער־ זײַט 16).

אקסעלראָד געדענקט שטענדיק פיל מאָל צו דערציילן, אז ער איז א קינד, דאָסדאָזיקע וואָרירט ער פארשיידנארטיק בילדעריש און טעמאטיש אין א ריי לידער. און ס'איז קלאָר, אז דאָ האנדלט זיך ניט בלויז וועגן אקסעלראָדס פאקטישן יוגנטלעכן עלטער, דאָ גייט א רייד באם דיכטער וועגן א ליריש־פּערזענלעכן געדאנקען־און געפילן־צושטאנד, דאָ גייט א רייד טאקע וועגן דער קינדישקײַט, וועגן דער סאָציאַלער, וואָלט איך געזאָגט, קינדישקײַט פון באוווסטזײַן, וואָס איז אומבאהאָלפן צו באגרײַפן דעם טיפערן זין פון די אררמיקע רעוואָליוציאָנערע געשעענישן. אָפּ אָט דער קינדישקײַט פרווט זיך דער דיכטער ארופוארפן זײַנע אידעאָלאָגישע זינד, אָבער אפ אזוי פיל אפ וויפל אקסעלראָד איז אן עכטער, שטארק־באגאבטער ליריקער, פארמאָגט ער די קראפט פון פאראלגעמיינערונגען. פאראלגעמיינערט ער אויך זײַנע „ניט קלאָרקײַטן", ווי ער רופט זיי אָן, באקומט ער ליב־

זײַנ „ניט פאַרשטיינ״, ער צערטלט אים, די „ניט קלאָרקײַטנ״ באַקומענ שוינ בא אים א זעלבסטשטענדיקנ ווערט, אָט באַלד ווערנ זיי זײַנ לעבנ־וועג, זײַנ לעבנ־אינהאַלט...

איכ הייב זיכ אוּפ אפ א לייטער א ווײַלע,
כ׳וויל א קוק טאָנ, עפּשער בינ איכ גאָר בלינד?
אָט אהינצו, וווּ טויזנטער אײַלנ,
טאָר זיכ ניט אײַלנ קיינ קינד... („לידער״ זײַט 14)

צוזאַמענ מיטנ איבערגעכאַוערטנ ·מאָטיוו פונ קינדישקײַט קומט אויכ דער מאָטיוו פונ בלינדקײַט, וואָס אים ווידמעט דער דיכטער דעם גאַנצנ ערשטנ ציקל לידער פונ זײַנ בוכ:

וואָס זשע זע איכ, גאָרניט, גאָרניט:
ס׳ציטערט אוּפ די הויט פונ לײַב,
וואָס מע מעג אונ וואָס מע טאָר ניט
מעק איכ אויס אונ איכ פאַרשרײַב.

איז דאָכ קלאָר, אז דער דיכטער זעט אליינ אײַנ, אז די סיבע, וואָס ער דאַרפ מעקנ באַם שרײַבנ—אונ טאַקע מער מעקנ איידער שרײַבנ—שטאַמט פונ זײַנ „גאָרניט זענ״ פונ זײַנ ניט באַנעמענ דעם דיאַלעקטישנ גאַנג פונ די רעוואָליוציאָנערע געשעענישנ. ער שרײַבט וועגנ דעם באַלד אינ דערזעלביקער ליד:

אָסט איז שווער נאָכ צו באַנעמענ,
וואָס געשעט אונ וואָס קומט פאָר.
כ׳נעם זיכ ווידער פאַר מײַנ פענע —
העלפ מיר, פרײַנט, ביז הונדערט יאָר! („לידער״ זײַט 20)

אונ אינ א פריִערדיקער ליד דאָסזעלביקע:

ווערט שווער אמאָל מײַנ שוואַרצנ קאָפּ
א לאַסט אזא וואַרפנ אונ פאַרהייבנ,
א פולער זאַנג נייגט זיכ טיפ אראָפּ,
א זאַנג א ליידיקער ציט זיכ אלצ צום אויבנ... (זײַט 18)

אונ האַגאַם אינ דידאָזיקע לעצטע פּאָר שורעס פרוווט זיכ אקסעלראָד דורכנ שפּיל פונ דיכטערישנ זאַנגענ־בילד באַרעכטיקנ זיכ אליינ, אוועקשטעלנדיק דערבײַ די רעוואָליוציאָנערע דיִאַלעקטיק טאַקע מיטנ קאָפּ אראָפּ—דאָכ האָט ער באַלד כאַראַקטע אונ פאַרענדיקט די ליד גופע מיט א מונטערער האָפענונג, טרעפלעכ אויסנוצנדיק ווידער די מעטאַפאָרע מיטנ זאַנג.

ס׳איז כמעדעש יול, דער פרילינג איז אוועק,
אינ רײַפנ גלאַנצ האָט זיכ א זאַנג צעשמייכלט,
אונ איכ גיי ערשט אַרויס אינמיטנ וועג
מײַנ פעסטע קלאָרקײַט צו דערגרייכנ...

די „פעסטע קלאָרקײַט״ איז אָבער אקסעלראָדנ ניט אזוי גרינג אָנגעקומענ, די פעסטע קלאָרקײַט האָט ער ד ע ר ג ר ײ כ ט פיל שפּעטער אינ דעם ציקל רויטאַרמייִשע לידער, בעשאַס ער האָט אָנשטאָט דעם פריִערדיקנ: „איכ רייד שוינ אזוי פיל פונ זיכ אליינ, ביז כ׳פאַרגעס אונדזער אלעמעס לעבנ״, פאַרשטאַנענ, קלאָר פאַרשטאַנענ, אז:

דאָס צעוואָרפענע לאַנד איבער טויזנטער וועגנ,
ווערט געפירעמט אפּסנײַ מיט דער אייגענער האַנט.
יעדער ציגל אונ ברעט אונדזער אלמעס פאַרמעגנ. — — —
אונ ווידער געגאַנגענע אונ ווידער געשפּאַנט. (זײַט 107)

אינדערלופֿט פונ דעם רויטארמייִשנ „ניכטערנ פארשטאנד״ ווי ער האָט עס אליינ אָנגערופֿנ, איז, הייסט עס, אומעגלעכ געוואָרנ פארנ דיכטער פארגעסנ „אלעמעס לעבנ״, אָט ווי ס׳איז אומעגלעכ געוואָרנ מער אָט דאָס „ניט זענ״, אָט דאָס בלינדע בלאָנדזעניש, וואָס האָט מיטגעבראכט, אז דער דיכטער זאָל, ווי ער האָט אליינ פריִער דערציילט, „אינ טויזנטער זייַטנ קערנ זיכ, אינ טויזנטער ווענדנ״— אפ דעם רויטארמייִשנ באָדנ האָט ער זיכ איצט אויסגעלערנט שוינ „גיינ אונ שפאנענ״ ווויסנדיק וווהינ אונ נאָכ וואָס...

ס׳איז אינטערעסאנט, וואָס אקסעלראָדס רויטארמייִשער ציקל — אונ דאָ ליגט זייער הויפּגעוויכט—איז די פאקטישע, טעמאַטישע אונ גייַסטיקע אנטיטעזע פונ זייַנע פריִערדיקע לידער אונ ביפראט פונ די לידער פונ דעם ערשטנ ציקל. אונ ס׳איז דעריבער זייער כאַראקטעריסטיש, וואָס אינ דער ערשטער ליד אינ זייַנער, אינ דער פּראָגראמאטישער פאָרוואָרט־ליד צום בוכ, וואָס איז געשריבנ נאָכ דעם דורכגעגאנגענעם רויטארמייִשנ וועג, האָט אקסעלראָד טאקע קוידעמקאָל אליינ פארשטאנענ קעגנצושטעלנ די רויטארמייִשע איצטערדיקע טקופֿע זייַנע קעגנ דער פריִערדיקער טקופֿע פונ „פארבלאָנדזעניש״, ס׳איז פארנ דיכטער גופֿע קלאָר געוואָרנ, אז דעריקער איז דאָס, וואָס זייַנ ערשטער ציקל פונ בוכ זייַנ „ניט זענ״, זייַנ „ניט באַנעמענ״ איז איצט שוינ לאכלוטנ אָפּגעלייקנט אונ פאָריבער:

ווענ ניט ווענ מיטאמאָל, כ׳פלעג מייַנ קאָפּ נאָר פארהייבנ,
ווי טויזנטער טאָגנ געווענ איז ער שווער.
טרעפֿט א פארבלאָנדזעניש פאלט אפ די אויגנ,
מע זעט ניט ארום זיכ די אייגענע ערד.

טרעפֿט א פארבלאָנדזעניש נעמט דאָ ארום דיכ,
דו בלאָנדזשעסט אוועק אָנ א זייַט, אינ דער קרום.
גלייַכ, ווי א גאסט כ׳וואָלט אהערצו געקומענ
בא א ברעג פונ א טיש צו אָפּזיצנ שטום.

מיט קארגע, דורכדרינגלעכ־לירישע ווערטער, ווי טאָמיד, ווערטער פול מיט שארפֿסטנ באַדייַט, האָט דאָ אקסעלראָד זיכ „זעלבסטקריטיקירט״, געגעבנ די פולסטע כאראקטעריסטיק פונ דער אָט באלד נאָכדעם גייענדיקער סעריע לידער. איצט רעדט ער שוינ וועגנ דער פארבלאָנדזעניש, ווי וועגנ ניט אָנעמבארער פארגאנגענהייַט, איצט האָט דאָכ די רויטע ארמיי, דעריקער, געלערנט אים דערזענ „ארום זיכ די אייגענע ערד״, איצט דערציילט ער ווייַטער אינ ליד וועגנ זייַנ גרויענ שינעל, וואָס איז „פאר פרידלעכער בויונג פארהיט״, איצט פארענדיקט ער דידאָזיקע ליד מיט א שארפֿסטנ ארויסרופֿ צו זיכ אליינ:

מייַנ גרויער שינעל מיט די קאנטנ די שווארצע,
שטייט גרייט אפ דער וואכ פונ צווויי גרענעצנ וועלט,
זאָל בעסער א קויל אריינ אינ מייַנ הארצנ,
איידער ווייַטער צו שווייַגנ בא דער אייגענער שוועל. (זייַט 8)

אונ בעשאס דער דיכטער רעדט וועגנ „צווויי גרענעצנ וועלט״, מיינט ער אויכ זיכ אליינ, וואָס שטייט אויכ אפ דער וואכ באַם גרענעץ פונ א ייגענע צווויי וועלטנ: ער דארפֿ, הייסט עס אויכ, זיכ אליינ אָפּהיטנ פונ דער יעניקער אלטער פארגאנגענער אונ שעדלעכער פאר אים וועלט. דער רויטארמייִשער שינעל האָט דאָ זייַנס אָפּגעטאָנ — דאָס ווייס דער דיכטער. דער שינעל האָט אקסעלראָדנ זייַנ פריִערדיקנ וועלט־באנעם אָפּגעשאפֿט, פונ דעם יעניקנ וועלט־באנעם, ווייס איצט דער דיכטער, האָט געשטאמט זייַנ פארבלאָנדזעניש, זייַנ שווייַגנ, אינ זיי זעט ער איצט אייַנ, מיט רעכט, זייַנ הויפּט־געפאר,

זיי האָט ער געווידמעט דאָס ערשטע פּראָגראַמאַטישע ליד פונ בוכ אונ מיט זיי קלײַבט ער זיכ קעמפנ מיט א קויל אינ הארצנ...

2

אונ ווענ עס גייט א רייד וועגנ אקסעלראָדס שטומקײַט אונ שווײַגנ האנדלט זיכ דאָ ניט בלויז וועגנ דעמ, וואָס זעליק אקסעלראָד, איינער פונ אונדזערע בעסטע דיכטער, האָט פאר אזוי פיל יאָרנ אָנגעזאמלט אזא קליינעמ הײַפל לידער, עס האנדלט זיכ וועגנ די שווײַגנ געשריבענע לידער, פונ זיי, פונ זייער אינייווענדיק ווייט דאָס שווײַגנ, זייער אינהאלט אונ פאָרמ טראָגנ אפ זיכ דעמ שטעמפל, דעמ באשײַמפערלעכנ שטעמפל פונ פארפרעסטע ציינ, פונ פארכאסמעטע ליפנ, פונ אזא מינ ריידעניש, וואָס ברויכט אָנ א שיר פארשטײַפטע ענערגיע אונ מאכט קורצע, דינ־דיניקע, שווער־באלאָדענע, פיל־מיינענדיקע שטריכנ, בעשאס עס פאָדערט זיכ אָפנקײַט, ברייטקײַט, רייד אפנ פולנ מויל, מיט פולער זאפט.

פונ איינער א נאטור־ליד בא אקסעלראָדנ איז קלאָר צו זענ—ווי בא יעדער דיכטער פונ זײַנע נאטור־לידער—דעמ וועזנטלעכנ כאראקטער פונ זײַנע עמאָציאָנעלע פאָרשטעלונגענ אונ פארלאנגענ. ס'איז דאָרט דאָ שורעס:

ארומ, ארומ—פעלד אונ קאָרנ,
זונפארגאנג אונ ווײַטער האָריזאָנט.
שטילער, רויִקער איז דאָ געוואָרנ,
אונ שטיל זאָל זײַנ נאָר ווער עס קאָנ...

די פינטלעכ געהערנ דעמ דיכטער, וואָס זאָגט טאקע קלאָר נאָכ אינ א ליד: „שטילקײַט האָט דערהייבנ מײַנע לידער" אונ אינ א פריִערדיקער ליד שרײַבט ער:

מיר שפאנענ שטומ, מיר שטעלנ קליינע טריט,
אונ ציילנ קערנדלעכ פונ רײַפע זאנגענ. (זײַט 90)

די צייכענונג איז זעלטנ ווי אָנגעמאָסטנ פאר דער כאראקטעריסטיק פונ זײַנ אייגענעמ ארט שאפנ. אקסעלראָדס שורע איז אינטענסיוו—רײַפ, ווי זעלטנ בא וועמענ. זי איז דורכגעדענקט, אויסגעוויִיקט אינ דורכגעלעבטנ וואָרהאפט פונ טראכטנ אונ פילנ. אקסעלראָדס שורע איז אָבער קורצאָטעמדיק, דאָס ליד טוט זיכ א שפרייט אונ פארענדיקט זיכ באלד אונ ס'איז אינטערעסאנט, וואָס גראָד אינ די לידער פונ דער רויטער ארמיי „ספארטאקיאדע", „שאָכ", „כ'האָב ליב די ראָנדנ" — איז צוגעקומענ בא אקסעלראָדנ די ראכוועסדיקע פארשיידנארטיקײַט פונ אופגעריסענע ריטמענ, ס'איז, אדאנק דער נײַער האָפערדיקער באשטענדיקער טעמאטיק, צוגעקומענ אינ זיי דיִאלאָג, געלאפ פונ שורע אונ גערויש פונ גראמענ. אינ דעמדאָזיקנ קליינעמ בינטל לידער איז דאָכ צו מערקנ, אז ס'איז דאָ אונטערגעריסנ געוואָרנ די דאָכ פאראנענע בא אקסעלראָדנ פאָרמ־מאָנאָטאָנישקײַט אונ דעריקער סטראָפנ־מאָנאָטאָנישקײַט, וואָס איז אומפארמײַדלעכ בעשאס לידער גייענ פונ בענקשאפט אונ פאלנ, ווי נאָגנדיקע טראָפנס...

וועגנ בענקשאפט רעדט אקסעלראָד פיל מאָל, ער רעדט וועגנ דעמ אָפנ, קלאָר אינ זײַנ ווענדונג צומ כאוור דעמ דיכטער: „ווענ עס רעדט ארויס פונ דיר א בענקעני ליב איכ דאנ די שורעס פונ דײַנ ליד", אונ דערבײַ ווײַטער: „האָסט געגוג געשריִענ, דארפסט שווײַגנ, זיצ אונ קוק אפ אָהונטיקער שײַנ"—אקסעלראָד איז לאָגיש אָנגעקומענ צו אזא מינ „טעטיקײַט־פּראָגראַמ" אינ די שטורמישע צײַטנ פונ דער סאָוועטישערווירקלעכקײַט. אָנגעקומענ איז ער צו דעמ דערפאר, ווײַל די דעקלאסירטע געבראָכנקײַט פונ זײַנ

סאָציִאַלער באַוזע האָט אים אין בעסטן פאַל געמוזט ברענגען צו פּאַסיוויטעט, צו ווילנלאָזע פּאַסיווע האַרבסט־באָאַבאַכטונגען.

נעמט צו פון מיר מײַן יונגן גרוס:
אַ האַרבסט אַזאַ איז די שטאָט באַפאַלן,
יעדער געלער בלאַט — אַן אָפּגעוועלקטער קוש,
און יעדער געלער בלאַט — אַ הויפן שטראַלן. (זײַט 93).

דאָס איז פון זײַן ליד, וואָס רופט זיך „אָפּ אַ ליטעראַרישן אָוונט“, אַ מײַסטעריש־שיינע ליד, אַ קרעדאָ־ליד, וווּ דער דיכטער שטעלט זיך פאָר פאַר די לייענער:

אַלע שורעס מײַנע וואַקלדיקע, שטילע,
וועלן ביטערניק צו אײַך דערגיין,
און קלאָרער נאָך וועט איר דערפילן
דעם געזאַנג פון מײַן געביין (זײַט 92

און דער געזאַנג פון זײַן געביין איז דאָ פאַרוועבט מיט האַרבסט־אַסאָציִאַציעס, ווילנלאָז, הילפלאָז, — אַ געזאַנג, וואָס רופט ניט אין ערגעץ און פירט ניט אין ערגעץ ניט, און מעמיילע רופט עס צו אָפּגאַנג, צו אומגלויבן. אין די לידער פון דעם מין פעלט שוין באַ אַקסעלראָדן אָט יענער אומרו אַפילע, וואָס פילט אָן די שורעס פון דער ערשטער „פאַרבלענדעניש“־סעריע, אָט יענע סאָציִאַלע ניט צופרידנקײַט מיט זיך, און בענקשאַפט און ווילן צו פאַרשטיין און דערזען און באַגרײַפן, — דאָ אין די לידער פון דעם מין איז שוין רויִקע, טויטע זעלבסט צערטלערײַ, האַרבסט־גליווער און ווייך־זײַדענע ווינטער־שטילקײַט. דער דיכטער האָט דאָ, הייסט עס, שאָלעם געמאַכט מיטן „גאָרנישט ניט זען“ און איז דעריבער שוין לאַכלוסן אַרויסגעפאַלן פון קאָנטעקסט פון אַרומיקן לעבן־דראַנג, פון אַרומיקן שטורמיש־גרויסן רעוואָלוציִאָנערן איבערבוי.

אין בעסטן פאַל באַ אַן אויפטרייסלונג ווערט אַקסעלראָד בונטאַריש געשטימט און ברויזט אויף מיט אַזוינע אַרט באָהעמע־לידער, ווי דאָס ליד, וואָס איז געווידמעט דעם מוזיקער בעטכאָוועגן, — איינע פון אַקסעלראָדס שטאַרקסטע לידער, וווּ דער געפײַערטער באַ אונדז בעטכאָווען־יובילייִ ווערט באַם דיכטער אַן אויסגאַנג־פונקט פאַר יעכידישער פאַרביטערטקײַט און העפקער־שטימונגען:

און מע זשליאָקעט ווײַן און ס׳גיסט זיך שוים פון ביר
און ס׳ריפעט הייזעריק אַ שטומפּיקער קלאַוויר.
בעטכאָווענען, בעטכאָווענען בעטכאָווענען דער לאַנגן!
זײַן וווּנדערלעכע שפּיל, זײַן ראַשיקן געזאַנג...

און דערבײַ דער קרעמל און דער רויטער פלאַץ און דער דיכטער גופע אַרײַנגעפלאָכטן מיט זײַן דיכטערס גאַנצער יִעשדיקער פאַרלאָרנקײַט — אַ אינטערעסאַנטער שטאַרק — אויסגעדריקטער פּאָעטישער געווירבל פון נאַרקאָטישן האַלב־באַוווּסטזײַן, אַ ליד, וווּ דער בעטכאָווען־יובילייִ ווערט פאַרוועבט מיט אַסאָציִאַציעס פון צופעליקן גאַסן־טויט אָנשטאָט צו ווערן דאָס, וואָס ער איז געווען באַ אונדז — דער יובילייִ־יאָנטעוו פון דער גרויסער יערושע־קונסט, וואָס פלעכט זיך אַרײַן און אַרבעט זיך איבער אין די קולטור־געדערים פון דער פּראָלעטאַרישערווירקלעכקײַט. דאָסדאָזיקע, וואָס איז בעעמעס פּאָרגעקומען, האָט דער דיכטער, מאַכמעס „גאָרניט זען“, טאַקע פאַרפעלט צו זען, צו באַנעמען און צו איבערדיכטן...

אין דער בעטכאָווען־ליד איז פאַראַן אַ אינטערעסאַנטער שטריך, ווען דער דיכטער אַסאָציִירט, אַפּאָנעם, בעטכאָווענס טויבן געהער מיט זיך גופע, און עס רײַסט זיך אַרויס

בא אים א פארצווייפל־שורע: „שרייַ איכ אינדערהייכ און הער ניט מייַנע לידער!״ — די שורע רופט זיכ איבער מיט: „איכ הער ניט מייַנ אייגנ געשריי״ — א שורע פונ א נייַ־יאָר־ליד, ווו דער דיכטער איז זיכ מודע: „כ׳האָב פארלאָרנ מייַנ „קלאָרקייַט פונ זינ — סארא וויסטער ביזאָיענ״! די נארקאָטיש — באפארבטע שטימונגענ באהערשנ דאָכ אייניקע מאָל דעם דיכטער, און שלעכט איז בא דערבייַ דאָס, וואס די שטימונגענ זייַנענ עכט־פּאָעטיש און שטארק פאראלגעמיינערט, ווי דער דיכטער קאָנ...

איז אָט. אינ אלע יעכידישע לידער פונ דעם ארט האָט אקסעלראָדס שטארקער לירישער עמאָציאָנעלער טאלענט זיכ סאָציאל אנטבלויזט און דעמאסקירט. טראכט מענ זיכ אייַנ אינ די אלע לידער, דאָ אינ ביכל צונויפגעזאמלטע און אינייַנעמדיקע, דערזעט מענ: אקסעלראָדנ האָט אינטערעסירט אינ טאָכ די באדערזייַטיקע ווינקלדיקע טעמאטיק. אינ די אלע געדיכטעטע איבערלעבונגענ איז ער בעעצעם פארבייַגעגאנגענ דעם גרויסנ אוןברייטנ געשעענישנ־וועג, וואָס די רעוואָליוציאָנערע געזעלשאפטלעכקייַט האָט דורכגעמאכט פאר די אלע יאָרנ. מאשמאָעס, אז אפ דעם געביט האָט געגאָלטנ דעם דיכטערס שווייַגנ, וועגנ וועלכנ ער האָט זיכ אליינ געוואָרנט אינ זייַנ פאָרוואָרט־ליד צום בוכ. צוליבנ „שווייַגנ״, אפּאָנעם, האָט ער אפילע אפ זייַנ אינדיווידואליסטישנ אויפנ ניט באַרירט די צענטראלע געזעלשאפטלעכע פראגנ, נאָר געשפּייַזט זיכ מיט די אלע איבערלעבונגענ, וואָס, בא הייַנטיקנ טאָג, צייכענענ זיי ניט אָפּ אפילע די עטאפּנ פונ דעם דיכטערס אייגענעם דורכגעגאנגענעם לעבנ־וועג. ער האָט קענטיק, אויסגעמיטנ באַרירנ דעם קאָמפּלעקס פונ דעם דירעקטנ סאָוועטישנ לעבנ־וואָר, צו וועלכנ דער דיכטער דער מענטש האָט דאָכ געהאט א שייַכעס און וועלכער האָט זיכ בלויז פונ מאָל צו מאָל ארויסגעריסנ פונ אונטער זייַנ פענ אינ אזוינע לידער ווי: „אפ ארבעס״, „צעשאָסענע״, „איכ האָב א גרוס״ און ניט מער...

ער פארמאָגט, אקסעלראָד, א סעריע לידער אינ ביכל, וואָס רופנ זיכ „הארבסט 1915״ מיט אנ אונטערקעפּל „היימלאָזיקייַט״. ס׳איז אינ פראט פונ קוואליטעט פונ די שענסטע, קאָנ זייַנ, לירישע לידער, וואָס א דיכטונג מעג זיכ ווינטשנ, — אזא זויבערקייַט פונ קאָנדענסירטער שטימונג, פּאָעטישע אייַנפאכקייַט און העל־קלאָרע קאָנטורנ פונ פארביקנ בילד און וואָרט, און דער אינהאלט — עלענישע איבערלעבונגענ פונ א שיכט, וואָס וואָגלט אנ ארויסגעיאָגטער אינ די מילכאָמע־יאָרנ, וואלגערט זיכ אינ די וואגאָנענ פארלאָרנ און האָפּנונגלאָז:

געמאטערט בייַט מייַנ מאמע צו וואָקזאלנ
אפ אָפּגעבענ אינ בלייכקייַט איר געבעט,
ביז איכ א באָרוועסער לעבנ איר געפאלנ
אירע טרערנ גליִביקע דערהערט.

און נאָכ:

מייַנע אויגנ קוקנ חייַטער, ווייַטער,
לעצטע שייַבעלעכ פונ שטעטל בייַענ אָפּ.
בלייַבנ איבער נאָר קאָזאקנ רייַטער,
און אנ אָפּגעהאקטער קאָפּ...

איז וואָס איז דאָ צו זענ פונ דערדאָזיקער ביִאָגראפישער און גיכער צו גלויבנ, אווטאָביִאָגראפישע סעריע לידער — ס׳איז דאָ צו זענ, אז דער דיכטער, וואָס האָט די לידער דאטירט מיט די יאָרנ 1923—24 האָט דאָכ ניט געוואָרפנ אפ די יעניקע געשעענישנ קיינ סאָציאלנ שייַנ, וואָס זאָל פארברייטערנ, אופדעקנ, באלויכטנ דעם סאָציאל־היסטאָרישנ זינ,

דעם קלאסן־באַדײַט פון די יעניקע פאסירונגען, וואָס זאָל זיי אַרײַנפירן און אַרײַנברענגען אין דעם קאָנטעקסט פון די באַלדיקע רעוואָליוציאָנערע אופטרייסלונגען, וואָס צו זיי געהערט אפילע אָט די „היימלאָזיקײַט", ווי א רעזולטאט פון געשאפענע קלאסן־באַציִונגען.

אקסעלראָד האָט זיך אין די לידער אינגאנצן געשטעלט אפן סוביעקטיוון באָדן פון זײַן אומבאהאָלפענעם קליינבירגערלעכן דעקלאסירטן שיכט, פארטיפט ביז גאָר די איזאָלירטע הומאניטארע וויי־ליניע און דעריבער דערשפירט בלויז די טראגישע ענלעכקײַט, אויסגאנגלאָזיקײַט און פאסיוויטעט.

שטייען מיר אין וועג, א נאכט א לאנגע,
ס'איז טונקל דער וואגאָן און פארגייט זיך אין געוויין.
צו זיך אליין קען קיינער ניט דערלאנגען,
יינער קען ניט קערן זיך אהיים... (זײַט 26)

די פאראלגעמיינערונג־פּינטלעכ געהערן ווידער דעם דיכטער. און דאָ ווערט קלאָר אקסעלראָדס וועג. דער היימלאָזער שיכט זײַנער האָט אים אידעאָלאָגיש פארקלעמט, פארטונקלט די סאָציאַלע האָריזאָנטן און אויסגעפורעמט די אינדיווידואליסטישע פוסטע זוכעניש פונעם וועג „צו זיך אליין", אויסגעפורעמט אויך דעם געדאנק פון דער „אייביקער" קלוימערשטער היימלאָזיקײַט. פון אָט די קליינבירגערלעכע אידעאָלאָגישע אופפאסונגען שטאמט די דויערנדיקע „פארבלענדעניש" דעם דיכטערס, זײַן „גאָרניט וויסן", וועלכע ער האָט א באומרויִקטער געמוזט אליין קאָנסטאטירן בעשאס ער האָט זיך באגעגנט מיט דער פראָלעטארישער רעוואָליוציאָנערערווירקלעכקײַט, וואָס לייקנט אָפּ און פארטיליקט די אידעאליסטישע איך־וועלט.

•

וואָרעם, אז ער שרײַבט אין 1925 יאָר זײַנע לידער וועגן שטעטל, וועגן „אלטער היים", וואָס איז פאר אים אין טאָכ נאָכ אלץ געבליבן היימלאָז, איז ער זיך ווידער אמאָל מודע: „איך קאָן נאָך ליכטיקער ניט קוקן, ווי אלע די פון היגער ערד" — פון דער שטעטלשער ערד, הייסט עס. און ס'איז אינטערעסאנט, וואָס אקסעלראָד פארגעסט ניט צו פלעכטן קעסיידער און אומעטום דיזעלבע געדאנקען: זײַן מיטגעפיל דער פארגאנגענהײַט, דעם שטעטלשן אלטווארג שטאמט, ווי ער אנערקענט אליין פון זײַן שטעטלשן וועלט־באנעם, אָבער דערבײַ האָט אקסעלראָד א מיין צו זאָגן, אז דערדאָזיקער וועלט־באנעם איז אן און פאר זיך בארעכטיקט פארן שטעטלשן שיכט, וואָס לעבט איבער זײַנע וויען פון איבערגעבורט. ס'איז אָבער לאכלוטן פאלש. אָט דאָס איז דאָך די מײַסע, וואָס צוליבן באגרענעצטן קליינבירגערלעכן וועלט־באנעם, אדאנק זײַן „פארבלענדעניש", האָט ער ניט דערזען קיין לעבעדיקע פאקטן, ער האָט ניט באמערקט און דעריבער ניט אָפּגעצייכנט — און דאָס איז געווען א מוז פארן אָביעקטיוון ריכטיקן עמעס — די דיאַלעקטישע איבערבוי פּראָצעסן, וואָס קומען פאָר אין שטעטל, ער איז אליין געשטאנען אין טאָכ אפן שטאנדפונקט פון אָפּגעשטאנענע רעשטלעך און פארזען דעם וועג אפּ וועלכן די פארטיי און די סאָוועטנמאכט האָט שוין דאן אוועקגעפירט דעם שטעטלשן מאסן־שיכט, דעם זיכערן און פעסטן וועג פון ווידערגעבורט, אפן באָדן פון סאָציאַליסטישן אופבוי.

ווי אלע קינדער האָב איך אויך א היים,
א טאטען מיט א מאמען אין צימערן א פּאָר.
און בלײַב איך ווען ניט ווען אין שטוב אליין
פארטראכט איך זיך אפּ טאטנס גרויע האָר... (זײַט 40)

און אז אקסעלראָד טראכט וועגן טאטנס גרויע האָר, סאָלידאריזירט ער זיך פולשטענדיק מיט טאטעשע טראכטענישן און לײַדענישן. דער טאטע לײַדט פון דעם, וואָס קינדער זײַנען אוועק „אפּ זוכעניש און וואנדער״: איינער איז אין דער רויטער ארמיי, איינער — א מאלער, איינער — א דיכטער — אָן טאטעשן טאכלעס, הייסט עס, וועגן וועלכן אקסעלראָד באדויערט, דאכט זיך, צוזאמען מיטן פאָטער, וואָרעם אויב ניט, האָט ער באדארפט און געמוזט קעגנשטעלן דאָ זײַן דיכטערישן אייגענעם און אנדערשדיקן שטאנדפונקט.

און דערפאר קלינגט אויך קאָנסערוואטיוו אקסעלראָדס זעלטן־שיינע שטיפעריש־ערנסטע ליד „צו מײַן קענדל״, ווו די לעצטע שלוס־שורעס, פאראלגעמיינערטע, ווי שטענדיק בא אקסעלראָדן, לאָזן זיך אויסטײַטשן אין דעם זין, אז גוט איז אלץ, וואָס איז אלט, דערפאר ווײַל עס קאָן, נאָך אלע איבערגעקומענע „שײַערענישן״, א פינקל טאָן מיט רויטן גלאנץ...

זאָל זײַן — ס׳וועט אזוי שוין בלײַבן,
ווער עס לעבט מוז אָנרירן די ערד.
נאָר כ׳קאָן פאר זיי מיט הארצן ניט פארשווײַגן,
אז ס׳איז ניט גרינג, ס׳איז ענדערן זיך שווער... (זײַט 39)

מיט דידאָזיקע הארציק־ערנסטע און ווייטיקדיקע ווערטער האָט אקסעלראָד אליין באצייכנט זײַן באציִונג צו „אלטער היים״, אָבער געטראָפן האָט ער דאָ נאָר מיט איינס: „ווער עס לעבט מוז אָנרירן די ערד״. אקסעלראָד האָט טאקע אָנגערירט די ערד, די ראטנלענדישע ערד. אין דער רויטער ארמיי האָט ער זי אָנגערירט, אָבער שוין מיט פונדאָסנײַ באנײַטע כוחים, מיט א דערנענטערונג צום נײַעם פראָלעטאריש־רעוואָלוציאָנערן וועלטבאנעם. און דאן האָט ער זיך גראָד געענדערט, אקסעלראָד. זעלבסטפארשטענדלעך, אז געענדערט האָט אים באדערבײַ דער וווּקס פון אונדזער סאָוועטישער בויונג, דער פארווירקלעכטער פונדאמענט פון סאָציאַליזם, וואָס האָט איבערגעמאָלט שיכטן און איבערגעבויט וועלט־אָנשויונגען. די אלע מאָמענטן האָבן דערפאר באקומען אן אָרט אין אקסעלראָדס רויטארמייִשע לידער, וואָס זײַנען בעפיירעש געוואָרן דער שארפסטער ווענדפונקט אין זײַן פאָעטישן וועג:

און נאָך א טאָג — מיר וועלן זיך צופאָרן אלע
ווידער צו דער בויִונג פונעם גרויסן ראטנלאנד,
די לידער אונדזערע וועלן דעם וועג באשטראלן
און ס׳וועט אונדז צוזינגען די הורעניש פון באַן.

אין גרויען הארבסט מיר האָבן זיך צונויפגעטראָפן
אין רייען רויטארמייִשע מיט ליבע אײַנגעשמידט,
כאווײרים אלע — פון מײַרעוו, דאָרעם און פון צאָפן,
כאווײרים אלע — א רוס, א טאָטער און א ייִד.
(„צום ארויסלאָז״. זײַט 121).

אקסעלראָד, וואָס איז צילגעווענדט מיט יעדער וואָרט און בילד, דערמאָנט דאָ ניט אומזיסט דעם „גרויען הארבסט״, — דער הארבסט איז ניט קיין בלויזע פאקטישע דאטע, ס׳איז זײַן אייגענער „הארבסט 1915״ און נאָך „הארבסטן״, וועלכע ער האָט דורכגעלעבט און מיט וועלכע ער האָט דאָ אין די לידער פארענדיקט. פון דער אויצנגעבראכטער „טאָטעשער״ ליד, ווו ס׳איז אפּ א טרויעריקן אויפן דערמאָנט דער זון, וואָס דינט אין דער רויטער ארמיי, ביז אָט דידאָזיקע רויטארמייִשע שטימונגען, איז פאָלג מיך א גאנג, ווי

ס'איז פאָלג מיך א גאנג פון דעם גאנצן פריִערדיקן וועלט־באַנעם און טעמאטיק! און אין דעם, ווי געזאָגט, ליגט דער שווערפּונקט, דאָס איז דער אידעאָלאָגישער געווינס און געפינס פון אקסעלראָדס רעוואָלוציאָנערן ציקל, וווּ עס זײַנען אפּ א גאָר נײַעם פּאר אים אויפן באַרירט מאָטיוון פון שוץ און ארבעט, וועגן וועלכע דער דיכטער האָט זיך דאָ פּאָרט ריטמיש־נײַ צעזונגען און זיך פרײַ צערעדט...

אין דער שטארק שיינער ליד אפּ מאיאקאָווסקיס טויט זאָגט אקסעלראָד:

איר דארפט עס ניט

דאָס קעלעכל

פון לירישן באַווייִנען. (זײַט 132)

אקסעלראָד איז א קלוגער דיכטער און ווייס וווּהין עס קאָנען צילן דידאָזיקע ווערטער. איז ער זיכער אוואדע, אז ער האָט מיט דעם פּארענדיקט, אפּ שטענדיק פּארענדיקט. ער איז זיכער, אז זײַנע ווײַטערדיקע לידער, די לידער פון „ניכטערן פארשטאנד״ — דאָס איז פון זײַנע רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען—וועלן מיט זייער גאנצער קוואליטאטיווער אויסגעפּרוּווטער לירישער קראפט באַדינען, ווי ער האָט עס געווּנטשן מאיאקאָווסקען—„די קומענדיקע טעג פון קאָמוניזם״...

28־טן סעפּטעמבער 1932 י.

נ. קאבאקאָוו

# וועגן ווערעמיקינס „שטײַגנדיקע שטאָקנ"

ז. ווערעמיקינ—שטײַגנדיקע שטאָקנ—לידער, 1932 י. מעלוכע־פארלאג פונ ווײַסרוסלאנד, ייִדסעקטער.

ז. ווערעמיקינס לידער, וועלכע גייענ ארײַנ אינעם ביכל, וואָס מיר רעצענזירנ, כאפנ ארום א גאנצ היפשנ פעריאָד צײַט (פונ 1925 ביז 1931 י.) אונ דאָכ איז שווער נאָכ איצט צוריידנ וועגנ ווערעמיקינענ אלס א פאָעט מיט א פארטיקנ, שוינ אויסגעפורעמטנ ליטעראריש־געזעלשאפטלעכנ פאָנעם. ווערעמיקינ געפינט זיכ נאָכ אינ דער סטאדיע פונ ווערנ, פונ אויספורעמענ זיכ.

אינ ווערעמיקינס לידער דאָמינירנ: דראנג צו דער שטאָט, מיליטערישע אונ קאָלווירטישע מאָטיווּנ, דאָס הייסט, או לויט דער טעמאטיק זײַנענ ווערעמיקינס לידער אקטועל.

פונוואנענ נעמט זיכ אָבער בא ווערעמיקינענ דער דראנג צו דער שטאָט? ווערעמיקינ אנטלויפט פונ שטעטל, פונ זײַנ „שטילער היים", ווו ער האָט מוירע „פארוואקסנ ווערנ מיט ווילדע גראָזנ".

מיר האָבנ דאָ צו טאָנ בעפיירעש מיט א ניטריכטיקנ פארשטיינ די שטעטלדיקע פראָבלעם, מיט ניטדערשאצנ די אופגאבנ ווירטשאפטלעכ אײַנאָרדענענ די שטעטלעכ, ווו מיר האָבנ שוינ גרויסע דערגרייכונגענ אינ אוקרײַנע, ו.ס.ס.ר. מיר האָבנ שוינ איצט אינ פיל שטעטלעכ אויסגעבויט זאוואָדנ, פאבריקנ, אינ וועלכע עס איז ארײַנגעצויגנ געוואָרנ די גאנצע שטעטלדיקע ארבעטנדיקע באפעלקערונג אונ די אָרעמקײַט. פארוואָס־זשע שרײַבט ווערעמיקינ:

איצ ווערעמיקינ אָרעמקײַט? מע שנייבן זע מיט פײַ נוּע פאר שנייבן ווערעמיקין

אינ ווערעמיקינ איז ארײַנגעפאלנ אינ א פאניק, ער האלט, אז די שטעטל איז פערספעקטיוולאָז אונ קענ זיכ ניט שענקענ, פארוואָס ער איז פריִער אינ שטאָט ניט געפאָרנ:

עס האָט דײַנ רויש געצויגנ מיכ מיט קראפט,
גערופנ מיכ אהער פונ שטעטל...
פארוואָס האָסטו מיכ פריִער אהערצו ניט געבראכט?
שיר האָט דאָכ מײַנ יוגנט ניט פארשפעטיקט.

אינ שטאָט, ווו ווערעמיקינ זעט די גרויסע בויונג, וואָס קומט פאָר, ווערט ער צו ערשט באהערשט פונעם אויסערלעכנ רויש, „מיכ האָט פארטויבט דײַנ רוישיקער גערודער", „אזויפיל שרויפנ, אזויפיל קראנענ". ער איז זיכ מוידע:

שווער איז צו באנעמענ דעם לאָשנ פונ מאשינענ
פאר מיר, געקומענעם פונ העק פונ שטילנ

װערעמיקינ הייבט אָנ אָבער שפּעטער צו באַנעמענ ניט נאָר די אויסערלעכע מאָמענטנ פונ דער גראַנדיִעזער בויונג, ער פאַרשטייט שוינ די סאָציִאַליסטישע ציִלאָנגעװענדקײַט פונ דער בויונג, ער װײַזט אונדז נאָכ אָבער ניט די נײַע סאָציִאַליסטישע שטאָט, איר זעט דאָס ניט אינ זײַנע לידער, ניט געקוקט אפ דעמ, װאָס אינ איינער א ליד, שרײַבט ער „כאװערל, פאַרשרײַבט מיכ אפ דער ברעט דער רויטער, אינ א גרויס געװעט ס'לאַנד אונדזערע בייט איצט". װערעמיקינ איז פונ שטעטל אנטלאָפנ אונ, אינ דער שטאָט נאָכ ניט אײַנגעװאַקסנ, ניט איבערגעקאָכט זיכ אינ דעמ פּראָלעטאַרישנ קעסל.

אינ זײַנע קאָלװירטישע לידער האָבנ מיר איינִיקע ניט קיינ שלעכטע לידער („פּרילינג־פּאַרזיי, „אפּנ פּראָנט פונ ברויט אונ קאַרטאָפל"), אסאכ לידער מאכנ אנ אײַנדרוק פונ צו־פעליק אָנגעשריבענע, זיי זײַנענ װי אָפּגעריסנ, אָפּגעזונדערט איינע פונ דער צװייטער.

אסאכ שטאַרקער, זאַפטיקער אונ אײַנדרוקספולער זײַנענ װערעמיקינס לידער װעגנ דער רויטער ארמיי. דאָ האָבנ מיר װירקלעכ לידער, װעלכע זיינענ דורכגעזאַפּט מיט ליבע צו דער רויטער ארמיי, אזוינע לידער מאָביליזירנ די אופמערקזאמקײַט צו די פראגנ פונ פאַר־שטאַרקנ די לאַנדשוץ.

עס האָט זיכ א נאכט
אינ שװײַגנ פאַרטראכט
פונ ערד
ביז די הימלשע שטערנ —
אונ פּלוצימ...
א סיגנאל
זיכ צעשאלט,
זיכ צעהילכט אינ דער נאכט.
אונ א פּאָלק
מיטאמאָל
איז שוינ אומ אונ איז װאכ.

װערעמיקינ, װײַזט אויס, ארבעט ניט גענוג אפ באהערשנ די טעכניק פונ שרײַבנ, לערנט זיכ ניט אפ די בעסטע מוסטערנ פונ אונדזער סאָװעטישער פּאָעזיע אונ דאָס שפּיגלט זיכ אינ דער פאַרעלטערטקײַט פונ זײַנ ריטמ, אינ דער אָרעמקײַט פונ שפראַכ, פונ דער מעטאַפאָר.

װערעמיקינ דאַרפ נאָכ פיל אונ ערנסט ארבעטנ אפ אויסלעבנ די פעלערנ, װעלכע, װי מיר האָבנ אָנגעװיזנ, זײַנענ נאָכ פאַראנ אינ זײַנ שאפנ.

פאַראַנטװאָרטלעכער רעדאַקטער — א י ז י כ א ר י ק
ר ע ד ק אָ ל ע ג י ע: א. אָשעראָװיטש, ז. אקסעלראָד, י. בראָנשטיינ. כ. דונעצ, א. װאָלאָ־ברינסקי, אי. כאריק, ל. קאצאָװיטש, ר. ראַיִק, ל. ראָזענהויז, ס. שװיידעל

דרוקערײַ א. נ. סטאלינ באַשטעלונג 2683. גלאַװליטבעל 1739.

